

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| AUTHOR | Mendelewicz, Leon. |
| TITLE | Pinkes Vashilkover yizker bukh : a spetsyele oysgabe vegn lebn, mord un toyt fun a Yidishn yishev : analagishe geshikhtlekhe ophandlungen in likht fun der tsayt. |
| IMPRINT | 880-03 Melborn, Oystralye : [o. fg.], 1990. |
| DESCRIPT | 339, 152 p. : ill. ; 30 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Wasilkow.<br>Wasilków (Poland) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Wasilkow. |
| ADD'L TITLE | Wasilkower memorial book |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING

PRINTED IN THE U.S.A.

פנקס

# וואשילקאווער יזכור בוך

## א ספעציעלע אויסגאבע וועגן לעבן מארד און טויט פון א יידישן ישוב

## אנאלאגישע געשיכטלעכע אפהאנדלונגען אין ליכט פון דער צייט

אויטאר

## לעאן/לייבל מענדעלעוויטש

אין יידיש, און ענגליש (אין אפארקורצטע ווערסיע)

איבערזעצט פון יידיש צו ענגליש:

מארק לאנגזאם

בעני גאטהיינער



די גרויסע הילצערנע שוהל, געמאלט מיט א בלייפעדער.

צוגעגרייט און געדרוקט אין דער דרוקעריי פון
"היי ספיד" פון מר. מרדכי פרומר, מעלבורן אויסטראליע
1990

# א ווארט פון מחבר



לעאן מענדעלעוויטש.
Leon Mendelewicz.

ליבע פריינד !

נאך יארן פון אנשטריינגונגען, מי און שווערע גייסטיקע ארבעט האב איך צום לעצט געבראכט פאר אייך, דעם וואשילקאווער יזכור-בוך צו פאראייביקן אונדזער באליבטע שטעטל וואשילקאווע. דאס פלאץ ווו מיר זענען געבוירן געווארן און איז אזוי טראגיש פארשוואונדן געווארן און מער נישטא.

פיל פעדעם האט מיר געבונדן צו דעם פלאץ ווו איך האב צום ערשטן מאל די טאג ליכט פון גאטס וועלט דערזען און מיין ערשטן אות פון אלף-בית געלערנט. פארלאזן דעם ערשטן מאי 1941 יאר אבגערופן צו מיליטער-דינסט אין דער רויטער ארמיי. די לאנגע מלחמה יארן אויף פארשידענע פראנטן אין די רייען פון דער רויטער ארמיי און דער נייער פוילישער-ארמיי, ווו איך בין 4 מאל פאוואונדעט געווארן איז געווען א פעריאד פון שווערע פיזישע און מאראלישע איבערלעבונגען. עס איז אונמעגלעך אין קורצע ווערטער באצייכגען מיין "לעבן" אין דער קרוב 5 יאריקער מלחמה..ווו דער הימל איבער מיין קאפ איז געווען דער דאך, די ערד צייטנס א בלאטיקע צייטנס מיט א שניי באדעקטע איז געווען מיין בעט..מיין געלעגער און דער ביקס אין מיין האנט דער בעסטער פריינד.

מיין אינערלעכער גלויבן אין נצחון איבער דער נאצי - דייטשישער בעסטיע האט מיר בייגעהאלפן מיט ווירדע פון א ייד, אנטייל צונעמען אין די בלוטיקע שלאכטן ביז דעם ענדגילטיקן נצחון, מיין יידישן נצחון, וואס איך האב מיט פרייד געפייערט אויף די גאסן פון בערלין די נעסט פון דער נאצישער מארד מאשין.

נאך לאנגע יארן אלס העכערער אפיצער אין דער פוילישער ארמיי באפרייט אין 1957 יאר, געלעבט א צייט מיט מיין משפחה אין ישראל און צו ענד אין אויסטראליע.

נישט קוקנדיג אויף די פאזיטיווע זייטן פון די ארומיקע קולטורן, לעבנס - באדינגונגען און איינשטעלונגען, האט מיר קיינמאל נישט דערווייטערט פון מיין וואשילקאווער קולטור, זיטן, וואס האט זיך איינגעקוואטירט אין די קעמערלעך פון מיין מוח און אין טיפענישן פון מיין הארצן.

אין 1945 גלייך נאך דער מלחמה קום איך צוריק נאך וואשילקאווע מיט מיין אייגענע אויגן געזען, ווי סאיז אפגעמעקט געווארן מיין יידיש וואשילקאווע וואס איז אין מיינע קינדער יארן געווארן דער צענטער פון מיין טרוים און אספיראציעס. עס איז פארשוואונדן דער גאנצער שול - הויף מיט די בתי - מדרשים, גרויסער אלטער הילצערנער שול. דער אידישער סימבאל פון אונדזער שטעטל איז פארוואנדלט געווארן אין פויערישע גערטנער און אונדזערע טאטעס מאמעס, פריינד אין די גאז קאמערן פון טרעבלינקע. מאידאנעק און אנדערע טויט לאגערן געטיילט דעם לעצטן וועג.

דער גרויסער חורבן פון אונדזער ישוב האט גערופן און געפאדערט פון מיר..נישט צו פארגעסן אויפצושטעלן א מאנומענט, א אייביקן

מאנומענט נישט פון שטיינער מארמור וואס קען צובראכן ווערן - נאר פון דעם שטארקסטן מאטעריאל..פון א ספר אין פארם פון א יזכור - בוך. אין וועג פון רעאליזאציע אנגעטראפן קאלאסאלע שוועריקייטן אין געפינען היסטארישע מאטעריאלן פון א יידיש וועלט, וואס איז פארניכטעט געווארן צוזאמען מיט אירע פנקסן, רשימות, קהילישע ביכער און אנדערע מאטעריאלן. אויסער דעם א גלייכגילטיקע שטעלונג פון פיל לאנדסלייט, מעגלעך מיט דעם גלויבן אז דאס איז א אונמעגלעכע אונטערנעמונג צו רעאליזירן פאר דער באגרענעצטער צאל וואשילקאווער אויף דער וועלט. גאנץ מעגלעך אויך אין אויסמיידן פינאנסיעלע אנגאזשירונגען אין די גרויסע אויסגאבעס געבונדן מיט דער פובליקאציע פון אזא בוך.

נישט זיך צו פארטיפן אין דער פראבלעמאטיקע פון די פארשידענע מאמענטן, וואס האט געקאסט נערוון און אינטענסיווע אנשטריינגונגען, האבן מיר פאר זיך אונדזער "וואשילקאווער יזכור - בוך" וואס וועט פארבלייבן לאנגע דורות דער געשריבענער מאנומענט פון אונדזער וואשילקאווע.

עס וואלט געווען נישט קיין פולקאמע סאטיפאקציע פאר מיין ארבעט. אויב איך וואלט נישט דערמאנט די פריינד וואס האבן מיר דערמוטיקט און באגלייט אין די פעריאדן פון יאוש און דעסאטיספאקציע. מיין הערצלעכן דאנק וויל איך אויסדריקן צו מיין פריינד און חבר משה שלאכטער און זיין פרוי גרדה וואס האט געהאלפן אין בויען די אידייע פון א וואשילקאווער יזכור בוך און קיינמאל נישט רעזיגנירט פון דער מאראלישער אונטערנעמונג.

מיין הערצלעכן דאנק צו מיין פרוי בארבארא, מיין לעבנסבאגלייטערן וואס האט געשאפן די באדינגונגען אז איך זאל האבן וואס מער פרייע צייט צו ווידמענען מיין שרייבן און העלפן דעקן די גרויסע אויסגאבעס מיט דעם געבונדן.

עס איז אויך נויטיק צו דערמאנען מיין פריינד יאנקל סאקאלאוויש און זיין פרוי אידא, יונה פאנימאנסקי און זיין משפחה, גיטל קאץ און משפחה ווי אויך פיל אנדערע וואס האבן מיר בייגעהאלפן אין שאפן די נויטיקע מאטעריאלן.

איך בין איבערצייגט אז איינע פון די הויפט - מאטיוון וואס האט מיר באווירקט אין דער רעאליזאציע פון דעם בוך, איז געווען מיין ליבשאפט צו מיין יידישן פאלק, צו אירע אידעאלן, הומאניטארע אספיראציעס. צו מיין שטעטעלע, אירע הארציקע מענטשן, צו מיינע יוגנט - יארן דארטן פארבאכט וואס איז פארבליבן די זיסטע יארן אין מיין לעבן.

דער יזכור - בוך איז צוזאמענגעשטעלט געווארן און געשריבן נישט פון קיין פראפאסיענעלן שרייבער, פאעט, ליטעראט נאר פשוט פון א געוויינלעכן ארעמען וואשילקאווער ייגגל די פרוכט פון אונדזער ליבער שטעטעלע. אין געוויינלעכע ווערטער גיב איך אייך איבער די היסטארישע שטריכן פון אונדזער שטעטל פון איר אנטשטייהונג, אנטוויקלונג, ביז איר אונטערגאנג. זאל דער בוך אייך דערמאנען אונדזער געשיכטע, די נאצישע דייטשישע רציחה, ווי אויך אפגעבן כבוד די וואס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

מחבר

לעאן/לייבל מענדעלעוויטש

# צו אלע וואשילקאווער לאנדסלייט
# און חשובע פריינד

נאך לאנגע און שווערע באמיהונגען האבן מיר ענדלעך דערגרייכט אונדזער הייליקן ציל, וואס איז פיל יארן געווען דער טרוים שטרעבונג און באגער פון פיל וואשילקאווער לאנדסלייט אויף דער וועלט. ארויסצוגעבן אונדזער נאענט צום הארצן גרויסן און וויכטיקן ספר דעם "וואשילקאווער יזכור בוך", און דאס אין צוויי שפראכן אין אידיש, די שפראך פון אונדזער טאטעס און מאמעס ווי אויך אין ענגליש. מיט דעם טאט צו פארעפענטלעכן דעם גרויסן יזכור בוך, פאראייביקן מיר אונדזער ישוב מיט איר שפרודלדיגן לעבן געבונדן. געפלאכטן מיט טויזנטער פעדעם מיט דער יידישער טראדיציע, מענטאליטעט, וואס מען האט דארט שטענדיק געקענט געפינען.

לאנגע דורות האבן יידן אויף דער וואשילקאווער ערד, געבויט, געשאפן, קאנסטיטואירט זייער געזעלשאפטלעכן לעבן, אין אפהיטן די הויכע הומאניטארע ווערטן פון יידישן פאלק. דער געזעלשאפטלעכער לעבן פון וואשילקאווער ישוב האט זיך באזירט אויף א היפשע צאל ארגאניזאציעס ווי, ציוניסטישע מיט אלע אירע שאטירונגען, אלגעמיינע ציוניסטן, רעוויזיאניסטן, פועלי - ציון, מזרחי, יוגנט ארגאניזאציעס ווי ביתר, השומר - הצעיר, ברית טרומפלדור און אנדערע.

די בונדישע ארגאניזאציע מיט א "צוקונפט", "סקיפ".די קאמוניסטישע ארגאניזאציע כאטש אומלעגאל דאך געפירט א גאנץ פארצווייגטע ארבעט אויפן קולטורעלן געביט ווי אויך אין זאמלען געלט פאר פאליטישע ארעסטירטע. פארשידענע אינסטיטוציעס און פילאנטראפישע אנשטאלטן מיט א לינת - הצדק, לינת - חולים, גמילות - חסדים קאסע. לערן אנשטאלטן א יידישע 7 קלאסיקע שלום - עליכם שול, העברעישע "תחכמונה" שול שפעטער "יבנה" שול. דראמאטישע קרייזן אויף א זייער הויכן קינסטלערישן ניוואו, ס'האט זיך געפילט א גייסטיקע באפרידיקונג ביי אנטיילנעמען אין זייערע פרעכטיקע דורכגעפירטע פארשטעלונגען ווי; אנסקעס "דער דיבוק", "די קוני - לעמעלס", "דערביידישער קעניג ליר" און אנדערע.

א גאנץ רייכע יידישע ביבליאטעק מיט א גרויסע צאל ביכער אין דער אידישער שפראך, אפן טאג טעגלעך אין די אוונטן מיט דער הילף פון פרייוויליקע בחורים און מיידלעך. א יידישער ספארט קלוב "מכבי" גוט אוואנסירט אין נעץ - באל און פינג - פאנג, א בלאז - ארקעסטער, א סטרונע - מאנדאלין ארקעסטער און פיל אנדערע קרייזן און גרופן וואס האבן געפירט א פארצווייגטע טעטיקייט.

פון טראדיציאנעלן רעליגיעזן שטאנדפונקט בתי - תפילות ווי דער גרויסער בית המדרש, דער קליינער בית המדרש, די גרויסער הילצערנע שול מיט א שינדל דאך און געשניצטע געזימסן, א חיי - אדם בית - המדרש א ווו די גרעסטע צאל קצבים האבן געדאווענט, א שטענדיקער מנין אין ברוך - שלמהס הויז ווו ספלעגט דאווענען אויף די עלטערע יארן דער גרויסער גאון למדן, מחבר פון ספרים דער וואשילקאווער רב און אב"ד הרב ר' רפאל גארדאן זצ"ל. א באד מיט מיקווה, א אייגענע שעכט - הויז און עולמות. אין בתי מדרשים, חברות לערנען תורה, און א צאל חדרים.

די טעטיקייטן פון די אלע אויבנדערמאנטע און נישט דערמאנטע גרופן האבן ארייגעבראכט קאלאריט אין דעם פייזשאש פון יידישן לעבן און געוויסע באפרידיקונג פאר דעם

אינדיווידועלן איד. טיפע ווארצלען אין רעספעקט־רן די איינשטעלונגען פון דער תורה און יידישע טראדיציע, האט איינגעפלאנצט אין עלטערן דור די גרויסע צאל חדרים מיט גוטע מלמדים ברייט פארשפרייט איבערן גאנצן ישוב, וועלכע זענען אין די שפעטערדיקע יארן איבערגעגאנגען צום יינגערן דור און אנגעהאלטן ביז דעם אומקום פון ישוב.

די יידן אין דעם נישט גרויסן ישוב וואשילקאווע זענען געווען די פיאנערן אין אופבוי און אנטוויקלונג די עקאנאמישע באזע פון דער שטאט. א דאנק דעם יידישן וויסן, פלייס, ענערגיע און שווערע ארבעט איז אנשטאנען די האלץ אינדוסטרי, טעקסטיל אינדוסטרי, גארבעריי און אנדערע קלענערע אינדוסטרעס וואס האט פארזיכערט באשעפטיקונג, פאר דער יידישער און נישט יידישער באפעלקערונג ווי אויך דער יסוד פאר ווייטערדיקער אנטוויקלונג אין אלע ריכטונגען.

אין יידישן לעבן האט מען געקענט נאטירן אלגעמיינע צעכן פון פארשטענדעניש צווישן פארשידענע צווייגן פון דער יידישער געזעלשאפט, געצילט אין דער ריכטונג אנצוהאלטן די טראדיציע און המשך פון יידישן פאלק. מען האט לייכט געקענט געפינען, געמיינזאמע צעכן ביי דעם ייד דעם למדן, בעל - תפילה, בעל - קורא, גבאי און א געוויינלעכן פשוטן חי וקים ייד. אדער צווישן א ציוניסט און א בונדיסט, סיהאט עקסיסטירט שותפותדיקע איינשטעלונגען אנצוהאלטן מיטן יידישן המשך, טראדיציע און הויכע וואלארן פון יידישן פאלק.

איינגעפלאנצט פון דורות דער יידישער בטחון און אויסדויער האט פארזיכערט די באפרידיקונג און פולקאמער אויסלעבונג אין באדינגונגען וואס האט רעאל עקסיסטירט אין יידישן ישוב.

אין 1945 יאר אין דער אמעריקאנער צייטונג "דער פארווערטס" האט א אומבאקאנטער מחבר (באשטימט א וואשילקאווער?), דארט פארעפנטלעכט נישט קיין גרויסן נאטיץ וועגן וואשילקאווע שטארק כאראקטעריסטיש וואס איך ברייננג דא כמעט אין פולן טעקסט; "אה וואשילקאווע , דו וואשילקאווע, באשיידענע צנועה־דיקע, ארעמע שטעטעלע מיט דיינע לומדים בעלי - בתים וואו ביסטו? גאנצע משפחות האבן געארבעט, ווי די אייזלען. דער טאטע מיט די ברידער האבן געוועבט. די מאמע מיט די שוועסטערס האבן געשפולט, געשארן די קעטעס, גענופט די שטיקער. קיין באד - געלט פלעגט מען זומער אויך נישט דארפן באצאלן, א קלייניקייט, אזא רחבות, א אייגענער טייך...געדענקט איר נאך דעם רב ר' גרשון - מאיר באיארסקי פון ווילנער גובערניע און ר' רפאל אמדורער, דעם ראש - הישיבה פון חסידישן קבוץ."

די פשוטע ווערטער פון דעם אומבאקאנטן מחבר מאכט אונדז בעסער קלארער צו פארשטיין, דעם שווערן דערנער וועג פון אונדזערע יידישע פיאנערן, דאס הייסט אונדזערע טאטעס, מאמעס, זיידעס, עלטער עלטער זיידעס, דורות, אין דערגרייכן די אנטוויקלונג פון אונדזער ישוב, געזעלשאפטלעך, מאראליש און עקאנאמיש פאר דעם וואוילזיין פאר אלע תושבים פון וואשילקאווער יידן און נישט יידן.

דער פראכטפולער ספר איז אין אידיש און ענגליש מיטן ציל צו ערמעגלעכן אונדזערע קינדער און די ווייטערדיקע דורות צו האבן די מעגלעכקייטן אפשר ביי א געלעגנהייט, זיך צו באקענען מיט זייער אפשטאם און דער יידישער מארטיראלאגיע. דער יזכור - בוך איז א פאראייביקונג פון אונדזער פארגאנגנהייט וועלכע די יידישע קהילה וואשילקאווע האט מיט זיך פארגעשטעלט, און איינגעקריצט אין די קעמערלעך פון אונדזער באוווסטזיין.

זאל דער ספר אונדז דערמאנען דעם שרעקלעכן חורבן, וואס האט אבגעווישט פון אויבערפלאך פון דער ערד אונדזער באליבטן יידישן ישוב...און.. פאר וואס? פאר וואס?...ווען וועט די

מענטשהייט מיט אירע הומאניטארע ווערטן און רעליגיעזע לערעס, טעאריעס און איינשטעלונגען, געבן דעם יידישן פאלק א ענטפער..אויף דער געשטעלטער פראגע...פאר וואס...?
מיט דעם יזכור -בוך גיבן מיר אפ דעם

לעצטן כבוד די קדושים פון אונדזער יידישן ישוב וואשילקאווע וואס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם, ווי אויך די ענד פון דעם ישוב אויף דער פוילישער ערד.

**יתגדל ויתקדש ויתברך וישתבח שמם, עד לסוף הדורות.**
**"ותצרור בצרור החיים את נשמתם וינוחו על משכבותם בשלום ונאמר אמן."**

וואשילקאווער - קאמיטעט



די גרויסע הילצערנע שוהל,
געמאלט מיט א בלייפעדער.
Pen sketch of Wasilkover synagogue.

# א הארציקן דאנק

א הארציקן דאנק פאר די פריינד, לאנדסלייט, חברים, וואס האבן ביי געהאלפן מיט מאטעריאלן, ידיעות, זכרונות ווי אויך פינאנסיעל אין ארויסגעבן אונדזער וואשילקאווער יזכור בוך.

מיטן ארויסגעבן דעם ספר, האבן זיי געהאלפן פאראייביקן אונדזער באליבטער שטעטל וואשילקאווע, מיט איר שפרודלדיקן יידישן לעבן מיט אירע הארציקע מענטשן, וואס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם און איינגעגלידערט אונדזער שטאט אין דער לאנגער געשיכטע פון יידישן פאלק.

דאס זענען;

| | |
|---|---|
| משה שלאכטער | ישראל |
| לעאן מענדעלעוויטש | אויסטראליע |
| יונה פאנימאנסק | ישראל |
| יאנקל סאקאלאוויטש | אויסטראליע |
| רבקה פערעלשטיין | ישראל |
| באשע כהן | אויסטראליע |
| גיטל קאץ | ישראל |
| שרה פערעלשטיין | י ש ר א ל |
| חנה פערעלשטיין | ישראל |
| מארילא היילפרן | ישראל |
| אנטאני רודאלף | ענגלאנד |
| רחל גאלדבערג (אינקער) | אויסטראליע |
| בארבארא לעוויס (קראפינסקי) | אמעריקע |
| אפרים קיסלער | פוילן |
| הינדע כהן | אמעריקע |
| לעאן יודאף | אמעריקע |

קאמיטעט פון וואשילקאווער

יזכור-בוך

אינהאלט

פון וואשילקאווער יזכור בוך

# וואשילקאווע יזכור - בוך

## ביבליאגראפיע


- פנקס ביאליסטאק באנד 1 פון אברהם שמואל הערשבערג ארויסגעגעבן פון געזעלשאפט פאר געשיכטע פון ביאליסטאק 1949 יאר
- פנקס ביאליסטאק באנד 2 פון אברהם שמואל הערשבערג 1950 יאר.
- פרענומאטארן בוך פון בערל כהן
- "פארווערטס" אמעריקאנער צייטונג
- אויסצוגן פון ביאליסטאקער צייטונגען
- דאקומענטן פון יידישן היסטארשן אינסטיטוט ווארשע
- זכרונות און ערקלערונגען פון גביעת עדות
- בילדער און אנדערע מאטעריאלן

- Wasilkow studium historyczno-urbanistyczne opr.l.kozakiewicz w.kochanowski pkz warszawa 1960r.
- ekstreminacja zydow w okregu bialostockim biuletyn zydowskiego institutu historycznego No. 60-dr.szymon datner 1966r.
- biuletyn glownej komisji badania zbrodni hitlerowskich w polsce wydawnictwo gkbzn/p 1946r.
- obozy hitlerowskie na ziemiach polskich 1939/1945r. informator encyklopedyczny 1979.
- miasta polskie w tysiaclecia-zaklad narodowy im. ossolinskich.
- a grajter, t.wisniewski dokumentacja cmentarza Zydowskiego w wasilkowie /Bialystok 1986r
- biuletyn zydowskiego institutu historycznego No.74-1970r.
- polska informator encyklopedyczny Warszawa 1986r.
- History of the Jews - Paul Johnson
- Stanislaw Kalabinski Pierwszy Okres Preemyslu 1807-1870

- דאקומענטן און בילדער פון מלוכישע ארכיוון ביאליסטאק און ווארשע.
- דאקומענטן און בילדער צוגעשיקט פון וואשילקאווער אין ישראל.
- דאקומענטן און בילדער צוגעשיקט פון ארנאלד רודאלף - ענגלאנד.
- דאקומענטן און בילדער געווזענעם פירער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין וואשילקאווע ירחמיאל זעלוויאנסקי ע"ה.
- פארשידענע אנדערע מאטעריאלן צוגעשיקט פון יידן און נישט יידן ביי קאמפלעטירן דעם יזכור - בוך.
- דאקומענטן און בילדער פון יד - ושם ירשלים.
- "וועלט געשיכטע פון אוראלטע צייטן ביז היינטיקן טאג"
- די געשיכטע פון יידן אין פוילן פון ב. מארק
- תנ"ך שמואל א און ב. מלכים א
- אנציקלופדיה עברית "יבנה"
- מאטעריאלן, בילדער פון בארבארא לעוויס אמעריקע
- דאקומענטן פון וואשילקאווער מאגיסטראט (שטאטראט)
- דער נייער "טעסטאמענט" ברית חדשה
- מאטעריאלן פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט ייוא אמעריקע
- נחמן בלומנטל: דרכו של יודנראט

# אנטשטייהונג פון פוילן און יידישן ישוב

א קורצן איבערבליק וועגן דער אנטשייהונג פון פוילן אלס א מלוכה ווערט אנגענומען די יארן פון "פירשט מיעשקע" אנדערש מיעטשיסלאוו 1 (992 - 963), עס איז כדאי צו דערמאנען אז שוין אין 6 טן יאר - הונדערט זענען געמאכט געווארן פרווון פון שאפן א מלוכה דורך דער משפחה לעשעק אבער אן דערפאלג.

די אנטשטייהונג פון א פוילישער מלוכה איז געווען דיקטירט דורך נויטווענדיקייט פון ארגאניזירן א פארטיידיקונג געגן די דייטשישע פעאדאלן וועלכע פלעגן פארכאפן סלאווישע טעריטאריעס און פארשקלאפן די איינוואינער.

אין 966 יאר נעמט אן פירשט מיעשקא 1 דעם קריסטלעכן גלויבן, וואס איז געווען נויטיק פאר דער אנטוויקלונג פון די פעאדאלן, און געדארפט דינען ווי א מעכטיקער אידעאלאגישער מיטל צו באהערשן די פויערים. די אלטע געצנדינערישע רעליגיע ווי א גלויבן באזירט אויף נאטור כוחות, האט נישט פארמאגט א אנטוויקלטע היערארכיע וואס זאל זיין אומשטאנד העלפן אין אנטוויקלען דער פעאדאלן סיסטעם. יעדער ראיאן האט פארמאגט זיין אייגן גאט, אזוי אז דאס קריסטנטום האט גלאבאל אונטערשטיצט די אנטוויקלונג פון פעאדאליזם ווי אויך געפריידיקט פאסיווקייט פון די פויערים צו דעם פעאדאלן סיסטעם.

אויסער דעם, האט דאס איינפירן פון דעם קריסטנטום געדארפט דינען ווי א מיטל צו פארשטארקן פוילנס פאזיציע לגבי די דייטשישע און טשעכישע עקספאנסיע אויף פוילן, אונטערן אויסרייד אז זיי קומען אויסצוראטן די געצנדינעריי.

אין משך פון דעם פעריאד וואקסט אומאויפהערלעך דער גרויסער ערד - באזיץ פון די וועלטלעכע און קירכלעכע פעאדאלן און שטרעבונגען אונטערצויאכען די פויערים מאסע, זיי זאלן ווערן אפהענגיק פון די פעאדאלן. די פעאדאלן שטרעבן צו פארשמעלערן דעם באזיץ פון די קלענערע לאנדווירטן און מיט דעם דערפירט, אין א פארערגערונג אין עקאנאמישן לעבן פון דעם גאנצן פויערטום. אין צוזאמענהאנג מיט דעם ברעכן אויס אויפשטאנדן, קעגן פעאדאלן סיסטעם און געגן דעם קריסטנטום, וואס האט מיט אלע מיטלען פארסירט דעם סיסטעם.

די כוואלע פון אומרוען נעמט ארום דעם גאנצן פויערטום ביי ענד פון 13 טן י.ה. נאך דער אינוואזיע פון די מאנגאלן אויף פוילן, וועלכע מאכן חרוב שטעט און דערפער מאכן די פעאדאלן ווייטגייענדיקע הנחות לגבי די פויערים. זיי פירן איין א ברייט-פארמאסטענע קאלאניזאציע ביי צוטיילן ערד חלקים און מער פרייהייט ביי האנדלען מיט זייערע פראדוקטן נאכן אויספירן די אפמאכן מיט די פעאדאלן.

די צייטווייליקע הנחות און געוויסע פרייהייטן פאר די פויערים איז געווען א כיטרע מאנעווערע אין העלפן זיי צוריק אויפשטעלן די פארלאזענע און פארניכטעטע גיטער צוליב דער מאנגאלישער אינוואזיע. אבער די צייטווייליקע פרייהייט אנגעשפארט אויף די מאגדעבורסקער געזעצן האט גורם געווען די אנטוויקלונג פון דער גאנצער לאנדווירטשאפט, סאיז געוואקסן די פראדוקציע ווי אויך די פראדוקטיווע כוחות.

דער וווקס פון דער תבואה פראדוקציע האט גלייכצייטיק אנטוויקלט דעם האנדל און אויסטויש. די פעאדאלן מיט דער הילף פון דער קירכע האבן געצווונגען דאן דעם קעניג קאזשימיעש דעם דריטן, ארויסצוגעבן נייע געזעצן פון בארויבן די פויערים פון זייער רעכט אויף פרייער באוועגונג און פערזענלעכער פרייהייט. און אין דעם פעריאד הויפט

זיך אן די "פאנשטשיזנע". לאז מיר דערמאנען אייניקע פון זיי; אן דער ערלויבעניש פון דעם פעאדאלן האר איז פארבאטן דעם פויער צו פארלאזן זיין דארף (נאר 2 פויערים אין א יאר פון דארף). -בחינם באארבעטן די ערד פון די פעאדאלן - פאר דערהרגענען א ריטער דורך א ריטער שטראף. 2220 זלאטעס. פאר הרגענען א פויער 370 זלאטעס. - פאר פארגוואלטיקן א ריטער - פרוי, טויט שטראף, פאר פארגוואלטיקן א פויערטע 148 זלאטעס.

כדי צו בארויבן דעם פויער פון זיינע רעכטן נעמען איבער די פעאדאלן די געזעצן צו באשטימען אייגענע סאלטיסן אין די דערפער, ווי אויך ווערן די ריכטער אין אדמיניסטראטיווע ענינים.

די ערשטע וואס האבן איינגעפירט די פאנשטשיזנע אין פוילן זענען די קירכלעכע פעאדאלן, ארציביסקובן, ביסקופן און די קלויסטערס. דער פעאדאלער קלאס איז אבער נישט באשטאנען פון קיין אינהייטלעכן עלעמענט. די ברייטע ריטער - מאסע וועלכע האט אויסגעטראגן אויף זיך די לאסט פון מלחמות איז געווען באמיטלט, אדער ארעם, דאס האט דערפירט צו קאנפליקטן און הנחות וואס האט גורם געווען צו דער אנטוויקלונג פון די שטעט.

אין פראצעס פון קאלאניזירן, אנטוויקלונג פון די שטעט און לאנד, האבן א ערנסטן צושטייער געגעבן די יידן.

## דער אנהויב פון יידישן ישוב

עס איז שווער צוגעבן א דעפעניטיוון ענטפער אויף דער גרונט פראגע ווען עס איז אנשטאנען דער יידישער ישוב אבער אז יידן האבן זיך שוין געפונען אויף יענע טעריטאריעס ארום 8טן יאר-הונדערט נאך פאר דער פאקטישער אנטשטייהונג פון דער פוילישער מלוכה באווייזן אן שום צווייפל פיל היסטארישע דאקומענטן. דער ערשטער דאקומענט איז פון א אומבאקאנטן סליחה - מחבר וואס שרייבט צוו. אנד. "אז נאכן אויפקום פון פאלשן נביא מאכמעד איז די מערהייט יידן פון פערסיע אנטלאפן און איז אוועק קיין" רוסיאה, דייטשלאנד און די ארומיקע לענדער" צו די ארטיקע יידן. די זעלבע ידיעה חזרט איבער אין זיין כראניק "עמק הבכא" יוסף הכהן, וועלכער שרייבט - אז לערך אין יאר 690 נאכן אנפאל פון די מאכמעדאנער אויף פערסיע, זענען א סך יידן אנטלאפן פון דאנען און אנגעקומען קיין רוסיאה, דייטשלאנד און שויציאה- אזוי ארום אלע באוווסטע היסטאריקער פון פאליאקן טאדעוש טשאצקי, מאטשעיאוסקי פון אנדערע יאאכים לעלעוועל, א הרכבי, פ מארק, דובנאוו, באלאבאן, שיפער, רינגעלבלום און דער רוס בערשאדסקי א. אנד. זענען ביי דער מיינונג אז יידן האבן זיך באזעצט אין פוילן נאך פאר דער אנטשטייהונג פון דער פוילישער מדינה (מיעשקאס).

דער אנהויב פון יידישן ישוב אין פוילן איז ארומגעוועבט מיט פארשידענע לעגענדעס וואס פיל פארשער גלויבן פון דער טיפער פארווארצלטקייט פון יידן אין פוילן און טראגן אין זיך א געוויסן קערנדל און אן עכא פון געשיכטלעכער ווירקלעכקייט.

איך וויל דא ברענגען צוויי לעגענדעס פון יענעם אנטשטייהונג פעריאד וואס איז שטארק געבונדן מיט דער ווירקלעכקייט;

1. "די לעגענדע וועגן אברהם פראכאווניק" ווערט געבראכט ביים פארפאסער פאן זאמאיסקי אין זיינע "היימישע דערינערונגען" און ביים גרויסן היסטאריקער יאאכים לעלעוועל "פוילן אין מיטלאלטער" די לעגענדע דערציילט נאכן טויט פון דעם לעגענדארן אלט - פוילישן פירשט פאפיעל, איז אויף דער פאלקס פארזאמלונג ("וויעצע") וואס האט זיך צונויפגעקומען אין קרושוויצא מיטן ציל אויסצוווילן א נייעם הערשער, האט באשלאסן; אז דער, וואס וועט אריינקומען דער ערשטער פארטאג אין שטאט אריין, וועט געזאלבט ווערן פאר א מלך.

על פי צופאל האט זיך ביי די שטאט -

טויערן דער ערשטער געיאוועט דער ייד אברהם פראכאוניק, און ער איז געבליבן שטיין ביי דער אזיערע גאפלא. די פאלקס - פארזאמלונג האט אים באגריסט און געוואלט זאלבן פאר א קעניג. דער ייד האט זיך אבער אפגעזאגט און אנגעוויזן אויף דער פערזאן פון פיאסט. דער לעצטער איז טאקע געווארן אויסגעקליבן, און אזוי האט זיך אנגעהויבן די פיאסטישע דינאסטיע אין פוילן.

ווי עס איז צו זען איז די לעגענדע ענדגילטיק אויסגעקריסטאליזירט געווארן א סך שפעטער, אברהמען האט מען אנגערופן פראכאוניק, ווייל ער האט געהאנדלט מיט "פראך" (פולווער). און דאס איז געווען דער פעריאד פון דעם אנטשטאנענען אויפרייס - מאטעריאל. די לעגענדע באווייזט די פארווארצלטקייט פון יידן אין פוילן.

2. די צווייטע לעגענדע (מעגלעך אין 100% אמתע) איז פון גרויסן פריינד פון די פוילישע יידן היסטאריקער יאאכים לעלעוועל אפגעדרוקט אין א היסטארישן ווערק אין 19 טן י.ה. אין דייטשלאנד וואס מיר לייענן דארטן:

אין 10 טן יאר - הונדערט האבן זיך די בני ישראל געפונען אויפן שטח פון רעגענסבורג איבער כראוואציע (מערב קליינפוילן) און לויצק ביז קיעוו, זיי האבן געוווינט ביי דער וויסל. אן א ספק זענען זיי אויך געווען ביים טייך ווארטא און פאלאניא; וועגן דעם דערציילט אויך זייערס א א לעגענדע.

קיין אשכנז (דייטשלאנד) זענען זיי (די יידן) געקומען פון שפאניע שוין זייער לאנג און (דארט) איז זיי גוט געווען, זיי זענען נתעשר געווארן, ביז סאיז אויסגעבראכן א מלחמה צווישן די פראנקן און די אנהענגער פון (וואדאן אן אלט - גערמאנישער גאט פון דונערן) - די זאקסן. די יידן האבן זיך פארהאלטן נייטראל, דאס האט (זיי) אבער נישט געהאלפן. די קריסטן און די אנהענגער פון וואדאן האבן ביי זיי צוגענומען דאס פארמעגן און זיי אונטערדריקט. סאיז געווארן זייער שלעכט. הגם קארל (שארל) דער גרויסער האט באקערט די זאקסן צום קריסטנטום און סאיז מער נישט געבליבן קיין אנהענגער פון דעם וואדאנישן גלויבן, האט זיך די לאגע פון די יידן כלל נישט פארבעסערט.

אין זייער שווערער לאגע האבן זיי שוין געהאט בדעה אויסצוזוכן זיך, אן אנדער לאנד פאר א מקום מקלט, זיי האבן שוין אין זינען געהאט ארויסציען זיך פון אשכנז (דייטשלאנד) און פארלאזן דאס לאנד. אין יאר 893 האבן זיי ארויסגעשיקט א פייערלעכע שליחות צום יונגן פוילישן קעניג מיט א בקשה, ער זאל זיי געבן ערד אויף באזעצן זיך. אלס שליחים האט מען אויסגעקליבן: עקיבא פון עסטראמאדורא (שפאניע), חזקיהו דעם ספרדי פון צפורי (ישראל), דעם מאטעמאטיקער עמאנועל פון אשקלון (ארץ ישראל), דעם רעטאריקער (שיינרעדנער) לוי באקקארי פון באדאר (אינדיע), צום סוף נתנאל דעם בארצעלאנער (שפאניע).

ווערנדיק צוגעלאזט צום טראן, האט דער שיינרעדנער לוי פארבוקט זיך ביז צו דער ערד און דערציילט אין א קורץ - געפאסטער לאטיינישער רעדע וועגן דעם עלנט פון ישראל זינט דעם חורבן פון בית ראשון ביז צו די רדיפות פון די דייטשן און האט געבעטן א שוץ - ארט. לעשעק (דער פוילישער פירשט) איז פארחידושט געווארן טיף גערירט פון דער דאזיקער דערציילונג. דעמלט האט (לוי) געבעטן א דערלויבעניש צו באזעצן זיך אין פוילן, רעכט צו פארנעמען זיך מיט מלאכה און ערד צו באארבעטן.

איידער מען האט געענטפערט אויף די פאדערונגען, האט לעשעק געשטעלט די שליחים פראגן; די תשובות האבן אים אינגאנצן באפרידיקט.. דאס אלץ איז לעשעקן שטארק געפעלן געווארן. ער האט דערקלערט, אז ער וועט זיך אין טעמפל בּאראטן מיט זיינע כהנים און וועט זיי געבן אן ענטפער.

דעם דריטן טאג זענען זיי (די יידן) גערופן געווארן פארן טראן, דער קעניג לעשעק האט זיי מבטיח געווען, אז ער האט ליב באקומען דאס פאלק ישראל און זעט עס גערן אין זיין מלוכה.

צוליב געוויסע טעמים קאן ער זיי נישט אויסטיילן א שטיק ערד אויף א באזונדערן ישוב, ער גיט זיי אבער פרייהייט צו באזעצן זיך אין זיין גאנצן קעניגרייך, צו באארבעטן די ערד, צו האדעוועו בהמות און באשעפטיקן זיך מיט מלאכה. מיט טרערן אין די אויגן האבן זיך די שליחים געווארפן דעם קעניג צו די פיס, אויסגעדריקט זייער דאנקבארקייט און אומגעקערט זיך צו די אייגענע. אין די הייזער פון ישראל אין אשכנז האבן זיך צוקלונגען קול ששון ושמחה. אין צווייטן יאר, 894 האט א גרויסע צאל יידן אויסגעוואנדערט פון דייטשלאנד קיין פוילן.

מען האט אויף זיי געקוקט מיט גרויס וואונדער, ווי אויף ברואים פון אן אנדער וועלט. זייער פריינדלעך באנעמען זיך האט ארויסגערופן די גאסטפריינדלעכקייט (מצד דער באפעלקערונג). אין 11 יאר שפעטער, אין יאר 905, האבן זיי באקומען א פריוועלעגיע, וועלכער גיט זיי דאס רעכט צו באזעצן זיך און אפהיטן זייער רעליגיע, אן אייגן געריכטס - וועזן, פרייהייט פון האנדל און מלאכה, אומאפהענגיקייט פון די ריטער און שוץ אנטקעגן דעם שלעכטן ווילן פון אנפאלער.

**עד כאן די לעגענדע - נוסח לעלעוועל.**

די לעגענדע וואס איז לויט די היסטארישע קוועלן א שטיק אמת, צו באווייזן דעם יחוס פון די ערשטע פוילישע יידן אז זיי שטאמען פון ישראל און שפאניע. ווי אויך דעם פאקט אז זיי האבן זיך לכתחילה נישט פארנומען מיט מסחר און וווכער, נאר מיט מלאכה און ערד ארבעט. ווייטער קלאר מאכן אז יידן האבן זיך געפונען אויף יענע סלאווישע טעריטאריעס נאך פאר דער אנטשטייהונג פון דער פוילישער מלוכה, אויסער דעם גענומען אן אקטיוון אנטייל אין אנטוויקלען דער פוילישער מדינה.




The Elks head emblem
of Wasilkowe

דער שטאט הערב קאפ פון
א לאש

# וואשילקאווע - היסטארישע שטריכן

די שטעטל וואשילקאווע געפינט זיך 8 קלמ. אויף צפון - מערב זייט פון דער גרויסער יידישער שטאט ביאליסטאק אין דעם טאליקן, טייל זומפיקן שטח צפון פאדלאסקער נידערלאנד צווישן די טייכן "סופראסל" און "טשארני" און געהערט צום ביאליסטאקער פאוויאט.

דער נאמען פון דער שטעטל שטאמט פון דעםווארט וואסילקא, עס איז פאראן פיל אנדערע השערות וואס אנבאלאנגט צו דעם נאמען, אבער נישט שטארק וויכטיק אין איר היסטאריע און אנשטייהונג. די געשיכטע פון איר היסטארישער פארגאנגנהייט דערציילן די אויפשריפטן אויף די מצבות פון די קברים אויף די בית - עלמינס וואס זענען לאקירט נישט ווייט פון שטאט.

דער נאמען וואשילקאוו טרעט שוין ארויס אין 1528 יאר. אין 1566 יאר האט גזשעגאש וואלאוויטש אויף דער פאר ארדנונג פון דעם קעניג זיגמוט - אויגוסטא אין צוזאמענהאנג מיט איבערמעסטן די לאנד און איבערגיין אויף וולוקן - מאס (1 וולוּאק - ארום 30 אייקערס), שטעטל איין די גרעניעצן פון דער שטאט וואשילקאווע צווישן פאדליאסקער און טראצקער וואיעוואדעשאפט, אין דעם זעלבן יאר 1566 טיילט צו דער קעניג זיגמונט - אויגוסטא צו וואשילקאווע דעם טיטול און פריווילעגיע פון א שטאט לויט די מאגדעבורסקער געזעצן, און אין א יאר שפעטער (1567) שיינקט ער א קלויסטער פאר דער קריסטלעכער באפעלקערונג.

וואשילקאווע מיט 2 פאלווארקן און דערפער דאמברוּווקא און סטוּזשיאנקי זענען פארעכנט געווארן ווי נישט אומהאפהייניקע סטאראסטווע, וואס ווערט ארענדירט (פארדונגען) צו דעם הויכגעשעצטן קעניגלעכן אינזשיניער כיאפ ברעטפוס און דעם אפיציעלן קאזיאנעם שרייבער לוקאש גורניצקי. אין 1665 יאר באזיצט די שטאט 126 וולוּק לאנד (ארום 4780 אייקערס) מיט א מיל אויף תבואה, נעמט ארום 9 גאסן מיט א מארק און א פארשטאט וווּלקי.

די מיעשטשאנעס (שטאט בירגער) און פויערים פון וואשילקאווער סטאראסטווע האבן געזוכט שוץ ביים קעניג געגן די הויכע שטייערן ארויפגעלייגט אויף זיי דורך די סטאראסטן, דער סיכסוך איז אנגעגאנגען א לענגערע צייט אזש אין 1730 יאר האט די שטאט ערהאלטן פון דעם קעניג זיגמונד דעם צווייטן דעם אזוי גערופענעם "שוץ - בריוו", וועלכער פארזיכערט די שטאטישע רעכטן פון די בירגער געגן די האנדלונג פון די סטאראסטן, און צווינגען זיי שטריינג אפצוהיטן די אנערקענטע רעכטן.

אין 1781 יאר צום ביישפיל האט דער קעניג סטאניסלאוו אויגוסט פארווערט דעם סטאראסטע י קרושעווסקי ארויפצולייגן העכערע שטייערן ווי די וועלכע זענען פריער איינגעשטעלט געווארן.

אין 1765 יאר האט וואשילקאווע געציילט 115 פאמיליעס, צו דעם יאר 1795 געהערט צו גראדנער קרייז און פאר דער פרייסישער הערשאפט (1795 - 1749) צו ביאליסטאקער קרייז. אין 1799 יאר

איז נאך וואשילקאווע געווען נישט קיין גרויסע שטאט זי האט געציילט 891 איינוואוינער, אין 1807 ווערט זי איינגעגלידערט אין רוסלאנד ביז 1842 יאר און געהערט צו גראדנער גובערניע. זייער כאראקטעריסטיש אז אין אלע פעריאדן פון דער הערשאפט פון פרייסן געהערט וואשילקאווע צו ביאליסטאקער קרייז און ביי די הערשאפט פון רוסלאנד צו גראדנער קרייז (גובערניע). אין 1850 יאר געציילט 212 הייזער און 677 איינוואוינער. א גרעסערע אויפלעבונג אין אלע היגזיכטן מערקט זיך נאך דעם נאוועמבער אויפשטאנד (פאווסטאניע ליסטאפאדאווע), וואס קאנסעקווענטלעך דערפירט דאס אפרייסן א טייל פוילן פון דער רוסישער אימפעריע און דער אנשטייהונג דער אזוי גערופענער פוילישער קרוין (קרולעווסטווא - פאלסקיעגא) מיט א באגרענצטער אויטאנאמיע. סווערט איינגעשטעלט גרעניעצן מיט א אצאל - אמט (טאמאזשנע) צו רעגולירן דעם האנדלס פארקער צווישן רוסלאנד און דער פוילישער קרוין. דאס האט פאראורזאכט דעם וווקס פון דער אינדוסטרי, האנדל און ספעציעל זיך בייגעשטייעט אין דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי. וואס אנבאלאנגט די טעקסטיל אינדוסטרי וועט גענויער באהאנדלט ווערן אין דער ווייטערדיקער באשרייבונג באזירט אויף גענויערע פעסשטעלונגען פון יידישע מקורות.

אין 1860 יאר ציילט שוין וואשילקאווע 1381 איינוואוינער מיט אייניקע טעקסטיל פאבריקן, 2 גארבארניעס א מיל און א גרויסע צאל האנט - שטולן. אין 1890 יאר איז שוין געווען 9 דער נאך 11 אונטערנעמונגען 508 הייזער און 3335 איינוואוינער.

אנהויב פון 19 יארהונדערט מערקט זיך אגרויסער פאל אין דער צאל ארבעטער, און דאס אין אלע צווייגן פון דער אינדוסטרי און ספעציעל אין דער טוך פאבריקאציע. אין 1910 איז געווען טעטיק אין וואשילקאווע בלויז 3 פאבריקן. צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט מלחמה נאטירן מיר א סטאבילע וווקס פון דער אלגעמיינער פראדוקציע מיט פעריאדישע קריזיסן אמבעסטן אילוסטרירן די טענדענציע אין וווקס פון דער וואשילקאווער באפעלקערונג וואס שטעלט זיך - פאר פאלגענדיק; אין 1931 יאר - 4801 איינוואוינער, אין 1939 יאר - 5127 איינוואוינער. פאראלעל מיט דער וווקס פון דער אינדוסטרי, באפעלקערונג, וואקסט אויך די ראל פון די פראפעסיאנעלע פאריינען וועלכע רוקן ארויס פאדערונגען פאר בעסערע ארבעטס באדינגונגען. סוווערט דערמאנט שווערע ארבעטס באדינגונגען האט עקזיסטירט אין וואשילקאווער טעקסטיל אינדוסטרי, ווי לאנג ארבעט - שעהן און נידעריקע לוינען וואס דערפירט צו שטרייקן אין די יארן 1885, 1887, 1905, און 1933.

## טאפאגראפישע און אגריקולטורעלע שטריכן

דער שטח פון דער שטאט 27.9 קלמ. אין קוואדראט און לאקירט צווישן די בערג ליסע גורא פון צפון און פיעטראשע פון דרום זייט. די דרום - מזרח זייט פון דער שטאט איז אויסגעשפרייט ליינג אויס דעם טייך "סופראסל" דער שאסיי - טראקט ווארשע - ביאליסטאק - ווילנע - פיעטאגראד ציט זיך לענג אויס דער מיטל פון דער שטאט. דער טייך סופראסל איז א גאנץ גרויסער טייך וואס אין זיין ווייטערדיקן לויף פאלט אריין אונטער דער שטעטל כאראשטש אין גרעסערן טייך "נארעוו", ווייטער אונטער סעראצק פאראייניקט זיך מיטן טייך "בוג". און ווייטער ביי דער שטאט מאדלון פאראייניקט זיך מיטן "ווייסל טייך (דער גרעסטער טייך אין פוילן 1047 קמ.)

די געגנט ארום וואשילקאווע נישט קיין בארגיקע א מער פלאכע 124 מטר. איבער ים פלאך, דער העכסטער בארג 238 מטר איב. ים פלאך געפינט זיך נאענטער צו דער שטאט סאקאלקע. דער זומפיקער טייל געפינט זיך לענג - אויס דער יוראווצער וועג און די הייזער פון יאקימעס ווי אויך

פוןביידע זייטן טייך "סופראסל" צווישן וואשילקאוו און נאוואדווארצע. אין די דערמאנטע שטחים האט זיך געפונען טארף זאפאסן, אבער אין א מינימאלן מאס אויסגענוצט געווארן.

דער קלימאט פיל קילער אין פארגלייך מיט דער מיטל טייל פון פוילן. די איבעריקע טייל פון דער ערד אין צפון זייט פון דער שטאט א מיטלזאמדיקע און אין טיילן א באוועגיקע, די אגראר פראדוקציע א נידעריקע, קיין ווייץ האט מען דארט נישט געזייט. אמיינסטן האט מען פראדוצירט קארן, גערשטן, האבער, קארטאפל, וויקי און ענלעכע נישט רייכע תבואות. צווישן סופראסלער טייך און יאראשאווקער וועלדל איז ענדעקט געווארן גוטע רעזערוון פון פריש וואסער און אין 1890 יאר איז דארט אנטשטאנען א וואסער - לייטונג סטאציע וואס האט געארבעט טאג און נאכט אן אפשטעל, אין פאמפען וואסער פון די טיף אויסגעבויערטע ארטיזאנישע ברונעמער, און צושטעלן דורך פארלייגטע וואסער רערן צו ביאליסטאק. צו פארשטארקן דעם דרוק פון די וואסער, האט מען צו דעם צוועק אויף דעם פיעטראשע בארג אויסגעבויט א הויכן טורעם מיט א גרויסן וואסער טאנק פאפולער גערופן די "באשניע"

צו דער פארשטאט פון וואשילקאווע זענען פארעכנט געווארן די אסאדעס סוכאניע, וואראשילי און ווולקי. 8 קלמ. אין צפון זייט פון וואשילקאווע הויפט זיך אן די פרעכטיקע בוקשטעלער וואלד - מאסיוון (אויף פויליש פושטשא -בוקשטעלסקא), ווו זומער צייט געווען באלאגערט מיט פרויען אין קלייבן שווארצע יאגעדעס פאר אייגענעם געברויך אדער צו פארקויפן און מאכן א פאר זלאטעס. אין דער ווייטער פארגאנגנהייט א פלאץ פאר יאגד, פאר ליטווישע, פוילישע פריצים פירשטן און קעניגלעכע משפחות.

וואשילקאווע איז עלטער פון דער שטאט ביאליסטאק ווייל ווי סאיז פון אנהויב דערמאנט געווארן איז פארלייגט געווארן אין 1567 יאר אויף דער פאראדנונג פון קעניג זיגמונד אויגוסטא און פון 1578 יאר פיגורירט זי שוין אין רעגיסטראציע פון שטעט.

דעם קלויסטער וואס דער קעניג האט געשיינקט אין 1567 יאר איז געווען א הילצערנער און האט זיך געפונען אין סאד נישט ווייט וו סהאט זיך שפעטער געפונען דער "דאמ - לודאווי" וואס האט געדינט פאר א טעאטער. אויף דעם ארט פון אלטן קלויסטער שטייט יעצט א קאפליצע. אין 1883 יאר האט מען אויסגעבויט דעם נייעם קלויסטער אין קאסציעלנער גאס וואס שטייט ביז היינטיקן טאג.

אנטקעגן איבער דער פראוואסלאוונער צערקווע 1876 האבן די פאליאקן אויסגעבויט א קליינע קאפליטשקע און אין פראנט אויף איר א מארמור - פליטע טאוול מיט דער אויפשריפט פון 23 פערזאן אלס מארטירער וואס זענען געפאלן אין אויפשטאנד, די צארישע מאכט האט די קאפליטשקע צוגענומען אין 1866 יאר, שפעטער אין 1919 יאר צוריק איבערגעגאנגען צו דער קאטוילישער פאראפיע.

אין 1710 יאר 2 קלמ. פון וואשילקאווע איז אויפגעבויט געווארן נישט קיין גרויסער קלויסטער אונטערן נאמען "אוניצקער" (אוניאטע) איבער א ברונעם מיט וואסער פאפולער האט מען דעם פלאץ געגעבן א נאמען "סוויענטא - וואדא" (הייליקע - וואסער). אין דעם ברונעם מיט די וואסער זאגט די לעגענדע האט א בלינדער וואנדערער געגעבן א טרונק וואסער און עס איז געשען א נס, סהאט זיך אומגעקערט זיין ראיה. דעם געגנויעם אמת איז שווער צו דערגיין אבער אזוי איז עס פארבליבן.

אייניקע קאמענטארן וועגן דעם נאמען פון דער שטאט וואשילקאווע ווייל אין די היסטארישע מאטעריאלן ווערט נאר אנגעגעבן אז דער נאמען וואשילקאוו שטאמט פון ווארט וואסילקאוו, און סאיז מעגלעך געווען אזא פערזאן פון די ערשטע באזיצער און געטראגן אזא

נאמען...אדער סאיז געווען אזא בלום מ׳כ׳ אזא ענלעכן נאמען.

אין אלטע רוסישע היסטארישע מאטעריאלן ווערט ארויסגעזאגט אנדערע מיינונגען וואס גיט א פיל קלארערן שטעלונג אין באצוג צו דעם נאמען פון דער שטאט וואשילקאווע. עס איז נישט קיין סוד אז וואשילקאווע מיט איר אומגעגנט האט געהערט און געווען באזעצט מיט ווייסרוסן און רוסן אפילו ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 יאר זענען אלע דערפער אין מזרח און צפון - מזרח פון דער שטעטל געווען באוווינט פון ווייסרוסן. פון די אויבערדערמאנטע מקורות דרינגט ארויס אז אויף די פעלדער, לאנקעס ארום וואשילקאווע ספעציעל אין די פלאכערע, נידעריקע געגנטן איז געווען געדיכט באוואקסן מיט פעלד בלומען וואס אויף ווייסרוסיש און רוסיש האט מען זיי גערופן "וואסילאטשקי" אויף יידיש און פויליש דאס איז "אסטרע" אויף אוקראיניש "וואסילקי". אזוי אז דער נאמען שטאמט פון די בלומען..וואסילקא..וואסילא..אויך יידיש וואשיל - קאוו.

די באהויפטונג איז מעגלעך דער מער רעאלער און קען בעסער אקצעפטירט ווערן ביי אנדערע היסטאריקער.



דער פאסטערונעק און מאגיסטראט, אין פראנט: קאמענדאנט מיט פאליציאנטן בורמישטש שטאט גלח, פאסט מייסטער, אייניקע ראטמענער

Standing in front of Police Station and Town Hall, Police Chief with Policemen, Town Major, Town Priest, Postmaster and City Councillors.

לעאָן מענדעלעוויטש

# וועגן

די וועגן פון לעבן
דורך גאָט געגעבן
זענען געשלענגלט אין מוסטער געוועבן.
און נישט יעדן אין לעבן
איז די מאַכט געגעבן
פאַרשטיין די כונה
פון די אויסטערלישע וועגן.

די וועגן פון יידן איז שווער צו באַנעמען,
סיי פון מצרים צו די זאַמדן פון סני,
צו די טייכן פון בבל,
צו די שפּאַנישע פעלדער,
צו די נאָדל־סאָסנאָווע
פוילישע וועלדער.

דער וועג פון משה רבינו —
אַ לאַנגער, אַ שווערער —
נאָכן ברעכן דעם ים־סוף
פאַרבלאָנדזשעט אין מדבר.
געפונען די לוחות,
באַשטימט פאַר די יידן,
כאָטש קרח פון דעם איז
נישט זייער צופרידן.

דער פּראַקטישער קעמפער
יהושע בן־נון, זיך נישט פאַרקוקט
אויף אַלעם אַרום —
געשיקט גלייך שליחים
מיט זייטיקע וועגן
און פאַרנומען דאָס לאַנד —
פון גאָט אונדז געגעבן.

די פאַרשידענע וועגן —
פאַרשטויבטע, פאַרלאָזטע,
באַוואַקסן מיט דערנער, באַדעקטע מיט גראָזן,
ווו שעפּסן און ציגן מאַרשירן צוזאַמען
מיט לעמעלעך פון הינטן,
נישט ווייט פון דער מאַמען.

פון הינטער די סטאַדעס
פּאַמעלעך, געלאַסן,
מיט שטעקנס פאַרדרייטע,
ווי שופרס צו בלאָזן;
מאַרשירן די טרייבערס
מיט טאָרבעס באַלאָדן,
און היטן די שאָף פון אַריינג־ין אין שאָדן.

דער וועג פון די אבות,
צווישן בערג און טאָלן;
אַרום יהודה און שומרון
און גלילשה פעלדן —
געזייט און געאַקערט
מיט שווייס זיי באַגאָסן,
ווייל ווייניק וואַסער
דורך זיי איז געפלאָסן...

יידן, ווי יידן,
מיט הארץ און בטחון,
געבויט און געפלאַסטערט
דעם לעבן דעם שווערן.
און אַנטרונען פּאַמעלעך
פון זייער זכרון —
פתוים ורעמסס
און די פרעישע יאָרן.

די לוחות פון משה
דורך גאָט אים געגעבן,
געהיט און געלערנט
אין שולן געבויטע —
און צום סוף אין בית־המקדש
מיט פאָנפאַרן און האַרפעס
פאַרנומען דעם היכל
פון אונטער דעם פרוכת.

אַזוי האָבן יידן די עברים גערופן.
דעם לעבן געשאַפן,
אין אַמאָליקע צייטן
און גליקלעך, צופרידן
די תבואה געשניטן,
און מעשר און קרבנות
אויך נישט פאַרמיטן.

די ידישע מלכים מיט גבורה
און קלוגשאַפט,
דערפירט די מלוכה
צו רומפולער גרויסקייט.
באַוויזן דעם עמלק און אונדזערע שונאים.
אַז סיפּעלט נישט ביי עברים
קיין מוט און קיין דרייסטקייט.

די וועגן פון יידן
דאַרפן ווערן פאַרשריבן
אין דער געשיכטע פון פעלקער,
פון אַלערליי ראַסן!
ס׳זאָלן פאַרשווינדן די האַסן —
געפּלעגט און געפּריידיקט,
פאַר די פינצטערע מאַסן,
דורך פאַרשידענע פירער
און הייליקע מאַכערס
אַליין זיך באַשטימטע.
און דעם אמת פאַרקרימטע,

דער וועג איז אַ לאַנגער —
דעם אמת געפינען,
פאַרדרייט און פאַרקריפּלט
מיט כוונות ספּעציעלע
דורות וועט נעמען
דעם וואַסער צו קלאָרן
צוזאַמען מיט וואַסער
יידיש בלוט, וועט אויך ריינען.
נאָר דער אמת ווי בוימל
וועט קלאָר אַרויסשווימען

# די געשיכטע פון די יידן אין וואשילקאווע

ביי פארלייגן די שטאט וואשילקאווע און איינשטעלן אירע גרעניעצן אין 1566 יאר, האט זיך דארטן שוין געפונען איינצלנע יידישע משפחות. א גרעסערן צופלוס פון יידן מערקט זיך אין דעם פעריאד פון דער דרייסיק - יאריקער מלחמה (1618 - 1648), וואס ווערט באגלייט מיט א כוואליע אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען ווי אויך דאס ארויסטרייבן א גרויסע צאל יידן פון אייניקע ראיאנען אין דייטשלאנד. א היפשע צאל פון די ארויסגטריבענע יידן באזעצן זיך אין ביאליסטאקער




די גרויסע הילצערנע שוהל, פון רעכטס דער קליינער בית המדרש
The Synagogue and the "Klainer Beit-Medresh"

געגנט, צווישן אנדערע אין כאראשטש סופראסלע ווי אויך אין וואשילקאווע (34 פערזאן).

ארום 1760 יאר האט זיך אין וואשילקאווע געפונען 138 יידן. לויט דער פרייסישער פאלקס ציילונג האט שוין די יידישער באפעלקערונג אין וואשילקאווע אין יאר 1799 געציילט 280 יידן. אנדערע כאראקטעריסטישע איינצלהייטן; ווען וואשילקאווע אין 1807 יאר איז איינגעשלאסן געווארן אין דער רוסישער אימפעריע, האט זי אדמיניסטראטיש געהערט צו גראדנער גובערניע סאקאלקער פאוויאט גמינע טשארנאוויעש אין דעם זעלבן יאר (1807) האט די באפעלקערונג אין וואשילקאווע געציילט 677 איינוואוינער און יידן האבן געבילדעט די מערהייט פון דער באפעלקערונג.

אין 1847 יאר דערגרייכט די יידישער באפעלקערונג צו 621 איינוואוינערס מיטן וווקס פון דער טוך אינדוסטרי וואס הויבט זיך אן אין יענעם פעריאד, ווי אויך די אנטוויקלונג פון דער האלץ אינדוסטרי און דער אלגעמיינער האנדל, האט בייגעשטייערט צו דער וווקס פון דער גאנצער באפעלקערונג בכלל און צו דער יידישער בפרט. אין 1860 יאר האט די אלגעמיינע באפעלקערונג אין וואשילקאווע געציילט 1381 איינוואוינער, די רעליגיעזע צוטיילונג איז געווען;

פראוואסלאוונע - 65 פערזאן
עוואנגעליער - 19 פערזאן
קאטאליקן - 817 פערזאן
יידן - 480 פערזאן

אזוי אז יידן האבן געבילדעט ארום* 35% אין הינזיכט פון רעליגיעזע אנגעהעריקייט.

וואשילקאווע אין 1891 יאר איז באשטאנען פון 508 הייזער אלע הילצערנער אויסער 2 געמויערטע, 51 געשעפטן און אונטערנעמונגען מיט א אלגעמיינע באפעלקערונג פון 3335 איינוואינער (1710 מענער, 1625 פרויען) פון דעם;

675 פראוואסלאווער
(רוסיש - ארטאדאקטיש)
49 עוואנגעליער
1457 קאטאליקן
1154 יידן

אין משך פון 6 יאר דאס הייסט אין 1897 יאר וואקסט די באפעלקערונג צו 3880 איינוווינער, פון דעם 1470 יידישע איינוואינער וואס מאכט אויס 38% פון דער באפעלקערונג.

אנדערע עלעמענטן וואס גיבן א אלגעמיינעם אפשאצונג פון דעם האנדל אין יענער עפאכע ווארפט א ליכט אז יידן האבן שוין דאן גענומען א אקטיוון אנטייל בתוכם וואשילקאווער סוחרים. אין איינעם פון די דאקומענטן פון צאל - אמט (טאמאזשנע אדער קאמערע צעלנע) ווערט געזאגט; אז דעם 16 טן יוני 1765 יאר האט דער סוחר פון וואשילקאווע אויפן נאמען מאשקע (משה) הערשאוויטש ארייגעפירט סחורה דורכן צאל - אמט אויף א סומע פון 1700 זלאטעס!! דאס איז געווען אין יענער צייט א סאך געלט. ווייטער ווערט דארט דערמאנט אז יידן סוחרים פון וואשילקאווע, גרודעק און זאבלודאווע האבן ביי ענד פון 18 יארהונדערט, עקספארטירט אין א גרויסן פארנעם כמיעל (האפן) אזוי אז כמיעל איז געווען אויך א הויפט ארטיקל אין האנדל פון יענער צייט.

די יידישע באפעלקערונג אין וואשילקאווע איז געווען קאנצענטרירט אין די הייזער ארום דעם מארק (מארקעט) אין צפון טייל פון דער שטאט און לענג - אויס ביאליסטאקער גאס וואס האט פיל מאל געביטן איר נאמען.

עס האט עקזעסטירט 3 בית - עולמינס, ביי היינטיקן טאג איז פארבליבן א קליין אפגעלאזענער בית - עולם אונטערן שטאט פארשאטן מיט באוועגיגע זאמדן, עס כאפט א שוידער א קוק - טאן אויף די בילדער פון דעם בית - עולם געמאכט אין 1989 יאר (די פאטאגראפיעס אין יזכור בוך). פון די איבעריקע בית - עלמינס איז קיין זכר נישט פארבליבן.

דער שולהויף ווו סהאט זיך לאקירט די בית - תפילות, האט זיך געפונען אויף דער מערב - זייט און באצוג צו דער צערקווע און צווישן וואיטקאווער גאס. אויפן שול - הויף האט זיך געפונען דער "אלטער גרויסער בית - המדרש 1806", "אורח חיים בית מדרש 1880" דאס איז דער קליינער בית המדרש, און דער "חיי אדם בית מדרש 1895". דער ערשטער בית - המדרש אין וואשילקאווע האט שוין עקזעסטירט אין 17 טן יארהונדערט וואס אויף זיין פלאץ, האט מען אין דער צווייטער העלפט פון 18 טן יארהונדערט אויסגעבויט די גרויסע הילצערנע שול.

אין 1809 יאר האט מען צוגעבויט צו דער שול א איינזייטיקע דאך - געביידע פאר פרויען מיט האלב רונדע העכערע פענצטער און א באזונדערן אריינגאנג, אויסער דעם, לענגאויס דער פראנטאלער זייט פון דער שול האט מען אויך צוגעבויט א פאליש (פאיע) וואס האט געדינט ווי א ווארטונגס פלאץ אדער צו כאפן א שמועס אין צייט פון קריאת התורה און הפסקות ספעציעל דאן ווען ספלעגט רעגענען. די וואשילקאווער שול האט דערמאנט די קאנסטרוקציע פון דער גרופע "ביאליסטאקער-גראדזיענסקער" וואס איז געבויט געווארן אין סאקאלקע, סידרע, יאנאווע, סאבאטקין און אנדערע.




פלאן פון "חיי-אדם" - צו באשטעטיקן

דער דאך א צוויי - גארנדיקער מיט א פריז - געזימס ארונד, געדעקט מיט שינדלען. פענצטער מיט שיינע וויטראזשן - שויבן און צוויי לונעטן פענצטער פון מזרח און מערב זייט פון דער קאנסטרוקציע. דער משכן ווו סהאט זיך געפונען דער ארון - קודש האט פרעכטיק זיך הארמאניזירט מיט דער גאנצער מזרח - וואנט. דער ארון - קודש האט זיך געפונען פראפארציאנעל זייער הויך פון דער פאדלאגע צו וועלכע סיהאט געפירט צוויי זייטיקע טרעפ מיט שיין געשניצטע פארענטשן, ביי דעם אנהויב פון די טרעפ האט זיך געפונען דער עמוד פאר דעם שליח - ציבור, ווען דער חזן פלעגט דאווענען דאן האבן די משוררים פארנומען די טרעפ פון ביידע זייטן עמוד.

די געמאלן און אויפשריפטן האבן צוגעצויגן דעם אינטערעס פון יעדן באזוכער און קינדער מיט רעספעקט שטודירן די געמאלטע חיות. די בימה (בעלעמער) אין מיטן דער שול העכער ווי אין בתי - מדרשים מיט ארנאמענטל אייזן באלוסטרירט.

וואס אנבאלאנגט דעם "חיי אדם" בית המדרש האט מען אנגעהויבן בויען אויף דער איניציאטיוו פון די צוויי תושבים אברהם באראש און בערל קאוועצקי דעם 5 טן אקטאבער 1895 יאר און איז פארענדיקט געווארן דעם 10 טן יולי 1896 יאר.



פערספעקטיווע צייכנונג פון דעם חיי - אדם בית מדרש

דאס איז געווען א קאמבינאציע פון ציגל מיט האלץ, האלב - רונדע פענצטער א גיבל - דאך געדעקט מיט קלינקער גאנטן, דעם פלאן פון דעם "חיי אדם" בית המדרש ווי אויך א פערספעקטיוון שקיץ געפינט זיך אין די בילדער טייל פון דעם יזכור - בוך. עס איז ווערט צו פארצייכנען אז די ביידע אויבן דערמאנטע פלענער זענען איבערגעשיקט געווארן צו דער אפטיילונג פון געאלאגיע און געאדעזיע אין דער גובערניע גראדנע צו באשטעטיקן, און איז צו מיר דערגאנגען אדאנק דעם נישט באקאנטן פריינד פון לאנדאן - ענגלאנד מר. אנטאני רודאלף וואס זיין באבע שטאמט פון וואשילקאווע וועלכע האט פארלאזן אין 1911 יאר, און מר. רודאלף האט טיפע סענטימענטן פאר דער יידישער היסטאריע פון אונדזער שטעטל וואס האט קיינמאל נישט געזען און קען אויך נישט קיין יידיש. דאס באווייזט אז דער רעספעקט פאר אור - עלטערן ווערט געבונדן מיט דעם היסטארישן המשך פון אונדזער פאלק. ביי דער געלעגנהייט דריק איך אויס מיין דאנק צו מר. רודאלף פאר קאלעקציאנירן און איבערווייזן צום יזכור - בוך ווערטפולע היסטארישע מאטעריאלן פון אונדזער שטאט.

ווען וואשילקאווע איז געווארן א יידישע קהילה מיט א ארגאניזירטן יידישן לעבן אנגעשפארט אויף די יסודות פון הלכישע איינשטע-לונגען איז שווער צו דערגיין און נאכפאלגן, ווייל די

נאַצישע מערדער האָבן נישט נאָר אומגעבראַכט דעם גאַנצן יידישן ישוב, זיי האָבן אויך צושטערט, פֿאַרניכטעט אַלע אַרכיוון, פּנקסן וואָס האָט געהאַט צוטאָן מיט יידן און זייער געשיכטע פֿון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט.

דאָך פֿון אַנדערע מקורות קען מען פֿעסטשטעלן אַז אין 1694 יאָר האָט אין וואַשילקאָווע עקסיסטירט אַ יידישע עדה מיט געוויסע קהילה רעכטן, ווייל אין יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ סכסוך צווישן גליל טיקטין און גראָדנע, צו וועמען דאַרף געהערן דער ישוב וואַשילקאָווע. אין 18 טן יאָר הונדערט געהערט שוין וואַשילקאָווע צו ביאַליסטאָקער קרייז צו גלייך מיט די שטעטלעך זאַבלודאָווע, כאָראָשטש, מיכאַלאָווע, קנישין, יאַשינאָווקע, גרודעק, אַדעלסק, סאָקאָלקע און יאַנאָווע.

ווען אין וואַשילקאָווע האָט אויסגע - בראָכן דער גרויסער פֿייער אין 1895 יאָר ווו אַ האַלבע שטעטל איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט די גליל קהילה ביאַליסטאָק באַשטימט הילפֿס - געלט פֿאַר דעם וואַשילקאָווער ישוב.

## די עקאָנאָמישע באַדינגונגען

אין אַלגעמיין גענומען איז די שטעטל פֿון אָנהויב איר אַנטוויקלונג געווען אָרעם און דורכגעמאַכט שווערע צייטן אין גערא‌נגל פֿאַר איר עקסיסטענץ. יידן האָבן געשעפּט זייער פּרנסה פֿון בעלי מלאכהריי, האַנדל, קרעטשמעס, טראַנספּאָרט און ענלעכע באַשעפֿטיקונגס. צו העלפֿן בינדן איינס מיטן צווייטן צו מאַכן אַ לעבן האָבן פֿיל יידישע משפּחות געהאַט אייגענע גערטנער פֿאַר אייגענעם געברויך ווי אויך בהמות פֿאַר מילך, קעז אָדער אַ שטיקל פּוטער אויסקלאַפּן אין דער הילצערנער קליוטשקע.

אין אָנהויב פֿון די דרייסיקער יאָרן האָבן נאָך פֿיל יידן געהאַלטן קי און גענוצט אייגענע גערטנער, מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיע אין שטעטל, האָט זיך אויך געביטן די מקורות פֿון פּרנסה ווי אויך מינימיזירט די נויטיקייט צו האַלטן בהמות און פֿירן אַ עפֿעקטיוון גאָרטן איינע פֿון די גרעסטע גערטנער אין שטעטל וואָס האָט פּראָדוצירט גרינוואַרג, ירקות פֿאַר דער באַפֿעלקערונג ביז דער אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט - מלחמה אין 1939 איז געווען דער גערטנער פּיניע ווערניקער, נישט קוקנדיק אויפֿן טיפֿן עלטער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט.

ווי סאיז פֿריער דערמאָנט געוואָרן איז דורך וואַשילקאָווע דורכגעלאָפֿן דער הויפּט שליאַך; וואַרשע - ביאַליסטאָק - ווילנע - פּעטערסבורג דאָס האָט פֿאַר אורזאַכט אַז פֿיל רייזנדער, פּויערים, בעלי עגלות פֿלעגן זיך פֿאַרהאַלטן אין וואַשילקאָווע צוליב פֿאַרשידענע טעמים און סיבות. מיט דער אַנטוויקלונג פֿון ביאַליסטאָק אַלס אַ גרויסע שטאָט איז אויך פּראָפּאָרציאָנעל געוואַקסן דער פֿאַרקער צווישן דאָרף און שטאָט.

פּויערים פֿון די נאָענטע און ווייטע דערפֿער זענען געוואָרן די צושטעלער פֿון אַלערליי פּראָדוקטן פֿאַר דער וואַקסנדיקער ביאַליסטאָקער באַפֿעלקערונג און איר אינדוסטריע. אַזוי אַרום פּויערים פֿירנדיק זייערע סחורות אין גרעסטן טייל אַגראַר פּראָדוקטן נאָך ביאַליסטאָק, פֿלעגן זיי זיך פֿאַרהאַלטן אין וואַשילקאָווע כדי רעגולירן די געהעריקע צייט אויף אָריינפֿאָר נאָך ביאַליסטאָק (7-8 קמ.). דאָס האָט אין אַ גרויסן מאָס געהאָלפֿן אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם האַנדל אין וואַשילקאָווע.

וואַשילקאָווער יידן ספּעציעל קרעמערס האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און אויסקויפֿן אַ טייל סחורות, איידער דער פּויער האָט דערגרייכט ביאַליסטאָק, און צייטנווייז געקויפֿט פֿאַר אַ פֿאַר גראָשן ביליקער, ווייל זיי זענען געווען די ערשטע קונים. דערנאָך די זעלבע סחורות פֿאַרקויפֿן צו ביאַליסטאָקער הורטן, מאַגאַזינען און קראָמען.

וואשילקאווער קרעמערס און האנדל האבן זיי קיין פרנסה נישט געקענט מאכן אמבעסטן. האבן אילוסטרירט די ליידיקע פאליצעס אין זייערע קראמען, דער ביי האנדל האט צוגעהאלפן אין מאכן די פרנסה.

צווישן די סוחרים - קרעמערס זענען אויך געווען רייכע מענטשן ווי די ברידער ליטווין (ברוטשקעס), יודל זאדווארענסקי (מאלדיוואן) פון אונטערן - שטאט, געצל רובין, ארציק מינקין, זרח ראטאוויעצקי און אנדערע וואס פלעגן אויך ארויסשיקן תבואה צו ווייטע שטעט סאקאלקע, גראדנע, קרינקע און אנדערע. די הויפט פראדוקטן פון האנדל זענען געווען; קארן, האבער, גערשטן, ווייץ, רעטשקע, וויקי, לינען, באב, חזיר - האר, פעלכעלעך און אנדערע. פארשטייט זיך אז מען פלעגט אויך קויפן אנדערע פראדוקטן וואס דער פויער האט פראדוצירט אלע סארטן פרוכט ווי עפל, בארנעס, פלוימען, קארשן א.אז.וו. קעז פוטער אייער עופות, בהמות, קארטאפל, קרויט און פיל אנדערע פראדוקטן אבער א מיינסטן געניצט פארן היימישן געברויך.

וואשילקאווער יידן האבן אנגעהאלטן די אלטע טראדיציע פראקטיצירט פון יארן אז אין הארבסט צייט אנפילן די קעלערן וואס יעדער הויז האט פארמאגט מיט קארטאפל אויף א גאנצן יאר אזש ביז נייע. דאס זעלבע מיט קרויט אנשאטקעווען און פארזויערן א פעסל אדער צוויי אפהענגיק אין גרויס פון דער משפחה. אוגערקעס אויך פאר זויערן אויף א גאנצן סעזאן. אויסער דעם יעדע משפחה רייכע צי ארעמע אנשיטן א גלעזערנעם גענשער (א קלענערן אדער גרעסערן) מיט שווארצע יאגעדעס און צוקער, פאבינדן די עפענונג מיט א שטיקל לייוונט און האלטן פאר א רפואה פאר פיל קראנקייטן. מען פלעגט אויך פאר א רפואה פארשיטן מאלינעס מיט צוקער אין א גענשער ווי אויך פרעגלען מאלינעס און טרוסקאווקעס.

אין ווינטער - צייט פלעגט מען אויך זעצן געגנדז אנדערש געריפן ... און ... צייט פליקן פעדערן און פרעגלען ... ווערט דאס צודערמאנען ווי אונדזערע ... אנגעהאלטן די זורותדיקע טראדיציע, און ... שווער לעבן שפארזאם און באלעבאטיש ... האנדלונג האבן זיי נאענטער געאייניקט ... אין אנהאלטן אויך די יידישע טראדיציע ... און אויסדויער.

## קרעטשמעס אריינפאר - הייזער

ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער מלחמה אין 1939 יאר האט נאך אין וואשילקאוו עקסיסטירט אייניקע אזעלכע אלטע ... אריינפאר - הייזער, כאטש די צייכן ... שטארק געביטן סזענען אנשטאטן אויטאס ... האבן איבערגענומען די פאסאזשירן פארקער, נאך נישט אין הונדערט פראצענט, ... אמבאלאנגט לאסט - אויטאס ... טראנספארט האט כמעט נאך נישט ... אזוי אז פערד און וואגן זענען ... מיטלען פון טראנספארט פארקער. די ... גרעסטע אריינפאר - הויז איז ... מאלדאוואנס, אגרויסע הילצערנע ... בוידעם אווו דער שניי אין ווינטער ... הארבסט פלעגט זיך ארייקריכן, ... באדעקט מיט מיסט שטרוי און ... פלעגט ארויספירן איין - מאל אין 3 ... סטאדאלע האט געקענט אריינעמען ... וועגענער צוזאמען מיט די פערד, ביי ... דער סטאדאלע א קליינע נידעריקע ... וואס האט געדינט אלס אכסניה - ... דער פויער אדער דער בעל - עגלה ... שליאכן האט געהאט די מעגלעכקייט ... גלאז הייסע טיי אדער קאווע ... מארענירטן הערינג אשטיקל וואורשט ... ביסל בראנפן און אין פראסטיקע ...

אנצוואַרעמען, שלאָפן פלעגט מען אויף די בּיינק טישן, פאַדלאָגע און אויף די וועגענער אין דער סטאַדאָלע נאָענט צו די גוטס און פערד.

נאָך יהודה'ס טויט האָט די אַריינפאַר - הויז געפירט זיין טאָכטער מאַלקע א העלדישע פרוי איר מאַמע חיה פלעגט איר צו העלפן. שפּעטער חתונה געהאַט מיטן אויסרעכנונג אַז דער מאַן וועט איר העלפן אין די ביזנעס לײַדער נישט געטראָפן ווייל דער מאַן איז געווען א פאַרברענטער קאָרטן - שפּילער אַזוי אַז אַנשטאָט די ביזנעס זאָל זיך פאַרבעסערן האָט זיך שטאַרק פאַר ערגערט.

כאָטש מאַלקעס מאַן אַליין נישט קיין וואַשילקאָווער האָט זײַער שנעל געפונען שותפים צו א קאָרטל, ער האָט אויך אויסגעפונען וועמען פון די פויערים וואָס פאַרהאַלטן זיך איבערנאַכט אין זײַן קרעטשמע האָבן ליב צו מאַכן א קאָרטל. מען מוז דאָ באַמערקן אַז א טייל פויערים האָבן נישט פײַנד געהאַט דעם קאָרטן שפּיל און די גייציקייט צו געפינען א פּאָר זלאָטעס איז געווען גרויס. פון דער צווייטער זייט איז געווען פיל באַקוועמער זיצן אין וואַרעם ביי דעם טיש און שפּילן אין קאָרטן ווי שלאָפן אויפן וואָגן אין דער קאַלטער סטאַדאָלע וואָס צייטנווייז דער פראָסט דערגרייכן מינוס 30.

קיין פּאַרטנערס צו שפּילן האָט נישט געפעלט, אויף א פּינטל מיט דער אויג פלעגט גלייך קומען אָווראַמקע דער בעקער מאַטקע מישקינס איידעס, אויך פון די שטאַרק פאַרברענטע קאָרטן - שפּילער צוליב די קאָרטן נישט געפירט קיין אייגענע בעקעריי אָווראַמטשע שטאַבינסקי א שטאַרק היציקער גרייט זיך צו שלאָגן פאַר יעדער קלייניקייט. עליע (עלקאַנע) שפּירה שטאַרקער ריזיקאַנט אין שטעלן גרעסערע סומעס געלט מיט דעם אויסרעכנונג אַפּצושרעקן די געגנערס ביים טיש.

שפּילן פלעגט מען אַזוי לאַנג ביז ספּלעגט אַריינפאַלן אָווראַמקעס פרוי מיט א געשריי און געוויין און מאַכן יענע אַוואַנטורע, אָדער ביז סוועט זיך אויפכאַפּן מאַלקע און זיי אַרויסיאָגן מיט א בעזעם אין האַנט.

אייניקע פויערים ווינטער - צייט ברענגען עפּל צו פאַרקויפן פאַר א שטאַרק הויכן פּרייז, ווייל עס האָט זיך געפאָדערט פיל קענטעניש אויף צו האַלטן די פרישקייט און געשמאַק פון די עפּל א לענגערע צייט.

די צווייטע אַריינפאַר - הויז האָט געהערט צו איטשע מישקין מיטן צונאָמען "דער חזיר בייסער" ווייל אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך פאַרלייגט מיט א שטעטלשן לץ אַז ער וועט אָפּבייסן דעם ווײַדל פון א חזיר, דעם געוועט האָט ער געוואונען לײַדער דער צונאָמען איז פאַרבליבן. ר' איטשעס סטאַדאָלע איז געווען אַביסל א קלענערע ווי יהודה מאַלדאַוואַנס ווי אויך די הויז וואָס האָט געדינט ווי א קרעטשמע פיל קלענער. ר' איטשע איז געוואָרן עלטער און נישט געווען אומשטאַנד אַליין צופירן כאָטש די טאָכטער פרומע א שטאַרק נידעריקע אין ווּקס האָט אים צוגעהאָלפן אַזוי אַז דער געשעפט האָט פאַמעלעך אונטערגעגאַנגען.

דער עלטסטער זון בערל איז געוואָרן א האַלץ - סוחר פאַריסן דעם נאָז און זיך געהאַלטן זייער גרויס, געהבר'יט מיט די בעסערע פון שטעטל און נישט געוואָלט אַריינגיין אין דער סטאַדאָלע פול מיט מיסט, דער צווייטער זון חיים נאָכן פאַרענדיקן די שולע אויך געוואָרן א האַלץ סוחר און נישט געוואָלט הערן פון העלפן דעם פאָטער. איינצלנע פויערים, בעלי - עגלות פלעגן זיך נאָר אַמאָל אין א יובל דאָרט פאַרהאַלטן.

ביי די פויערים איז איבעראַל אַנגענומען געוואָרן זיך פאַרהאַלטן אין וואַשילקאָווע איבערנאַכט, אויב סהאָט געפעלט פּלאַץ פאַר פערד און וואָגן אונטער א דאַך, האָבן זיי געגעכטיקט אונטערן פרייען הימל אויף דעם שטעטלשן מאַרק נאָענט צו פּיניע דעם גערטנערס הויז, מאיר אינקערס קראָם און פּודלאַשעס בעקעריי אין א מרחק פון 200 מעטער פון דער רוסיש - פּראַוואָסלאַוונער צערקווע וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פון דער

שטעטל. זייער אינטערעסאנט אז דער פויליש - קאטוילישער קלויסטער האט זיך געפונען ווייט אונטערן שטאט. די פאליאקן האט געפייניקט אזא מצב און מיט אלע מעגלעכע מיטלען געזוכט וועגן, ווי אזוי די צערקווע ליקווידירן און איבערפירן דארט זייער קלויסטער.

פויערים פלעגן זיך אויך פארהאלטן אונטערן שטאט ביי דער בעקעריי פון ראובן שפירה (רווקע) וואס צוזאמען מיט דער בעקעריי געפירט אזא מין אכסניה - קראס, אווו מען האט אויך געקענט קריגן א גלאז הייסע טיי און ברויט גלייך פון אויוון ארויס, אשטיקל הערינג, ווורשט און אין דער שטיל דעם ביטערן טראפן.

דער פראקטישער פירער פון דעם גאנצן געשעפט איז געווען זיין פרוי פייגל א זייער שיינע היכוואוקסיקע פרוי וועלכע האט זיך געקענט א עצה געבן מיט א פויער וואס האט איבערגעכאפט די מאס, אדער נישט געוואלט באצאלן דעם רעכנונג. מען פלעגט זיך אויך אפשטעלן ביי די קראמען פון ארטשיק דעם גרעק (מינקין) משה קויקס, יודל זאדווראנסקי און אנדערע.

אין די שפעטערדיקע יארן צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט מלחמה, איז אויסער די פריער דערמאנטע ארייפאר - הייזער און פונקטן ווו פויערים, בעל עגלות פלעגן זיך פארהאלטן, אויך זיך אנטוויקלט אמייסטן אין צענטער פון שטעטל אזעלכע סארטן שיינקען (פיוויארניעס) ווי אויך צוקערניעס ווו די שטעטלשע איינוואוינער, דורכרייזענדער האבן געהאט די מעגלעכקייטן צו כאפן א טרונק און פארבייסעכץ. דער גרעסטער פון די שיינקען זענען געווען: סאריע ליפשטיין, פסח סטאלניצקי, טאשעמאוויטש הערשקע פאליאק, טעוול קאמען. צוקערניעס די פאפולערסטע חיים טשאפניק (דער ראזשענאיער), פעסלס, יאנקל ליפשטיין (גלאוואצקי) סולקע דעם קוואסניקס ביילע ראבינאוויטש. אברהם פאליאק, שלמה כהן. טיי - הייזער יודל זאדווראנסקי, אסתר ליטווין. פון די פוילישע שיינקען פאן קזשיוויעץ, פראנצישעק ביעכאווסקי, דאמבראווסקי, שימאנסקי און אנדערע.

## בעלי - מלאכות

די ערשטע מאסן באשעפטיקונג ביי יידן אין אלגעמיין איז געווען לאנד - ווירטשאפט וואס האט געצויגן דעם יחוס פון דעם פעריאד ווען יידן האבן באארבעט זייער אייגן לאנד אין דער אייגענער מדינה און לאנדארבעט, וויינגערטנריי, פי - צוכט און אנדערע אגראר ארבעטן זענען געווען די הויפט באשעפטיקונג פון די יידן, וואס זענען שפעטער איבערגעטראגן געווארן אין די נייע גלות לענדער נאכן פארלירן די אומאפענגיקייט.

אין פוילן האבן יידן אויך נאכן באזעצן זיך, פארנומען אין א גרויסן מאסשטאב מיט לאנד ארבעט. צו באשטעטיקן די רעאלקייט אז אזוי איז דאס געווען קען מען געפינען אין אלע היסטארישע אויסגאבעס ווי אויך אין די נעמען פון פיל דערפער, טייכלעך, טראגן יידישע נעמען ווי שמידקאוו, מאשקאוו, לאזאזשע, זשידאוויצעע יוודענדארף און אנדערע.

די צווייטע מאסן באשעפטיקונג ביי די פוילישע יידן איז געווען מלאכה. עס איז פארשטענדלעך אז אינאיינעם מיט די מערבדיקע יידישע וועלט - סוחרים וועלכע האבן געשאפן אין פוילן האנדלס - צענטערס און פאבריקן זענען אויך אנגעקומען בעל - מלאכות פון כוזרים לאנד; גארבערס, טעפערס, וועבערס די ביזאנטישע יידן ספעציאליסטן אין זייד - וועבעריי, גלאז - אויסארבעטונגען, גאלדשמידן, פון שלעזיע; קירזשנער, וועבער, מעש - באארבעטער, מויערער, בויער, קצבים, בעקער, שניידער און אנדערע זיי האבן נישט נאר צוליב רעליגיעזע טעמים באדינט יידן אליין, ווי קצבים (כשר פלייש), שניידער (צוליב שעטנז). זיי האבן זיך באזעצט ארום פריצישע הויפן

פעסטונגען און אנגעהויבן ארבעטן צוגלייך מיט די קריסטלעכע האנטווערקער, אויך ארבעטן פאר סוחרים און מערק.

א דאנק די יידישע בעל מלאכות און פאכלייט האט זיך פארשטארקט און פארבעסערט די אלגעמיינע פראדוקציע. ס׳איז אויך אנשטאנען פראדוקטיווע צווייגן אינגאנצן נייע ווי זייד - וועבעריי, גלאז אויסארבעטעריי, קירזשנעריי און אין לאנדווירטשאפט סעדעריי. יידישע בעל מלאכות אנדערש האנטווערקעריי האט ארום 90% געלעגן אין יידישע הענט, אין די שפעטערדיקע יארן איז געמאכט געווארן פרווון צו פארהאלטן, טארמאזירן דעם וווקס פון דער יידישער האנט - ווערקעריי דורך געשאפענע פון דער מלוכה פוילישע צעכן, וועלכע האבן איינגעפירט עקזאמינס מיט א נעגאטיוון צוגאנג צו דעם יידישן בעל מלאכה.

אין וואשילקאווע האט זיך געפונען אלע סארטן בעל מלאכות, דאס איז געווען א קאלארפולער געמיש פון פארשידענע סארטן מענטשן, פארשידענע כאראקטערן, פארשידענע אייגנשאפטן אין באצוג צו מענטשן און זייערע פראפעסיאנעלע פראבלעמען. די גאנצע האנטווערקעריי אין שטעטל איז כמעט אין 100% זיך געפונען אין יידישער הענט. צו דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פון בעל מלאכישע אונטערנעמונגען פארשטייט זיך איז געווען די לאקאליזאציע פון וואשילקאווע אויף דעם הויפט שליאך ווארשע, פעטערסבורג (לענינגראד).

אויסער דעם די פרימיטיווקייט פון דעם לעבן, דער טראנספארט וואס געווען באזירט אויף פערד און וואגן האט אויך גורם געווען אין אנטוויקלען פארשידענע פראפעסיעס אין האנטווערקעריי. מען מוז דא אן שום גוזמא אונטערשטרייכן אז יידן זענען געווען ערשטקלאסיקע פאכלייט ווייל זיי האבן אויסגעפירט זייער ארבעט בכל לבבך ובכל נפשך.

## שמידן

עס איז פריער דערמאנט געווארן אז דער גאנצער טראנספאט סיסטעם שטארק פרימיטיוו האט זיך באזירט אויף פערד און וואגן, האט געשאפן געניג ארבעט פאר שמידן אין מאכן פאדקאוועס, שמידן פערד, פאריכטן וועגענער, איבערציען רעדער מיט נייע שינעס, אריינשטעלן צעבראכענע שפריכעס אין די רעדער, כל המינים ארבעטן, כאטש פאדקאוועס און שינעס אויף די רעדער זענען געווען פון אייזן אבער דאך נוצן זיי זיך שנעל - אויס אויף די שלעכטע ברוקירטע שאסייען.

איינער פון די שמידן וואס זיין קוזניע האט זיך געפונען אונטערן שטאט איז געווען איטשע שטאבינסקי צייטנווייס געארבעט מיט אלע 5 זין ביז וואנעט דער עלטסטער מיישקע איז ארויסגעפארן נאך ארגענטינע זוכן גליקן. א שיינער ייד מיט א פראנץ - יאזעף בערדל, א בעל - תפילה אין דעם קליינעם בית מדרש, א גוטער בעל מלאכה נאר א שטארק היציקער גרייט צו דענערווירן זיך אויף יעדער קלייניקייט. זייענדיק נאך א ייִנגל האט ער מיט זיין ברודער מולקע געהאקט האלץ צו הייצן. מולקע פלעגט אונטעררוקן די לייסטן אויפן פיעניק און איטשע פלעגט אפהאקן מיט דער האק.

ווי עס זעט אויס האט מולקע מיט עפעס אים דענערווירט און ווען ער האט ארויסגערוקט די לייסט אביסל ווייטער אויפן פיעניק האט אים איטשע אפגעהאקט אלע 5 פינגער. פאר דער פאר האבן זיי געפירט א ברוגז און יארן נישט גערעדט איינער צום צווייטן.

דער צווייטער זון דוד אויך א ביסל א היציקער מיט געוויסע איבעררעפלעקסיעס, חתונה געהאט מיט א מיידל פון א שכנותדיקע שטעטל, גלייך נאך דער חתונה האט ער זיך איינגערעדט אז זיין פרוי וויל אים אפסמען, געהיים אבסערווירט ווי זי קאכט וואס זי לייגט אריין אין טעפל...סהאט גארנישט געהאלפן די פארזיכערונג, די מיידל פלעגט

עסן די געקעכטס פאר אים אבער ליידער נישט אומשטאנד געווען ארויסהאקן דעם משוגעת פון זיין קאפ..און האבן זיך צושייד.

- דער צווייטער שמיד מרדכה מאלער מיטן צונאמען "מאקעלע" א קליין יידל נישט פיל העכער פון א ליליפוט וואס מען זעט אין די צירקן, פארדערפאר זיין פרוי א הויכע א שיינע שאטינקע. ביי שמידן א העכערן פערד פלעגט ער אדורכגיין אונטערן פערד בויכס נישט געבויגן. אגוטער פאכמאן און באליבט ביי די פויערים, צייטנווייז פלעגן די זין הערשל און אלטער צוהעלפן דעם פאטער אין דער קוזניע.

- ארהן שפירה אדער ארהן שמוליאסקעס זיין קוזניע אויך אונטערן שטאט כמעט אנטקעגנאיבער דעם ווינטמיל א בכבודיקער ייד מיט א שיטערע בארד געארבעט מיטן זון הירשל געווען פארעכנט פון די שטארקסטע יידן אין שטעטל אבער זייער שטילע א שטארק געשעצטע משפחה. זיין יינגסטער זון עליע איז ארום 1937 - 1936 יאר ארויסגעפארן נאך ארגענטינע, געארבעט דארט אלס א וועבער פארדינט א ביסל פעזעס און אין 1938 יאר געקומען צוריק מיט דער כונה זיך אומקערן צוריק מיט זיין געליבטער מיידל מירל (מרים) ראבינאוויטש און אומגעקומען צו גלייך מיט אלע ידן ווארשיינלעך אין טרעבלינקי.

- יאסעלע מאסיאנדז געארבעט מיטן זון דוזן אין דער קוזניע וואס האט זיך געפונען אין דער געסעלע פאר שעפסל דעם שניידערס הויז, שווער געארבעט צו מאכן א לעבן דער צווייטער זון לייבל געארבעט אין ביאליסטאק אלס א סטאלער נישט ליב געהאט דעם טאטנס פאך.

- ישראל לאשיצקי א ערשט - קלאסיקער פאכמאן און א מער פארגעשריטענער מענטש וואס האט אויך ליב געהאט ארייננקוקן אין א צייטונג, פון אנהויב געפירט א שותפותדיקע קוזניע מיט יאסעלע מאסיאנדז דערנאך געעפנט א אייגענע קוזניע אין מארק אנטקעגן דער רוסישער צערקוויע נעבן וועלוול דעם לערער, פאר א געהילף געהאט א ווייסרוסישן שייגעץ פון נאוועדווארצע וואס האט זיך שנעל אויסגעלערנט יידיש, און ביי כאפן א שמועס מיט אים אין יידיש האט מען נישט געקענט אויסגעפינען אז ער איז נישט קיין ייד.

אין שטעטל האט זיך אויך געפונען א פוילישע קוזניע פון פאן בוטשקא אין ביאליסטאקער גאס נישט ווייט פון הילצערנעם בריק, נישט אין פארגלייך מיט יידישע שמידן האט ער טאקע קיין ארבעט נישט געהאט. דאך מוז מען באמערקן אז אין די לעצטע יארן פאר דער מלחמה ווען סאיז אומפראפארציאנעל געוואקסן די אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע ספעציעל דער לאזונג "סוואי דא סוועגא" דאס הייסט "פאליאק קויף ביי א פאליאק" האט זיך דאן אביסל פארגרעסערט די ארבעט אין זיין קוזניע.

## בעקערס

אין וואשילקאווע האט זיך געפונען א היפשע צאל בעקערייען און נישט שלעכט זיך אנטוויקלט אין טערמס צו מאכן א לעבן, דער אויסוואל פון ברויט און פארשידענע געבעקסן איז אין אלגעמיין געווען א גוטער. אין משך פון יארן האט יעדע בעקעריי אויסגעארבעט איר נאמען אין פארשידענע אויסארבעטונגען.

- סראלקע סערייסקי אויסארבעטונגען ווי בולקעלעך, זעמל, ראגאליקעס, קוכנס, חלות און אנדערע געבעקסן מיט איין ווארט די בעסטע אין שטעטל, זיין בעקעריי האט זיך געפונען אין דער געסל פון הינטער שיע דעם קוואסניקס פאבריקל ווי אויך געהאט א קראם צו פארקויפן די געבעקס נעבן גאדלעווסקעס אפטייק אין ביאליסטאקער גאס.

- ישראל פרעס (סראלקע בודלאזש) געהאט א גוטן נאמען אין די בעסטע געשמאקסטע געבייטלטע ברויט, זיין בעקעריי א געמויערטע האט זיך געפונען אין מארק נישט ווייט פון מאיר

אינקערס קראַם.

- חאַצקל נעכעס געעפנט זיין בעקעריי אין די מיטל דרייסיקסטער יאָרן אין ביאַליסטאָקער גאַס פאַר איטשקע דעם קצבס יאַטקע אַ געמיש פון אַלע סאָרטן ברויטן.

- ראובן (רוווקע) שפּירה פון אונטערנשטאַט, אַ גרויסע בעקעריי געפירט צוזאַמען מיט אַ אַלגעמיינע קראָם און טיי - הויז.

- מענדל דער בעקער פּערעלמאַן אַ ערשטקלאַסיקע בעקריי נעבן שמולקע דעם קצב, געהאַלטן אַסאַך מענטשן. אויף די עלטערע יאָרן נישט אומשטאַנד געווען צו פירן אַליין די בעקעריי, איין זון יעקב עליע האָט חתונה געהאַט און געמוזט העלפן דער פרוי אין שניטקראָם וואָס זי האָט געהאַט און צו דעם נאָך אַנגעהויבן קרײַנקען. דער צווייטער זון מאָטעלע דער שענסטער פּאַצעט אין דער שטעטל האָט זיך איינגעאָרדנט אין וואַרשע, אַ געוויסע צייט האָט די טאָכטער נחמה געפירט די בעקעריי, ר׳ מענדל איז שפּעטער געשטאָרבן און נחמה האָט אויך חתונה געהאַט און איר מאַן האָט אין דער בעקעריי פאַרלייגט אַ סאָדע - וואַסער פאַבריק.

ברכה פּרעס געהאַט די בעקעריי אין ביאַליסטאָקער גאַס אַנטקעגן ניימאַנס מויער וואָס שפּעטער פאַרביטן אויף ביעלאַזאַרס מויער, געפירט די בעקעריי מיט דער הילף פון די 4 זין מיט דער טאָכטער רחל אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט מלחמה ליקווידירט געוואָרן צוליב דעם אַרויספאָר פון עלטסטן זון חיים נאָך קאַנאַדע וואָס נעמט שפּעטער אַריבער דעם ייִנגסטן ברודער לייבל, איין ברודער סראָלקע האָט חתונה און עפנט אַ אייגענע בעקעריי אויפן מאַרק. און דער לעצטער ברודער שמולקע ווערט אַ מייסטער אין אַ טעקסטיל פאַבריק אין ביאַליסטאָק וווּ ער קלייבט זיך דאָרט אַריבער.

- לייזער מאַזור האָט געהאַט זיין בעקעריי פון הינטן מענדלס בעקעריי אָבער זיינע געבעקסן און אַנדערע אויסאַרבעטונגען זענען נישט געווען שטאַרק פּאָפּולער נישט פאַרלירן פיל צייט האָט ער זיך איבערגעשטעלט אויף אַ צוגאַב פּראָדוקציע פון קאַנדיטעריי אויסאַרבעטונג; טאָרטן, באַבקעס, טשאַסטקעס, לעקעך, קיכעלעך און אַנדערע מיט אַ באַפּוצונג פון שאָקאָלאַדע און קרעמען און אַנגעגאַנגען מיט זיין בעקעריי ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 יאָר.

שטאַרק כאַראַקטעריסטיש וואָס פיל פרויען אין וואַשילקאָווע האָבן געפירט בעקערייען לאַנגע יאָרן אָן דער הילף פון מענער וועלכע זיי האָבן צוליב פאַרשידענע סיבות פאַרלאָרן. אויסער די פריער דערמאָנטע ברכה פּרעס האָבן אויך אַנדערע פרויען געפירט זייערע בעקערייען געשעפטן ביז דער מלחמה ווי;

ברײַנע אוסיי געהאַט די בעקעריי אונטער רייזעשקעס (ספּעקטאָר) קראָם געפירט מיט דער הילף פון איר נישט חתונה געהאַטער טאָכטער ווי אויך געהאַט אַ גוטע סטאַבילע קליענטעלע.

קאַפּלאַניכע אַזאַ היימישע בעקעריי אַליין געפירט און געווען זייער פּאָפּולער מיט אירע גריסקע קוכנס און קליינע כאַלקעס פון געבייטלטע מעל מיט צעלאָזענע צוקער אין דער מיטל אונטערן וואַשילקאָווער געגעבענעם נאָמען ״צימענטוווקעס״ אַלע אירע אויסרבעטונגען פלעגט מען צעכאַפּן גלייך אין די פרימאָרגן שעהן.

עס האָבן זיך אין שטעטל אויך געפונען אַ צאָל בעקער אַרבעטער אַמיינסטן יידישע וואָס האָבן געאַרבעט אין די וואַשילקאָווער בעקערייען, אַלע בעקערייען אין שטעטל האָבן געהערט צו יידן און געפירט דורך יידן.

די ערשטע נישט יידישע בעקעריי איז אַנשטאַנען אין וואַשילקאָווע אין די לעצטע יאָרן פאַר דער לעצטער מלחמה און דאָס נישט פון אַ וואַשילקאָווער קריסט (פּאַליאַק) נאָר פון אַרייַנגעפאַרענעם דייטש אין דער הויז פון גרשון

גאלאנד אין קאסטיעלנער גאס, נישט אין דער נייער צוגעבויטער פאבריקל ווו די וועבשטולן זענען געשטאנען נאר אין דער הויז ווו די גאלאנדס האבן געוואינט. עס איז מער ווי זיכער ווען די בעקעריי וואלט אנשטאנען מיט יארן צוריק וואלט זי קיין לאנגן קיום נישט געהאט..אבער די נישט יידישע בעקעריי איז אנשטאנען אין דער צייט פון דעם וואקסנדיקן אנטיסעמיטיזם אין שטעטל און דער דייטש אליין האט אנטייל גענומען אין דער אנטיסעמיטישער פראפאגאנדע. די פאליאקן (א גרויסע טייל) האבן געוואלט מקיים זיין די מצוה פון דער לאזונג "סוואי דא סוועגא" - קויף נישט ביי יידן- דאס האט זיך בייגעשטייערט אין דער פונקציאנירונג פון דער דייטשישער בעקעריי, ווען די דייטשן האבן פארנומען וואשילקאווע איז ער געווארן א גאנצער קנאקער ארויסגעפארן צוזאמען מיט די דייטשן אויף זייער באפעל צו אלע דייטשן זיי זאלן ביאליסטאקער געגנט פארלאזן.

## שוסטערס

צוליב די עקאנאמישע באדינגונגען האבן מענטשן גענוצט די שיך לאנגע יארן אנהויפער זיי פאריכטן מיט איין ווארט לאטעווען, אז מען זאל זיי וואס לענגער נוצן. נייע שיך איז געווען א לוקסוס, א בעסערער שוך האט געקאסט ארום 20 זלאטעס יידן ארעמע צי רייכע האבן פיינד געהאט טאנדעטנע שיך וואס מען פלעגט קענען קויפן אין ביאליסטאק אויף פיאסקעס פאר 10 - 8 זלאטעס וואס פלעגט זיך צעפאלן אין א רעגן ווייל סאיז געווען מער טאוול ווי לעדער.

אזוי ארום איז די הויפט ארבעט פון די שוסטערס געווען פארשידענע רעפאראציעס אין פארלענגערן זייער קאדענץ. אין וואשילקאווע איז שוסטעריי געווען פארעכנט אלס א גאנץ בכבודיקע פראפעסיע עס איז ווערט צו דערמאנען אייניקע כאראקטערן פון וואשילקאווער שוסטערס;

- משה ארהן ספעקטאר נארמאל פארקירצט דעם נאמען און גערופן "מישארן" א הויכגעוואקסיקער ייד מיט א דרייפערטלדיקער בארד א שיינער ייד, געהאט ליב צוזאגן זיין מיינונג אין קהלישע און שטעטלשע ענינים. זיין שוסטעריי אין זיין אייגענער הויז אויפן שולהויף מיט א הויבער שטיבל ווו סהאט יארן געוואינט משה דער שמש פון דער גרויסער שול, א גוטער בעל מלאכה אין די לעצטע יארן געהאלטן איין ארבעטער א פאליאק, זיין הויז האט זיך געפונען אין א מרחק פון ארום 20 מעטער פון דער גרויסער שול זיין זון פסח איינער פון די ערשטע ציוניסטן אין שטעטל די יינגערע טאכטער ריווע א מיטגליד פון דראמאטישן קרייז.

ביי נאכט פלעגן מיר קינדער ווי אויך עלטערע מענטשן זיך שרעקן פארבייגיין נעבן דער שול און מישארנס הויז, עס האט קורסירט פארשידענע מעשהיס..אז פונקט צוועלף ביינאכט קומען דארט אין דער שול צונויף די נשמות פון אלע מתים און אויב מען לייגט צו דעם אויער צו דער הילצערנער וואנט קען מען הערן זייערע קולות.

- דער צווייטער שוסטער חאצקל כאנאצקי אין קורצן גערופן כאטשקע אויך א פעסטגעבויטער ייד מיט א - פראנצויזישע שפאנקע בערדל גלייך אונטער זיין אונטערשטער ליפ, א סטאבילער דאוונער אין דעם קליינעם בית מדרש מיט א אייגענע שטאט כאטשקע האט שטארק געשטאמלט, פאראיקעט..מיט איין ווארט א קע..קי, סהאט גענומען צייט אביסל ביז וואנעט ער פלעגט ארויסברענגען בעסער געזאגט ארויס קע..קען דאס ווארט פון זיין מויל.

די שיך געבראכט צו פאריכטן פלעגט ער זייער געניי אונטערזוכן, קוועטשן פון אלע זייטן צי די געדערעם זיינען נאך געזונטע. די דעציזיע און פרייז שווער ארויסגעזאגטע פלעגט ער פארענדיקן מיט א קלאפ פון האמער אין די זוילן פון שוך..א שיינער ייד שווער געטראפן מיט א פאמיליע אומגליק ווען זיין יינגסטע טאכטער האט זיך דאס לעבן גענומען דורך

אויפהענגען זיך. דער פאל האט אויפגערודערט די גאנצע שטעטל, די מיידל ארום 18 יאר אלט און א גאנץ געראטענע. פון ביאליסטאק איז געקומען א קאמיסיע מען האט אויך אויפן ארט א דורכגעפירט א פאסמארטעם (פאלמעסן).

רב חאצקל האט געפירט זיין שוסטעריי מיט זיין זון, ארהן פרייטיק באצייטנס פארענדיקן די ארבעט און גיין אין בית המדרש מקבל שבת זיין.

- ניסל גרושקין גערופן דער טשעכאנאוועצער שוסטער, זיין הויז צוזאמען מיט דער שוסטעריי גלייך נאך מדרכי מאלערס קוזניע, זייער א גוטער פאכמאן אין מאכן נייע שיך, זיין עלטסטע טאכטער שיינע ריווע פארעכנט פון די שענסטע מיידלעך אין שטעטל, די אנדערע 2 יינגלעך זיך געלערנט אין דער העברעישער תחכמונה שול וואס שפעטער געביטן דעם נאמען אויף "יבנה" שול. ניסל גרושקין איז געווען דער ערשטער יידישער קרבן אין שטעטל דערשאסן אין יאקימער גאס בעת איינשטעלן דעם געטא.

- לייבל ווילטשעק א יונגער אינטעלעגענטנער בחור האט געהאט זיין שוסטעריי אין דער הויז פון די עלטערן אויף "שוויסטאפלי", קיין גרויסער פאכמאן נישט געווען, גענומען א אקטיוון אנטייל אין געזעלשאפטלעכן לעבן.

פון אנדערע שוסטערס פון פריערדיקע יארן וואלט מען געדארפט דערמאנען "כאלעם דער שוסטער" אין א אלטער איינגעוואליעטער הילצערנער הויז מיט פאיענטשינע איבער די פענצטער וואס איז שפעטער פונאנדערגענומען געווארן און יאסל מאסיאנדס האט אויפן ארט אויסגעבויט א נייע הויז.

איינע פון די גרעסטע שוסטערייען אין שטעטל ווי אויך פון די עלטסטע איז געווען די שוסטעריי פון "פייוועלע דער שוסטער" אין מארק געארבעט מיט מענטשן ווי אויך געהאלטן לערן - יינגלעך נאך פאר דער ערשטער וועלט - מלחמה, אויסגעארבעט נייע שיך פאר קראמען צו פארקויפן, נאך זיין טויט איז ליקווידירט געווארן.

עס איז ווערט צו פארצייכנען אז אלע שוסטערס האבן פארמאגט אייגענע הייזער אין וועלכע זיי האבן אויך געפירט זייערע ווארשטאטן.

## שטעפערס

שטעפערס וואס נאענט געבונדן מיט שוסטעריי זענען געווען צוויי אין שטעטלביידע יידן און געפירט א קאנקורענץ צווישן זיך ביז איינער האט פארלאזן וואשילקאווע און זיך איבער געקליבן נאך ביאליסטאק, א גוטער פאכמאן פארנומען א האלבע הויז ווו שפעטער האט גאדלעווסקי פארלייגט זיין אפטייק. אזוי איז פארבליבן איין שטעפער שמחה שרה דער גארבאטיכעס איידעם נישט קיין גרויסער פאכמאן נישט געקענט מאכן א גוטן קעפל צו א צו שיך אנדערש גערופן קאפקע, אונטער קאפקע און נאסיק, שוין אפגערעדט פון קאפקעס צושטיבלעטן און שטיוול מיט כאלעוועס. אזוי אז די שוסטערס האבן געמוזט פירן די שטעפעריי ארבעט נאך ביאליסטאק, און דער איינציקער שטעפער האט מיט גרויסע שוועריקייטן געמאכט פרנסה.

וואס איז כדאי אונטערצושטרייכן אז אויב אלע האנטווערקעריי - מלאכות זענען כמעט אין 90% געלעגן אין יידישע הענט, האט זיך גאנץ אנדערש פארגעשטעלט אין דער פראפעסיע פון שוסטעריי. די פוילישע שוסטערס האבן זיך אויסגעגלייכט אין צאל מיט יידישע און אין די לעצטע יארן איבערגעשטיגן אין היגזיכט פון מאכן נייע שיך, א היפשע צאל יידן פלעגן באשטעלן נייע שיך ביי סאוויניעווסקען פון יאקימער גאס נישט קוקנדיק וואס נישט קיין ייד.

## שניידערס

אזוי ווי יידן האבן געדארפט קצבים

צוליב כשר - פלייש און פליישיקע אויסארבעטונגען אזוי האט מען אויך געדארפט האבן יידישע שניידער צו קענען מאכן און טראגן כשרע מלבושים און טאקע צוליב די טעמים איז שניידעריי געווארן א יידישע פאך און פון דורות פארבליבן א יידישע פראפעסיע, אפילו אין דער יידישער ליטעראטור האט שניידעריי זיין פלאץ, מיט לידער, מעשהלעך אנעקדאטן וויצן, ווער האט דאס נישט געהערט די פאפולערע לידער וועגן שניידערס ווי; "בין איך מיר א שניידערל פון דאנציג אוי דאנציג" אדער "האט אזוי נייט א שניידער" און פיל..פיל אנדערע. זיך אומקערן צו וואשילקאווער שניידערס;

- אברהם שניידער מיט א שניי - ווייסע בערדל מען האט דערציילט אז ער איז איינער פון די פארבארגענע למד -וואווניקעס, אין די יונגע יארן געפירט א גרויסע שניידעריי מיט ארבעטער, העלפערס און לערן - יינגלעך די גרעסטע שניידעריי אין וואשילקאווע. נאכן אומגעריכטן טויט פון זיין פרוי שיינע פעסיע געפאלן אין געזונט מיט א שווערע אסטמע, געהאט ליב אריינצוקוקן אין א ספר, געשטארבן בעתן איבערפירן די יידן אין וואשילקאווער געטא.

- שעפסל וויניק אנדערש גערופן שעפסל דער טויבער, א גוטער בעל מלאכה און געהאט פיל ארבעט אבער דער דלות האט געהערשט אין זיין הויז, מען האט צו אים געטראגן ארבעט פון אלע זייטן ספעציעל יידן אבער דאס האט וויניק געהאלפן, צו אים האט מען געקענט צופאסן דעם שפריכווארט "אז אלע שוסטערס גייען בארוועס און אלע שניידערס גייען אן הויזן" ער האט טאקע געטראגן צוריסענע תחתונים אונטערגעבונדן מיט א פריינקע פון א טוך אדער א געוויינלעכן שנורל. נישט אומשטאנד געווען צו ארגאניזירן זיין ארבעט, געארבעט מיט זיין זון אוורעמלען (גערופן זונעלע) ווי אויך די עלטסטע טאכטער האט פול מיטגעארבעט און צייטנווייז פלעגט אויך די צווייטע טאכטער צו העלפן. ער פלעגט אנעמען ארבעט אויף 3 יאר פארויס, צוליב דעם געצווונגען צו לייקענען זיינע קליענטן פון וויאך צו וואך און פון מאנאט צו מאנאט וועו מען דארף קומען צו מעסטן אדער וועו די בגדים וועלן זיין פארטיק..עס איז נישט געווען קיין ברירה די קליענטן האבן געמוזטווארטן, צוריקנעמען די סחורה איז געווען אומעגלעך ווייל טיילווייז זיינען זיי געווארן צוגעשניטן אדער איין ארבל פארסטריקעוועט און דער צווייטער נישט.

עס איז ווערט צו פארצייכנען אז איבעראל האט געהערשט א איבערצייגונג אז שניידערס זענען ליגנערס און האלטן נישט קיין ווארט, די שניידערס פון דער צווייטער זייט ארויסצוקריכן פון דעם פלאנטער, האבן פארמאגט א גאנצן ארסענאל מיט תירוצים שטארק ארגינעלע איינפאלן אומגלויבלעכע אבער ריכטיקע. וועגן איינעם אזא שניידערשן איינפאל איז ווערט זיך צופארהאלטן.

- איינער פון די בעסערע שניידערס אין שטעטל איז געווען לייבל לענטשינער פאפולער גערופן לייבל דער שמאטניק, אין וואשילקאווע האט זיך אויך געפונען א פאסט - אמט דער נאטשעלניק פון דער פאטשטע איז געווען איינער א פאליאק זייער א הויכער ארום 2 מעטער מיט 20 צענטימעטער און אזוי ווי אין מאדע איז אין יענער צייט געווען נייען מארינארקעס פון שווארצע זייד אדער סאטין האט ער אפגעגעבן צו נייען אזא מארינארקע צו דעם שניידער לייבלען.

מיט א ערך 6 מאנאטן פריער האט א געוויסער וועבער יאנקל ליפשטיין מיטן צונאמען יאנקל גלאוואצקי א שטארק נידעריקער אין וווקס, אפגעגעבן צו נייען א לאנגע קאפאטע אויך פון שווארצע סאטין ביי דעם זעלבן שניידער. אויף דער באשטימטער וואך, איז געקומען דער נאטשאלניק צו מעסטן זיין מארינארקע און ווי געוויינלעך נאך נישט געווען גרייט צו מעסטן (אפילו צוגעשניטן נאך נישט געווען), אבער לייבל דער שמאטניק האט זיך נישט פארלארן געגעבן א כאפ יאנקל גלאוואצקעס

קאפאטע און אנגעמאסטן פאר דעם נאטשאלניקס מארינארקע שפעטער געטאן פארקערט געמאסטן דעם נאטשאלניקס מארינארקע פאר יאנקל גלאוואצקעס קאפאטע.

- מיילאך קאטאן דער לאשינצער געהאט זיין שניידעריי ביי וועלוול דעם לערער אין הויז א געוויסע צייט, ער האט אמיינסטן געניייט פאר קריסטן אין זעלטענע פאלן פלעגן יידן ביי אים נייען.

די הויפט סיבה איז געווען אז ער האט ליב געהאט דעם ביטערן טראפן און געווען מער שיכור ווי ניכטער, מיט יארן צוריק האט ער געניייט אין די דערפער נאך אפנייען איין דארף איבערגיין צו א צווייטן דארף שלאפן און עסן ביי די פויערים און דארטן זיך אויסגעלערנט טרינקען די אייגענע געמאכטע בראנפן (סאמאגאן) וואס די פויערים האבן אים נישט געזשאלעוועט. זיין זון מיישקע א גאנץ פיינער מענטש אבער לײדער נישט געהאט קיין איינפלוס אויפן פאטער און זיינע שוואכקייטן.

פון אנדערע שניידערס זיידקע דער יאנאוער א שטילער בעל מלאכה די ברידער יאסל און יאנקל לענטשינער און אין פעסלס הויז א גוטער שניידער וואס האט זיך די לעצטע יארן א רייגעפירט, סטאוויסקער שניידער אין שפרה ראטועצקעס הויז און אנדערע קלענערע בעל מלאכהיס.

## קצבים

ווי סאיז אין אנהויב דערמאנט געווארן איז די קצבישע פראפעסיע געווארן א טייל פון דער יידישער רעליגיע און הלכהישע איינשטעלונגען אין צושטעלן כשר פלייש פאר דעם יידישן פאלק. אזוי אז דער קצב איז געווארן דער יעניקער וואס האט געדארפט פארזיכערן אז דאס פלייש וואס מיר עסן איז כשר און חס וחלילה נישט טריף. אין אויספירן די קצבישע ארבעט האט דער קצב געמוזט גענוי וויסן וואס אין דער געקוילעטער בהמה איז כשר און וואס איז נישט כשר. געמוזט קענען חלקן די בהמה, בדקעווען, טרייבערן, אויסטרייבערן, מנקר זיין, אויסניקערן, שינדן, שליאמעווען און אנדערע געבונדענע ארבעטן וואס דירעקט געבונדן מיט כשרות. עס איז דא א יידישער זאג; "אזוי ווי די תורה האט קיין גרונט ניט, אזוי האט קצבות קיין גרונט ניט "אין דעם זין וואלט מען געדארפט פארשטיין די קצבישע פראפעסיע.

- דער רייכסטער קצב אין וואשילקאווע איז געווען פארעכנט שמולקע פערעלשטיין געהאט א אייגענע שטאט אין גרויסן בית - מדרש, זיין הויז א געמויערטע פון די איינציקע אין שטעטל מיט א אייגענעם ברונעם אין זיין הויף. די גאס וואס א טייל פון זיין הויף האט זיך געפונען האט מען א נאמען געגעבן "שמולקע דעם קצבס גאס". א פעסט געבויטעטער ייד פון נידעריקן וווקס מיט א פארשמאלצענעם דאשעק אין זיין אלט רוסישער חסידישער היטל, זיין פרוי רחל. אנטקעגן א הויכוווקסיקע מיט ברייטע אקסלען, א ערשטקלאסיקע פארקויפערן איר מאטא וואס גיכער צו פארקויפן, ארויסשפארן די פלייש פון יאטקע אן אונטערשייד פאר געלט אדער אויף בארג. אויב סהאט אויסגעפעלט קונים זיך נישט געשעמט אנקלאפן ביי די שכנים אין פענצטער מען זאל וואס שנעלער קומען.

די גאנצע משפחה געווען נאענט געבונדן מיט דער קצבישער פראפעסיע איינרעכנדיק איידעמס און שנורס. די זין יאסל, כאנע איצל דער עלטסטער איידעם חיים אלע שטארקע יידן ווי זאגט מען דאס, מיט גוטע מוסקולן וואס קענען געבן אויך א קלאפ ווען סאיז נויטיק. אלע אומגעבראכט געווארן אין פארשידענע פלעצער און אומשטענדן פון נאצישע מערדער און פוילישע אנטיסעמיטן וואס האבן אויך געטונקט זייערע הענט אין יידישע בלוט.

- דער צווייטער קצב איטשקע פערלשטיין זיין הויז אין דער הויפט גאס פון שטעטל מיט א הויכן גאנעק חס ושלום אראפפאלן פון דעם

גאנעק וואלט מען געקענט צוברעכן דעם קארק אמווייניקסטן א האנט אדער א פוס, א סטאבילער דאוונער אין חיי - אדם פון הינטן דעם גרויסן בית - מדרש. זיין פרוי שיינע איז אין די לעצטע יארן געווארן אומפראפארציאנעל זייער פעט און דיק. מעגלעך אז די סיבה וואס זי האט אויפגעהערט צו האבן קינדער. שיינע האט געבוירן 7 קינדער און אלע גערעטענע און גוט ערצויגענע. נאר קיינער פון די קינדער האט פאר קיין שום פרייז געוואלט ווערן א קצב, זיי האבן נישט ליב געהאט דעם טאטנס פאך, אין איטשקע דעם קצבס הויז האט איר געהאט א צוזאמענשטעל פון אלע פארטייען, דער עלטסטער חיים א פועל ציוניסט חתונה געהאט מיט א יאשינאווקער מיידל און זיך דארט באזעצט, כאנע א פארברענטער קאמוניסט, מלכה באלאנגט צו די אלגעמיינע ציוניסטן, ניסל צום בונד, שימעון צו די אלגעמיינע ציוניסטן על - המשמר שפעטער איבערגעגאנגען צו פועלי ציון, חייעלע צוקונפט, יאסל ביתר. אין אלגעמיין האבן זיי זיך צוגעפאסט אין רעספעקטירן איינער דעם צווייטן און אנגעהאלטן א סטאטוס - קווא אין פאליטישן לעבן אויף דער טעריטאריע פון דער הויז אבער ליידער נישט אויסער דער היים. רב איטשע א אנגעזעענער בעל הבית איז אויך געווען א בעל תפלה און א שטיקל צייט גבאי אין חיי - אדם בית מדרש.

- פסח ביבער געהאט זיין יאטקע אין טעוול קאמענס גאס, די יאטקע איז געווען נישט צוזאמען מיט דער הויז ווו ער האט געוואינט, אלע אנדערע יאטקעס אין שטעטל האבן זיך א מיינסטן געפונען אונטער דעם זעלבן דאך ווו מען האט געוואינט. דער פאקטישער בעל הבית פון דער יאטקע איז געווען זיין פאטער רב בערל מיט א לאנגע בארד אויף די עלטערע יארן איבערגעגעבן דעם זון ער זאל פירן דעם געשעפט און אליין זיך פארנומען אין ארייננקוקן אין א ספר ווי אויך לערנען א בלאט גמרא צווישן מנחה אין מעריב מיט זיין חברותא.

-שלמה שלאכטער געהאט זיין יאטקע נעבן דער יידישער אקושערקע שטערנפעלד א דורכשניטלעכער קצב, געלעבט אין דער הויז פון הינטן דער יאטקע צוזאמען מיט דער פרויס שוועסטער קיין קינדער האבן זיי נישט געהאט.

מאַטיקע מישקין געהאט זיין יאטקע אין פאדערשטן צימער אין זיין הויז ווו ער האט געוואינט, פאקטיש האט ער זיך מער פארנומען מיט דעם האנדל פון בהמות ווי מיט קוילענען און פארקויפן פלייש.

- יאנקל סאקאלאוויטש אנדערש גערופן יאנקל - באשעס אדער יאנקל זיידקע דעם מוליער דאס איז געווען א נייע אויסגעבויטע יאטקע אנטקעגן מולקע שטאבינסקעס הויז (מיט יארן צוריק האט דארט געוואינט די משפחה ביעלאוס). יאנקל איז שוין פארעכנט געווארן צו דעם ייגערן דור קצבים וואס האט זיך אנגעהויבן אנטוויקלען אין דער קצבישער פראפעסיע. עס איז נויטיק אונטער צושטרייכן אז יאנקל סאקאלאוויטש איז דער איין און איינציקער וואשילקאווער תושב וואס האט זיך גערעטעוועט פון שרעקלעכן האלאקאוסט ביי אויסבאהאלטן זיך אין פעלדער וועלדער און הילף פון אייניקע איידעלע גוט הארציקע קריסטן (זע דעם טייל גערעטעוועטע אין דעם יזכור בוך).

פון אנדערע קצבים אין וואשילקאווע פייוועלע פישער פון די ווילדע אויך א נייע אויסגעבויטע יאטקע, מרדכע שלאכטער געהאט זיין יאטקע אין הערצעקעס דעם געלערס הויז אין ביאליסטאקער גאס, ארהן שימעון דער קצב און אנדערע. די קצבים פלעגן אמיינסטן קויפן די בהמות אין די שכנותדיקע דערפער און נישט פיל אויף ירידים, ארויספארן פארטאג כדי זיך אומקערן אין די מארגן שעהן דערנאך טרייבן די בהמות צו דער יידישער שעכט - הויז (בוינע) זייער א פרימיטיווע אינטערן שטאט נישט ווייט פון יידישן בית - רכברות. דער חזן - שוחט פלעגט קוילענען און דער רב פלעגט פסקנען אויב סהאט זיך געפונען וועלכע

סאיז פגימה.

די ארבעט פון די קצבים קען מען באצייכנען א גאנץ שווערע, סהאט זיך געפאדערט פיזישע אנשטרענגונגען אין אלע פאזעס; פון ברענגען די בהמה צו דער "בוינע" (שעכטהויז), צייטנווייז פלעגט זיך די בהמה אפרייסן פון שטריק צוגעבונדן צום וואגן און אנטלויפן העט אין פעלד אריין, אדער אין א פויערישן גארטן און אנמאכן שאדן. כאפן און אומקערן די בהמה איז אויך געווען נישט פון די לייכטע זאכן, אדער ארויפציען די געקוילעטע בהמה הויך צו די אייזערנע בעלקעס אונטערן סופיט כדי אראפציען די פעל ארויסנעמען דעם איינגעווייט און מאכן פארטיק, ברענגען אין יאטקע א צופערטעלטע אדער אין האלבעס וואס האט געוויגן א שיינע פאר הונדערט קילא.

אין אלגעמיין זענען די קצבים אין דער יידישער געזעלשאפט געווארן פארעכנט אלס א מער מיוחסדיקער עלעמעט ווי אויך עקאנאמיש מער אוואנסירט צוגלייך מיט אנדערע פראפעסיעס. אין די לעצטע יארן האט זיך באמערקט א רעדוקציע אין די אלטע איינשטעלונגען אבער דאך פארבליבן אלס איינע פון די בעסערע פראפעסיעס אויף דער יידישער גאס.

## בעלי - עגלות

כאטש בעלי עגלות אנדערש גערופן פור - מאנעריי איז פאקטיש נישט קיין פראפעסיאנעלע פאך דאך געווען שטארק פאפולער אין דער שטעטל, ווארום א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג האט זיך פארנומען און געלעבט פון פורמאנעריי. ווי סאיז פריער אונטערגעשטראכן געווארן איז דער גאנצער טראנספארט סיסטעם געווען באזירט אויף פערד און וואגן אין איבערפירן סחורות אלע סארטן ווי אינדוסטיעלע קאמערציעלע, פריוואטע, אויך אין איבערפירן פאסאזשירן פון וואשילקאווע נאך ביאליסטאק און צוריק.

אויסער דעם פארקער צווישן וואשילקאווע און ביאליסטאק און צוריק האט דער טראנספארט אויך אונטערגענומען לענגערע נסיעות נאך אנדערע שטעט ווי סאקאלקע, סקידעל, קרינקי, גראדנע און אנדערע ספעציעל מיט תבואה. די סארט רייזעס פלעגט דויערן 6 - 3 טעג.

א אויסגעוויינלעכער פאל האט פאסירט אין 1926 יאר ווען דער בעל עגלה אפרים (פרויטשיק) מועד פון די מזיקים מיט זיין זון מיישקע האבן זיך אומגעקערט פון א לענגערע רייזע, זענען זיי באפאלן געווארן פון צוויי רויבערס נעבן בוקשטעלער וואלד, ווען מיישקע האט זיך געראנגלט מיט איין רויבער האט אים דער צווייטער באנדיט א דורכגעשטאכן מיט א באגנעט נאך א טאג פון מאטערניש איז ער געשטארבן.

אין צוזאמענהאנג מיט דער אנטוויקלונג פון דער האלץ און טעקסטיל אינדוסטרי, וואקסט פראפארציאנעל די צאל בעלי עגלות. אין די שפעטערדיקע יארן האבן זיך די בעלי עגלות סעגרעגירט לויט די באדערפענישן, אזוי אז סהאט אנשטאנען גרופן בעלי עגלות וואס איינע האבן זיך פארנומען מיט דעם טראנספארט פון די פאבריקן, א צווייטער גרופע האט באדינט די לוינקעטניקעס, א דריטע די קראמען און פאסאזשירן.

מען דארף דא צוגעבן אז ארבעט האט נישט געפעלט, די טעקסטיל פאבריקן זענען געווען גרויסע אין פארנעם און פראדוקציע, גענוצט א מאסע רוי מאטעריאלן ווי אויך די אפרעטורן האבן זיך געגוויטיקט אין א גרויסע צאל טוך - שטיקער וואס מען פלעגט טאג - טעגלעך געמוזט ברענגען מיט וועגענער פון ביאליסטאקער וועבערייען שפעטער אויסגעפארטיקטע צוריק צו ביאליסטאקער מאגאזינען וואס פלעגן עקספארטירן צו אויסלענדישע מערק. אויסער דעם אפשטעלן נאך ביאליסטאק כמעט טעגלעך הילצערנע קאסטנס און פאקברעטלעך צו די פירמעס צו פאקן די עקספארטירטע סחורות.

וואשילקאוער לוינקעטניקעס האבן זיך אויך געניוטיק אין א סטאבילן צושטעל פון גארן. שוּם און קעטן ווי אויך די קראמען, סוחרים האבן זיך געניוטיקט אין טראנספארט.

די בעל עגלות האבן געארבעט לאנגע שעהן אין באפרידיקן די נויטן פון דעם טראנספארט אין די לעצטע יארן איז אנשטאנען פוילישע פורמאנעס וואס האבן געהאלפן אין באדינען אייניקע פאבריקן. אין אלגעמיין זענען די בעל עגלות נישט געווען פארעכנט אלס א נידעריקער קלאס אדער א ערגערע פראפעסיע אין באצוג צו אנדערע פאכן, אין געזעלשאפטלעכן לעבן געווארן טראקטירט צוגלייך מיט אנדערע יידן ווייל געווען ארענטלעכע מענטשן און שיינע בעל - בתים, צווישן אנדערע בעל עגלות וואלט מען געדארפט דערמאנען די פיר ברידער (די מזיקים) יעקב, עפרויטשיק, ניסקע און פייוועקע מועד אלע מיט א גרויסע צאל קינדער וואס א געוויסע טייל פון זיי האבן אנגעהאלטן די פראפעסיע פון פורמאנעריי. נאר איין פייוועקע האט נישט געהאט קיין קינדער זיין פרוי עטל געווען פריער א לערערקע און שפעטער א בריוו - שרייבערן פאר די אלע וואס האבן נישט געקענט שרייבן און געוואלט אנהאלטן א קאנטאקט מיט די משפחות אין אמעריקע.

פון אנדערע בעל עגלות די ברידער יחיאל און פייוול אינקער, יאסקע מיעלניצקי, חיים מיעלניצקי, בערל ספעקטאר, מאיר ווילטשעק, עליע ספעקטאר פון אונטערן שטאט, עליע דער אפזשיריק, זעליק ספעקטאר מיטן פאטער, אברהמל פון אונטערן באד. יאנקעלע העניעס מיט זיינע צוויי זין הענאך און נחום א ביסעלע א היציקער מיט בליץ - שנעלע איינפאלן און די זין פארן פאטער וואלטן אין פייער געשפרונגען. אין איינעם א פרימארגן רופט זיך אפ יאנקעלע העניעס..קינדער! פארפאקט די זאכן מיר גייען נאך אמעריקע. און טאקע אוועק נאך אמעריקע מיטביידע זין, נאך אפזיין א קורצע צייט, געהייסן די קינדער אוועקווארפן די פענדזלען מיט די פארב ווייל זיי האבן ריכטיק א הויז געפארבט און היידא א היים מיט נחומען און הענאכן געקומען צוריק נאך וואשילקאווע צו זיין פערד און וואגן.

ווען אין שטעטל האט זיך באוויזן די ערשטע אויטאבוסן האט איין וואשילקאווער פורמאן געביטן זיין פאך. פארקויפט פערד און וואגן און געקויפט א אויטאבוס, פונקציאנירט ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939 יאר.

א חוץ די בעל עגלות וואס האבן פארמאגט וועגענער און פערד, האבן זיך אנדערע פראפעסיעס אויך באנוצט מיט אייגענע פערד און וועגענער..דאס זענען די וואשילקאווער קצבים וואס האבן ברייט גענוצט ביי פארן איבער די דערפער אין איינקויפן בהמות ווי אויך אין טראנספארט פון פלייש. די פרימיטיוויקייט אין אויפהאלטן די פערד וואס האבן געפאדערט א סך פאשע, פלעגן פורמאנעס אדער זייערע קינדער ארויספירן זייערע פערד אויף די שטאטישע לאנקעס וואס האבן זיך געפונען אויף ביידע זייטן פון דעם שאסיי נאך טרילינגס פאבריק און דער וואסערלייטונג (וואדאציאנג) פענטעווען די פערד און ביז 3 - 2 אזייגער פארטאג היטן די פערד זיי זאלן ווי געהעריק אן פאשען און מיט דעם פארשפארן די אויסגאבעס געבונדן מיט אויסקארמעווען א פערד.

## קראמען און קרעמערס

אין די ערשטע טיילן איז דערמאנט געווארן די ראל פון די קרעמערס אין דער אלגעמיינער אנטוויקלונג פון דער שטעטל. פון דער אלגעמיינער געשיכטע פון די יידן אין די לענדער פון אייראפע, ספעציעל מיטל און מזרח אייראפע, זענען יידן אין רעזולטאט פון פארשידענע געזעצן, גזירות פון לאקאלע און צענטראלע מאכטן געצוואונגען געווארן בייטן זייערע פראפעסיעס און באשעפטיקונג, צייטנווייז מיט בארויבן זייער פארמעגן, ארויסטרייבונגען פון דערפער, שטעט און

צווינגן זיי זיך צו פארנעמען מיט א זעלכע באשעפטיקונגען וואס זיי האבן בכלל נישט געוואלט צום ביישפיל שיינקעריי צו פארקויפן די פעדאלישע, פריצישע אויסארבעטונגען פון זייערע ברויערייען, ווו דער ארעמער פויער האט זיין האפנונג און באפרייהונג אין קווארט בראנפן געזוכט צו געפינען. אפילו געצוווּנגען יידן צו האלטן די שליסלען פון די קלויסטערס און צערקוועס.

דאס זענען געווען די הויפט גורמים וואס האט ארויפגעצווּנגען אויף די יידן דעם האנדל - וואנדל, צו מאכן און האבן דעם גראשן אין קעשענע ווייל נישט געהאט קיין זיכערקייט אין אנדערע צווייגן ווי לאנד, אונטערנעמונגען וואס אין א עת צרה פלעגט מען צונעמען אדער קאנפיסקירן און דער ייד פלעגט דארפן אנהויבן אויפסניי.

אין וואשילקאווע האט זיך געפונען א היפשע צאל קראמען אין פיל פאלן איז דאס ארויסגעדרונגען פון דער לאקאליזאציע פון די יידישע הייזער וואס האבן זיך געפונען לענג - אויס ביאליסטאקער גאס וואס איז געווען דער הויפט - שליאך ווארשע - ביאליסטאק - ווילנע ווו פארשידענע טראנספארטן, רייזנדער האבן געמוזט נוצן. אפילו די מיליטערישע איינהייטן ווי דער 10 טער פולק אולאנער, 42 טער פולק פוסגייער (פיעכאטע), 14 טער דיוויזיאן ארטילעריע וואס האבן סטאנציאנירט אין ביאליסטאק האבן דורך דעם שליאך מארשירט צו האלטן זייערע איבונגען און מאנעווערס אונטערן שטעטל, ווען צייטנווייז זיך פארהאלטן אין שטעטל אויף א 30 - 15 מינוטיקן איבעררייס, פלעגן די זעלנער באלאגערן אלע קראמען אין קויפן פארשידענע זאכן וואס אנבאלאנגט ברויט און געבעקסן פלעגט מאמענטאל אלץ ווערן אויסגעפארקויפט.

וואשילקאווע האט פארמאגט אומפ - ראפארציאנעל א גרויסע צאל קראמען אין פאר - גלייך מיט אנדערע שטעטלעך ווי סופראסלע, זאבלודאווע און אנדערע, לאז מיר דערמאנען א טייל פון זיי:

- שוסטערס, חיים טשאפניק, ג. פאליאק, ג. טשאפניק, מאשע כיענקעס (ביעלאוס), לאפשין, פרעס, אברהם פאליאק, אסתר ליפשטיין, שלמה כהן, רייזע ספעקטאר, משה באטלאיס, דוד באטלאי, בריינע אוסעי, הערצקע באריקאן (דער געלער), טעוול קאמען, שפרה ראטאוויעצקי, אסתר - רבה גאטליב, דוד און מאיר ליטווין, לייזער מאזור, מענדל פערלמאן, וועלוול שנייער, ב. סראלוש, נחום - לייזער באטקאווסקי, קיילעטשקעס אונטערן באד, חאצקל נעכעס, אברהם שטערנשוס, פעסלס קראם, שרה מיניעס קראם, געצל רובין, חיים באכראך, יודל שייטליס (דער גראדנער), מאטקע פארבער, מאיר אינקער, סראלקע פרעס, ש. ווייס, מינדעלע לעווין, שמעון דער שיינקער, סאריע ליפשטיין, ביילע ראבינאוויטש פאלק (נעבן דער יידישער שול), לופאטשיכעס קראם, מירקע קאץ, פסח סטאלניצקי, קאפלאניכע, ישראל סערייסקי, ראבון שפירה, יודל זאדוואראנסקי, ארציק מינקין, מיישקע פאליאק, שטיין, טאשעמאוויטש און פיל אנדערע א דורכגעלאזטע, ליקווידירטע וואס אין לויף פון יארן פארגעסן געווארן.

אין דער רשימה איז נישט אריינגענומען זייגער - מאכערס, רימערס, אינטריליגאטארסס, קירזשנערס, פארבערס און אנדערע.

אין די צוואנציקסטער יארן האבן געוויסע עלעמענטן נישט ספעציעל פריינדלעך צו יידן אנגעהויבן מאכן פרווון אין פארהאלטן דעם אנטוויקלונג פון דער יידישער עקספאנסיע אין האנדל און אין אנדערע צווייגן, דער נערוו פון דער ארגאניזאציע האט זיך געפונען אין די רייען פון די פירער פון דער "סאקאל" ארגאניזאציע ווו זייער לאקאל האט זיך געפונען אין דער הויז ביי דעם סאד ווו סהאט זיך אויך געפונען דער "דאם - לודאווי" מיט פיל יארן צוריק א "פאראפיאלנע - הויז" געהערט צום אלטן קלויסטער.

אין דער צייט פון דער רוסישצארישער

אקופאציע האט זיך דארט געפונען די שטאט - אופראוולעניע אנדערש דער מאגיסטראט ווו דער לעצטער סעקרעטאר - שרייבער אין דער אופראוולעניע איז געווען גאספאדין טשעכאוויטש און ווען וואשילקאווע איז איבערגעגאנגען צו פוילן האט "גאספאדין" טשעכאוויטש איבערגעביטן דעם נאמען אויף "פאן טשעכאוויטש" און אנגעגאנגען ווייטער אלס דער סעקרעטאר פון פוילישן מאגיסטראט. געווען א גאנץ פיינער מענטש אבער שפעטער געווארן אראפגענומען פון זיין ארבעט און באזעצט דורך א פאליאק.

די אויבנדערמאנטע סאקאל ארגאניזאציע מיט דער הילף פון "קולקא - ראלניטשע" (פויערים - גרופע) געעפנט א קראם אונטערן נאמען "זיעדנאטשעניע - ראלניטשע" (א פאראייניקטע פויערים קראם) וואס כלומרשט געדארפט באדינען די נויט פון די פויערים אין אגראר מכשירים, אבער פאקטיש איז דאס געווען א נארמאלע גרעסערע קראם מיט אלע סארטן סחורות מיט דער הויפט כונה אפציען די פוילישע באפעלקערונג פון די יידישע קראמען. מען דארף דא אויך צוגעבן אז די געביידע פון דער קראם אין ביאליסאקער גאס וואס איז געווען אזא מין סארט סטאדאלע האט געהערט צו דעם מאגיסטראט וואס האט אויסגעראמאנטירט און בחינם געגעבן צו פארלייגן דעם געשעפט.

אבער אזוי ווי אנדערע מלוכישע, געזעלשאפטלעכע געשעפטן וואס ווערן געפירט פון פרעמדע מענטשן, וועלכע זיינען פאר אינטערעסירט אויסשליסלעך צו פארדינען א פאר זלאטעס און נישט פאר דעם וווקס פון דעם געשעפט אדער אונטערנעמונג, אזוי ווי א פריוואטער געשעפט וואס זארגט און גיט אכטונג אויף יעדער קלייניקייט צו פארבעסערן די פונקציאנירונג פון געשעפט. האט ביסלעכווייז דער פויערים - געשעפט אנגעהויבן גיין בארג - אראפ, וואס א מאל ווינציקער סחורה, די באדינונג א שלעכטע, די קליענטן נישט צופרידן אויך די פרייזן פון פארשידענע סחורות איז טייערער געווארן, דער פארקויף איז געפאלן און די אויסגאבן די זעלבע האט מען דורך געהעכערטע פרייזן געוואלט דעקן די אויסגאבעס איז נאך מער שטארקער געפאלן דער איינקונפט.

די ארויפגעלייגטע האפנונגען צו אנטוויקלען א געשעפטלעכע אונטערנעמונג געבויט אויסשליסלעך אויף נאציאנאל פאליטישע פראפאגאנדע האט נישט געקענט געבן און פאקטיש נישט געגעבן די געהעריקע רעזולטאטן, ווייל די אנטי - יידישע פראפאגאנדע האט נישט געגעבן דעם פויער און דער פאליאק א גוטן פראדוקט פאר א ביליקן צוגענגלעכן פרייז.




אטייל פון ביאליסטאקער גאס

# א אלגעמיינעם בליק וועגן אנדערע באשעפטיקונגען

אין באהאנדלען אלע מלאכות און באשעפטיקונגען איז אונמעגלעך צו פארצייכנען אלע נעמען פון וואשילקאווער יידן וואס האבן דורך דורות זיך פארנומען מיט מלאכה. דאך איז נויטיק אונטערשרייכן, אז יידן האבן שווער און ערענטלעך געארבעט צו מאכן פרנסה פאר זיך און משפחה.

שווער צופארגעסן אזא מין ייד חאצקל דער בלעכער יוראוועצקי שוין אין די יארן ווען קוקנדיג ווי ער פאריכט דעם דאך פון דער רוסישער צערקווע זייער הויך אויפן שפיץ גלייך אונטערן קרייץ, ווי ער פארוואַרפט קונציק די שטריק ארום קרייץ און קריכט ארויף דארטן און מענטשן שטייען אונטן מיט פאריסענע קעפ און פאר האלטענעם אטעם, צי וועט ער דערגרייכן דעם שפיץ פון דעם גלייכן שארפן דאך פון טורעם וואס רייסט זיך אין די וואלקנס. שפעטער אויף א איינציקע ברעט געהאלטן דורך א שטריק פאריכטן דעם דאך, אפילו אין א צירק וואלט מען נישט געקענט זען אזא דרייסטקייט, ווייל דער טורעם פון דער צערקווע ווו סהאט געהאנגען דער גרויסער גלאק איז געווען דריי מאל העכער ווי די העכסטע טראפעזן אין די גרעסטע צירקן. און א געוויינליכער ייד א בלעכער ארום די זעכציקער יארן אלט, שטעלט איין דאס לעבן צו פארדינען א פאר גראשן כדי אויסצוהאלטן די משפחה, ווו יעדע קליינע נישט אויסגערעכנטע באוועגונג אדער שוואכקייט פון שטריק אדער שלעכט געבונדן האט געדראט מיט א צושמעטערשן טויט.

פון אנדערע בעל מלאכעס קלענערע אין צאל זיינען געווען שטעפערס צווישן זיי שמחה, שרה דער הארבאטיכעס איידעס, רימערס, בוך - איינבינדער, מולערס זיידקע סאקאלאוויטש, הערשקע. מעבל סטאליארס טראכימאוווסקי מיט צוויי זין וועלוול, טעוול וואס איז אויך געווען א גוטער מאנדאלין גיטארע און פידל שפילער, ארטשיק לעווין מיט צוויי זין. ברוך שלמה ספעקטאר מיט די זין לייבל, משה, חיים. ישיהע גאטליב. לייבל מאסיאנדז און אנדערע. פריזיערס בריינקע מיט אירע זין וויגדער און הערשל. אברהם מענדעלעוויטש און זון לייבל. ירחמיאל זעלעוויאנסקי. שמולקע קרינסקי.

## גלעזערס

דער יידישער גלעזער אין וואשילקאווע איז געווען שמעון קראפינסקי פאפולער גערופן שמעון דער גלעזער, געלעבט אין א איינגעפאלענער הייזקע מיט א איינגעפאלענעם שינדל - דאך, נאר אין קינדער ביכלעך אין דער דערציילונג פון "באבע יאכנע" קען מען זען אזא הייזקע ווו זי האט געוווינט. שמעון דער גלעזער האט געשטאמט פון גאליציע (סאקאלער געגנט זיך באזעצט אין וואשילקאווע ארום 1880 יאר ווו זיין ווייב איטקע/רחל געבוירן 3 קינדער, רבקה, געדאלקע און דער יינגסטער שלום געבוירן אין 1898 יאר. זיין פרוי איטקע ווערט צעשלאגן אין דעם גרויסן פראגראם און שטארבט פון די ווונדן אין 1906 יאר.

ווי מיר געדענקען פון דער אלטער פארגאנגנהייט זענען די גלעזער פון די קליין שטעטלעך איבער רוסלאנד, פוילן, ליטע אין אנדערע, געווען גרויסע ארעמלייט, אזוי איז טאקע געווען אויך אין וואשילקאווע אז קיין פרנסה פון גלעזעריי האט שמעון נישט געקענט מאכן, די שטעטלשע לצנים האבן אפילו געראטן געדאלקען מיט נישט א סטאבילן כאראקטער אז ער זאל נעמען א שטעקן און אויסהאקן א ביסל שויבן אין די הייזער פון די גבירים וועט ער האבן וואס צו טאן. סאיז ווערט צו דערמאנען אז שמעון דער גלעזער איז געווען א שטילער באשיידענער מענטש און זיך אפגעגעבן צו דעם בית - המדרש ווו ער האט געדאוונט.

אין 1923 יאר פארט ארויס שלום נאך אמעריקע מיטן צוועק ארויסצוהעלפן דער משפחה אין דער שווערע עקאנאמישער לאגע. זיינע פארדינסטן אין דעם גאלדענעם לאנד אלס א גרינער אן א לשון זענען געווען נישט קיין גרויסע, דאך אפגעשפארט א פאר דאלאר און אין 5 - 6 יאר שפעטער קומט אויף א לוסטרייזע צו זיין פאטער נאך וואשילקאווע.

ביי דער זייט פון דער אלטער הייזקע בויט ער אויס נישט קיין גרויסע הילצערנע הויז פון 2 צימערן און א קיך און פארנוצט די גאנצע געלט וואס ער האט געבראכט מיט זיך און נישט פארבליבן אויף א שיפס - קארטע אויף פארן צוריק.

אויף די פראגעס פון שכנים און באקאנטע פאר וואס ער האט געבראכט אזוי ווייניק געלט פלעגט ער דערציילן, אז ווען די שיף האט זיך געפונען אין דער מיטן פון ים און ער איז אזוי געשטאנען אויפן דעק פון דער שיף, האט ער באמערקט ווי זייער א גרויסער פיש דערנענטערט זיך צו דער שיף, ער האט זיך דאן שטארק איבערגעבויגט איבער דער פארענטשע כדי בעסער א קוק טאן צי דער פיש וועט נישט מאכן קיין לאך אין שיף, און טאקע אין דעם מאמענט ווען ער האט זיך שטארק איבערגעבויגן איז פון בוזעם קעשענע ארויסגעפאלן זיין טייסטער מיט די גאנצע געלט. יידן ווי יידן א טייל האבן געגלויבט א טייל געצווייפלט אבער די ענד פון שלוםס לוסט - רייזע איז געווען א גוטע און נאך א צייט פון ווארטעניש איז ער ארויסגעפארן.

מיט דער לוסט - רייזע פון שמעון דעם גלעזערס זון איז ווערט אונטערצושטרייכן די נאענטסטע בונדן צווישן פאמיליע מיטגלידער אין באצוג איינע צום צווייטן וואס איז געפלעגט געווארן פון דורות ביי ידישן פאלק.

די עלטסטע שמעון טאכטער רבקה קומט אין 1938 יאר נאך וואשילקאווע מיט דער כונה צונעמען דעם פאטער מיט זיך נאך אמעריקע אבער שמעון דער גלעזער זאגט זיך אפ צופארן וויל בעסער דעם פלאץ אין דעם אלטן בית המדרש, געדאלקע שוין א געהייראטער מיט 3 קינדער וויל נישט פארלאזן דעם פאטער און פארבלייבט אין וואשילקאווע. שלום האט חתונה אין אמעריקע געהאט 3 קינדער גוט ערצויגן מיט ליבשאפט צו דער משפחה ביז אנהויב פון דער 2 טער וועלט מלחמה געהאלפן עקאנאמיש דער משפחה אין וואשילקאווע, געשטארבן אין 1969 יאר.


שלום קראפינסקי שמעון דעם גלעזער אין 1923 ביי פארלאזן די שטעטל

די זארג און איבער-געבנהייט נישט נאר צו דער פא-מיליע באמערקן מיר אויך דעם מענטשלעכן צו-גאנג צו דעם געבורטס-פלאץ, אינסטיטוציעס, ארגאניזאציעס און אנדערע קיין יידן איז אין אונדער שטעטל וואשילקאווע מער נישטא, און מען קען גלויבן און האפן אז סוועט שוין מער אויך נישט זיין. אבער דאך דער יידישע ווילטעטיקער טאט מענטאליטעט און כאראקטער, וועט נאך יארן לאנג ווי א עדות פארבלייבן אין שטעטל...

## אווערמל מאלדיוואן-זאדווראנסקי

פאר דער ערשטער וועלט מלחמה איז ארויסגעפארן נאך אמעריקע חיים זאדווראנסקעס א ברודער, דארט איז אים אוועק גוט און ער איז געווארן א רייכער מענטש, שווער צו באצייכנען ווי רייך אבער איינס קען מען קלאר פעסטשטעלן אז

מיט א רייכער הארץ וואס האט געקלאפט ווארם צו זיין פלאץ וו זיין וויגעלע איז געשטאנען, צו זיין שטעטל. ער איז מיט א צייט שפעטער געקומען אויף א באזוך צו זיין משפחה צו זיין שטעטל. וואס דער ייד אוורעמל מאלדאוואן האט באוויזן אויפצוטאן פאר זיין שטעטל האט געדארפט פארשריבן ווערן מיט גאלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון דער וואשילקאווע.

ערשטנס האט ער געשיינקט געלד צו פאריכטן און מאכן נייע דעכער פאר די ידישע בתי-מדרשים, דעם קאטוילישן קלויסטער און פאר דער פראוואָסלאוונער צערקווע. איינגעקויפט א פולן קאמפלעט בלאז אינסטרומענטן פאר א ארקעסטרע פון איבער 25 פערזאן און געצאלט געהאלט פאר א קאפעלמייסטער צו לערנען און דירעגירן מיט דעם ארקעסטער, ווי אויך געצאלט רענט פאר דעם פלאץ וו די אינסטרומענטן האבן זיך געפונען און מען האט זיך געלערנט. דער בלאז-ארקעסטער האט זיך גערעכנט אלס א שטאטישער די מערהייט מוזיקאנטן ידישע בחורים מיט נישט קיין גרויסע צאל פאלאקן. אמיינסטן האבן די פייערלעשער גענוצט און געהאט א גרעסערן אויפזיכט. אין די פייערלעשער האט זיך אויך געפונען פיל יידן, ווי אברהם פאלאק, עלי גאטליב כאנע פאלאק, חיים-מאטיעס, הערשל מועד, הערשל מאלער, זיידל ווניק, ישראל שלאכטער, ישכר גארפיין הענאך שייטליס און אנדערע.

ווייטער האט ער איינגעקויפט א פולן קאמפלעט אונסטרומענטן פאר א סטרונע (מאנדאלין, פידל) ארקעסטער, וועלכער איז באשטאנען פון ארום איבער 100 אינסטרומענטן מאנדאלינען, גיטארן, באלאלאיקעס, באסן און האלב באסן, פלעטן, פיקאלן, פייקלאך מיט א פויק, פידלען און פיל אנדערע וואס זייערע נעמען איז מיר פארגעסן געווארן, געצאלט רענט פאר דער גרויסער הויז אווו די אינסטרומענטן האבן זיך געפונען און מען האט זיך געלערנט, פון ביאליסטאק פלעגט קומען צוויי מאל אין וואך א ערשטקלאסיקער לערער אויפן נאמען טיאכין וואס האט געלערנט שפילן און געצאלט ביי מר. מאל דאוואן זאדווארנסקי.

די שפילערס אויף די אינסטרומענטן זיינען געווען שילערס פון דער יידישער שלום-עליכעם שול, תחכמונה שול, ווי אויך פון דער פוילושער שול און אין אלגעמיין פאר אלע קינדער פון דער שטעטל. ער האט אויך געדונגען א דירה אין דער נייער הויז פון בערל ווייס אין דער הויפט גאס און געמאכט א קאבינעט פאר א דאקטאר מיט א ווארטינג זאל, פון ביאליסטאק פלעגט קומען א דאקטאר צוויי מאל אין וואך, אויפנעמען קראנקע יידן און נישט יידן פריי אן אפצאל. אלעס איז דורך אים געצאלט געווארן. מען דארף אויך נישט פארגעסן אז אן א דאקטאר האט די שטעטל שטארק געליטן פון די אזוי גערופענע פעלדשערס וועלכע האבן זיך אליין געמאכט אן וועלכע סאיז מעדיצינישע שולונג. ער האט זיך באשטייערט פאר אנדערע יידישע באדערפנישן, און מיט רעספעקט דערמאנט געווארן ביי יידן און נישט יידן, מען וואלט געקענט דערמאנען אנדערע יידן וואס האבן געקומען פון אמעריקע ווי משה דעם שמש זון און געגעבן א פארשטעלונג פאר די יידן מיט פראוויזירן שטעטלשע טיפן וואס ער האט געדיינקט פאר זיין ארויספאר.

שבתדיקע בגדים לאזן זיך צו די בתי מדרשים מקבל שבת זיין. ווייבער גרייטן דעם טיש, בענטשן איבער די שבתדיקע ליכט. אויב אויף שבת האבן זיך געפונען אורחים אין שטעטל האבן וואשילקאוווער בעלי -בתים זיי נישט פארשעמט, גענומען צו זיך אהיים, ביים טיש געווען גלייך מיט אנדערע פון דער משפחה ווי אויך צוגרייטן א געלעגער צו שלאפן.

שבת איז געווען א רו טאג אין שטעטל, יידן האבן נישט געארבעט, די טראדיציע איז אנגעהאלטן געווארן ביז דעם ארייננמארש פון דער סאוויעטיש ארמיי אין 1939 יאר. אין די לעצטע יארן זענען די בתי - מדרשים אין שבתים נישט געווען צופיל איבערפולט מיט יונגווארג ביי אפריכטן די תפילות, דערפאר פול אויפן שולהויף אין פירן פארשידענע וויכוחים און דיסקוסיעס.

נאכן טשאלנט וואס איז געווען דער שבתדיקער עסן אין יעדן יידיש הויז, האט א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג זיך ארויסגעלאזט כאפן די פרישע לופט און אפרוען פון דער ארבעטס - וואך. די אפרו פלעצער זענען געווען "יאקימעס" אביסל מער פון 1 קלמ. פון שטעטל ביי דעם וואסערמיל פון פאן פילקאווסקי א שיינע גרינע לאנקע, א סטאוו מיט פרעכטיקע וואסער ליליעס וואס האט זיך געצויגן ביז דער "טשוגונקע" און דארף סוכאניע. א זייער הויכע הילצערנע הוידע און לאדקעס וואס מען האט געקענט דינגען ביי דעם מילנער.

דער צווייטער מער פאפולערער אפרו פלאץ איז געווען "יוראווצע" ארום 3 -2 קמ. פון שטעטל, אשיינער סאסנע, וואלד שלאנקע ווקסיקע ביימער מיט ארמאט פון פעך און סאסנע דער וואלד איז געווען דער אנהויב פון די קנישינער וואלד מאסיוון. דארטן האט זיך געפונען א פריצישער הויף וואס האט אין די פריערדיקע יארן באלאנגט צו א רוסישן באראן.

נישט ווייט צושפרייט אין מיטן פון די לאנקעס איז געפלאסן דער טייך "סופראסל". דער וואלד, טייך, שמעקענדיקע לאנקעס און דער שטארק ציכטיקער דערפל ווו מען האט געקענט קויפן מילך, סמעטענע, זויערמילך, ראזאווע ברויט איז געווארן דער צו - ציהונגס קראפט פון דעם יידישן עולם, אפילו פון ביאליסטאק פלעגן קומען יידן זיך באדן און זוכן רויטע יאגעדעס צווישן די סאסנע ביימער.

עלטערע יידן נאכן כאפן א דרעמל גיין אין בית מדרש, לערנען אדער זאגן פאר זיך פרק אוןווארטן אויף מנחה. מוצאי - שבת קינדער ארומשטעלן די בימה און ווארטן אויף דער הבדלה ברכה פון יעקב משה דעם שמש און קריגן א זופ פון די הבדלה - וויין. מיט דעם אוועקגיין פון שבת ווערט א ביסל אומעטיק אויפן הארצן און פאמעלעך טרעט מען צו צוריק צו דער גרויער וואך.




די טעג פון ימים נוראים האט זיך אין די פריערדיקע יארן אנגעהויבן אין חודש אלול, די פרויען פלעגן גיין אויפן הייליקן ארט אויסבעטן א גוטן געזונטן יאר און רייסן קברים. דער חזן פלעגט אויך ביי דער געלעגנהייט מאכן א פאר גראשן אפילו שרה - קאטשקע די באד טוקערן וואס האט פארמאגט הונדערט פראפעסיעס און שטארבן דריי מאל א טאג פון הונגער איז אויך געווען טעטיק אין העלפן די ווייבער אויסבעטן א גוט יאר און פארדינען כשר א פאר גראשן, זי פלעגט נעמען וויפל ווייבער פלעגן געבן נישט ווי דער חזן וואס האט געשטעלט הויכע פרייזן פאר א אל מלא רחמים.

ראש השנה זענען די בתי מדרשים ווי אויך די גרויסע הילצערנע שול געווען פול מיט מתפללים אפילו די אכסדרות ווו סהאבן געדאוונט

די ארעמע וואס האבן קיין "שטעטל" נישט געהאט איז געווען פול מיט מענטשן. דעם ערשטן טאג ראש השנה צווישן מנחה און מעריב פלעגן עלטערן נעמען די קינדער און שפאצירן צו דעם טייך און מקיים זיין די מצוה פון תשליך.

ערב יום כפור אין די לעצטע יארן האבן זוך געפונען יידן צו מנחה מהדרין במצוות זיך לאזן שלאגן מלקות. צו כל נדרי זענען די בתו מדרשים געווען איבערפולט מיט מענטשן אפילע אין עזרת נשים האבן די פרויען אלע פלעצער פארנומען, מענער איינגעהילט אין טליתים א גרויסע טייל אין ווייסע קיטלען פייערלעך זיך צוגעפאסט צו דער הייליקער תפילה פון כל נדרי ארומגערינגלט מיט די ספרי תורות פלעגט דער בעל תפילה ר' טוביע קאמען (גרויסן בית המדרש) אנהויבן דעם כל נדרי.

אין דער גרויסער שול האט דער חזן קאוואלסקי מיט זיינע משוררים אפגעריכט די כל נדרי תפילה, נאך מעריב זענען פיל יידן פארבלייבן אין בית מדרש צו זאגן שיר היחוד און תהילים. צו פארלייכטערן דעם פאסטן פלעגט מען צוגרייטן א שטארקן שמעק -טאבאק און יום - כיפור - טראפנס (א געמיש פון אמאניאק מיט וואלעריאן).

## סוכות און שטעטל



סוכות איז געווען א לעבעדיקער יום - טוב, קינדער זענען ספעציעל געווען פארנומען אין צוגרייטן די סוכה. אין פיל הייזער איז דער פאדערגאניק אדער הינטערגאניק געווען צוגעפאסט צו פארבייטן אויף א סוכה מהאט נאר געדארפט אראפנעמען די דאכוווקעס און פארדעקן מיט סכך אדער אנדערע גרינסן, אנדערע האבן געהאט א פליגל - דאך וואס פלעגט זיך עפענען אבער סכך, גרינסן, צו פארדעקן האבן אלע דאכן זיך געגוויטיקט און דאס איז געווען אמיינסטן די אויפגאבע פון קינדער.

איינע פון די בעסטע גרינסן איז געווען בליושטש געוואקסן אויף די ברעגן פון "סופראסלי" טייך וו קינדער פלעגן אנרייסן ווי אויך די ווילדע הויכע גראזן אויף פארלאזענע גערטנער. העלפן טראגן דעם לולב צו בענטשן, אכטונג געבן נישט אפצורייסן דעם פיטום דער אתרוג זאל חלילה נישט פסול ווערן, העלפן צוגרייטן הושענות. פרומע יידן אין דער נאכט פון הושענה - רבה זיצן און לערנען תורה מיט דער אמונה אז אלע בקשות פון דער נאכט וועט מקוים ווערן.

שמחת תורה איז לעבעדיק געווען אין די בתי מדרשים מיט די הקפות, טאנצן און פרייען מיט דער תורה ווי אויך מאכן א לחיים. די גרויסע אימפאזאנטע שמחת תורה פריילעכקייט, פלעגט זיך שנעל איבערטראגן אויף די גאסן און געסלעך פון דער שטעטל.

איינער פון די גרעסטע פריילעך מאכער אין שטעטל אנצוהאלטן די טראדיציע פון ששון ושימחה בשימחת תורה איז געווען יהודה דרייער א נידעריקער אין וווקס פון פאך א האלץ - טאקער מאכן הילצערנע שפינדל - מאשינען (קאלאווראטקאס) צו שפינען וואל, פלאקס פאר די פויערטעס, וואס פון די אויסגעשפינטע פאדעם מאכן העמדער, ליילעכער שפענצערס און אפילע סערמענגעס. די גאנצע אויסשטאטונג פון זיין טאקער-ווארשטאט איז געווען האנט געמאכטע מכשירים, צו דעם מוז מען צוגעבן איז ער געווען א ייד א למדן טאג טעגלעך לערנען תורה מיט זיין חברותה.

אנגעטאן אין טלית א ביסל בגילופין מיט

שבתדיקע בגדים לאזן זיך צו די בתי מדרשים מקבל שבת זיין. ווייבער גרייטן דעם טיש, בענטשן איבער די שבתדיקע ליכט. אויב אויף שבת האבן זיך געפונען אורחים אין שטעטל האבן וואשילקאווער בעלי -בתים זיי נישט פארשעמט, גענומען צו זיך אהיים, ביים טיש געווען גלייך מיט אנדערע פון דער משפחה ווי אויך צוגרייטן א געלעגער צו שלאפן.

שבת איז געווען א רו טאג אין שטעטל, יידן האבן נישט געארבעט, די טראדיציע איז אנגעהאלטן געווארן ביז דעם אריינמארש פון דער סאוויעטיש ארמיי אין 1939 יאר. אין די לעצטע יארן זענען די בתי - מדרשים אין שבתים נישט געווען צופיל איבערפולט מיט יונגווארג ביי אפריכטן די תפילות, דערפאר פול אויפן שולהויף אין פירן פארשידענע וויכוחים און דיסקוסיעס.

נאכן טשאלנט וואס איז געווען דער שבתדיקער עסן אין יעדן יידיש הויז, האט א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג זיך ארויסגעלאזט כאפן די פרישע לופט און אפרוען פון דער ארבעטס - וואך. די אפרו פלעצער זענען געווען "יאקימעס" אביסל מער פון 1 קלמ. פון שטעטל ביי דעם וואסערמיל פון פאן פילקאווסקי א שיינע גרינע לאנקע, א סטאוו מיט פרעכטיקע וואסער ליליעס וואס האט זיך געצויגן ביז דער "טשוגונקע" און דארף סוכאניע. א זייער הויכע הילצערנע הוידע און לאדקעס וואס מען האט געקענט דינגען ביי דעם מילנער.

דער צווייטער מער פאפולערער אפרו פלאץ איז געווען "יוראווצע" ארום 3 -2 קמ. פון שטעטל, אשיינער סאסנע, וואלד שלאנקע ווקסיקע בוימער מיט אראמאט פון פעך און סאסנע דער וואלד איז געווען דער אנהויב פון די קנישינער וואלד מאסיוון. דארטן האט זיך געפונען א פריצישער הויף וואס האט אין די פריערדיקע יארן באלאנגט צו א רוסישן באראן.

נישט ווייט צושפרייט אין מיטן פון די לאנקעס איז געפלאסן דער טייך "סופראסל". דער וואלד, טייך, שמעקענדיקע לאנקעס און דער שטארק ציכטיקער דערפל ווו מען האט געקענט קויפן מילך, סמעטענע, זויערמילך, ראזאווע ברויט איז געווארן דער צו - ציהונגס קראפט פון דעם יידישן עולם, אפילו פון ביאליסטאק פלעגן קומען יידן זיך באדן און זוכן רויטע יאגעדעס צווישן די סאסנע בוימער.

עלטערע יידן נאכן כאפן א דרעמל גיין אין בית מדרש, לערנען אדער זאגן פאר זיך פרק און ווארטן אויף מנחה. מוצאי - שבת קינדער ארומשטעלן די בימה און ווארטן אויף דער הבדלה ברכה פון יעקב משה דעם שמש און קריגן א זופ פון די הבדלה - ווייז. מיט דעם אוועקגיין פון שבת ווערט א ביסל אומעטיק אויפן הארצן און פאמעלעך טרעט מען צו צוריק צו דער גרויער וואך.




## ימים - נוראים

די טעג פון ימים נוראים האט זיך אין די פריערדיקע יארן אנגעהויבן אין חודש אלול, די פרויען פלעגן גיין אויפן הייליקן ארט אויסבעטן א גוטן געזונטן יאר און רייסן קברים. דער חזן פלעגט אויך ביי דער געלעגנהייט מאכן א פאר גראשן אפילו שרה - קאטשקע די באד טוקערן וואס האט פארמאגט הונדערט פראפעסיעס און שטארבן דריי מאל א טאג פון הונגער איז אויך געווען טעטיק אין העלפן די ווייבער אויסבעטן א גוט יאר און פארדינען כשר א פאר גראשן, זי פלעגט נעמען וויפל ווייבער פלעגן געבן נישט ווי דער חזן וואס האט געשטעלט הויכע פרייזן פאר א אל מלא רחמים.

ראש השנה זענען די בתי מדרשים ווי אויך די גרויסע הילצערנע שול געווען פול מיט מתפללים אפילו די אכסדרות ווו סהאבן געדאווענט

די ארעמע וואס האבן קיין "שטעטל" נישט געהאט איז געווען פול מיט מענטשן. דעם ערשטן טאג ראש השנה צווישן מנחה און מערב פלעגן עלטערן נעמען די קינדער און שפאצירן צו דעם טייך און מקיים זיין די מצוה פון תשליך.

ערב יום כפור אין די לעצטע יארן האבן זוך געפונען יידן צו מנחה מהדרין במצוות זיך לאזן שלאגן מלקות. צו כל נדרי זענען די בתו מדרשים געווען איבערפולט מיט מענטשן אפילע אין עזרת נשים האבן די פרויען אלע פלעצער פארנומען, מענער איינגעהילט אין טליתים א גרויסע טייל אין ווייסע קיטלען פייערלעך זיך צוגעפאסט צו דער הייליקער תפילה פון כל נדרי ארומגערינגלט מיט די ספרי תורות פלעגט דער בעל תפילה ר' טוביע קאמען (גרויסן בית המדרש) אנהויבן דעם כל נדרי.

אין דער גרויסער שול האט דער חזן קאוואלסקי מיט זיינע משוררים אפגעריכט די כל נדרי תפילה, נאך מעריב זענען פיל יידן פארבלייבן אין בית מדרש צו זאגן שיר היחוד און תהילים. צו פארלייכטערן דעם פאסטן פלעגט מען צוגרייטן א שטארקן שמעק -טאבאק און יום - כיפור - טראפנס (א געמיש פון אמאניאק מיט וואלעריאן) .

## סוכות און שטעטל



סוכות איז געווען א לעבעדיקער יום - טוב, קינדער זענען ספעציעל געווען פארנומען אין צוגרייטן די סוכה. אין פיל הייזער איז דער פאדערגאניק אדער הינטערגאניק געווען צוגעפאסט צו פארבייטן אויף א סוכה מהאט נאר געדארפט אראפנעמען די דאכווּקעס און פארדעקן מיט סכך אדער אנדערע גרינסן, אנדערע האבן געהאט א פליגל - דאך וואס פלעגט זיך עפענען אבער סכך, גרינסן, צו פארדעקן האבן אלע דאכן זיך געגוויטיקט און דאס איז געווען אמיינסטן די אויפגאבע פון קינדער.

איינע פון די בעסטע גרינסן איז געווען בליושטש געוואקסן אויף די ברעגן פון "סופראסל" טייך ווו קינדער פלעגן אנרייסן ווי אויך די ווילדע הויכע גראזן אויף פארלאזענע גערטנער. העלפן טראגן דעם לולב צו בענטשן, אכטונג געבן נישט אפצורייסן דעם פיטום דער אתרוג זאל חלילה נישט פסול ווערן, העלפן צוגרייטן הושענות. פרומע יידן אין דער נאכט פון הושענה - רבה זיצן און לערנען תורה מיט דער אמונה אז אלע בקשות פון דער נאכט וועט מקוים ווערן.

שמחת תורה איז לעבעדיק געווען אין די בתי מדרשים מיט די הקפות, טאנצן און פרייען מיט דער תורה ווי אויך מאכן א לחיים. די גרויסע אימפאזאנטע שמחת תורה פריילעכקייט, פלעגט זיך שנעל איבערטראגן אויף די גאסן און געסלעך פון דער שטעטל.

איינער פון די גרעסטע פריילעך מאכער אין שטעטל אנצוהאלטן די טראדיציע פון ששון ושימחה בשימחת תורה איז געווען יהודה דרייער א נידעריקער אין וווקס פון פאך א האלץ - טאקער מאכן הילצערנע שפינדל - מאשינען (קאלאווראטקאס) צו שפינען וואל, פלאקס פאר די פויערטעס, וואס פון די אויסגעשפּינטע פאדעם מאכן העמדער, ליילעכער שפענצערס און אפילע סערמענגעס. די גאנצע אויסשטאטונג פון זיין טאקער-װארשטאט איז געווען האנט געמאכטע מכשירים, צו דעם מוז מען צוגעבן איז ער געווען א ייד א למדן טאג טעגלעך לערנען תורה מיט זיין חברותה.

אנגעטאן אין טלית א ביסל בגילופין מיט

א פלאש משקה אין איין האנט און א כוסה אין דער צווייטער מכבד זיין אנגעטראפענע יידן און אפילע מאכן א ריקודל אין מיטן דער גאס מיט זיי. קינדער זענען געווען באפרייט פון די למודים אין שולעס און חדרים און קאלארירט די שמחת - תורה פייערונג און דעם גאנצן סוכות יום - טוב.

## חנוכה



חנוכה אין וואשילקאווע כאטש ס'האט נישט געטראגן קיין רעליגיעזן כאראקטער דאך געפייערט צוגלייך מיט אלע אנדערע יום - טובים, און קיינער האט זיך נישט געגריבלט ווי ווייט רעליגיעז ער איז דאס האט באשטעטיקט די ברענענדיקע ליכטעלעך וואס האט געפינקלט און געשטראלט פון די יידישע הייזער אין שטעטל. צו להכעיס אלע יידישע שונאים האבן די ליכטעלעך געשיינט פון אלע יידישע פענצטער נישט אזוי ווי היינטיקע צייטן שוין אין דער פרייער דעמאקראטישער וועלט "שעמט מען זיך" די מנורה מיט די אנגעצונדענע ליכטעלעך אוועקשטעלן אויפן פאראפעט פון פענצטער, דער אמת איז ווי דער חז״ל זאגן: - ולשם 'פרסומי נסא', מצוה היא להעמיד את הנרות בפתח הבית, או על אדן החלון. - אזוי אז די וואשילקאווער יידן האבן די ליכטעלעך געשטעלט אין פענצטער און דערמיט פארדינט א חנוכה - מצוה.

ווי סזעט אויס זענען אקטן פון נא-ציאנאל - פאטריאטישן כאראקטער עמאציאנעל געשטיצט אין דער געשיכטע פון אונדזער פאלק, דעריבער איז אונדזער יום טוב חנוכה אריינגענומען אין צרור פון אלע אונדזערע יום טובים און מיט ליבשאפט געפייערט. פון מיינע חדר - יארן געדענק איך ווי מיר פלעגן זיך גרויסן מיט אונדזערע חניכישע העלדן, דאס האט אונדז צוגעגעבן שטאלצקייט מוט און דרייסטקייט פירן מלחמות מיט די פוילישע שקצים וואס פלעגן אויף אונדז אפטן אנפאלן. אן איבערטרייבונג קען מען פעסטשטעלן אז דער יום טוב חנוכה איז אריינגעוואקסן אין דעם גוף פון יידישן פאלק, און אין לויף פון דורות באררייכערט געווארן פון דער העברעיש - יידישער קולטור, ליטעראטור מיט לידער, מוזיק, דערציילונגען און אנדערע שאפונגען.

א צייט פאר חנוכה פלעגן מיר אין דער "תחכמונה" שול (שפעטער "יבנה") זיך גרייטן צו חנוכה פייערונגען, נאך די לימודים פארבלייבן אין שול זיך לערנען כאראלע געזאנגען אונטער דער לייטונג פון דעם לערער לאנדינסקי וואס האט געניצט א מיניאטורעלע הארמאניע, אינדיווידועלע און גרופן דעקלאמאציעס. אויך די יידישע שלום - עלכים שול פלעגט צוגרייטן ספעציעלע חנוכה פראגראמען. די ציוניסטישע ארגאניזאציע יאר יערלעך איינארדנען א חנוכה - באזאר לטובת דעם נאציאנאלן פאנד אפן א גאנצע וואך אויסער פרייטיק אוונט.

די אומפארגעסענע ווינטער אוונטן ווען אלעס ארום באדעקט מיטן פוכיקן שניי זיך צונויפקלייבן ביים אנצינדן די חנוכה ליכטעלעך און העלפן זינגען "הנרות הללו אנחנו מדליקים", "מעוז צור ישועתי" ווי אויך אנדערע חנוכה לידער. קינדער אומגעדולדיק ווארטן אויף חנוכה - געלט, די עלטערע דערוואקסענע אין דער ווארעמער אנגעהייצטער שטוב כאפן א קערטל א "אקע", דאמקע דאמינא. שפעטער די קינדער שפילן אין שפינען דעם הילצערנעם חנוכה - דריידל מיט 4 אותיות נ. ג. ה. ש. וואס האט באדייט "נס גדול היה שם" אבער אויף

יידיש האבן קינדער געניצט אנדערע ווערטער, פארשטעלטע ווייל מען פלעגט שפילן.

אין באב, ארבעס און קנעפלעך (בלעכענע) אזוי ארום האט נ געהייסן ניט (נישט געווונען), ג גאנץ (נעמט צו די גאנצע), ה האלב (נעמט צו א העלפט), ש שטעלט (דארף צושטעלן). אין דער קיך פלעגט די מאמע פרעגלען לאטקעס און צייטנווייז געגדזענע גריוועס וואו דער ריח האט געקיצלט אין די נאז - לעכער און דערלאנגען צום טיש צוזאמען מיט הייסע זיסע טיי.

צווישן די פאפולערסטע יידישער חנוכה לידער זענען געווען;

חנוכה אוי חנוכה
א יום טוב א שיינער
א לוסטיקער א פריילעכער
נישטא נאך אזוינער..
א גאנצע נאכט אין קארטן
שפילן .. מיר
און הייסע לאטקעס
עסן ..מיר א.אז.וו.

אדער

אוי איר שיינעקע ליכטעלעך
וואס דערציילן געשיכטעלעך
מעשהלעך פון א מאל.. א.אז.וו.

## פורים



פורים אויך געווען אימער פון די פריי - לעכסטע יום טובים אין שטעטל, קינדער שטארק פארנומען מיט צוגרייטן די פורים - דרייערס, גראגערס, קאלאקאדקעס, אלע סארטן מכשירים וואס זאל מאכן דעם גרעסטן גערויש ביי קלאפן המנען. עלטערן העלפן קינדער אין דעם הינזיכט אז זיי זאלן האבן די בעסטע קלאפערגעצייג. מתפללים ביי דערמאנען דעםווארט "המן" אין דער מגילה שנעל פארשטאפן די אויערן געגן דעם גרויסן גערויש פון די דרייערס און קאלאקאדקעס דער שמש פאטשן אין טיש דאס זעלבע דער בעל קריאה פון דער מגילה, אבער די צוהיצטע אינגלעך מיט התמדה געקלאפט המנען. אין די לעצטע יארן איז געקומען צו א פארשטענדענעש אז אנהויבן און פארענדיקן דעם קלאפן המנען נאר אויף א צייכן פון שמש.

קיין ארגאניזירטע פורים - שפילער ווי אין די אמאליקע צייטן אויסשפילן די אוראלטע טיפן פון דער מגילה מיט המנען, זיינע זין, מדרכי הצדיק און אסתר המלכה. אדער מכירת יוסף, צי דער קאמף צווישן דעם ריז גלית מיט דעם קליינעם פאסטוכל דוידלען זענען שוין נישט געשפילט געווארן אין די לעצטע יארן. אבער קינדער אנהאלטן דעם המשך פון יענע צייטן זיך איבערטאן אין פארשידענע קליידער "זיך פארשטעלן" און אריינגיין אין איינקע הייזער זינגענדיק;

היינט איז פורים
מארגן איז אויס
גיט מיר א גראשן
און ווארפט מיר ארויס...

פורים כאטש א וואכעדיקער יום טוב איז געווען באליבט אין וואשילקאווע און פיל מענטשן אנוועזנדיק ביי לייענען די מגילה און זיך מכבד זיין מיט די געשמאקע המנטאשן געבאקט אין יעדן יידיש הויז.

## פסח - דער פרייהייט יום - טוב

פסח דער אומפארגעסלעכער יום - טוב

פון יציאת מצרים, פון עבודת פרך לחרות, דאס איבערגיין דעם ים - סוף,, מידבר, מקבל זיין די תורה און צום לעצט דער אריינמארש פון גאט געגעבענעם לאנד וואס האט דערפירט צו דער אנשטייהונג פון מלכות ישראל איז געפייערט געווארן אין וואשילקאווע לויט דער יידישער טראדיציע מיט אלע אירע דינים.. ווי "ביעור החמץ" מיט א אנגעצונדענע ליכט, מיט א גענדזענעם פעדער אריינשארן די באצייטנס אוועקגעלייגטע שטיקלעך חמץ אין א פושקעלע, פארבינדן מיט א שטיקל לייוונט און אין דער מארגן ערב פסח פארברענען אין דעם גרויסן אויוון אין דער שטעטלשער באד.

דער ערב פסח האט מאביליזירט דער גאנצער יידישער באפעלקערונג פרויען האבן געקערט וועלטן אין שייערן, רייניקן, קאלכן און מאלעווען. איינגעשפאנט די מענער צו דער ארבעט, קריכן אויף די בוידעמער אראפנעמען די פסחדיקע כלים, כשרן די גאנץ יאר גענוצטע מיט פארשידענע מעטאדן דער בעסטער איז געווען מיט אנגעגליטע שטיינער. אזוי האבן מענער פרויען און קינדער זיך מתעסק געווען אין די הכנות פון מקבל זיין דעם יום טוב פסח.

וויין און מעד האבן יידן אליין געמאכט אז סזאל זיין צוטרינקען א גאנצן פסח און זאל סטייען פאר געקומענע געסט. דער מנהג פון מאכן וויזיטן צווישן עלטערן מיט אויסגעגעבנע קינדער און פארקערט, פריינד, באקאנטע איז ווי א טראדיציע אנגעהאלטן געווארן אין וואשילקאווע. א היכער פראצענט פון די יידן געבאקט מצות פאר זיך אליין מיט א שותפותדיקע מעטאדע העלפן איינע דעם צווייטן. מען האט געבאקט ביי באבע - ראובנס, ביי גוטקען אויף "שוויצטאפל", עליע ספעקטארן און אנדערע.

דעם פסח - סדר האט מען געפראוועט אין יעדן יידישן הויז אן אונטערשייד פרומע צי פרייע. קינדער פרעגן די 4 קשיות פון דער הגדה מיטן אלטן נוסח העברעאיש און יידיש "מה פארוואס - נשתנה איז פארענדערט געווארן - הלילה די נאכט - הזה די דאזיקע פון פסח - מכל הלילות פון אלע נעכט פון א גאנץ יאר - ... צו שפוך חמתך ווען לויט דער טראדיציע עפענען די טיר פאר אליהו הנביא זאל קומען מאכן א ברכה און טועם זיין פון דער כוסה וויין ספעציעל פאר אים אנגעפילט איבער די ראנדן, מיט א פארהאלטענעם אטעם האלטן א אויג אויף אליהו'ס כוס פעסטצושטעלן צי אליהו האט געטרונקען און וויפל.

קינדער אויף די הויפן, געסלעך, אויפן שולהויף שפילן אין ניסלעך צייטנווייז געמישט מיט פאראיאריקע קאשטאנעס ווייל זיי זענען גוטע "גייערס". מען האט אויך געפארבט אייער ביי קאכן אין שאלעכץ פון ציבעלעך און קינדער זיך שפילן אין קלאפן מיט די אייער די שטארקסטע איי פלעגט געפינען. צייטנווייז איז פסח אויסגעפאלן צוזאמען מיט דעם פראוואסלאווענעם פאסחא, דאן האבן יידישע קינדער אויפן מארק לעבן דער צערקווע אויך זיך געשפילט מיט אייער מיט די ווייסרוסישע שקצים, אמיינסטן פארשפילן ווייל די שקצים האבן גענוצט אזוי גערופענע "סמאליארקעס" ביי מאכן א קליינע לעכעלע אין דער איי ארויסטרינקען דעם ווייסל און אויף דעם ארט אריינלאזן סמאלע און לאזן פאר- הארטעווען.

דער ערב פסח אין וואשילקאווע האט אין א געוויסן מאס געטראגן אויך ריין עקאנאמישע אספעקטן, ארום 8 וואכן פאר פסח האבן די האלץ סוחרים אנגעהויבן צושטעלן די האלץ פאר די "פאדריאטן" וואס האבן זיך פארנומען מיט באקן מצות צום "פארקויף",אייגנטימערס מאביליזירן "וועלגערגעס" "קנעטערקעס", "שיבערס", "רעדלערס" און אנדערע צוהעלפערס צו דער ארבעט.

6 וואכן פאר פסח האבן אלע "פאדריאטן" אנגעהויבן ארבעטן און דאס אויף דער פולער פארע. וואשילקאווע האט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע שיינע קיילעכטיקע גוט אויסגעבאקטע לייכט ברוינלעכע מצות, וואס אין ספעציעלע

געפלאכטענע קאשן טראנספארטירן דורך וואשילקאוער בעל - עגלות, צו 20 קאשן אויף א וואגן נאך ביאליסטאק און אפשטעלן צו די קונים וועלכע האבן די מצות באצייטנס באשטעלט.

ווערט צו באמערקן אז וואשילקאוער מצות האט געהאט א שם ביי דער יידישער באפעלקערונג, און ווער סהאט אויף פסח געוואלט האבן א גוטע כשרה מצה האט געמוזט באצייטנס באשטעלן.

אין די לעצטע יארן האט זיך אויכעט באוויזן "מאשינאווע מצות" קוואדראטאווע, דאך איז וואשילקאווער מצות פארבליבן אלס די בעסטע. ס'איז ווערט אונטערשטרייכן אז דער היתר פאר די פאדריאטן צו באקן מצות איז ארויסגעגעבן געווארן דורך דעם גרויסן גאון ר' רפאל גארדאן זצ"ל, יעדער פאדריאט איז באדינט געווארן דורך א משגיח אז די מצות זאל זיין כדין וכדת כשר לפסח. די משגיחים זענען געווען יידן תורה מענטשן מיט הויכע קענטעניש פון דער הלכה פון די לעצטע וואלט מען געדארפט דערמאנען יהודה דרייער און ר' בערל יעקב משהס דעם שמשס איידעם וואס איז אויך געווען א בעל - תפילה און בעל קורא אין גרויסן בית המדרש.

אין משך פון לאנגע יארן באקן די מצות האבן זיך מענטשן ספעציאליזירט אין זייער ארבעט ווי גוטע "שיפערס", "רעדלערס", "קנעטערקעס", "וועלגערקעס". פון די בעסטע שיפערס כאנע פאליאק, חיים (קאקאטש) ראטאוויעצקי, שיע סאקאלאוויטש, רעדלערס ישכר שטאבינסקי, ישכר גארפיין, יאסל ספעקטאר און אנדערע אויך צווישן די וועלגערקעס האבן פיל אויסגעארבעט א גוטן נאמען אין וועלגערן שנעל די מצות און יעדער פאדריאט האט מיט אפענע ארעמס א זעלכע מיידלעך גענומען צו דער ארבעט.

פון די בעסטע און גרעסטע "פאדריאטן" איז געווען שייקע פאליאקס, נאך זיין טויט האבן אנגעפירט זיינע זין כאנע און אוורעמל. פון אנדערע פאדריאטן איז געווען לייקעס, לייזער מאזור, באבע - ראובנס עליע ספעקטאר. יעדער פאדריאט האט באשעפטיקט אין משך פון 8 -6 וואכן ארום 18 מיידלעך און פרויען, 3 -2 רעדלערס, 2 -1 שיפערס, 1 משגיח, און א צווי יינגלעך העלפערס. אין אלגעמיין מוז מען פעסטשטעלן אז די פאדריאטן האבן עקאנאמיש צו געהאלפן די נויט באדערפטיקע אין שטעטל.

אנדערע פראבלעמען מיט באקן מצות און צוגרייטונגען צו פסח וואס האט אין א גרויסער מאס באאומרוהיגט די יידן, איז געווען די שרעק פאר א בלוט בילבול, וואס האט צייטנווייז פאסירט אין שטעט און שטעטלעך פון פוילן און צארישן רוסלאנד. אין דעם הינזיכט אנגענומען פארזיכערונגס מיטלען ווי נישט אריינלאזן פוילישע שקצים אין די פאדריאטן, מען דארף באמערקן אז שקצים ספעציעל די יעניקע "שבת שקצים" וואס אין יידישע הייזער מאכן פייער שבתים און יום טובים האבן מיט געוואלד זיך געשפארט אין די פאדריאטן כדי צו באקומען א פאר מצות.

איין פאל וואס האט פארשאפן עגמת נפש פיל יידן אויפן שול - הויף איז געווען דער פאל, וואס שמחהלע ראבינאוויטש (ראובנס) דאן א יינגל א צוהעלפער אין פאליאקס "פאדריאט" (פאקן מצות אין די קאשן, ברענגען וואסער), צו מאכן א שפאס (חוזק) האט אויסגעשמירט אין סאדזע א יונגן שבת - שייגעץ וואס איז געקומען אין פאדריאט מיט דער כונה צו קריגן א פאר שטיקלעך מצה. דער שייגעץ איז אנטלאפן מיט א געוויין, אלע האבן גע-גלויבט אז ער וועט זיך אומקער מיט זיינע עלטערן און נאך מאכן א בילבול אז מען האט אים געוואלט עפעס שלעכט טאן. מען האט שפעטער פרייער אפגעאטעמט ווען אלעס איז אריבער בשלום.

## ל"ג בעומר (יח אין אייר)

דער יום טוב ל"ג בעומר דאס איז דער 33 טער טאג אין דער ספירה ציילונג וואס מיר ציילן

צווישן פסח און דעם יום טוב שבועות, דאס איז דער 18 טער טאג אין חודש אייר, וואס איז פאקטיש פארעכנט ווי א האלבער יום טוב. ל״ג בעומר איז נישט דערמאנט און פארזאגט אין דער תורה אז מען דארף אים פייערן, ווי אויך נישט דערמאנט און פארזאגט דורך די חכמי התלמוד. צווישן איינע פון די אגדות אין תלמוד ווערט געזאגט "שנים עשר אלף זוגות תלמידים היו לרבי עקיבא, מגבת עד אנטיפרס, וכלם מתו בחייו ופרק אחד, בין פסח לעצרת" (אין קורצן 12 טויזנט פאר פון זיינע תלמידים זענען געשטארבן אין איין אפשניט צייט) דער איבער איז געווארן א מנהג צו טרויערן ביי בני ישראל, אבער שפעטער פארביטן געווארן אנגענומען אז ל״ג בעומר איז געווען דער טאג וואס די מגפה האט זיך אפגעשטעלט דעריבער דארף מען פייערן ווי א שימחה.

ל״ג בעומר איז אויך פארעכנט געווארן אלס דער טאג פון טויט פון רבי שמעון בר - יוחאי פארעכנט אלס דער מחבר פון דעם ספר הזהר און פאר זיין טויט האט ער מגלה געווען פאר זיינע תלמידים די סודות פון קבלה. אין ישראל איז ביז היינטיקן טאג אנגענומען געווארן צופארן נאך מירון אויף דעם קבר פון (רשב״י) און אויפן דאך פונאנדערלייגן אגרויסן שייטער (מדורה) און זינגען טאנצן ביזן טאג אריין.

אין די יידישע תפוצות איז ל״ג בעומר פארעכנט געווארן ווי א יום טוב פון קינדער, אין אלע יידישע העברעישע שולן, חדרים און אנדערע לערן אנשטאלטן זענען די קינדער באפרייט געווארן פון אלע לימודים. אויסער דעם איינארדנען פארשידענע פייערונגען און אויספלוגן. אין וואשילקאווע איז דער



לג בעומר מיט קינדער

Lag Ba'omer in Vasilkove 1928

יום - טוב שטארק באליבט געווען ביי דער גאנצער יוגנט ווייל ער איז ברייט געפייערט געווארן צוזאמען מיט דער ציוניסטישער ארגאני - זאציע. קינדער אין די פרימארגן שעהן אנגעטאן יומטובדיק באגלייט פון די עלטערן, מיט פעקלעך עסן אויף א גאנצן טאג אויך נישט פארגעסן עפעס טרינקען מיטצונעמען לייכט באלאדן מיט טארבעס, ראנצעס, טעקעס אין א פרייליכער שטימונג זיך צונויפקלייבן איינגעשטעלט אין רייען מיט פענער און פענדלעך און אויף א צייכן פון די לערערס אנהויבן דעם מארש צו די יוראווצער וועלדער.

פרעכטיק פלעגט אויסזען דער מארש פון השומר הצעיר "ברית טרומפלדור" אין כאקי אוניפארמס, קורצע סקויטישע הויזן מיט היטלען און בלוי - ווייסע בינדעס צו דעם אין די הענט האלטן ספעציעלע אויסגעטאקטע שטעקנס אין פראנט פון דער קאלומנע א ווייס - בלויע פאן, מיט געזאנג פון פארשידענע לידער פריילעך מארשירן אין דער ריכטונג פון די וועלדער.

צו די יוראווצער וועלדער איז געווען א שיין שטיקל וועג מען האט געמוזט פאמעלעך מארשירן צוליב קליינע קינדער ווי אויך אכטונג געבן ביים אריבערגיין די באן שינעס אויף דעם פולסטאנעק. נאך א צייט זיך אפרוען אין דערגרייכטן וואלד ווי אויך עפעס צו פארבייסן פון די מיט - געגעבענע עסנווארג פלעגט זיך אנהויבן פארשידענע שפילן אונטער דער השגחה פון די לערערס. מאכן אויך קליינע אויספלוגן. זוכן און קלייבן יאגעדעס שווארצע ווי אויך רויטע יאגעדעס פלעגט מען קענען געפינען אויף די העכערע בערגלעך אין דעם וואלד.

די לערערס פלעגן האלטן דרשות פאר די

קינדער אויפקלערן דעם היסטארישן אינהאלט פון ל״ג בעומר. אין די ל״ג בעומר פייערונגען פלעגן אויך אנטייל נעמען די יידישע קינדער וואס האבן זיך געלערנט אין דער פוילישער אלגעמיינער (פאווושעכנע) שול. די פוילישע שול האט יאר יערלעך באפרייט אין ל״ג בעומר טאג די יידישע תלמידים פון די לימודים זיי זאלן אנטייל נעמען אין די פייערונגן.

עס איז ווערט אונטערצושטרייכן אז די ל״ג בעומר פייערונגען אין וואשילקאווע איז געווען באמערקבאר ביי דער גאנצער יידישער באפעלקערונג, סהאט זיך געפילט ווי א יום - טוב טאג נישט נאר פאר קינדער, די ידישע באפעלקערונג אנפילן מאסנוויז די הויפט גאס פון שטעטל צו באגריסן דעם שיינעם פאראד פון די קינדער אין דעם בשותפותדיקן מארש מיט די ציוניסטישע יוגנט - ארגאניזאציעס ווי אויך א פלאדירן בשעת זייער צוריקער אין די שפעטע נאכמיטאג שעהן.

כאטש פיל יארן איז אריבער פון יענע ווייטע צייטן, איז א ליבע דערמאנונג פארבליבן אין אונדזער זכרון פון די פרעכטיקע ל״ג בעומר פייערונגען אין דער קליינער נאענט צום הארצן שטעטעלע.

# וואשילקאווער רבנים

דער וואשילקאווער ישוב פון זיין אנשטייהונג איז געווען געבונדן מיט דער גליל - קהילה טיקטין גלייך ווי ביאליסטאק. פון 1745 יאר ווען ביאליסטאק איז געווארן א שטאט און דער גראף יאן קלעמענס בראניצקי האט זיך באזעצט אין ביאליסטאק, איז געוואקסן די וויכטיקייט פון דער שטאט ווערנדיק א האנדלס - צענטער און מיט דעם פיל מאל חשובער ווי די גליל קהילה - טיקטין, וואס האט קאנסעקווענטלעך דערפירט אז אין 1771 יאר רייסט זיך אפ פון טיקטין איבערנעמענדיק 50 ישובים און פראקלאמירט אלס א באזונדערע קהילה, מיט אלע רעכטן.

אין צווישן צייט פארצייכנען מיר חילוקי - דעות וועגן דער אנגעהעריקייט פון ישוב וואשילקאווע צווישן די קהילות גראדנע, טיקטין דערנאך ביאליסטאק ביי ענד ווערט וואשילקאווע איינגעגלידערט אין דער ביאליסטאקער קהילה און אדמיניסטראטיש צו ביאליסטאקער קרייז (דעפארטמענט) צוזאמען מיט די פאלגענדע שטעט; ביאליסטאק, וואשילקאווע, כאראשטש, גרודעק, יאנאוו, יאשינאווקע, קנישין, אדעלסק, סאקאלקע, און זאבלודאווע.

צוליב מאנגל פון היסטארישע דאקומענטן, ספעציעל יידישע, העברעאישע, ווי קהילישע ביכער, פנקסן פון חברה - קדישא און אנדערע, פארניכטעט געווארן דורך די נאצים. איז גענוצט געווארן מאטעריאלן פון היסטאריקער אברהם שמאול הערשבערג ע״ה, פרענומעראנטן בוך, אויסצוגן פון דער פארמלחמדיקער פרעסע, און אמעריקאנער ״פארווערטס״ און אנדערע וואס אנבאלאנגט די געשיכטע פון וואשילקאווע רבנים.

## הרב אברהם דוד מרגליות זצ״ל

לויט די גענויע פארצייכנונגען אויף דער מצבה פון זיין זון יעקב משה וואס איז געווען א גדול בתורה און א תלמודישער דענקער און דרשן ווערט בפירוש געשריבן ״בן הרב אברהם דוד שהיה אב״ד בעיר וואשילקאווע״ דאס הייסט אז הרב יעקב משה איז געווען דער זון פון אברהם דוד מרגליות וואס איז געווען רב און אב - בית דין אין וואשילקאווע. דאס איז דער ערשטער פארצייכנטער דאקומענט וואס באשטעטיקט אן צווייפל אז הרב אברהם דוד מרגליות איז געווען רב און אב״ד אין וואשילקאווע ביי ענד פון 17 און אנהויב 18 ארהונדערט. עס איז דא השערות אז סאיז נאך געווען איין רב פאר הרב אברהם דוד זצ״ל אבער ליידער אן דאקומענטאלע באשטעטיקונג.

## הרב מרדכי אליהו ראבינאוויץ זצ״ל

דער צווייטער רב אין וואשילקאווע ר׳ מדרכי אליהו באצייכנט אלס רב וגאון בישראל א גרויסער למדן, יונג און זייער באגאבט אין אויסטייטשן פארשידענע פילפולים און סוגיות. ארויסגעגעבן אין דרוק גענויע אויפקלערונגען צו ״נר למאור״ ״אמרי רצון״, ״תורת מדרכי״ און אנדערע. געשטארבן זייער יונג וועגן זיין פטירה ווערט אין פנקס געזאגט: נתבקש בישיבה של מעלה בן חמישים וחמש שנה ביום הששי לחודש אדר תרע״א. תנצב״ה. (געשטארבן אין עלטער פון 55 יאר). א ליבהאבער און שטיצער פון ארויסגעבן ספרים, פערזענלעך פרענומערירט פיל ספרים צווישן אנדערע ״בית ידידה״ פון שאול שאחעט, ״צבא רב״ פון צבי הירש לעווין, ״תפארת צבי״ פון צבי הירש באיארסקי, ״שמן ששון״ פון בנימין דוד לעווין, און אנדערע.

## הרב ר׳ גרשון מאיר -באיארסקי זצ״ל

הרב ר׳ גרשון מאיר באיארסקי

געשטאמט אליין פון אסטרין ווילנער גובערניע א מתנגדישן קבוץ, א גרויסער בעל תורה, געווען שטארק פאפולער ביי דער גאנצער וואשילקאווער באפעלקערונג. געפירט דעם כסא הרבנות ווי עס פאסט פאר א גרויסן למדן, אויך א גרויסער ליבהאבער פון ספרים פיל פרענומערירט ווי "מדרש תנחומא", צבי עלבינגער און אנדערע. שטארק זיך אינטערעסירט מיט דעם לעבן פון דער עדה און אירע פראבלעמען.

## הרב הגאון ר׳ רפאל גארדאן זצ״ל

הרב ר׳ רפאל גארדאן האט אמלענגסטן געהאלטן כסא - הרבנות אין וואשילקאווע, ער איז געבוירן אין מאלאט ביי ווילנע כ׳ בשבט תר״ז (1847) ביי זיין פאטער ר׳ שמשון, א באזיצער פון א ברויז און פון גיטער. ער האט געשטאמט פון הגאון ר׳ שמשון סלאנימער און שפעטער קעניגסבערגער רב און ווייטער פון דעם קדוש ר׳ שמשון אסטראפאליער. הרב רפאל האט פארמאגט א פענאמענאלן זכרון און געווען פארעכנט אלס איינער פון די גרעסטע בקיאים אין בבלי ירושלמי און מדרשים. ער איז אויך געווען א גרויסער בקי אין עברונות.

צווישן זיינע כתב - ידן געפינט זיך א לוח אויף 3000 יאר (פארן 5 טן, 6 טן, און 7 טן טויזנט). חוץ לזה איז ער געווען א גרויסער מומחה אין סדרי הדורות. חתונה געהאט אין אמדור צו 19 יאר. זיין פרוי איז געווען א שניט - קרעמערקע. אין תרס״א (1901) איז ער אויפגענומען געווארן ווי א רב און אב״ד אין וואשילקאווע, וואו ער איז געווען ביז זיין פטירה, ניסן תרצה 1935 יאר).

אין תרנ״ח (1898 יאר) האט ער געדרוקט זיין חבור "נחל עדן", צוויי חלקים חידושים אויף ש״ס און קדוש החודש, ווי אויך אפגעדרוקט קביעות און סדרי הדורות. ווען הרב שלמה יהודה פרידלענדער האט אין זיין מאמר "כלי אורב" און קונטרס חרב נוקמת" אויפגעהויבן די שאלה וועגן דער עכטקייט פון ירושלמי אויף קדשים, האט ר׳ רפאל פארטיידיקט זיין עכטקייט קעגן אלע משיגים.

אין דער השלמה צום ירושלמי ווילנע תרפ״ב (1933) איז געדרוקט א טייל פון זיינע חדושים אויף ירושלמי. עס זענען פארבליבן נאך א סך כתבי - יד, חדושים אויף ש״ס בבלי, ירושלמי, מדרשים, רמב״ם, דרושים.

ער איז געשטארבן אין וואשילקאווע, נאר לויט זיין צואה האט מען אים מקבר געווען אין ביאליסטאק. די גאנצע שטעטל איז ארויס צו באגלייטן דעם גרויסן גאון און באליבטן רב. נישט קוקנדיק אויף זיין טיפן עלטער האט ער יום ולילה שטודירט, געלערנט און געשריבן קאמענטארן. טיף פארשטאנען די פסיכאלאגיע פון מענטשן, געווען א ערשטקלאסיקער בורר אין פארשידענע סיכסוכים, אפילו די קצבים האבן הויך געשאצט זיין פסק - דין בעת באהאנדלען א סירכע אין א געקוילעטע בהמה.

געלעבט זייער פרימיטיוו אין די לעצטע יארן פון זיין לעבן פלעגט ער ווייניק פארלאזן די הויז וו ער האט געוואינט, געדאוונט אין דעם מנין ספעציעל פאר אים ארגאניזירט אין דער זעלבער הויז נאר אין דער צווייטער העלפט ביי ברוך - שלמה ספעקטאר דעם סטאליאר. הרב ר׳ רפאל גארדאן איז געווען באליבט און געשעצט ביי אלע גרופן פון דער וואשילקאווער געזעלשאפט, מיט דער פטירה פון הרב ר׳ רפאל איז אוועק איינער פון די גרעסטע גאונים פון אונדזער צייט (געשטארבן אין עלטער פון 88 יאר.)

## הרב הגאון ישראל היילפרן זצ״ל

הרב ישראל היילפרן דער זון פון נחום און שרה איז געבוירן אין 1876 יאר אין דער שטאט וואלקאוויסק זיך געלערנט אין א כולל אין קאוונע.סמיכות לרבנות ערהאלטן פון די גאונים רבי יצחק אלחנן זצ״ל פון קאוונע און רבי אבא בורוכוב

פון וואלקאוויסק זצ״ל.

פון אנהויב געווען א שותף צו א טארטאק מיט גדאליע בירגער וועלכער האט אפגעברענט און ביי דעם פארלארן דעם גאנצן קאפיטאל. אויף דער בקשה פון דער קהילה האט ער איבערגענומען דעם אמט פון ראבינער און שטעטל, ווייל דער אלטער ראבינער וועלוול דער לערער איז געווען שוואך אוואנסירט אין דער פוילישער שפראך אין פירן די עווידענציע פון דער ידישער באפעלקערונג לויט די שטרענגע פאדערונגען פון דער פוילישער מאכט.

נאכן טויט פון דעם אלטן רב דער גרויסער גאון ר׳ רפאל גארדאן זצ״ל נעמט ער איבער די כסא הרבנות און אב״ד אין וואשילקאווע. רב ישראל הײלפרן אויסער וואס א גרויסער למדן איז ער אויך געווען געזעלשאפטלעך זייער אקטיוו אין לעבן פון דער וואשילקאווע קהילה. א איבערגעגעבענער ציוניסט, פירער פון דער מזרחי באוועגונג און דער פארלייגער פון דער העברעאישער תחכמוני שול. א ערשטקלאסיקער ארגאניזאטאר אין מאביליזירן דער יידישער באפעלקערונג און ארגאניזאציעס לטובת אנצוהאלטן דעם המשך פון אונדזער פאלק און אקטיווזירן דעם אנטייל אין גאולת ישראל אלס א היים פון יידישן פאלק. ארויסטרעטן אויף פארזאמלונגען, פאלקס - מיטינגען און מיט דעם אקטיוויזירט דעם לעבן אין שטעטל. די רביצן מרים געבוירן אין 1881 יאר א אינטעלעגענטנע און שטילע פרוי געפירט א באשיידן לעבן, אנדערעש צו באצייכנען א ״יידישע מאמע״.

וואס אנבאלאנגט דעם רבי׳ס משפחה זענען אלע געווען ציוניסטיש געשטימט מיט אייגנע פלאנצטע מידות פון אהבת ישראל, דער עלטסטער זון הרב יעקב הײלפרן זצ׳ל סמיכות לרבנות ערהאלטן אין ווארשע ע״י הרבנים הגאונים רבי שלמה דוד כהנא און יחזקאל מיכלסון זצ״ל. ארויסגעפארן נאך ישראל געארבעט אין דער עיריה פון תל - אביב אלס לייטער פון רעליגיעזן דעפארטמענט. די טאכטער פייגל איינע פון די שענסטע מיידלעך אין וואשילקאווע האט חתונה געהאט פאר א באקאנטן בוכהאלטער און ארויסגעפארן מיט דער משפחה אויך נאך ישראל. דער יונגסטער זון צבי ע׳ה (הערשעלע) אלס א חלוץ נאך דורכמאכן די הכשרה אין קיבוץ אסטראוו - מאזאווייעצק פארט ארויס נאך ישראל אין 1936 יאר. (וועגן זיין לעבן און טעטיקייט געווידמעט אין א באזונדערע באשרייבונג) דער זון משה (מיישהלע) א ציוניסטישער עסקן מיט צוויי יאר יינגער פון זיין שוועסטער פייגל אומגעבראכט מיט זיין גאנצער משפחה דורך די נאצישע מערדער. דער זון שמאול לערער אין דער העברעאישער ״יבנה - שול״ איינער פון די אקטיווסטע מיטגלידער אין ציוניסטישער באוועגונג אין וואשילקאווע ווי אויך יושב ראש פון קרן קימת לישראל קאמיטעט: אנטייל גענומען אין ארגאניזירן די יערלעכע חנוכה באזארן, ל״ג בעומר פייערונגען און אנדערע געזעלשאפטלעכע אקציעס. די גאנצע רבי׳ס פאמיליע האט פארנומען א בכבודיקן פלאץ אין דעם לעבן פון דער שטאט בכלל און אין דער ציוניסטישער באוועגונג בפרט מיט טיף רעספעקט פאר די נאציאנאלע אידענטיקייט פון יידישן פאלק. אין פולקאמער געגנזאץ צו די אנשויהונגען פון רבי׳ס פאמיליע איז געווען דער רבי׳ס זון אשר וואס איז



דער לעצטער רב, ר׳ ישראל הײלפרן זצ׳ל
The last Rabbi, Rabbi Israel Halpern

געוועזן דער פירער פון דער קאמוניסטישער פארטיי אויף דער יידישער גאס, כאטש די קאמוניסטישע פארטיי איז געווען אומלעגאל אין שטאט האט זי דאך געפירט פארשידענע טעטיקייטן צווישן אנדערע אין שטערן און אויפרייסן מיטינגען, פאלקס - פארזאמלונגען ארגאניזירט פון דער ציוניסטישער באוועגונג מיטן צוועק נישט צודערלאזן די פארשפרייטונג פון די ציוניסטישע אידעאלן.

אויף איינעם א פאלקס מיטינג געווידמעט די באלפור דעקלאראציע איינגעארדנט פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין גרויסן בית - המדרש, אווו א גרויסער עולם האט געקומען אויסהערן די דרשות פון הרב היילפרן, דעם פארשטייער פון דער ביאליסטאקער ציוניסטישער ארגאניזאציע ח. קרוגליאק, זעלעוויאנסקי און אנדערע, דאן האט די קאמוניסטישע חברה ארויפגעקראכן אויף דער בימה, אויף די אקסלען אויפגעהויבן דעם חבר אשערקען וועלכער האט גלייך אנגעהויבן א פייערדיקע רעדע מיט א קאמוניסטישן נוסח און פון אויבערשטן שטאק א ווו סאיז די עזרת - נשים האט מען פארווארפן דעם גאנצן בית - המדרש מיט קאמוניסטישע פראקלאמאציעס. אזוי האט דער רב געהאט נחת פון זיין זון, פיל מאל זיך משתדל געווען אין דער פאליציי כדי פארמיידן זיין ארעסט, ביי ענד אויסגעפועלט ביי זיין זון ער זאל פארלאזן פוילן. ער איז ארויסגעפארן אין איינע פון דרום אמעריקאנער לענדער און ווי מען האט גשמועסט האט ער דארטן געביטן זיינע פאליטישע אנשויהונגען.

איינע פון די גרעסטע געשעענישן אין יידישן לעבן פון דער שטאט איז געווען דאס ארייגלייגן אין חרם איינעם א ייד שטארק קאמוניסטיש געשטימט פאר אפזאגן מל צו זיין דאס געבוירענע קינד. דריי מאל האט הרב היילפרן ארויסגעשיקט דעם שמש צו דעם יידן אז ער זאל קומען צו אים אויף א ויכוח אבער דער ייד האט זיך אפגעזאגט אזוי ווי דער רב האט שפעטער דערציילט נישט געהאט קיין אנדער ברירה מיט טרערן אין די אויגן אנגעצונדן ליכט אויפגעעפנט דעם ארון - הקודש און מחרים געווען דעם יידן.

אין 1939 יאר ווען די נאצישע רוצחים האבן פארנומען די שטעטל און דארט געבאלעבאטעוועט 5 טעג דער נאך האבן די רוסן איבערגענומען לויטן אפמאך אונטער געשריבן פון מאלאטאווו און פאן - ריבענטראפ, האבן די דייטשן אין דער קורצער צייט גלייך באוויזן זייער רוצחישער צוגאנג צו דער יידישער באפעלקערונג דורך ראבירן יידישע קראמען און כוליגאנישע טאטן, שפעטער אריינגעטריבן א גרויסן צאל יידן אין דער רוסישער צערקווע וואס האט זיך געפונען אויפן מארק אין צענטער פון דער שטעטל און דארט פארשפארט און נישט ערלויבט איבער צו ווייזן וועלכע סאיז עסן צו זיי. דאן האט דער רב ר׳ ישראל היילפרן אנגעטאן זיין שבתדיקע קאפאטע און אוועק זיך משתדל זיין ביי דעם קאמענדאנט פון דער ארמיי, וואס האט ברחבות פארלייגט זיין קווארטיר אין דער נייער הויז פון יוסף שלאכטער אין קאסציעלנער גאס, מיט א הייסע בקשה אז ער זאל באפרייען די יידן פארשפארטע אין דער רוסישער צערקווע. דער ענטפער פון דעם קאמענדאנט איז געווען א בייסיקער אז ער וויל נישט "שפרעכן צו א יודע" אבער ער וועט זיי ארויסלאזן, און אין א קורצער צייט ארום האט מען זיי באפרייט, סאיז אן ספק אז די אינטערווענציע פון רב האט גורם געווען די באפרייהונג פון די יידן.

נאך 5 טעג פון פיינלענע איבערלעבונגען פארלאזן די נאצישע רוצחים די וואשילקאווער טעריטאריע אין דער ריכטונג פון יוראווצער וועלדער און ביאליסטאק און ארום 7 אוונט פארט אריין די ערשטע רוסישע לימוזינע און אויף צומארגן איינהייטן פון דער רוסישער ארמיי ווו סווערט איינגעשטעלט די רוסישע מאכט און איינגעגלידערט אין דער ווייס - רוסישער סאציאליסטישער רעפובליק.

פון וואלקאוויסק זצ״ל.

פון אנהויב געווען א שותף צו א טארטאק מיט געדאליע בירגער וועלכער האט אפגעברענט און ביי דעם פארלארן דעם גאנצן קאפיטאל. אויף דער בקשה פון דער קהילה האט ער איבערגענומען דעם אמט פון ראבינער און שטעטל, ווייל דער אלטער ראבינער וועלוול דער לערער איז געווען שוואך אוואנסירט אין דער פוילישער שפראך אין פירן די עווידענציע פון דער ידישער באפעלקערונג לויט די שטרענגע פאדערונגען פון דער פוילישער מאכט.

נאכן טויט פון דעם אלטן רב דער גרויסער גאון ר׳ רפאל גארדאן זצ״ל נעמט ער איבער די כסא הרבנות און אב״ד אין וואשילקאווע. רב ישראל היילפרן אויסער וואס א גרויסער למדן איז ער אויך געווען געזעלשאפטלעך זייער אקטיוו אין לעבן פון דער וואשילקאווע קהילה. א איבערגעגעבענער ציוניסט, פירער פון דער מזרחי באוועגונג און דער פארלייגער פון דער העברעאישער תחכמוני שול. א ערשטקלאסיקער ארגאניזאטאר אין מאביליזירן דער יידישער באפעלקערונג און ארגאניזאציעס לטובת אנצוהאלטן דעם המשך פון אונדזער פאלק און אקטיווזירן דעם אנטייל אין גאולת ישראל אלס א היים פון יידישן פאלק. ארויסטרעטן אויף פארזאמלונגען, פאלקס - מיטינגען און מיט דעם אקטיוויזירט דעם לעבן אין שטעטל. די רביצן מרים געבוירן אין 1881 יאר א אינטעלעגענטנע און שטילע פרוי געפירט א באשיידן לעבן, אנדערעש צו באצייכנען א ״יידישע מאמע״.

וואס אנבאלאנגט דעם רבי׳ס משפחה זענען אלע געווען ציוניסטיש געשטימט מיט איינגע פלאנצטע מידות פון אהבת ישראל, דער עלטסטער זון הרב יעקב היילפרן זצ״ל סמיכות לרבנות ערהאלטן אין ווארשע ע״י הרבנים הגאונים רבי שלמה דוד כהנא און יחזקאל מיכלסון זצ״ל. ארויסגעפארן נאך ישראל געארבעט אין דער עיריה פון תל - אביב אלס לייטער פון רעליגיעזן דעפארטמענט. די טאכטער פייגל איינע פון די שענסטע מיידלעך אין וואשילקאווע האט חתונה געהאט פאר א באקאנטן בוכהאלטער און ארויסגעפארן מיט דער משפחה אויך נאך ישראל. דער יונגסטער זון צבי ע״ה (הערשעלע) אלס א חלוץ נאך דורכמאכן די הכשרה אין קיבוץ אסטראוו - מאזאוויעצק פארט ארויס נאך ישראל אין 1936 יאר. (וועגן זיין לעבן און טעטיקייט געווידמעט אין א באזונדערע באשרייבונג) דער זון משה (מיישהלע) א ציוניסטישער עסקן מיט צוויי יאר יינגער פון זיין שוועסטער פייגל אומגעבראכט מיט זיין גאנצער משפחה דורך די נאצישע מערדער. דער זון שמאול לערער אין דער העברעאישער ״יבנה - שול״ איינער פון די אקטיווסטע מיטגלידער אין ציוניסטישער באוועגונג אין וואשילקאווע ווי אויך יושב ראש פון קרן קימת לישראל קאמיטעט: אנטייל גענומען אין ארגאניזירן די יערלעכע חנוכה באזארן, ל״ג בעומר פייערונגען און אנדערע געזעלשאפטלעכע אקציעס. די גאנצע רבי׳ס פאמיליע האט פארנומען א בכבודיקן פלאץ אין דעם לעבן פון דער שטאט בכלל און אין דער ציוניסטישער באוועגונג בפרט מיט טיף רעספעקט פאר די נאציאנאלע אידענטיקייט פון יידישן פאלק. אין פולקאמער געגנזאץ צו די אנשויהונגען פון רבי׳ס פאמיליע איז געווען דער רבי׳ס זון אשר וואס איז



דער לעצטער רב, ר׳ ישראל היילפרן זצ״ל
The last Rabbi, Rabbi Israel Halpern

געוועזן דער פירער פון דער קאמוניסטישער פארטיי אויף דער יידישער גאס, כאטש די קאמוניסטישע פארטיי איז געווען אומלעגאל אין שטאט האט זי דאך געפירט פארשידענע טעטיקייטן צווישן אנדערע אין שטערן און אויפרייסן מיטינגען, פאלקס - פארזאמלונגען ארגאניזירט פון דער ציוניסטישער באוועגונג מיטן צוועק נישט צודערלאזן די פארשפרייטונג פון די ציוניסטישע אידעאלן.

אויף איינעם א פאלקס מיטינג געווידמעט די באלפור דעקלאראציע איינגעארדנט פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין גרויסן בית - המדרש, אווו א גרויסער עולם האט געקומען אויסהערן די דרשות פון הרב הייލפרן, דעם פארשטייער פון דער ביאליסטאקער ציוניסטישער ארגאניזאציע ח. קרוגליאק, זעלעוויאנסקי און אנדערע, דאן האט די קאמוניסטישע חברה ארויפגעקראכן אויף דער בימה, אויף די אקסלען אויפגעהויבן דעם חבר אשערקען וועלכער האט גלייך אנגעהויבן א פייערדיקע רעדע מיט א קאמוניסטישן נוסח און פון אויבערשטן שטאק א ווו סאיז די עזרת - נשים האט מען פארווארפן דעם גאנצן בית - המדרש מיט קאמוניסטישע פראקלאמאציעס. אזוי האט דער רב געהאט נחת פון זיין זון, פיל מאל זיך משתדל געווען אין דער פאליציי כדי פארמיידן זיין ארעסט, ביי ענד אויסגעפועלט ביי זיין זון ער זאל פארלאזן פוילן. ער איז ארויסגעפארן אין איינע פון דרום אמעריקאנער לענדער און ווי מען האט גשמועסט האט ער דארטן געביטן זיינע פאליטישע אנשויהונגען.

איינע פון די גרעסטע געשעענישן אין יידישן לעבן פון דער שטאט איז געווען דאס אריינלייגן אין חרם איינעם א ייד שטארק קאמוניסטיש געשטימט פאר אפזאגן מל צו זיין דאס געבוירענע קינד. דריי מאל האט הרב היילפרן ארויסגעשיקט דעם שמש צו דעם יידן אז ער זאל קומען צו אים אויף א ויכוח אבער דער ייד האט זיך אפגעזאגט אזוי ווי דער רב האט שפעטער דערציילט נישט געהאט קיין אנדער ברירה מיט טרערן אין די אויגן אנגעצונדן ליכט אויפגעעפנט דעם ארון - הקודש און מחרים געווען דעם יידן.

אין 1939 יאר ווען די נאצישע רוצחים האבן פארנומען די שטעטל און דארט געבאלעבאטעוועט 5 טעג דער נאך האבן די רוסן איבערגענומען לויטן אפמאך אונטער געשריבן פון מאלאטאוון און פאן - ריבענטראפ, האבן די דייטשן אין דער קורצער צייט גלייך באוויזן זייער רוצחישער צוגאנג צו דער יידישער באפעלקערונג דורך ראבירן יידישע קראמען און כוליגאנישע טאטן, שפעטער אריינגעטריבן א גרויסן צאל יידן אין דער רוסישער צערקווע וואס האט זיך געפונען אויפן מארק אין צענטער פון דער שטעטל און דארט פארשפארט און נישט ערלויבט איבער צו ווייזן וועלכע סאיז עסן צו זיי. דאן האט דער רב ר׳ ישראל היילפרן אנגעטאן זיין שבתדיקע קאפאטע און אוועק זיך משתדל זיין ביי דעם קאמענדאנט פון דער ארמיי, וואס האט ברחבות פארלייגט זיין קווארטיר אין דער נייער הויז פון יוסף שלאכטער אין קאסציעלנער גאס, מיט א הייסע בקשה אז ער זאל באפרייען די יידן פארשפארטע אין דער רוסישער צערקווע. דער ענטפער פון דעם קאמענדאנט איז געווען א בייסיקער אז ער וויל נישט ״שפרעכן צו א יודע״ אבער ער וועט זיי ארויסלאזן, און אין א קורצער צייט ארום האט מען זיי באפרייט, סאיז אן ספק אז די אינטערווענציע פון רב האט גורם געווען די באפרייהונג פון די יידן.

נאך 5 טעג פון פיינלענע איבערלעבונגען פארלאזן די נאצישע רוצחים די וואשילקאווער טעריטאריע אין דער ריכטונג פון יוראווצער וועלדער און ביאליסטאק און ארום 7 אוונט פארט אריין די ערשטע רוסישע לימוזינע און אויף צומארגן איינהייטן פון דער רוסישער ארמיי ווו סווערט איינגעשטעלט די רוסישע מאכט און איינגעגלידערט אין דער ווייס - רוסישער סאציאליסטישער רעפובליק.

פארשידענע באלוסטראטן, טויערן, ארנאמענטאלע ארבעט, וואסער - לייטונג און אנדערע. זיי האבן געהאט 5 זין זלמען, חיים, בערל, איזאק, און מדרכי אנדערש גערופן מאטעלע. אלע געבוירן אין וואשילקאווע אין שמולקע דעם קצבס גאס, כאטש שרה גיטל האט שטארק געוואלט א טאכטער לייד- ער נישט מצליח געווען. אין צו זאמענ- האנג מיט דער אנטוויקלונג פון דער אינ - דוסטרי, נייע מאשינען גע - ביידעס און פאבריקן איז אויך פראפאר- ציאנעל געוו - אקסן די בא- דערפעניש פון נייע קוואלי - פיצירטע ארבע -טער ספעציעל אין שלאסעריי, אויסצופירן די אנגענומענע באשטעלונגען. דאס האט דערפירט אז ר' יוסף האט אנגעהויבן אר -בעטן לענגערע שעהן און נישט אלעמאל געווען אומשטאנד צו קומען יעדן פרייטאג צוריק א היים נאך וואשילקאווע צו זיין פאמיליע אויף שבת (ארום 7 קלמ. וועג). שוין אפגערעדט פון א טאג - טעגלעכן צוריקער א היים נאך א שווערן טאג ארבעט. פון דער צווייטער זייט האבן די קינדער אונטערגעוואקסן, אנגעהויבן זיך לערנען אין די שולעס און סהאט זיך געפאדערט א שטארקע האנט א טאטנס האנט אויף אנצוהאלטן דיסציפלין איבער די 5 גרויסע יינגלעך, פאר דער מא - מען אליין איז דאס געווען א שווערע אויפ - גאבע, און סאיז בא - שלאסן גע - ווארן איבער צוקלייבן נאך ביאליסטאק און אין 1930 יאר באזעצן זיי זיך אין ביאליסטאק אויף 23 סוכע גאס פיאס - קעס אין בא - צערס מויער.

אין בעקעריי וואס האט זיך גע - פונען אין בא - צערס מויער פלעגט מען שבתים און יום - טובים מאכן א מנין, דער בעסטער בעל תפילה איז געווען פארעכנט ר' יוסף (יאסל) ספעקטאר געהאט א גוטע שטימע און א נייגונג צו נגינה. אזוי

CONGREGATION ANSHEI SHOLOM

*Invites You to Enjoy an Evening of*

**WHOLESOME and WONDERFUL JEWISH MUSIC**

*with*

**CANTOR MORDECAI SPEKTOR**

ACCOMPANIED BY DOROTHY GOLDBERG ON PIANO

*An Experience You Will Never Forget!*

A Program Consisting of
CANTORIAL, HEBREW, YIDDISH, AMERICAN.
ROMANCE and HUMOROUS SELECTIONS

SUNDAY EVEBUBG, MARCH 23, 1966
AT 7.30 O'CLOCK
at CONGREGATION ANSHEI SHOLOM

אויך די קינדער דער איצטיקער חזן מדרכי, זיין ברודער איזאַק (יצחק) און ספּעציעל חיים וואָס האָט פיל מאָל סאָלאָ געזונגען אין דער ביאַליסטאָקער גרויסער שוהל, און אַלע זענען געווען דאָרט משוררים אונטער דער לייטונג פון כאָר דירעגענט פנחס שווארץ ע״ה.

די גאַנצע פאַמיליע ספּעקטאָר איז אומגעקומען אַ טייל פאַרברענט אין דער גרויסער שוהל, ווען די נאַציס האָבן דאָרט פאַרשפּאַרט די יידן און אונטער געצונדן, אַ צווייטע טייל פון דער פאַמיליע איז אומגעקומען אין דעם בונקער וואָס זיי האָבן אויסגעגראָבן אונטער דער הויז אַ וווּ זיי האָבן געוואוינט.

ווען היטלער מיט זיין אַרמיי האָט אַטאַקירט דעם פריהערדיקן שותף סטאַלינען אין יוני 1941 יאָר, האָט זיך מרדכי ספּעקטאָר געפונען אין מינסק די הויפּט שטאָט פון ווייסרולאַנד אין דער דאָרטיקער קאָנסערוואַטאָריום, און אַדאַנק דעם זיך געראַטעוועט פון דעם האָלאָקאָוסט, דורכגעמאַכט אַ שווערן און לאַנגן וועג אין אַנטלויפן פון די אַטאַקירנדיקע און אוואַנסירנדיקע נאַצישער אַרמיי אויך אַרעסטירט פון די רוסן און פאַרשיקט אין אַ אַרבעטס - לאַגער מיט אַ 10 יאָריקן אורטייל נישט ווייסנדיק פאַרוואָס. נאָר אַ דאַנק זיין געבענטש - טער שטימע איז אים געלונגען איבערצולעבן די שווערע גרוילעכע יאָרן.

אין 1948 איז מרדכי ספּעקטאָר צוריק געקומען נאָך ביאַליסטאָק און וואַשילקאָווע . פון דער גאַנצער משפחה איז קיינער נישט פאַרבליבן, אין וואַשילקאָווע אין די הייזער פון פאָטערס און מוטערס צד, זיידעס, באָבעס, מומעס, פעטערס זענען פאַרנומען געוואָרן פון אַרטיקע פּאָליאַקן וואָס האָבן נישט גערן געקוקט אויף צוריקגעקומענע יידן. אין 1949 יאָר ווערט ספּעקטאָר אַ מיטגליד פון דעם יידישן מלוכה - טעאַטער אין וואַרשע, וואָס איז געווען אונטער דער אָנפירעשאַפט פון דער באַרימטער קינסטלערן אידא קאַמינסקא.

אין 1951 האָט ער חתונה געהאַט מיט מרים סאַנדלער, אַ זינגערן, מיט וועמען ער איז אין 1957 יאָר אַוועקגעפאָרן נאָך ישראל. נאָך אַ גרויסן און דערפאָלגרייכן טור פון קאָנצערטן אין ישראל, פראַנקרייך, בעלגיע און אַנדערע ערטער, ווערן זיי אין 1960 יאָר אַנגאַזשירט אין דעם יידישן טעאַטער ״מיטרע״ אין בוענאָס - איירעס אַרגענטינא ווי אויך אורוגוויי. אין 1962 קומט ער אָן מיט זיין פרוי נאָך אַמעריקע. זיין ערשטער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין דעם גרויסן אודיטאָריום פון ביאַליסטאָקער צענטער אין ניו - יאָרק אָרגאַניזירט דורך איסאַק ריבאַלאָווסקי, דאַן פירער פון קלוב ״ביאַליסטאָקער פריינד״. דער נאָך האָט מרדכי מיט דער פרוי אָרויסגעטראָטן אין מעדיסאָן סקווער - גאַרדען פאַר אַ גרויסן עולם איבער 20,000 מענטשן.

ענדלעך אין 1963 יאָר ערפילט ער די לאַנג יאָריקע טרוימען און פאַמיליע טראַדיציע, צו ווערן אַ שליח ציבור און ווערט אַ חזן. אַזוי איז דער וואַשילקאָווער געבוירענער מאָטעלע ספּעקטאָר, געוואָרן איינער פון די בעסטע און גרעסטע חזנים אין אַמעריקע און דער וועלט, וואָס איז אַ גרויסער כבוד פאַר אונדזער שטאָט וואַשילקאָווע און פאַר אַלע וואַשילקאָווער יידן אויף דער גאַנצער וועלט.

## בעלי - תפילות און תורה מענטשן

פון אונדזער יידישער געשיכטע ווייסן מיר אַז יידן זענען אַ עם - ספר אין לערנען און שטודירן אין אַלע צווייגן פון קולטור, ליטעראַטור, פילאָזאָפיע וויסנשאַפט און אַנדערע לערעס, אָבער וואָס אָנבאַלאַנגט אונדזער תורת משה דאָס איז געווען אַ טאָג טעגלעכע שפּייזונג אין דעם לעבן פון אַ ייד.

וואָס מכוח בעל תפילות דאָס איז שוין געווען אַ שוואַכקייט פון יידן זיך שפּאַרן צום עמוד צו באַווייזן דעם קהל וויפל אים פעלט.. צו זיין אַ בעל תפילה, אין פיל פאַלן וואָלט מען געקענט צו פּאַסן דעם אַלטן זאָג. ״רבונו של עולם האָלט מיר נאָר

דאס שטריקל, דרייען וועל איך שוין אליין". אבער דאך זענען אין וואשילקאווע געווען גוטע בעל - תפילות אז יידן בשעת איבערכאפן א שמועס אויפן שולהויף פלעגן שוין געניער א דורך דיסקוטירן די מעלות און חסרונות פון יעדן בעל תפילה און פיל יידן פלעגן זיך טאקע איבערכאפן פון איין בית - המדרש צום צווייטן אבי צוהערן א גוטן בעל - תפילה און האבן א גייסטיקע הנאה.

די בעל - תפילות אין וואשילקאווע זענען אין מערסטנס פאלן געווען איינגעגלידערט אין די בתי מדרשים ווו זיי האבן געדאוונט, אלע בתי - תפילות האבן זיך געפונען אויף דעם אזוי גערופענעם שולהויף: די גרויסע שול דער גרויסער בית מדרש, דער קליינער בית מדרש און דער "חי אדם" בית המדרש. אויסער דעם א מנין אין ברוך שלמהס ספעקטארס הויז, ביי דער זייט פון זיין סטאלארניע ווו ספלעגט דאוונען דער אלטער רב. סאיז פון דורות איינגעשטעלט געווארן אז א בעל תפילה פון גרויסן בית מדרש איז חס וחלילה נישט געגאנגען דאוונען פארן עמוד אין דער שול אדער קליין בית מדרש ווי אויך פארקערט פון קליין בית מדרש צו גרויסן און אזוי ווייטער.

פון די בעסטע בעל תפילות וואלט מען געדארפט דערמאנען אברהמעקע באטלאי פון דער גרויסער שול וואס איז אויך א לענגערע צייט געווען ראש פון דער חברה - קדישא, אשטארק פאפולערער בעל תפילה און בעל קריאה אין גרויסן בית מדרש איז געווען ר' טעוול קאמען סאיז טאקע געווען א עונג רוח צו הערן זיינע תפילות, אבער פאר דערפאר געפאדערט פון עולם צו זיין שטיל און נישט טומלען בעת זיין דאוונען און אפטן פאטשן אין סטענדער

מען זאל הארכן. נישט קיין שלעכטער בעל תפילה איז געווען איטשע שטאבינסקי דער שמיד פון אונטערן שטאט, געדאוונט אין קליין בית מדרש א שנעלער בעל תפילה און פון די ערשטע פארענדיקן דעם דאוונען. איטשקע פערלשטיין דער קצב, ארהן שפירה דער שמיד פון אונטערן שטאט געווען די בעלי תפילות אין "חי אדם" פון אנדערע בעל תפילות איז נויטיק צו דערמאנען בערל יעקב משהס דעם שמשס איידעם, שיעה דער קוואסניק, נפתלי כהן, שייקע פאליאק (שייטשוק), שמאול באטלאי, יאסל יאנקל גישעס, שמואל סאריעס, חיים באכראך, הערשקע פאלאפישקעס, שמעון דער שיינקער, כאנע ווייס כאטש א טויבער אבער אגוטער בעל תפילה און בעל קריאה, שמאול - יאסקע שפירה, זיידקע שווארץ, ארקע דער מלמד, מאטיע ווייס וואס איז אויך געווען שמש אין חיי אדם.

די בעל תפילות, בעל קריאות זענען געווען מענטשן פון יודעי ספר בעלי תורה און אקטיווע אנטיילנעמער אין חברות וואס האבן צווישן מנחה און מעריב ביי לאנגע טישן אין די בתי מדרשים געלערנט א בלאט גמרא, תלמוד ירושלמי הלכה און אנדערע, נישט פארגעסן דעם תמצית אז על שלשה דברים העולם עומד: על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים. אויסגעפירט בשלמות זייער תפקיד אין דער חברה קדישא און אנדערע פילעטראפישע אינסטיטוציעס. עס איז ווערט צו דערמאנען אז סאיז געווען צייטן אז אין גרויסן בית המדרש האט מען געלערנט תורה אזש ביי 3 באזונדערע טישן אזוי האבן וואשילקאווער יידן - לומדים אנגעהאלטן דעם זאג "תלמוד תורה כנגד כולם".

# מיין שטעטל וואשליקאווע

## פון רבקה פערלשטיין - לאסמאן

אונדזער שטעטל וואשילקאווע איז א פארשטאט פון דער יידישער שטאט ביאליס - טאק וואס איז געווען איינע פון די שענסטע יידישע שטעט אין פוילן. ביי אריינפארן אין וואשילקאווע האט מען געדארפט דורכפארן צוויי לאנגע הילצערנע בריקן איבער דעם גרויסן טייך "סופראסל", וואס אין זיין לויף איז אריינגעפאלן אין דעם טייך "נארעוו". ביים זייט פון טייך איז געווען א טארטאק וואס האט אין די לעצטע יארן געהערט צו מיישקע זאדוואראנסקי, דארטן האט מען געשניטן די בוימער (קלעצער) אויף ברעטער, בעלקעס און האלץ, וואס מען פלעגט איבערשיקן מיטן וואסער אין אנדערע פלעצער.

איך געדענק וואשילקאווע פון די אמאליקע יארן, א שטעטל ריין און ציכטיק ארומגערינגלט מיט גרינע פעלדער, בערג, גערטענער מיט בלומען פון שמעקעדיקע ראזעס, פרימולעס, טולפאנען, ליליעס און קינדער גייען שפאצירן און פארברענגען א גאנצן טאג ביז די זון איז פארגאנגען און זיך באהאלטן אונטער די שפיצן פון די הויכע שלאנקע סאסנעס, וואס האט געשמעקט מיט וואלד און זשיוויצע.

דער צענטער פון שטעטל איז געווען באוואינט פון יידן וואס האבן געפירט זייערע געשעפטן, און אויך בעל - מלאכעס, רימערס און אנדערע. אויסער דעם א צאל קצבים, בעקערס, בעל עגלות און א גרויסע צאל לוינקעטניקעס.



די שוועסטערס פערלשטיין אין ישראל פון לינקס; שרה, רבקה מיטן מאן, חנה מיטן מאן.

אין וואשילק-אווע איז אויך געווען 4 גרויסע טעקסטיל פא - בריקן אלע געהערט צו יידישע פאבריקאנטן ווי טרילינגס, אלעשקא - ווסקי, פארעצקי און לונסקי, אין די פאבריקן האבן געארבעט א גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט.

אין וואשיל - קאווע אויפן שולהויף האט זיך געפונען די גרויסע הילצערנע שול מיט א שינדל דאך און אלט סטילישע געזימסן, דער גרויסער בית - המדרש, דער קליינער בית - המדרש און א חסידים שטיבל גערופן "חיי אדם". מיין פאטער עיה גבאי אין בית - המדרש, אזוי ווי ער איז געווען א האלץ סוחר האט ער געגעבן א גאנצן ווינטער האלץ צו הייצן, אז יידן זאל נישט זיין קאלט צו לערנען תורה. ווען א ארימאן איז געקומען פון דער פרעמד אין שטעטל אריין אויף שבת און מען האט געקענט דורך אים מקיים זיין די מיצווה פון הכנסת - אורחים, פלעגט מיין פאטער (איסער פערלשטיין עיה) פרייטאג נאכן דאוונען מיטברענגען מיט זיך אמאל א ישיבה - בחור, אמאל א ארימען. דער אורח פלעגט ווערן באדינט נישט ערגער ווי מען באדינט א קייסער, און נאך מיטגעבן אויפן וועג פון די שענסטע און בעסטע. עס איז אויך געווען איו אונדזער שטעטל א לינת - חולים וואס מיין פאטער עיה איז געווען דער גאנצער פירער, און

נישט איינמאל שפעט ביי נאכט אין די גרעסטע פרעסט פלעגט מען קלאפן ביי אונדז אין טיר און פענצטער, אז דער פאטער זאל ברענגען א דאקטאר צו איינעם וואס האט זיך גענויטיקט אין הילף.

עס איז אויך געווען א גמילת - חסדים קאסע וואס איר ציל איז געווען צו העלפן מאטעריעליש יידן וואס האבן זיך געפונען אין נויט ווי אויך אין אומגליקס - פאלן.

איך געדענק אויך אז ביי אונדז אין שטוב האט זיך געגרינדעט די ציוניסטישע ארגאניזאציע, מיין עלסטער ברודער לייבל ע״ה און מיין שוועסטער שרה זאל זיין געזונט זענען געווען די גרעסטע טוער פארן קרן קימת לישראל און מען האט געשאפן פיל געלט לטובת בויהען א ידישע היים אין ארץ ישראל. ביי אונדז אין שטוב איז געווען א אפענע טיר און אימער געווען פארשידענע מענטשן ספעציעל פרעמדע ווי שלוחים, עסקנים מיט געזעלשאפטלעכע פראבלעמען און אויפגאבעס. סאיז אויך ביי אונדז געווען א גרויסע משפחה און טאקע א פריילעכע משפחה, מיין ברודער דוד ע״ה האט געשפילט זייער שיין פידל און אין שטוב האט זיך געפונען אלע סארטן מוזיקאלישע אינסטרומענטן, פידלען, גיטארעס, באלאלייקעס ווייל אלע קינדער האבן געשפילט. מען האט אויך געקויפט א פיאנע שפעטער ווען מיר האבן אויפגעעפנט דעם קינא האבן מיר געהאט אויך א אייגענעם ארקעסטער פון מיינע שוועסטערס, חנה האט אנגעפירט מיט די מוזיק.

א חוץ ציוניסטן זענען אויך געווען אין וואשילקאווע א בונד און קאמוניסטן. די בונדישע ארגאניזאציע האט געפירט א טעטיקע ארבעט, זיי האבן (מיט דער הילף פון קאמוניסטן) אנגעפירט מיט דער יידישער פאלקס - שולע, וואס האבן זיך געלערנט פיל קינדער. איך האב זיך געלערנט אין דער שולע, און אלץ וואס מיינע חושים האבן באנומען האב איך איינגעזאפט אין די פריסטע קינדער יארן. די דאזיקע זכרונות לעבן נאך ביי מיר ביז היינטיקן טאג, הגם צענטליקער יארן זענען פארביי - געלאפן זינג איך נאך די אלע לידער פון שולע, מיט די פרעכטיקע ווערטער וואס גיט שטאלץ, ליבשאפט, צו דער נאטור צו ארבעט און מענטשן.

חרוב און פארוויסט איז יעצט וואשילקאווע, נישט געקוקט וואס די שטאט איז כמעט אומבארירט פון די קריגס אפעראציעס. די הייזער די פלעצער דער שטאט גארטן זענען פארבליבן אויף זייערע ערטער אומבאשעדיקטע. דאך איז וואשילקאווע אונדזער וואשילקאווע, דאס שיינע יידישע שטעטל, וואס האט שטאלצירט מיט איר שיינער יידישער יוגנט מיט אירע שיינע אינסטיטוציעס, ארגאניזאציעס מיט אירע הארציקע יידישע מענטשן, האט געטיילט דעם זעלבן גרוילעכן גורל ווי אלע אנדערע גרויסע און קלענערע שטעט אין פוילן.

בעת דער לעצטער קאטאסטראפע זענען מיינע עלטערן, ברידער, שוועסטערס מיט זייערע משפחות וואס האבן דארט געלעבט, ליקווידירט און פארניכטעט געווארן מיט די גרויזאמסטע עינוים וואס דער טייוואלישער היטלעריזם האט צוגעטראכט און אויסגעפירט אין די אויגן פון דער ציוויליזירטער וועלט. פון דער גאנצער וואשילקאווע יידנטום זענען נאר פארבליבן די וואס האבן פאר דער צווייטער וועלט מלחמה אויסגעוואנדערט נאך אויסטראליע, אמעריקע ארגענטינע און די וואס האבן זיך באזעצט אין ארץ ישראל. דירעקט האט זיך פון דעם שרעקלעכן האלאקאוסט געראטעוועט בלויז 3 פערזאן פון אונדזער גרויסער שטעטל וואשילקאווע.

מיין הארציקע שטעטעלע איז ווי א ליכט אין דער פינסטערנעש וואס ווייזט אן דעם וואנדערדיקן יידן אין וועלכער ריכטונג ער דארף פארזעצן זיין וועג. די ליכט מיט איר בליץ און ווארעמקייט, האט מיר שטענדיק באגלייט אין מיין לעבנס - וועג און וועט אייביק פארבלייבן טיף אין מיין הארצן.

# די האלץ אינדוסטרי

די לאקאליזאציע פון וואשילקאווע ארום די טייכן "סופראסל" און "טשארני" און די ארומיקע וועלדער ווי; בוקשטעלער פושטשע, קנישינער וואלד מאסיוון, סופראסלער, האראדניאנקי און יוראווצער וועלדער האט גורם געווען די סוקצעפולע אנטוויקלונג פון דער האלץ אינדוסטרי אין וואשילקאווע.

עס איז ווערט צו דערמאנען אז די בוקשטעלער פושטשע איז געווען פארעכנט אלס איינע פון די פרעכטיקסטע פושטשעס צווישן פוילן און ליטע רייך אין פאונע פון חיות און פויגל, דער קעניג מיט ליטווישע פירשטן האבן אפטן דארט איינגעארדנט זייערע יאגדן.

אין באהאנדלען די האלץ אינדוסטרי און איר אנטוויקלונג מוז מען נעמען אין אכט, אז די באהייצונג אין ביאליסטאק, וואשילקאווע און דער גאנצער אומגעגנט איז געווען באזירט כמעט אויסשליסלעך אויף האלץ. די ערשטע דאמף מאשינען אלס א טרייב - קראפט ענערגיע איז אויך געווען באזירט אויף האלץ וואס מיט יארן שפעטער איז א טייל פון די דאמף מאשינען (פארוווקעס) איבערגעמאכט געווארן זיי זאלן קענען נוצן שטיין - קוילן. אזוי ארום ביז דער אנשטייהונג פון דער פוילישער מלוכה אין 1920 יאר איז האלץ געווען דער הויפט פראדוקט אין הייצן און ענערגיע.

אפילו נאך דער עלעטריפיקאציע איז האלץ ווייטער פארבליבן די הויפט מקורות צו פארזיכערן די נויטן פון דער באפעלקערונג און דער אינדוסטרי. די האלץ אינדוסטרי האט באשעפטיקט א גרויסן טייל פון דער באפעלקערונג, ספעציעל



ברידער יעקב און איצל כהן מיט זייערע משפחות (טארטאק אייגנטימערס).
A remarkable family the Kanes brothers.

פויערים אין די פארשידענע וואלד ארבעטן, ווי אראפלאזן בוימער, אפרייניקן פון די צווייגן, ארויספירן קלעצער צו די טארטאקן. ווי אויך צוגרייטן האלץ צו באהייצונג אין א מעטער לענגט און שפאלטן אין דער מיטל פאפולער גערופן "שטשאפעס" דער נאך אפשטעלן צום געברויכער. סאיז אויך אנשטאנען גרופן וואלד - ארבעטער וואס האט זיך א מיינסטן פארנומען אין צוגרייטן די האלץ צו באהייצונג.

פליסאקעס פלעגן אויך טרייבן קלעצער און צייטנווייז "שטשאפעס" מיטן וואסער צו די טארטאקן, מען מוז דא באמערקן אז אלע טארטאקן אין וואשילקאווע האבן זיך געפונען לענג - אויס דעם "סופראסלער" טייך. פאר קינדער איז דאס געווען א גוטע געלעגנהייט ביי באדן זיך, צו שטיפן אויף די טראטוועס, שפרינגען פון איין קלאץ צו א צווייטע וואס אויך געווען א גרויסע ריזיקע.

די האלץ פון די וועלדער פלעגט מען ארויספירן אין מערסטע פאלן ווינטער צייט, ווייל מיט שליטנס איז געווען פיל גרינגער, זיכערער ווי מיט וועגענער, קינדער ביי דער געלעגנהייט זיך אנהייגען אויף די קלעצער און האבן א פרייען "קוליק".

דער האלץ מסחר אין אלגעמיין האט זיך געפונען אין יידישע הענט, די יידישע האלץ - סוחרים האבן זיך פארנומען אין קויפן די האלץ, ארגאניזירן די צוגרייטונגען לויט די מאסן און אסארטמענט ווי אויך ארגאניזירן דעם טראנספארט אין דער געהעריקער צייט, ווייל די מעגלעכקייטן פון ארויספיר צייטנווייז שטארק באגרעניעצט צוליב דעם באדן (זומפן). געמוזט זיין אויך גוט באהאוונט אין די האלץ רעסורסעס און אין וועלכע טיילן, פון די וועלדער קען מען קריגן די געפאדערטע סארטן האלץ.

צו באהייצונג האט מען גענוצט אמיינסטן בזשאזע, סאסנע, אלכע, גראב אויך צייטנווייז דאמב און אנדערע. ווי סאיז פריער דערמאנט געווארן האט אין וואשילקאווע אפעריערט דריי טארטאקן דער גרעסטער ווי אויך דער עלטסטער טארטאק וועלכע האט אנגעהויבן איר פראדוקציע נאך פאר דער ערשטער וועלט מלחמה איז געווען ניימאנס טארטאק די אלטע ניימאניכע א נידעריקע מיט ווייסע האר האט נאך אין די לעצטע צוואנציקער יארן געלעבט און געוואינט אין דעם מויער אווו שפעטער נאך איר ארויספארן נאך ביאליסטאק האט זיך געפונען דער שטעטלשער מאגיסטראט. איר אייניקל די באקאנטע פילם סטאר נארא ניי האט אפאר מאל געקומען נאך וואשילקאווע צו באזוכן איר באבע. ניימאנס טארטאק איז געווען לאקאליזירט ביי דעם טייך אויף דער וועג וואס האט געפירט צו יורואווצע, ווי אויך נישט ווייט פון דער באן - ליניע א ווו סהאט זיך געפונען א פול - סטאנעק דאס הייסט א האלבע סטאציע פאר טאווארווע וואגאנען, וואס איז אויסגענוצט געווארן דורכן טארטאק אין ערהאלטן רויע האלץ און נאך דער פראדוקציע ווייטער עקספארטירן ביי דער באן.

דער צווייטער טארטאק דאס איז געווען כהנס -יענטשמעניק א שותפותדיקער פון איצל כהן מיט דער משפחה, יעקב כהן מיט דער משפחה און מיישקע יענטשמעניק מיט דער משפחה. דער דריטער טארטאק האט געהערט צו חיים זאדווארענסקי נאך זיין טויט האט דעם טארטאק געפירט זיין זון מיישקע וועלכע די רוסן האבן אים מיט דער משפחה אין 1940 יאר ארויסגעפירט טיף נאך רוסלאנד און דארט איבער געלעבט די צווייטע וועלט מלחמה, זיך אומגעקערט נאך דער מלחמה און דער נאך ארויסגעפארן מיט דער פאמיליע נאך ישראל געשטארבן 1983 יאר.

די לעצטע צוויי טארטאקן זיינען אויך לאקאליזירט געווען לייגג אויס דעם טייך "סופראסל" אויסער די דערמאנטע דריי טארטאקן האט זיך געפונען אין נאנטסטער אסאדע טשארנאוויעש, א גרויסער טארטאק וואס א חלק

האט באלאנגט צו דעם ייד פאקשיוויץ. מען האט אים גערופן דער יידישער גיבור זייער א שטארקער מענטש. האט אמאל אין דעם באקאנטן פוילישן "סטאניעוויסקי" צירק וועגעלייגט אויף די לאפאטקעס א פראפעסיאנעלן צירקישן אטלעט.

די טרייב קראפט פון די טארטאקן באזירט אויף דאמף - קעסלען געהייצט מיט פילינעס און אנדערע אפפאלן וואס זיינען געקומען פון די קאטערן - זעגן, פינטלזעגן, קרייץ זעגן, העבלארקעס און אנדערע. זייער א אלטער דאמף - קעסל האט זיך געפונען אין כהניס - יענטשמעניקס טארטאק וואס האט פאראורזאכט א פאר שרפות, אדאנק דעם וואס דער טארטאק האט זיך געפונען נאענט צו דעם טייך איז שנעל פארלאשן געווארן אן גרויסע שאדנס. אויסער די באהייצונג פון די הייזער, פאבריקן און אנדערע אונטערנעמונגען וואס האבן געניצט פיל האלץ מען דארף נישט פארגעסן אז די שווערסטע ווינטערן פון גאנץ פוילן איז געווען דער ראיאן פון ביאליסטאק און אירע צפונדיקע געגנטן.

בעקערייען וואס אין ביאליסטאק און אומגעגנט האט זיך געפונען א היפשע צאל האבן אויך געניצט א סאך האלץ זיי פלעגן נוצן א געמיש פון נארמאלע האלץ מיט 50 פראצענט פארשידענע לייסטן, ברעטער, ברעטלעך אין פארשידענע מאסן וועלכע זיינען אפגעפאלן ביי דער פראדוקציע אין די טארטאקן און פארקויפט ווי מען רופט דאס "אויפן פור" לויט דער גרויסקייט פון וואגן. אויך פיל האלץ האבן גענוצט די פריער דערמאנטע קאסטן מאכערס, ספעציעל ברעטער, לייסטן, דיקטן ווי אויך גרעבערע קאנטווקעס. וואס איז נויטיג צומאכן פארשידענע קאסטנס גענוצט ביי די פאבריקן, עקספארטערן אין פאקן און טראנספארטירן פארשידענע טעקסטיל סחורות צו אויסלענדישע און היגע מערק.

אויסער טעקסטיל האט מען אויך עקספארטירט גארבארישע אויסארבעטונג און אנדערע גוטס די שטעטל וואשילקאווע איז געווען איינע פון די גרעסטע צושטעלער אין אלע סארטן פאקונגען (הילצערנע). וואשילקאווע האט אויך פראדוצירט הילצערנע פראמען פאר אלע סארטן קאזעטן, סאפקעס דיוואנען און אנדערע, איבערוויזן צו ביאליסטאק ווו מען פלעגט זיי טאפיצירן מיט פארשידענע סחורות. לעדער אימיטיישן לעדער און אנדערע.

האלץ סוחרים אין וואשילקאווע האט זיך געפונען אין א גרויסער צאל און קיין וואונדער נישט ווייל ארבעט האט נישט געפעלט, אין די לעצטע יארן האבן די האלץ סוחרים זיך ספעציאליזירט און סעגרעגירט אויף סוחרים וואס האבן זיך פארנומען מיט צושטעלן האלץ צו די הייזער פאר באהייצונג, אנדערע פאר פאבריקן, פאר טארטאקן, מלוכישע אנשטאלטן און אז. וו.סאיז אויך געווען סוחרים וואס פלעגן קויפן האלץ אין מלוכישע וועלדער, ביי פארשידענע פריצים און דערנאך פארקויפן צו סוחרים נישט צו דעם געברויכער. סאיז אויך געווען אזעלכע וועלכע האבן זיך פארנומען אין קויפן האלץ אויפן "פיען" דאס הייסט נאך נישט אראפגעלאזטע און זיך פארנומען מיט דעם גאנצן פראצעדור פון אראפלאזן די ביימער, אפרייניקן, שניידן, ארויספירן און אז.וו.א טייל פון סוחרים זענען געווארן מומחים אין בראקירן, סארטירן, באשטימען די קאטעגאריעס פון די האלץ און צו וואס זיי זיינען אמבעסטן פאסיק.

פון די עלטערע האלץ סוחרים וועלכע האבן נאך פאר דער ערשטער וועלט מלחמה זיך פארנומען מיט דער האלץ אינדוסטרי זיינען געווען די פאמיליעס קאן, גאלדבערג, שמוקלער די ברידער בירגער גדאליע און זאלמען, וועלמל אין מאיר אינק-ער, בערל קאווענאקי שפעטער זיינען צוגעקומען גארפיין מיט צווי זין, די אינקערס, סאבאטניק, די כהנס, דוד גאטליב, משה מועד, זאלמען מועד, יאנקל הערצעקט, דוד שנייער אברהם קהן, די ברידער יענטשמעניק איסר לייבל און דוד פערלשטיין, בערל

מישקין, חיים מישקין ברוך לייב ספעקטאר און פיל אנדערע.

ווי סאיז צו זען איז די האלץ אינדוסטרי וועלכע האט זיך אנטוויקלט א דאנק די איניציאטיוו פון וואשילקאווער יידן האט געגעבן פרנסה פאר פיל יידן ווי אויך געשאפן באשעפטיקונג פאר זייער א גרויסן טייל נישט יידן.



מולקע שטאכיבסקי און פרוי בלומטשע
א פארגעשריטענע משפחה

# די טעקסטיל אינדוסטרי

אין באהאנדלען די אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי אין וואשילקאווע איז נויטיק צו פארצייכנען אז פון דער באגינונג איז געווען געבונדן מיט אלגעמיינער אנטוויקלונג פון דער טוך מאניפאקטורינג אין דער ארומיקער סביבה און ספעציעל געבונדן מיט דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי אין ביאליסטאק גופא. די אנדערע פאזיטיווע עלעמענטן זענען געווען; די לאקאלע מעגלעכקייטן צו פארזיכערן דעם דערפאלג פון דער אנטוויקלונג.

דער ערשטער עלעמענט איז געווען די לאקאליזאציע פון וואשילקאווע אויף דעם הויפט - שליאך פון קאמוניקאציע און פארבינדונג און זייער נאענט צו דעם צענטער פון דעם ראיאן ביאליסטאק (8 - 7 קלמ.). דער צווייטער שטארק פאזיטיווער עלעמענט איז געווען וואס אין וואשילקאווע און ארום ווי סוכאניע, ווארשילע האט זיך געפונען אין א גענוגענדיקער מאס וואסער צו פארזיכערן די טוך פאבריקאציע. מען מוז דא באמערקן אז די אפרעטורן מיט די פארבערייען האבן גענוצט א גרויסן סכום וואסער, אזוי אז דער טייך "סופראסל" און "טשארנא" זענען געווען די בעסטע רעסורסעס פאר א גוט ווייכן וואסער וואס אן איבערייס האבן געקענט צושטעלן.

צווישן די יארן 1800 - 1700 האט אין דער ווייטערדיקער פראווינץ סלאנים, גראדנע, טשעכאנאווצע און אנדערע שטעט אנגעהויבן צו אנטשטיין האנטשטולן אין וועבן ביליקע צייג, אין 1605 ווי די געשיכטע דערציילט איז שוין אין סלאנים ארגאניזירט געווארן א וועבער - צעך. ווען דער ביאליסטאקער געגנט איז אנעקסירט געווארן אין 1795 יאר דורך די דייטשן, האט דאן די פרייסישע רעגירונג זיך משתדל געווען איינצופירן ביי יידן און קריסטן די מלאכה פון וועבן לייוונט און שפינען פלאקס - גארן.

די רעגירונג האט איינגעפירט א פרעמיע - פלאן פאר די אויסגעארבעטע לייוונט, פאר 3 שטיק (14 ארשין א שטיק) האט אויסגעצאלט א פרעמיע פון 8 רייכסטאלער. זי האט אויך געצאלט 50 רייכס טאלער פאר אויסלערנען וועבן 2 לערן - ייגלעך פאר 3 לערן - יינגלעך 100 רייכס - טאלער. די דערמאנטע פרעמיעס האט אין א גרויסן מאס געהאלפן פארשפרייטן די מלאכה פון וועבן לייוונט. שפינען פלאקס און די וווקס פון האנט - שטולן אלס א באזע פון חיונה. אבער דאס איז נאך געווען ווייט פון טוך פאבריקאציע און א קאמפלעטנע טעקסטיל אינדוסטרי, ביאליסטאק זעלבסט האט נאך דאן געווען דער צענטער פון טיי - האנדל.

די וואשילקאווער באפעלקערונג האט נאך אין אנהויב פון 19 טן יארהונדערט געלעבט פון לאנד, האדעווען בהמות, מלאכה און האנדל; אויף 273 איינוואינער האט דאן אויסגעפאלן 570 בהמות, 599 שעפסן אבער שוין אין דער סטרוקטואלער אויספארשונג אין 1887 יאר האט שוין פון מלאכה, אינדוסטרי און האנדל געלעבט איבער 60% פון דער באפעלקערונג און נאר 7.5% פון לאנד.

דער גרויסער פוילישער אויפשטאנד אין 1830 יאר און דאס אנטשטייהונג פון דער אומאפהייניקער פוילישער קרוין (קרולעווסטווא פאלסקיעגא) האט געגעבן א שטויס אין דער ריכטונג פון אנטוויקלונג. אבער צו דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי וואס אזוי דינאמיש פארשפרייט, האט זיך אין א גרויס ביינעשטייערט די צאל - אמטן (קאמערע צעלנע אנדערש טאמאזשנע) וואס זענען אנשטאנען אויף די גרעניעצן.

אין 1832 יאר האט א דייטשישער פאבריקאנט וואס האט אויסגעוואנדערט פון פוילן (דאן אונטער דעם צאר) נאך דייטשלאנד, קומט צוריק נאך פוילן און עפנט אין סופראסלע א נישט גרויסע טוך - פאבריק.

די גרעסטע און וויכטיקסטע פאבריק איז אנטשטאנען אין 1840 יאר נעבן דער שטעטל כאראשטש, דער גרינדער א בעלגיער כריסטיאן אויגוסט מאעס, ער האט אויך געבראכט די ערשטע מעכאנישע וועבשטולן און שפעטער א דאמפמאשין אלס א טרייב - קראפט פון דער אנטוויקלטער גרויסער פאבריק.

אין דער יארן 1833 -1832 אנטשטייט אויך אין וואשילקאווע די ערשטע טוך - מאניפאקטור פון א געוויסן פערזאן מיטן נאמען פיעזעניכא אין וועלכן עס ארבעטן 25 פערזאן, אין 1843 יאר פארקלענערט זיך די צאל באשעפטיקטע צו 19 פערזאן און אין 1846 יאר צו 11 פערזאן. אין דעם זעלבן פעריאד פון דער אנטוויקלונג מערקט זיך א צופלוס פון מענטשן צו דעם ביאליסטאקער ראיאן אין דער צאל פון 2500 פערזאן, פון דעם קיין וואשילקאווע 34 פערזאן (16 מענער, 18 פרויען). וועגן דער צאל אנגעקומענע יידן און זייער באשעפטיקונג ווערט באשריבן אין "ווילענסקי - וועסטניק" (ווילנער נייעס) דער פולקאמער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי אין וואשילקאווע ווי אין דעם גאנצן ראיאן הויבט זיך אן 1860 יאר. עס איז נויטיק צו דערמאנען אז צו דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטרי האט זיך אין א גרויסן מאס באשטייערט די ניי - אויסגעבויטע באן ליניע אין 1862 יאר ווארשע - פעטערסבורג מיט א באן - סטאציע אין וואשילקאווע.

די ערשטע וואשילקאווער פאבריק געגרינדעט דורך א וואשילקאווער תושב איז אנשטאנען אין 1850 יאר דער גרינדער א ייד א בעל הבית און למדן רב' יעקב שלמה באראש ביי דעם סופראסלער טייך. זי האט אפגעברענט בעת דער גרויסער שרפה, נאך זיין טויט האט געפירט זיין זון פישל באראש שפעטער פארדונגען צו לעשגאלד - לונסקי, וועלכע האבן אויך פראדוצירט קונסט - וואל 2 זאצן.

אין 1870 יאר האט אין וואשילקאווע עקזעסטירט 6 טעקסטיל אונטערנעמונגען וואס געהערן צו; פיעזעניך, א שפירה, א וואלקאוויסקי, יעקב שלמה באראש, פעטער ליבכען און ש פרענקעל.

אין 1879 יאר האט אין וואשילקאווע פונקציאנירט;

- וועבעריי י באראש באשעפטיקט 26 ארבעטער
- שפינעריי ש באראש 10 ארבעטער
- וועבעריי ס הערשהארן 10 ארבעטער
- וועבעריי מ הירשהארן 10 ארבעטער
- יאווארסקי פארבעריי 3 ארבעטער
- שפינעריי ש קאמיענסקי 15 ארבעטער
- וועבעריי ס לעוו 14 ארבעטער
- וועבעריי מ לעוו 8 ארבעטער
- וועבעריי י ליטווין 9 ארבעטער
- וועבעריי י פאליאק 5 ארבעטער
- שפינעריי א שפירה 20 ארבעטער
- וועבעריי ש סירקין 9 ארבעטער

א קאמפלעטע פאבריק אין וואשילקאווע געגרינדעט אין 1880 יאר דורך ריבלייב הורוויץ געהאט אויך 20 האנדשטולן באשעפטיקט 40 ארבעטער.

פארעצקי - גאוועגסקי א קאמפלעטע פאבריק געגרינדעט אין 1888 יאר א וועבעריי און 4 זאצן באשעפטיקע 36 ארבעטער.

מר. פאוולאוויצקי א אפרעטור אין סוכאניע קאמינקא א קאמפלעטע פאבריק מיט 2 זאצן ישעיה משה כהנא א וועבעריי געגרינדעט אין 1890 יאר 6 האנדשטולן 10 ארבעטער

ברוך לייב שמוקלער וועבעריי 14 ארבעטער באכראך וועבעריי. בערל קאוויענאקי וועבעריי. ש לעוו וועבעריי. א לעווין וועבעריי. שאצקי וועבעריי. י באראש טוך - פאבריק. פ ליבכען שפינעריי. א שפירה שפינעריי.

אין 1895 יאר גרינדעט זילבערבלאט א אפרעטור אין פארבעריי אין ווארשילע באשעפטיקט 50 ארבעטער. אין די יארן 1907, 1910 קומען נישט פאר קיין גרויסע ענדערונגען. אין 1922

יאר ווערן די טעקסטיל פאבריקן פונאנדערגעבוייט און עס קומען צו נייע אייגנטימערס צווישן אנדערע איזיענשטאט; ברידער קרינסקי, לונסקי, קארוויאנסקי ב און אנדערע.

פון די אנגעגעבענע ציפערן פון דער צאל אנטשטאנענע טעקסטיל אונטערנעמונגען קען מען באמערקן אז די צאל באשעפטיקטע זענען געווען נישט קיין גרויסע אין די יארן 1860 ביז 1895. וואס אנבאלאנגט יידישע ארבעטער באשעפטיקט אין די טעקסטיל פאבריקן האט זיך פארגעשטעלט פאלגענדיק;

אין 1868 יאר האבן אין 4 וואשילקאווער פאבריקן געארבעט 130 יידישע ארבעטער,

אין 1871 יאר האבן אין 6 פאבריקן געארבעט 140 ארבעטער יידישע, יידן האבן אין גרעסטן טייל געארבעט אין די וועבערייען, ווייניקער אין די שפינערייען און נאך ווייניקער אין די אפרעטורן.

די טעקסטיל אינדוסטרי פון ביאליסטאק און פראווניץ לעבט איבער א שווערן עקאנאמישן קריזיס אין די יארן 1876 - 1872 ווו עס פארקלענערט זיך די פראדוקציע ווי אויך א גרויסער פאל אין דער צאל באשעפטיקטע. די הויפט סיבות פון דעם קריזיס איז געווען די קאנקורענציע פון לאדז און איר אומגעגנט ספעציעל אין וואלענע און האלב/וואלענע סחורות, צו דעם האט זיך אין א עפעקטיוון מאס ביי געשטייערט די עפענונג פון א באן - ליניע בריסק - מאסקווע אין 1871 יאר, און אין 1873 יאר די באן - ליניע בריסק - קיעוו. וואס האט זיי פארגרינגערט אין באהערשן דעם ווייסרוסישן און אוקראינישן מארק.

אין דעם פעריאד פון דעם קריזיס וואס צייטנווייז מיט סעזאנישע פארלייכטערונגען האט געדויערט ביז 1897 יאר, האט זיך אויך געמערקט א באהערשונג פון די גרעסערע פאבריקן די קלענערע פאבריקלעך, די צייט איז געווען פול מיט שטרייקן און אומרוהיקייטן אין דער גאנצער אינדוסטרי. עס אנשטייט אויך א הילפס - קאמיטעט (אלע דאקומענטן פון דעם קאמיטעט האט זיך אפגעפונען ביי דעם איינוואינער מאטעהוש גאדלעווסקי)

אין פרילינג 1897 יאר האט צוריק אויפגעלעבט די גאנצע טעקסטיל אינדוסטרי אין ביאליסטאקער ראיאן, עס וואקסט די פראדוקציע ווי אויך די צאל באשעפטיקטע וואס האט גורם געווען די אנטוויקלונג פון אנדערע צווייגן אין דער עקאנאמיע. אין 1923 יאר האט אסוואלד טרילינג (וואס זיין פאטער ישראל האט געשטאמט פון אונטער סוואלק) אויפגעבויט אין וואשילקאווע א גרויסע פאבריק א נייע אפרעטור, פארבעריי, א פאבריק פאר קונסט - וואל און באשעפטיקט איבער 500 ארבעטער.

אנדערע היסטארישע אספעקטן געבונדן מיט דער טעקסטיל אינדוסטרי איז נויטיק צו פארצייכנען, אז אין דער פונאנדערבוי פון דער טעקסטיל אינדוסטרי האבן זיך פון אנפאנג אויך גענומען פארשידענע פריצים און אדל - לייט, ווייל זיי האבן פארמאגט אייגן האלץ (וועלדער) צו בויען פאבריקן. אייגענע וואל פון זייער שאף, ווי אויך ביליקע ארבעטס הענט פון זייערע האלב פאנשטשיזנאניע פויערם.

די ערשטע צו עפענען אזעלכע פאבריקן זענען געווען: אלעקסאנדער סאפיעהא. וואיטשאך פאסלאווסקי, דער גראדנער סטארסטא אנטאן טיזענהויז, פאטאצקי און אנדערע אין א קורצע צייט ארום איז א באדייטנטער טייל איבערגעגאנגען אין יידישע הענט די סיבות גאנץ פשוטע, ערשטנס זיי זענען נישט געווען קיין ביזנעס - לייט צווייטנס ליב געהאט א גוטן רייכן לוקסוס לעבן און מער געזעסן און פארבראכט אין אויסלאנד ווי אין די אייגענע גיטער.

א דאנק דער איניציאטיוו פון די יידן האט זיך די טעקסטיל אינדוסטרי שנעל אנטוויקלט, געווארן קאנקורענץ פייאיק אויפן היימישן און אויסלענדישן מארק. מען דארף האבן אין זינען די אלגעמיינע קאפיטאליסטישע אנטוויקלונג אין

רוסלאנד האט גורם געווען, דאס באפרייהונג דעם פויער פון לייבאייגנטום, שטעט האבן גיכער געוואקסן ווי אויך די קויף קראפט פון דער באפעלקערונג.

די יידישע פאבריקאנטן און סוחרים האבן פערפעקטלעך פארשטאנען, אז מען דארף פראדוצירן א שיינעם טוך אין א ביליקן צו גיינגלעכן פרייז. מען האט געוועבט די זעלבע מוסטערן וואס די דייטשן האבן פראדוצירט אבער, פון נידעריקע קוואליטעטן און ממילא פאר ביליקער פרייזן.

די סחורות און דער פרייז איז געווען צוגעפאסט צו די ברייטע פאלקס - מאסן און זייער שנעל ערהאבערט היימישע און אויסלענדישע מערק.

די אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי אין וואשילקאווע ווי עס דרינגט ארויס, איז געווען א לאנגע וועג מיט פארשידענע פעריאדן בעסערע און ערגערע ביז זיי האט זיך אויסגעקריסטאליזירט און אנטוויקלט אלס א עקזיסטענץ באזע פאר א גרויסן טייל פון וואשילקאווער ישוב. אין דער שטארק פארקורצטער באשרייבונג פון דער טעקסטיל אינדוסטרי האב איך ארויסגעלאזט:

- די ארבעטס באדינגונגען, די צייט פון ארבעטס - טאג, וואס האט זיך אנגהויבן פון 16 שעה.

- די לוינען וואס אין 1885 יאר געווען 7 - 5 רובל א וואך, פרויען פון 1.5 ביז 2 רובל א וואך אין דעם זעלבן פעריאד.

ביי דער זייט פון די פאבריקן האט זיך פאראלעל אנגעהויבן אנטוויקלען לוינקעטניקעריי, אזא מין סארט האנטווערקעריי וואס איז באשטאנען פון משפחות וועלכע האבן איינגעקויפט איין אדער צוויי וועבשטולן, גרעסערע און רייכערע פאמיליעס אפילו 4 - 3 וועבשטולן אריינשטעלן ביי זיך אין אין הויז אין אפגעלאזענע צימערן, שפייכלערס, שטיבלעך אדער צ:געבויטע פאבריקלעך. ארויסנעמען ארבעט פון גרעסערע און קלענערע פאבריקאנטן, אין פארם פון שפולן מיט גארן, שוס און לוין - קעטעס און געוועבט לויט דעם מוסטער וועלכע די פאבריקאנטן האבן פארלאנגט. די פארטיקע סחורות אין פארם פון טוך - שטיקער (דורכשניטלעך 25 מטר. לאנג אפשטעלן צו די פאבריקאנטן וואס האט זיי די ארבעט ארויסגעגבן (עס איז ווערט צו דערמאנען אז אלע לוינקעטניקעס פון עלטערן דור האבן נאך אנגעהויבן זייער קאריערע אויף די האנט - וועבשטולן).

די פארדינסטן פון די לוינקעטניקעס אויף זייערע וועבשטולן נישט קיין גרויסע אבער א דאנק די לאנגע ארבעטס שעהן פון אינדערפרי ביז שפעט אין אוונט, האט געגעבן די פאמיליעס אדורכשניטלעכן באלוינונג אז מען האט געקענט





אווראמל לאשיצקי (ישראל דעם שמידס) און טאכטער אין ארגענטינע
Abram Losicki and daughter at work - Buenos Aires, Argentina

מאכן א לעבן און צייטנווייז אפשר אויך עפעס אפשפארן. אין 1936 יאר האט זיך אין וואשילקאוויע געפונען 73 וועבשטולן וואס האבן געהערט צו לוינקעטניקעס אין די לעצטע 5 - 4 יאר פאר דער צווייטער וועלט - מלחמה פארצייכנען מיר א וווקס פון וועבשטולן און לוינקעטניקעס. עס איז אויך געוואקסן די צאל באשעפטיקטע ספעציעל מיידלעך אלס נופערקעס, שנעלערקעס, שערערקעס און אנדערע. אויסער דעם א היפשע צאל לערן - ייִנגלעך און וועבערס. די לוינקעטניקעס זענען מיט דער צייט געווארן ערשטקלאסיקע פאכלייט אין מייסטערווען, פאריכטונגען, צונויפשטעלן און אויסקלאפן מוסטערס.

די לוינקעטניקעריי האט זיך געפונען אין 100% אין יידישע הענט און האט גלייכצייטיק געגעבן באשעפטיקונג פאר א געוויסן טייל נישט יידן. אנטקעגן אין די פאבריקן האבן דארט די פאליאקן געבילדעט א איבערוועגנדיקע מערהייט ספעציעל אין די אפרעטורן ביי די פאלושן, אין די פארבערייען, מיש און רייס - וועלף אין די שפינערייען.

פאר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה אין 1939 יאר האבן אין וואשילקאווע פונקציאנירט 4 גרויסע פאבריקן;

פארעצקי גאוונסקי א גרויסע קאמפלעטנע פאבריק מיט מאדערנע מאשינען ספעציעל אין דער שפינעריי פאר אויסארבעטן פיינע געצווערנטע גארן, רייסוועלף, מישוועלף, שפוליארניעס און אנדערע. סהאט זיך אויך געפונען א גרויסע סארטירונג הויז פון שמאטעס פון אייגענעם און אויסלענדישן מארק, די אויבנדערמאנטע אפטיילונגען האט זיך געפונען אין נייע מאדערנע געביידעס (געמויערטע) מיט דאכפענסטער. די אפרעטור וואשעריי, פארבעריי און אלע נויטיקע פארענדיקונג אפטיילונגען ווי מאכן א קורצע אדער לאנגע ווארסע טרוקענען, פרעסן און אז.וו האט זיך געפונען אין דער פריערדיקער אלטער געביידע.

אלעשקאווסקי - רעפעלסקי פאבריק ביי דער זייט פון פארעצקיס פאבריק א גרויסע שפינעריי מיט מאדערנע סעלפאקטארן און אלע נויטיקע אפטיילונגען ווי אויך א וועבעריי (ארום 8 וועבשטולן) א נייע געמויערטע געביידע

לונסקי - אמדורסקי פאבריק. אין די לעצטע יארן געווען טעטיק נאר די אפרעטור מיט אלע אירע אפטיילונגען.

טרילינגס פאבריק א נייע פאבריק געבויט אין 1923 יאר ביים ארייןפאר איז וואשילקאווע כמעט א קאמפלעטנע מיט א טייל וועבשטולן.

אין די דערמאנטע פאבריקן האבן געפונען באשעפטיקונג די גרעסטע טייל פון דער שטעטלשער ארבעטערשאפט. פארענדיקן דעם טעקסטיל טייל מוז אומבאדינגט אונטער - שטראכן ווערן אז ארום 60 פראצענט פון דער באפעלקערונג האט געצויגן זייער חיונה פון דער טעקסטיל אינדוסטרי, סאיז אויך געוואקסן דער פראפעסיאנאליזם אין דער פאך ווי אין צוזאמענשטעלן מיסטערן ווי אויך גוטע מייסטערס אין פארריכטן אלע סארט אויאריעס, איינער פון די בעסטע מייסטערס איז געווען שאכנע ביבער שמאול יוסף זון.

## קאסטנמאכערס

א אנדער ביי פראפעסיע אין צוזאמענהאנג מיט דער טעקסטיל אינדוסטרי האט זיך אנטוויקלט אין וואשילקאווע וועלכע האט אויך געגעבן א נישט שלעכטע הכנסה פאפולאר גערופן "קאסטן - מאכערס", אזוי ווי די טעקסטיל סחורות ביליק צוגיינגלעך פאר דער ברייטער באפעלקערונג ספעציעל אין פאלטא סחורות און אנדערע קאסטארנע אויסארבייטונגען האט זי באהערשט א גרויסן טייל פון דעם מארק אין אלע ווינקעלעך פון רוסלאנד, אוקראינע, פאלטאווישטשיזנע און דעם גאנצן דרום זייט פון רוסלאנד ווי אויך כינע, שפעטער אביסיניע, נאכן ארייןפירן קראץ מאשינען אין די

אפרעטורן וואס האט געמאכט די טוך מער ווינטערדיק האבן די טוכן דערגרייכט ניזשני - נאווגאראד און די ווייטע סיבירער ראיאנען.

צו טראנספארטירן די גרויסע צאל סחורות צו די נאענטע און ווייטע מערק האט מען גענוצט הילצערנע געבויטע קאסטנס קאמבינירט מיט געקלייעטע דיקטן ווי אויך פאקברעטלעך (פון האלץ. וואשילקאווע איז געווארן דער הויפט צושטעלער פון די אלע סארט פאקונגען פאר די גרעסטע צאל סחורות וואס זיינען עקספארטירט געווארן. די סיבה א געוויינליכע אין וואשילקאווע האט זיך געפונען דריי גרויסע טארטאק אויסער דעם טשארנאוויעש א גרויסער טארטאק וואס האבן פארזיכערט ארעגולערן צושטעל פון די נויטיקע ברעטער לייסטן און אנדערע. די קאסטן מאכערס האבן אריינגעשטעלט פארשיידענע זעגן, קרייץ - זעגן און געארבעט אויף דער גאנצער פארע, דארטן האבן אויך געפונען ארבעט א שיינע צאל נישט יידן וואס האבן זיך שנעל אויסגעלערנט די פאך אין צונויפקלאפן די פארשידענע קאסטנס.

א שיינע ביסל משפחות האבן זיך פארנומען מיט דער פראפעסיע, דעם גרעסטן ווארשטאט (פאבריקל) האט געפירט מולקע שטאבינסקי (מיט די 5 אפגעהאקטע פינגער) וואס האט זיך געפונען אין טשיסטע געסל אנטקעגן - איבער משה ראגאווסקעס הויז. צוזאמען מיט מולקען האבן געארבעט אלע 3 זין, דער עלטסטער פייול וואס איז אויך געווען א פידלער און אנגעפירט מיט דעם לייכטן דזשאז ארקעסטער אויף אלע שטעטלשע אונטערנעמונגען. שימעון וועלכער איז שפעטער ארויסגעפארן נאך ארגענטינע אויס מורא פאר נקמה, פאר דורכשטעכן מיט א מעסער דעם פאפולערן אוואנטורניק חיים מאטיעס. און דער יינגסטער דודל וואס איז געווען דער פירער אין דער "צוקונפט" ארגאניזאציע, אויסער דעם ארום 4 פוילישע ארבעטער.

דער צווייטער קאסטן - מאכער איז געווען מאיר גענעשיער א שיינע פאבריקל אין ביאליסטאקער גאס, געארבעט מיט זיין זון אשרן און א 2 ארבעטער.

-מאטקע ספעקטאר (מיטן צונאמען מאטקע דער געהאנגענער) מיטן זון אווערמל, טאכטער דבורקע מיט א צוהעלפער.

-מדרכי שלאכטער מיטן זון יוסף און א ארבעטער.



שלמה שלאכטער, זון ישראל, אייניקל.



מדרכי שלאכטער, רחל, יוסף, סאניע.
Three generations of Schlachters families

-שלמה שלאכטער מיט די זין ישראל, משה, הערשל און געהילפס

-מרדכי ראטאוויעצקו מיטן זון יוסף

-שיעה גאטליב, ישראל זאבער משה באטלאי און פיל אנדערע.

אין אלגעמיין איז די פראפעסיע געווען פארעכנט אלס איינע פון די בעסטע אין טערמס פון פארדינסן און מאכן א לעבן. אלע דערמאנטע ווארשטאטן האבן פארמאגט גרויסע הויפן ווו מאגאזינירט די נויטיקע מאטעריאלן. אין די ערשטע יארן פון פראדוקציע ווען וואשילקאווע איז נאך געווען אן עלעקטרישע ענערגיע איז די ארבעט געווען זייער א שווערע, צו זעגן ביי האנט גרויסע דיקטן צו דער נויטיקער מאס, דאס זעלבע לייסטן און ברעטער.

די עלעקטרישע קראפט און באלייכטונג וואס איז איינגעפירט געווארן אין וואשילקאווע ארום 1928 יאר האט קאלאסאל פארבעסערט און פארגרעסערט די ארבעט פון די קאסטן מאכער וועלכע נאך אריינשטעלן די נויטיקע מאשינען האט זיך נישט נאר פארגרעסערט און פארלייכטערט די פראדוקציע, פאראלעל איז אויך געוואקסן די פארדינסטן.

ביי דער געלעגנהייט דארף מען צוגעבן אז די טעקסטיל אינדוסטרי ספעציעל די ווינקעטניקס האבן נאך דער עלעקטריפיקאציע שטארק זיך פארגרעסערט אין צאל און אין וועבשטולן און געווארן פארעכנט אלס א געזונטער צווייג פון פרנסה.

די נעגאטיווע זייט פון דער עלעקטריפיקאציע אין נוצן עלעקטרישע מאשינען איז געווען פאלן פון אפשניידן א פינגער און אנדערע מער לייכטערע פאלן פון קאלעטשען זיך.



נפתלקע און סענדערקי די זבארס קינדער

ישראל זבאר און רישקע כהן אין חתונה-טאג

**לעאן מענדעלעוויטש**

# לאנג געוואנדערט

מיטן ביקס אין מיין האנט
לאנג, געוואנדערט צו מיין לאנד..
צו מיין שטעטל, וואס אין מיין טרוים
איז געווען..אמאל מיין היים!

וו די הימלען זענען בלוי און הויך
און פון קוימען, ציט דער רויך
ווי דער טאי פון פעלד גייט אויף
אין א זילבער..שיין ארויף.

אלעס ארום אין פולן גרין
און דער שפינוועב, וועבט און שפין
ווו די פעלדער..מיט זייער רויש
שעפטשען דארט די תפילות אויס.

אין דעם אוונט אויף דער באנק
ווען די זון לעשט און צאנקט..
און די שטערן, טווינקלען, שוואך
צו די שוואלבן אויפן דאך

ווען די נאכט, קומט לאנגזאם אן...
אין זיין ארבעט שטארק פארטאן
אלס זאל ווערן...שטיל און שטום
אן א רויש און אן א ברום!

איינגעשלאפן, ווערט דער ייד
אויך דער פויער, פון ארבעט מיד
און די בלעטער הארכן צו..
אויב די נאכט, האט פולקאם רוה.

דארט געמאכט מיין ערשטן טריט
צום אלף - בית צו זיין א ייד
און פארבארגן אין מיין בלוט
אים געטראגן, מיט הארץ און מוט.



לעאן (לייבל) מענדעלעוויטש מאיאר
אין דער פוילישער - ארמיי
Major Leon Mendelewicz

מיט דעם ביקס זיך נישט צושייד
אין קאמפן שווערע..און אין נויט
ווייל מלחמה, נישט לעבן זייט
נאר פארקערט..וואס מערער טויט

האנט ביי האנט מיט סאלדאטן פיל
פון מיינסטן פעלקער, אויף דער וועלט
געגן נאצי - מערדערס, זיך געשטעלט
און צובראכן..דעם היטלער העלד.

נאר מיין היים, איז מער נישטא
איז פארשוואונדן מיט מיין פאלק
נאר פארבליבן אין בלוט מיין ייד
וועל ווייטער גיין...אין זעלבן טריט.

# לעבן און פארווייילונג

״נישט מיט ברויט אליין לעבט א מענטש״, עס שטעלט זיך די פראגע ווי האט אויסגעזען דער טאג - טעגלעכער לעבן אין דער קליינער שטעטעלע, אויסער די ארבעט, זארגן פאר פרנסה און אנדערע פראבלעמען וואס איבערפולט געווען דאס לעבן.

אין אלגעמיין גענומען, די גרעסטע טייל פון מענטשנס לעבן פארנעמט זיין ארבעט, וואס איז פאקטיש דער פונדאמענט פון מענטשלעכן עקסיסטענץ. א באגרעניעצטע טייל איז געווידמעט..קולטורעלע, געזעלשאפטלעכע טעטיקייט, פארווייילונגען אין פארשידענע פארמען און ריכטונגען. יעדע שטאט און שטעטל האט פארמאגט ספעציפישע כאראקטעריסטישע צעכן און נייגונגען. וואשילקאווע דארף מען באצייכענען ווי א מוזיקאלישע שטעטעלע מיט א געשמאק און טיפע סענטימענטן פאר מוזיק, שווער צו דערגיין צו דעם היסטארישן אנהויב פון די מוזיקאלישע נייגונגען אבער שטארק מערקבאר אין די יארן פארן גרויסן חורבן.

אין די אוונטן נאך דער טעגלעכער ארבעט האט זיך דערטראגן קלאנגען פון מוזיק פון פיל אפענע פענצטער דורך - אויס דער שטעטל, וואס האט צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון דעם שפאצירנדיקן עולם וואס פיל באלאגערן די אפענע פענצטער און צולייגן א אויער צו די קלאנגען פון מוזיק. אויף דער הויפט גאס (ביאליסטאקער גאס) אין דער הויז וו סהאט די לעצטע יארן געוווינט מולקע שטאבינסקי דער קאסטן - מאכער מיט דער משפחה (פריער ביאלאאוס), האט פייוול שטאבינסקי באוויזן זיין ווירטואזיטעט אין שפילן פידל מיט מתיקות, הארץ און געפיל, געהאט ליב דעם סאלא - קאנצערט שפיל, אין די שפעטערדיקע יארן ווען אפילו שפילן אין ראמען פון א דזשאז - אנסעמבל דאך אפטן זיך ארויסרייסן מיט זיין סאלא - שפיל. אין דער צווייטער העלפט פון דער זעלבער הויז האט אוורעמל פאליאק א ערשטקלאסיקער קארנעטיסט אויך אויסגעשפילט פולע קאנצערטאווע מעלאדיעס.

אויפן ״שוויצטאפל״ האט טעוול טראכאמאווסקי א טאלאנטפולער מוזיקער באוויזן זיין קונסט אין שפילן פידל, גיטאר, מאנדאלין און אנדערע סטרונע אינסטרומענטן. נאענטער צום מארק האט ניסל פערלשטיין איטשקע דעם קצבס זון געשפילט פרעכטיק מאנדאלין צייטנס אין א דועט שפיל מיט זיין שוועסטערל חייעלע, ביי דער יידישער שלום עליכם שולע האבן די שוועסטערס מירעלע און עלקע ראבינאוויטש אויך שיין געשפילט מאנדאלינען און באלאלאיקעס.

די הויפט שפילערס אין שטעטל איסער פערלשטיינס ארקעסטער אנדערעש גערופן פערלשטיינס ״קאפעליע״ וואס האט זיך געפונען אין דער געסל פון הינטן דער פוילישער פאוושעכנע שולע. סאיז ווערט זיך צו פארהאלטן אויף פערלשטיינס ״קאפעליע״ וואס איז געווען א וועזענטלעכער טייל אין אנטוויקלען די ליבשאפט צו מוזיק און אין א געוויסע מאס די אינציאטארן אין פארסירן דעם וועג צו א גייסטישע קולטורעלע באפרידיקונג אין עפענטלעכן לעבן פון דער וואשילקאווער באפעלקערונג ספעציעל פון דער יוגנט.

די פערלשטיינס זענען געווען כמעט די ערשטע אין עפענען א ״קינא״ און אין א רעגולערן מאסשטאב אראפברענגען שטומע פילמען און אויסשפילן אין דער נייער אויסגעבויטער הויז וואס איז פארוואנדלט געווארן אין א קינא -טעאטער. מוזיק צו די שטומע פילמען צוגעפאסט צו די געוויזענע אקציעס אויפן עקראן האט אויסגעפירט חנה א שטארק טאלאנטפולע שווארץ - הנעוודיקע מיידל אין דער באגלייטונג פון אירע שוועסערס (שפעטער א מוזיק לערערקע). די יינגער שוועסטער

צינע שפעטער מוזיק לערערן אין דער יבנה-שול.

רב' איסער פערלשטיין דער פאטער פון דער מוזיקאלישער משפחה א האלץ סוחר א שיינער בעל הבית און גאבאי אין דעם קליינעם בית המדרש, איז באגליקט געווארן מיט א סך קינדער 7 מיידלאך און 2 יינגלעך, סאיז דא א שפריכווארט ״אז פון זיבן טעכטער פארגייט דאס געלעכטער״ אבער גאנץ אנדערש האט דאס אויסגעזען אין איסערס משפחה, אלע קינדער זענען גוט ערצויגן געווארן, מיט ליבשאפט צו דער יידישער טראדיציע און מיט מוזיקאלישע פייהיקייטן און אספיראציעס, אזוי האט יארן לאנג די וואשילקאווער קאפעליע געשפילט ביי ווייזן פילמען, פארשטעלונגען און פארוויילונגען. נאר 3 שוועסטערס זענען פארבליבן פון דער פארצווייגטער משפחה וואס האבן פאר דער מלחמה ארויסגעפארן נאך ישראל די איבעריקע זענען אומגעבראכט געווארן ווארשיינלעך אין דעם טויטן לאגער טרעבלינקי.



די קאפעליע פון רעכטס לאה, חנה   טייבעלע רבקה צינע און דוד
The Perlshteins Family Band

אויסער די דערמאנטע ״קאפעליע״ האט עקסיסטירט א בלאז ארקעסטער א יידישער ווי אויך א גרויסער סטרונע ארקעסטער מיט ארום 100 אינסטרומענטן וואס א וואשילקאווער ייד אורעמל מאלדיוואן איז געקומען אויף א לוסטרייזע צו זיין שטעטל און געגעבן אלס א מתנה פאר דער יוגנט.

די יידישע באפעלקערונג אין די לעצטע יארן פאר דער צווייטער וועלט מלחמה האט זיך אין א גרויסע מאס אינדוסטראליזירט ארבעטן אין דער טעקסטיל און האלץ אינדוסטריעס, א היפשע טייל אויף אייגענע ווארשטאטן און א טייל אלס ארבעטער, קאסטן מאכערס, וועבערס, פיל פרויען (מיידלעך) אלס נופערקעס, שנעלערקעס, שפוליא - רקעס און ביי סעלפאקטארן אין די שפינערייען און סא - רטירונגס מאגאזינען. מען האט געארבעט 12 - 8 שעה טעגלעך, נאך דער ארבעט און ארומוואשן זיך ארויסלאזן שפאצירן איבער די שטעטלשע גאסן, עלטערע מענטשן ברייט פארנעמען די ביינק און גאנעקלעך צו כאפן די לופט ווי אויך א שמועס. די טראסע פון די שפאצירן זענען געווען פון די הילצערנע בריקן ביז העט צו רוווקעס בעקעריי אונטערן שטאט ביי דער געלעגנהייט כאפן א קוק אויף דער צערקווע, קאפליטשקע מיט דער ״הייליקער מוטער״ און דעם ווינט - מיל צו זיי שטייען אויפן זעלבן פלאץ. צייטנווייז זיך צוזעצן אויף א באנק אין שטאט -גארטן וואס ווו ניט ווו האט זיך געפונען יונגע ביימעלעך. וואס אנבאלאנגט דעם שפאצירן פלעגט אין די שיינע זומער אוונטן דויערן ביז 2 ביינאכט.

די אוונט שפּאַצירונגען זענען פּאַקטיש געווען אַ פאָרם פון אַפּרו, פאַרווײַלונג, גייסטישע באַפרידיקונג. אַ פאָרם פון טרוימען, אידייעס און בטחון אין שאַפן און בויען אַ גליקלעכן צוקונפט פאַרן יידישן פאָלק. די יונגעגנטלעכע טייל פון דער באַפעלקערונג האָבן זיך געהאַלטן אין קאַמפּאַניעס גרופּן אין דער ספערע פון פּאָליטישע אַנגעהעריקייט.

ציוניסטן און ציוניסטיש געשטימטע אין זייערע גרופּן, בונדיסטן אין זייער אייגענער ספערע דאָס זעלבע קאָמוניסטן געהאַט אייגענע קרייזן. נישט קוקנדיק וואָס אַ טייל פון דער יוגנט האָבן פאַרמאַגט גענגזעצלעכע פּאָליטישע אַנשויהונגען האָט דאָס נישט געשאַפן שאַרפע אַנטיגאַניסטישע טענדענצן פון פיינדשאַפט, און אַנהאַלטן פריינדשאַפט אין צייט פון פאַרווײַלונגען און אַנדערע אַלגעמיינע אַרויסטרעטונגען.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה האָט זיך געשאַפן דער ערשטער דראַמאַטישער קרייז (מעגלעך געווען אויך פאַרשטעלונגען אַרום 1903) אויסגעפירט קלאַסישע פאַרשטעלונגען אין דער הילצערנע סטאַדאַלע גרופּן "דאַם לודאָווי" (פאָלקס הויז) דער זאַל (סטאַדאַלע) איז געווען ביי יעדער פאַרשטעלונג איבערפולט מיט מענטשן דער עולם פלעגט זיצן אויף לאַנגע הילצערנע ביינק אַנגעטאָן אין וואַרעמע קליידער מען זאָל זיך חס ושלום נישט פאַרקילן. קינדער וואָס האָבן נישט געהאַט קיין בילעטן פלעגן זיך אַריינקריכן דורך לעכער אונטער דער פּאַדלאָגע. נאָך דער פאַרשטעלונג איבער שטעלן די ביינק אַרום די ווענט דער אָרקעסטער פאַרנעמען די סצענע און אַנהויבן אַ טאַנץ אוונט ביז אין טאָג אַריין.

די פאַרשטעלונגען זענען געווען באַזוכט פון כמעט אַלע וואַשילקאָווער תושבים ענטוזיאַ - סטיש אַפּלאַדירט געוואָרן, דאָס האָט באַוויזן די רייפקייט פון עולם אין אַנגאַזשירן זיך אין דער קולטורעלער, גייסטישער און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון דעם ישוב.

אין הינזיכט פון פאַרווײַלונג אין אַנהאַלטן אַ געהויבענע אַטמאָספערע ביי דער יוגנט האָט אין אַ גרויסע מאָס בייגעשטייערט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אַ טייל צייט פון די אוונטן זיך צונויפקומען אין לאָקאַל און מיט געזאַנג און טענץ דערמוטיקן דער יוגנט. די יערלעכע חנוכה באַזאַרן וואָס דויערן אַ גאַנצע וואָך איז אויך געווען אַזאַ סאָרט פאַרווײַלונג מיט אַ אָרקעסטער און טענץ אַלגעמיינע (סאַלאַנאָווע) און אויך חלוצישע.

אויסער די קינאָ סיאַנסן וואָס האָט אויך געטראָגן אַ פאָרם פון פאַרווײַלונג איז אָרגאַניזירט געוואָרן טאַנץ - אוונטן (זאַבאַוועס) אין שבת און זונטיק אוונטן, פּערלשטיין אָרקעסטער איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט פייוול שטאַבינסקען דערנאָך מיט אוורעמל פּאַליאַקן און סאַיז אַנשטאַנען אַ ערשטקלאַסיקער דזשאַז אָרקעסטער. די אַזוי גערופענע "זאַבאַוועס" זענען אויך באַזוכט געוואָרן פון אַ באַגרעניצטער טייל פּאָליאַקן. אַ טייל פון דער יידישער יוגנט האָבן אויך באַזוכט די טאַנץ אוונטן אָרגאַניזירט פון פּוילישע אָרגאַניזאַציעס אָפטן פלעגן די פּוילישע "זאַבאַוועס" זיך פאַרענדעקן מיט געשלעגן און אַוואַנטורעס וואָס האָט גורם געווען אַ רעדוקציע אין דעם אָנטייל פון דער יידישער יוגנט.

אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון ישוב איז אַנשטייהונג פון ווייטערדיקע דראַמאַטישע קרייזן געבונדן מיט די פּאָליטישע באַוועגונגען, די ערשטע פאַרשטעלונג פון דעם ציוניסטישן דראַמאַטישן קרייז איז געווען אין יידיש "אַ חתונה אין שטעטל", דער רעזשיסער איז געווען ירחמיאל זעלוויאַנסקי ע"ה און צו הילפער באַשקע לענטשיצער, די פּרובעס (רעפּעטיציעס) פלעגט פאָרקומען אין ציוניסטישן לאָקאַל וואָס האָט זיך געפונען אין נישט קיין גרויסן צימער אין דער מויער לעבן מינדעלע לעווין די שניט - קרעמערקע. די שפּילערס צווישן אַנדערע זענען געווען חנה שטערנשוס, ישראל שלאַכטער, לייבל

מענדעלעוויטש, אברהם געלבערד, עליע שפירה, עלקע ראבינאוויטש און אנדערע. די בונדישע צוזאמען מיט די קאמוניסטן האבן צווישן אנדערע געגעבן א געמישטן פראגראם מיטן אנטייל פון אוורעמל לאשיצקי, דאוויד דער געלער, דאוויד שטאבינסקי, חוה ביבער און אנדערע, נאך יעדער פארשטעלונג א טאנץ אוונט.

איינע פון די קלאסישע פארשטעלונגען פון דעם ציוניסטישן דראמאטישן קרייז איז געווען "דער יידישער קעניג ליר" אין דער הויפט ראל חאצקל פאליאק וואס מען האט ספעציעל אראפגעבראכט פון ביאליסטאק ווו ער האט די לעצטע יארן געלעבט.

וואשילקאווער פארשטעלונגען און טאנץ אוונטן איז געווען שטארק באזוכט פון דער ביאליסטאקער יונגט. איינע פון די גרעסערע פארוויילונגען איז געווען פוטבאל וואס מען פלעגט שפילן אויפן מארק נעבן דער רוסישער צערקווע. דער גרויסער עולם פארנעמען דאס גאנצן שאסיי און טראטואר צווישן דעם שפיל פלאץ און דער פוילישער שולע, די מאנשאפטן אנדערש די דרוזשינעס זענען געווען ביאליסטאקער און וואשילקאווער, אזוי ווי ביאליסטאקער אזוי אויך וואשילקאווער האבן נישט געהאט קיין קלוב נאמען.

פוטבאל איז געווען שטארק פאפולער אזוי אז אין ביאליסטאק האט זיך געשאפן אזעלכע דרוזשינעס אין פארשידענע געגנטן פון דער שטאט און יעדן שבת פלעגט איינע פון די דרוזשינעס קומען נאך וואשילקאווע שפילן מיט אונדזער וואשילקאווער דרוזשינע, דער עולם מיט שפאנונג און געשרייען באגלייטן דער וואשילקאווער דרוזשינע די וואשילקאווער פוטבאליסטן זענען געווען יאנקל ביבער (טויער), שמחה פארבער, ישכער שטאבינסקי, ביים אוורעמל פאליאק, ברוך פארבער, עליע גאטליב און אנדערע פארענדיגן די שפיל פלעגט אוורעמל פאליאק דער קאפיטאן פון דער דרוזשינע געבן א קלאפ די פילקע גלייך אין דער הויך און אלע צושויער באוואונדערן די הויכקייט פון דעם קלאפ. פוטבאל איז געווען פארעכנט איינע פון די בעסטע פארוויילונגען.

א ווערטפולע פארוויילונג אינסטיטוציע אין פיזישן זין איז געווען דער "מכבי" ספארט קלוב ארגאניזירט און אנגעפירט פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע מיט נישט קיין באגרעניצונג פאר אנדערע יוגענטלעכע פון דער שטעטל.

דער טרענינגס פלאץ פאר נעט-באל און קויש-באל פאפולאר אין פויליש גערופן ("סיאטקוווקא", "קאשיקוווקא") איז געווען דער גארטן פון הינטן מאשע-כיענקעס הויז וואס האט באלאנגט צו אברהם געלבערד א חבר פון דעם קלוב. די ארבעטן אין צוגרייטן דעם ספארט פלאץ האבן א דורכגעפירט די חברים פון קלוב. אין איינעם א צימער פון דער העברעישער שול איז אריינגעשטעלט געווארן א "פינג-פאנג" טיש און ענטוזיאסטיש געשפילט געווארן, סאיז אויך ארגאניזירט געווארן לויף פארמעסטונגען פון די הילצערנע בריקן ביז דער "באשניע" און צוריק (האלב וועג צו ביאליסטאק). טרענינגען אין נעט און קויש באל זענען פארגעקומען 3 - 4 מאל א וואך, דער מכבי קלוב האט אנטייל גענומען אין נעט-באל פארמעסטונגען מיט פוילישע דרוזשינעס אין וואשילקאווע, און ראיאן פארמעסטונגען אין טשארנא - ווייעש.

דער "סופראסלער" טייך, יוראווצער וועלדער, יאקימעס מיטן סטאוו, הוידעס לודקעס דאס איז אלעס געווען אויך די רוה און פארוויילונג פלעצער פון ישוב. די יונגט האט אויך אפטן ארויספארן מיט ראווערן צו אנדערע שטעטלעך אויף יידישע אונטערנעמונגען ווי אין סופראסלע, קנישין און אנדערע פלעצער די רייזעס זענען געווען דורכגעפלאכטן מיט פארשידענע עפיזאדן, ווייל מען האט געפארן מיט פארקירצטע וועגן וואס האבן געפירט דורך וועלדער, אבער נישט אפגעשראקן דער יוגט אין זוכן אטראקטיווע פארוויילונגען, עמאציע

און באפרידיקונג. אזוי איז וואשילקאווע די קליין שטעטל ביי דער זייט פון דער גרויסער יידישער שטאט ביאליסטאק (7 קלמ.) ביז דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, געווען א אנגענומענער ערטש - קלאסיקער פלאץ פאר אפרו, פארווייילונגען און גוטע מוזיק.

די פארווייילונגס פלעצער פאר פארשטעלונגען, ווייזן פילמען אנדערש "קינא", טאנץ - אוונטן, חנוכה באזארן און אנדערע, האבן זיך אין משך פון יארן געביטן. דער ערשטער קינא מיט שטומע פילמען האט זיך געפונען אונטערן שטאט אין א געמויערטע געביידע וואס האט געהערט צו פאן סאביניעוווסקי, צייטנווייז פלעגט דארט אויף פארקומען זאבאוועס (טאנץ אוונטן), שפעטער ווען איסער פערלשטיין האט געעפנט זיין קינא -טעאטער ווו די שטומע פילמען זענען באגלייט געווארן מיט מוזיק פון "פערלשטיינס - קאפעליע", האט סאביניעוווסקעס קינא אויפגעהערט צו פונקציאנירן.

דער צווייטער פלאץ איז געווען די הילצערנע סטאדאלע גערופן "דאם - לודאווי" (פאלקס הויז), ווייטער דער פריער דערמאנטער פערלשטיינס "קינא - טעאטער", אין א צייט שפעטער איז אויפגעקומען אלס א טעאטער דער מויער ווו די ברידער שוסטער האבן געהאט זייער תבואה - מיל און האט געהערט צו פריידל גאלבערד.

אויסער די אויסגערעכנטע פלעצער איז גענוצט געווארן די פאדערשטע הויז פון דעם קיעלפאסניק דאמבראוווסקי נעבן מאיר אינקערס הויז אין מארק ווו א לענגערע צייט האט מען דארט איינגעארדנט זאבאוועס (טאנץ - אוונטן). אין דער העברעישער תחכמונה שולע אין שמולקע דעם קצבס גאס נעבן הערצקע דעם געלן, האט מען פיל יארן איינגעארדנט די חנוכה - באזארן און פארשטע לונגען, ביי פונאנדער נעמען די ווענט צווישן די קלאסן מיט דעם פארברייטערן די זאלן פאר טאנץ. אין דער יידישער שלום - עליכם שולע האט מען אויך איינגעארדנט אונטער נעמונגען, ביי דער יידישער שולע איז אויך פאר די קינדער זיך געפונען א גרויסער טורניק פאר גימנאסטישע איבונגען און שפיל - צייג פאר קריקעט און אנדערע שפילן.

אין די לעצטע יארן איז אויך געווארן אויסגעבויט א פליאזשע ביים סופראסלער טייך אין גאי, מיט א פאדלאגע צו טאנצן, בופעט און א געביידע צו זיך איבערטאן און פארשידענע שפילן און געווען א גוטער פלאץ פאר פארווייילונג און אפרו.

וואס צו מוזיק איז נייטיק צו דערמאנען דעם גרויסן סטרונע - ארקעסטער וואס זיינע קלאסן האבן אפערירט אין דער גרויסער הויז פון שמעון דעם שיינקער, אונטער דער לייטונג פון מוזיק לערער טיאכין ווו די אבסאלווענטן פון דעם ארקעסטער האט געהאלפן פארשפרייטן די מוזיק אין שטעטל. עס איז צו באוווונדערן אז אין אזא ניט גרויסער שטעטל האט זיך אויך אויפגעהאלטן א שיינער בלאז ארקעסטער מיט א סטאבילן קאפעלמייסטער, שפילן ביי מלוכה פייערונגען, אונטערנעמונגען וואס ארגאניזירט פון יידישע ארגאניזאציעס, אפגערעדט ביי פארשידענע פאראדן פון די שטאטישע פייערלעשער אין וועלכע יידן זענען געווען היפש פארטראטן. דער ארקעסטער איז באשטאנען אין 95% פון יידישער בחורים. זונטיק נאך מיטאג און אין מלוכישע פייער - טעג, שפילן געשמאקע מוזיק אויף דער רונדיקער ווערענדע אין דעם ניי פארלייגטן שטאט - גארטן אנטקעגנאיבער דער רוסישער צערקווע.

דער שפרודלטיקער אטראקטיווער לעבן איז אנגעגאנגען ביז דער ארייננגאנג פון די רוסן אין ענד סעפטעמבער 1939 יאר (נאך די 5 טעגעקער נאצישער אקופאציע). דער פעריאד פון דער רוסישער הערשאפט (אנדערש אקופאציע), האט די פאבולע פון דעם געזעלשאפטלעכן לעבן געווארן פונדאמענטאל איבער געאנדערשט, זיין נאציאנאלער אידענטיקייט איז אינגאנצן אנולירט געווארן. סאיז פארשוונדן געווארן די דעמאקראטישע וואלארן אין אויסדרוק פון יידישן המשך און תנ׳דישער געשיכטע,

עס איז נאר פארבליבן דער יידישער לשון אן א געבונדקייט מיטן יידישן פאלק, ווי א אבסטראקציינער עלעמענט פון אויסדרוקן "א לשון אן א באדייט".

איך גלויב אז אפילו די "בונדישע" פארטיי וואס איז געווען ווייט פון נאציאנאלער פילונג האט אויך זיך נישט געקענט באפרידיקן אין דעם הינזיכט ווייל זיי האבן פארלארן די רעכט ארויס צוטרעטן אלס א יידישע בונדישע ארגאניזאציע און זיי האבן אויפגעהערט עקסיסטירן אזוי ווי די ציוניסטישע ארגאניזאציע.

אנדערש האט דאס אויסגעזען אויפן געביט פון אלגעמיינע פארווייילונגען אין סאוויעטישער אויפנעמונג איז געווארן פולקאם אונטערשטיצט פון דער קאמוניסטישער מאכט, מען האט אפילו ערלויבט נוצן אנדערע שפראכן אויסער רוסיש וואס איז געווארן די אפיציעלע שפראך. איינס איז קלאר געווארן אז מען מוז טיף פארבארגן די נאציאנאלע אספיראציעס ווי אויך נישט ארויסווייזן אומצופרידנהייט צו דער הערשנדיקער אידעלאגיע.

אין דעם געביט פון פארווייילונגען האבן די רוסן אין דעם פריער דערמאנטן שוסטערס - מיל איינגעארדנט א קלוב אנדערש גערופן "דאם - קולטורי", אפן טאג - טעגלעך אין די אוונטן, ווייזן פילמען ווי אויך א פלאץ פאר טענץ און געזאנג פאר דער יונגט מיט די מיליטערלייט פון דער איינהייט וואס האט זיך איינגעקוואטירט אין שטעטל, סאלדאטן און אפיצערן ברענגען מיט זיך הארמאשקעס, גיטארן און באלאלייקעס און די פארווילונגען זענען אנגעגאנגען ביז שפעט אין דער נאכט.

די יוגנט האט זיך שנעל אויסגעלערנט רוסישע לידער, טענץ. דער אנטיסעמיטיזם האט זיך פארקלענערט (בעסער פארשטעקט) און די יוגנט האט אויסגענוצט די אוונטן פאר פארווייילונג, באקאנטשאפט און פריינדשאפט. שפעטער ווערט די אזוי גערופענע קולטורעלע ארבעט מער ארגאניזירט, עס אנשטייהען דראמאטישע קרייזן מיט געמישטע פראגראמען אין רוסיש און יידישע נישט פיל אין דער פוילישער שפראך, א טאנץ גרופע אויך א געמישטע פון יידן, ווייס - רוסן, פאליאקן און מיליטערלייט, פירן אויס רוסישע פאלקס - טענץ ווי אויך אוקראינישע ("האפאק") און ווייס - רוסישע ("לעוואניכא), א ערשט - קלאסיקער דזשאז ארקיעסטער אונטער דער אנפירונג פון פייוול שטאבינסקי און אורעמל פאליאק (שייקעס).

אלע ארויסטרעטונגען פון די דערמאנטע גרופן וועלכע ווערן אפטן ארגאניזירט זענען געווען פריי, אן אפצאל און ברייט באזוכט פון דער באפעלקערונג, נייטיק אונטערצושטרייכן אז אין א געוויסן מאס האט זיך איינגעשטעלט אין דעם פעריאד, פריינדלעכע באציהונגען מיט א טייל פון דער קריסטלעכער יונגט, ספעציעל מיט דער טייל וואס האט דירעקט אנטייל גענומען אין די ארבעטן פון די פארשידענע קרייזן און גרופן.

פון יידישן שטאנד - פונקט איז ווערט צו באמערקן, אז די יידישע יוגנט וועלכע האט אנטייל גענומען אין די ארגאניזירטע קרייזן, האבן פארסירט די אידייע צו נוצן דעם יידישן לשון אין די ארויסטרעטונגען, און מיט דעם געוואלט באווייזן זייער בונד צו דער אייניקייט פון אונדזער פאלק אין דער פרעמדער ארויפגעצפונגענער דאקטרינע.

# דער גרויסער יריד

וואשילקאווע איז געווען א שטאט און ירידים נישט ווי אין אנדערע שטעט און שטעטלעך אויף דער פוילישער ערד. למשל אין ביאליסטאק פלעגט יאר יערלעך זיין א יריד אין טאג פון "סוויענטי - יאן" דער הייליקער יאן אין הערבסט צייט, איבעראל איז געווען אנגענומען אז אין דעם טאג פון דעם יריד מוז רעגענען און טאקע זעלטן ווען דער "סוויענטי יאן" יריד פלעגט ארויסגיין א טרוקענער. ס'פלעגן זיך אנפארן וועגענער פון דער גאנצער גובערניע און פארנעמען דעם גאנצן פיאסקעס מיט די ארומיקע גאסן, דארטן האט מען אלעס געקענט קויפן יידן. וואס האבן זיך פארנומען מיט טאנדעטנע ארבעט פלעגן מאכן גוטע געשעפטן אין דעם גרויסן יערלעכן יריד, צייטנווייז אויספארקויפן די גאנצע צוגעגרייטע סחורה, אפילו קעשענע גנבים אין דעם טאג אפלעקן א ביינדל.

מיט יארן צוריק איז אין וואשילקאווע איינגעשטעלט געווארן מארקטעג, דער מארק האט זיך געפונען פון ביידע זייטן דער רוסישער צערקווע וואס האט זיך לאקירט אין צענטער פון דער שטעטל. פויערים פון די ארומיקע דערפער ברענגען זייערע סחורות צו פארקויפן ווי אויך צייטנווייז בהמות און פערד. אין די לעצטע יארן פאר דער צווייטער וועלט מלחמה זענען די מארק - טעג כמעט ליקווידירט געווארן, אין צוזאמענהאנג וואס די שטעטל איז אינדוסטראליזירט געווארן און די באפעלקערונג האט געארבעט אין פאבריקן. אונטערנעמונגען און נישט געהאט קיין צייט צו זוכן אין די פויערישע וועגענער.

די צווייטע און מעגלעך די הויפט סיבה דאס וואס ביאליסטאק די גרויסע וואיעוואדישע שטאט איז געווען צו נאענט צו וואשילקאווע 7 קילאמעטער, אזוי אז די פויערים האבן געצויגן צו דער שטאט, וואס איז געווען מער אטראקטיוו אין הינזיכט פון שנעלערן פארקויף פון די פראדוקטן, און אפשר אין א העכערן פרייז, ווי אויך א גרעסערן אויסוואל פארן פויער אין איינקויפן זיינע נויטיקע פראדוקטן, געצייג און אגראר מכשירים.

דאך האט א צופאל געוואלט און וואשילקאווע האט אויך געהאט איר יערלעכן..יריד, מיט דעם אונטערשייד וואס אן בהמות און פערד צו פארקויפן. דאס איז געווען דער..דער "אדפוסט" אזא מין פילגרים צו א פארהייליקטן פלאץ.

מען מוז נישט פארגעסן אז די פויליש קאטוילישע באפעלקערונג איז געווען א שטארק גלויביקע, און מען האט פאנאטיש געגלויבט אין די אזוי-גערופענע נסים וואס אין משך פון יארן האט זיך געשאפן טויזנטער הייליקע פלעצער איבערן גאנצן לאנד, ווו איינארדנען הייליקע אדפוסטן צו פייערן די נסים.

די רוסישע פראוואסלאווע צערקווע די אוקראינישע זענען אויך נישט געווען הינטערשטעליק און געשאפן זייערע אייגענע נסים באגלייט מיט פילגרימען נישט ווייניקער ווי איין מאל אין יאר ווי די לעגענדע דערציילט אין 1710 יאר האט א בלינדער וואנדערער אין א הייסן זומער טאג זיך פארהאלטן ביי א אויסגעגראבענע לאך מיט וואסער און זיך אנגעטרונקען צו פארשטילן זיין דורשט און ...סאיז געשען א נס, זיין ראיה האט זיך אומגעקערט "גלויבט יע, אדער נישט אזוי זאגט די לעגענדע". פארשטייט זיך ווער סאיז אביסל באקאנט מיט דער געשיכטע פון קאטוילישן גלויבן ווייס די געשיכטע מיט די ניסים וואס האט געהאט א צוועק צו דערהאבערן מאכט און געלט פאר די בישאפן. היינטיקע צייטן זענען שוין קיין ניסים מער נישטא אין אזא פארמאט ווי אין אמאליקע יארן ווען דער קלער האט געהערשט. פון 1710 יאר ביז דעם יאר 1941 ווען איך האב פארלאזן מיין שטעטל איז ארום 231 יאר אין משך פון איבער די צוויי הונדערט יאר האבן מענטשן פון דעם הייליקן ברונעם

אויסגעטרונקען מיליאנען פלעשער מיט וואסער און די בלינדע האבן יידער זעעוודיק נישט געווארן אוי פארבליבן ווייטער בלינדע.

אנגייענדיק מיט דער געשיכטע, האט מען אין דעם זעלבן יאר 1710 אויסגעבויט איבערן ברונעם א קליין קלויסטער אונטערן נאמען "אוניצקער - קלויסטער" און דעם פלאץ ארום. דעם נאמען "סוויענטא - וואדא" (הייליקע וואסער) א גאנצן יאר שטייט דער אוניצקער קלויסטער א פארלאזענער אויף די באוועגיקע זאמדן פון יענעם ראיאן בערך ארום 2.5 קלמ. פון דער שטעטל.

איין מאל אין יאר ביי ענד יוני און אנהויב יולי קומט דארט פאר דער יערלעכער "אדפוסט" (פילגרים), פון וואשילקאווע, ביאליסטאק און אלע ארומיקע דערפער, אסאדעס, פאלווארקן קומט מען זיך צונויף אפצומערקן דעם גרויסן "נס" ווי אויך ביי דער געלעגנהייט מיטנעמען מיט זיך א פאר פלעשער הייליקע וואסער פאר א רפואה. דער גאנצער ארומיקער זאמדיקער געגנט ווערט באלאגערט מיט מענטשן, פערד, וועגענער, בריטשקעס און אנדערע סארטן לאקאמאציע. פון ביאליסטאק פלעגן אן אויפהער אנקומען לאסט - אויטאס פול געפאקטע מיט מענטשן; דער גאנצער געגנט ווערט פארביטן אויף א קאלארפולן לאגער באפוצט מיט קאלירטע קאפ - טיכלעך (כוסטקעס) פון די דארפישע פרויען.

א וואך פאר דעם "אדפוסט" הויבט זיך אן דער צוזאמענפאר פון די פארשידענע הענדלערס מיט זייערע סחורות, סטראגאנען, געצעלטן, בודעס און אלע סארטן טישן און איינריכטונגען. אין דער זעלבער צייט קומען אן פון דער נאענטער און ווייטער סביבה פארשידענע, בעטלערס, שנארערס און קריפלס אמתע און פאלשע פיל מיט באגלייטערס און מוזיקאלישע אינסטרומענטן, זייער אויסרעכנונג איז צו פארנעמען באצייטנס גוטע פאזיציעס פאר די ביזנעס.

ארום 6 פרי אין טאג אדפוסט זענען אלע סחורות אויסגעלייגט אויף די טישן, אויסגעהאנגען,

[illegible] ערד אומעטום וואו מען קען א [illegible] אויך הענדלערס וואס [illegible] אויפן אקסל אזוי ארום אויף דעם "אדפוסט - יריד" קענט איר קריגן אלע סארטן סחורות פון טעפלעך, קרוגן, שיסלען [illegible] שיסקעס מיט אויערן און אן אויערן [illegible] ווי אויך פאלירטע. רעדער [illegible] און וועגעס שוין אויסגעבויגענע מיט א [illegible] פאר ווינטער צייט ווען מען נוצט שליטנס.

אלע סארטן שיך, עס פעלט אויך נישט קיין [illegible] מיט זייערע שיין אויסגעארבעטע [illegible] ווי אויך ביי געלעגנהייט לייגן קארטן אדער [illegible] דעם צוקונפט פון די האנט - ליניעס און מאכן א פאר גראשן ווייל קיין קליענטן פעלן נישט.

[illegible] זיך אז די הויפט סחורות אויף אזא הייליקן "אדפוסט - יריד" זענען די פארשידענע קרענצלעך קארעלן פאטשערקיעס מיט קרוציפיקסן, ווי אויך פארשידענע קאלירטע קראנצן און קרענצלעך אויס א ציירונג, אויסער דעם עסנווארג אויפן ערשטן פלאץ אלע סארטן בייגלס,גרויסע קליינע אין קראנצן, קרענצלעך ווי אויך איינצלנע בייגעלעך ברויטן ראזאווע, געבייטלטע און ווייצענע, אלע סארטן געבעקסן זעמעלעך, בולקעלעך, ראגאליקעס, חאלעס און חאלקאלעך, קוכנס - ביאליסטאקער מיט מאן און ציבעלעך, גריסקעלעך, פלעצלעך און פרעצלעך, פירעזשקעס און פאנטשקעס מיט איין ווארט א רייכער אסארטמענט.

יעצט ווורשטן קאלבאסעס, סאלאמעס, סאלצעסאנס לעבערוורשטן, בלוטוורשטן, קאבאנאסן, יאטקעס סאדלע גערויכערטע און פריש און אנדערע אויסגעלייגטע אויף טישן און אויסגעהאנגענע אויף ספעציעלע שטעקנס, וואס רייסט [illegible] אייגן פון די באזוכערס. לעמאניאדן אין אלע געשמאקן און קאלירן, קוואסן, סאדע - וואסערס מיט [illegible] סאק, ציטרינוואסער פון א

גלעזערנעם קרוג. מאראזשענע (אייזקרעם) אַלע געשמאקן שאקאלאד, ציטרין, וואניל אין אנדערע.

פון זיסווארג וואלט מען געדארפט דערמאנען אלע סארטן קאלירטע קראכמאלקעס אין פארם פון קרענצלעך, שטעקלעך, פיגורקעלעך, קישעלעך און אנדערע, אלע סארטן צוקערקעלעך, סמאקטשערס, לאליפאפ, מארמעלאדקעס, שאקאלאדקעס, כאלווע פאסטילקעס, לאנדרינען מארציפאנען, קאראמעלן און אנדערע.

עס פעלט אויך נישט די פארשידענע שפילן געפירט פון פראפעסיאנעלע שווינדלערס ווי: "3 קארטן", "3 פינגערהוטן מיט 1 ארבעס", "פארא - לישקא" (פאר און אומפאר) וואס איז געווען שטארק פאפולער ארויפלייגן אויפן טיש א גרויסע קופע צוקערקעס, דערנאך ווייזנדיק דעם עולם ווי ער לייגט באזונדער - אויס 15 - 10 פאר צוקערקעלעך צו ענד ווייזן ווי ער ווארפט צו 1 אדער 2 צוקערקעלעך פארדעקן די געוויזענע צוקערקעלעך מיט א פאפירענעם טאוול און הייסן דעם עולם צו טרעפן אויב אונטערן טאוול זיינען די צוקערקעלעך אין פארן אדער נישט. פאר דעם כבוד דארף מען אוועקשטעלן 1 פוילישע זלאטע און זאגן וואס אונטערן טאוול געפינט זיך א "פאר אדער אומפאר." דער שפילער האט דאס רעכט אליין איבערצוציילן אויב ער האט געטראפן דאן נעמט ער צוריק זיין געלט און די גאנצע קופע צוקערקעס וואס איז ארויסגעלייגט געווארן. צו פאר חשקן דעם עולם צו שפילן האט דער שווינדלער אייגענע מענטשן וואס שטעלן געלט און געווינען אן אויפהער.

פון אנדערע שפילן "רעדער פון גליק" ווו אלע כמעט נומערן קענען געפינען, ווארפן קלעצלעך מיט נומערן, ווארפן געלט אויף א גליטשיקן טיש מיט געמאלעוועטע קוואדראטן ווו יעדער קוואדראט געפינט. שווער אויסצורעכענען אלע סארטן שפילן, וואס אין אלגעמיין ווערט געפירט אויף ירידים, אדפוסטן, לונאפארקן צירקן און באקאנט ביי דער באפעלקערונג.

דער "אדפוסט - יריד" אין וואשילקאווע איז באגלייט מיט איינצלנע און גרופן מוזיקאנטן און זינגערס, קאטארינקעס שפילער ווו פאר 10 גראשן ציט ארויס דער ים - חזרל אדער די פאפוגע א צעטעלע פון א ספעציעלע קעסטל ווו סאיז אנגעשריבן דער צוקונפט. וואס אנבאלאנגט וואשילקאווער יידן האבן די בעסטע געשעפטן געמאכט די בעקערס אלע אויסגעבאקטע ברויטן און געבעקסן פלעגט ווערן אויסגעפארקויפט, דאס זעלבע די סאדע וואסער פאבריקלעך מיט זייערע לעמאניאדן קוואסן און אנדערע האבן גוט פארדינט, דער אדפוסט יריד האט אויפגעלעבט אין דעם פעריאד די שטעטלשע עקאנאמיע ספעציעל קראמען, צוקערניעס, שיינקען, טייהייזער און אנדערע אונטערנעמונגען.

דער גערויש געפילדער געמישט מיט מוזיק זינגערס, געבעט פון שנארערס און געשרייען פון די וואס האבן איבערגעכאפט דעם ביטערן טראפן וואס מען האט אין געהיים געקענט קויפן האט מען געקענט הערן אויף ווייטע מרחקים. דער גרויסער טומל פלעגט זיך פארהאלטן אויף 10 מינוט צייט ווען די פראצעסיע פון גרויסן קלויסטער מיט זייערע פענער און הייליקע בילדער פלעגן אריינמארשירן אין דעם קליינעם פארלאזענעם קלויסטערל.

נאך א דורכלאזן דער פראצעסיע איז דער ירידישער פיבער מיט זיין געפילדער און פיבער אנגעגאנגען ווייטער זיין וועג, אין עסן, טרינקען, שפילן און איינקויפן פארשידענע זאכן און שפילצייגן פאר קינדער וואס אין א גרויסן אויסוואל האט זיך דארטן געפונען.

אזוי האט וואשילקאווע א דאנק א "נס" געהאט איר אייגענעם יריד צוגלייך מיט אנדערע שטעט און שטעטלעך אין די צייטן פון צאר, פרייסן, פאר דער לעצטער פוילישער סאנאציע - מאכט, פאר דעם קאמוניסטישן רעזשים און יעצט פאר דער נייער "סאלידארנאשטש" רעגירונג.

לײדער די הײנטיקע ירידים אדפוסטן
זענען ייִדן - ריין וואס האט אין א גרויסער מאס די
דאזיקע אונטערנעמונגען באַרייכערט אין
ווירטשאפטלעכן זין ווי אויך אין קאלאריט פון
פארשטענדעניש און טאלעראנץ, וואס איז אינגאנצן
בטל געווארן אין די טעג פון האלאקאוסט.
דאך איז נויטיק אונטערצושטרייכן אז
נישט קוקנדיג אויף דעם גרויסן המון וואס האט
אנגעפילט וואשילקאווע אין דעם פעריאד פון גרויסן
"אדפוסט" איז נישט נאטירט געווארן שארפע
אנטיסעמיטישע פיזישע ארויסטרעטונגען ווי
ס'פלעגט צייטנווייז פאסירן אין אנדערע שטעט און
שטעטלעך אין פוילן.

דער קאטוילישע קלויסטער אין שטעטל.
The orthodox Russian Church





# א בליק אין דער פארגאנגענהייט

מיר און אונדזערע קינדער שוין אפגערעדט, ווייסן נישט ווי עס זעט אויס ביי היינטיקן טאג אונדזער געבורטס - פלאץ וואשילקאווע. צי איז פארבליבן א זכר פון דעם נעכטן? פון אונדזערע הייזער ווו מיר האבן געלעבט, געטרוימט און אונדזערע בעסטע יארן פארבראכט. איך וויל דא אונטערשטרייכן אז פאקטיש זענען דאס געווען די בעסטע און זיסטע יארן אין אונדזער לעבן, ווייל מיר זענען דאן געווען יונג און די געדאנקען האבן געבליצט מיט נייע אידייעס, וואס האט אומפראפארציאנעל צעפלאקערט אין די הייסע דיסקוסיעס מיט חברים, פריינד, אין בויען אונדזער ווייטערדיקן לעבן פול מיט ענערגיע און בטחון.

פאר אונדז איז וואשילקאווע מיט איר אייגנהארטיקן שווערן לעבן, געווען דער צענטער פון דער וועלט. דאס איז געווען..אמעריקע, ארגענטינע מיט קאנאדע צוזאמען גענומען. נאר דאך איז קיינמאל אויף אונדזערע געדאנקען אדער פאנטאזיע נישט געקומען, אז די אלע שטארק באצויבערטע פלעצער מיט אונדזער וואשילקאווע בתוכם, זענען און קענען פארבייטן אונדזער לאנד..ישראל. דאס לאנד פון אונדזערע אבות איז אלע - מאל געווען און פארבליבן די ענד און ציל פון אלע אונדזערע שטרעבונגען און טרוימען.

ווי אין א פילם לויפן פאר מיינע אויגן די יארן פון מיין קינדהייט די הילצערנע הייזער, די גאסן געסלעך, דער שול הויף מיטן הויכן בארג ווו מיר פלעגן ווינטער צייט זיך גליטשן אויף א זעלבע אייגן - געמאכטע ליזשוועס פון א שטיקל האלץ מיט א דראט אין מיטן צוגעבונדן מיט שנורלעך צו די שיך, אדער מיט שליטלעך זיך פונאנדער יאגן פון שפעסל דעם טויבן און זיך אראפלאזן אזש ביז פרויטשיקן דעם פורמאן.

אלס געווען אזוי היימיש, פאלקסטימלעך אין פארגלייך מיט אנדערע שטעט סהאט זיך געפילט נאעטקייט צו דער נאטור, צו דעם "סופראסלער" טייך וואס האט פון איין זייט ארומגעגארטעלט די שטעטל און געווען דער שפיל און אפרו פלאץ פאר דער גאנצער באפעלקערונג. וואס אנבאלאנגט קינדער פלעגן אין די זומער טעג איינגאנצן פון טייך נישט אפטרעטן. א קלייניקייט א



שלמה שלאכטערס הויז



מירקע קאץ הויז



שלמה, נוח, שרה, עטל כהנ'ס הויז



נפתלי כהנס, פון ווייטן שוסטערס הויז

אייגן טייך ווו מען קען זיך טובלען, שווימען און גלאט פליוסקען אין דעם לויפנדיקן וואסער וויפל מען וויל.

מענטשן נאך א שווערן טאג ארבעט אין די טעקסטיל - פאבריקן, האנט - שטולן שפעטער וועב - שטולן דורכגעזאפט מיט אויל, שווייס און דעם ריח פון די געפארבטע קעטן און גארן וואס האט קיין ספעציעלן ריח - ניחוח נישט ארויסגעגעבן, ווייל זייער קוואליטעט איז געווען א געמיש פון ביליקע שמאטעס, קאסטאר, באוול און אנדער אפפאל. האט טאקע דער וואסער אפגעפרישט דעם קערפער, אויפגעעפנט די הויט קעמערלעך וואס זענען פארשטאפט געווארן מיט שווייס אויל און שמוץ און דער מענטש איז פרישער געווארן, פרייער אפגעאטעמט ווי אויך אנגענומען ענערגיע צו דער מארגנדיקער ארבעט.

דער טייך האט אין א גרויסער מאס זיך באשטייערט אין פארגרינען די ארומיקע לאנקעס מיט הויכע גראזן און פעלד - בלומען. אויך די גערטנער נאענטער צום טייך זענען געווען מער פרוכטבאר ווי די פעלדער אין צפון זייט פון דער שטעטל. די יידישע באפעלקערונג האט זיך א מיינסן געבאדן ביי דער קליינע "זאימע" זעלטן ביי דער גרויסער "זאימע" וואס איז געווען פיל טיפער און פארמאגט וואסער - לעכער. מען האט זיך אויכעט געבאדן אין "גאי" אונטער לונסקעס פאבריק, דארטן פלעגן זיך באדן מער יינגערע מענטשן און פרויען מיט קינדער ווייל דער טייך נישט צו טיף האט ערלויבט די פרויען איבערצוגיין אויף דער צווייטער זייט א ביסל ווייטער פון מענערישע אויגן און דארטן זיך באדן מיט און אן קאסטיומען.

אין די לעצטע פאר מלחמדיקע יארן האט מען דארט אויסגעבויט א פליאזשע מיט א טאנץ - פאדלאגע און א בופעט געפירט פון דעם "שיסער - פאריין" (זוויאנזעק שטשעלצוו), די "ביאליסטאקער נאטור געזעלשאפט" האט אויך פארלייגט אין וואשילקאווע א קאיאקן -סטאציע צווישן כהנס טארטאק אין פארעצקעס פאבריק.

עס איז אויך געווען א אנטיסעמיטישער ארויסטרעטונג פון די אניכימס ברידער פון שמולקע דעם קצבס גאס, אבער דאס האט מער אויסגעזען ווי א כוליגאנישער אינצידענט. יידן האבן נישט רעזיגנירט פון גיין צו דער פליאזשע און דארט פארברענגען.

## אנטיסעמיטיזם אין וואשילקאווע !

אויף דער פראגע וועגן אנטיסעמיטיזם אין וואשילקאווע איז שווער צוגעבן א דעפעניטיוון ענטפער. פארשטייט זיך אז סהאט עקסיסטירט דער אזוי - גערופענער טראדיציאנעלער - רעליגיעזער אנטיסעמיטיזם וואס האט עקסיסטירט כמעט אין דעם גאנצער פוילישער געזעלשאפט, ארויסגעדרונגען פון רעליגיעזן פאנאטיזם. דער רעליגיעזער אנטיסעמיטיזם איז געווען פיל אפהענגיק אין דעם



א צוזאמענפאר פון "פוילישע סקויטן" אין וואשילקאווע

18. 1937 r.-Komendantka Hufca Białystok II Waleria Waszkiewicz przyjmuje przyrzeczenie w czasie Zlotu w Wasilkowie.

גלח פון דער פאראפיע. פאר דעם לעצטן גלח אין וואשילקאווע וואס האט לאנגע יארן אנגעפירט מיט דער קאטוילישער פאראפיע, איז געווען א מענטש באליבט און געשעצט פון דער יידישער באפעלקערונג, פאר זיין לאיאלקייט און מענטשלעכקייט אין גאנצן צו דעם לעצטן גלח וואס אין זיין צייט איז געוואקסן דער אנטיסעמיטיזם אין וואשילקאווע און זיין גלייכגילטיקע שטעלונג אין דער צייט פון אקופאציע און פארניכטונג פון דעם יידישן ישוב.

דער צוזאמענלעבן צווישן יידן און פאליאקן (קריסטן) זענען געווען פארשידנארטיקע בעסערע און ערגערע פעריאדן, סהאט נישט געפעלט קיין אנטיסעמיטיזם אבער דאך איז קיין בלוטיקער אנטיסעמיטיזם אזוי ווי אין אנדערע שטעטלעך נישט עקסיסטירט. איינע פון די הויפט סיבות איז געווען וואס די ארבעטס - געבער אין שטעטל זענען כמעט אין 100% געווען יידן און יידישע פירמעס, וועלכע האבן צייטנווייז רעאגירט אויף אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען.

די צווייטע סיבה, וואס די פויערים זענען ביסלעכווייז אינדוסטרא ליזירט געווארן, ווייל נישט אומשטאנד געווען מאכן א לעבן פון דער קליין שטיקל זאמדיקער ערד (6 - 3 מארג) און זיך שטארק געניטיקט אין צוגאב ארבעט, אין יידישע פאבריקן אדער ביי יידישע האלץ סוחרים. דאס האט אויך געווירקט אין האמעווען דעם אפענעם אנטיסעמיטיזם.

אין די לעצטע יארן פאר דער צווייטער וועלט מלחמה האט זיך דער אנטיסעמיטיזם פארשטארקט אין שטעטל. די הויפט סיבות, דער וואקסנדיקער נאציזם אין דייטשלאנד און דער פארשארפטער קורס פון אנטיסעמיטיזם מצד דער פוילישער רעגירונג געפירט אונטער דער לאזונג "זשידא - קאמונע", סוואי דא סווע גא" (דאס הייסט קויף נישט ביי יידן). אין וואשילקאווע איז אנשטאנען א כאדעקישער (קריסטלעכע - דעמאקראטן) פראפאסיאנעלער ארבעטער פאריין צו וועלכן עס האבן צוגעשטאנען ענדעקישע עלעמענטן. דער לאקאל פון דעם פאריין אין מארק אין דער הויז פון א פוילישע פאמיליע צווישן די יידישע הייזער פון ברוך - שלמה ספעקטאר דעם סטאליער און זיידקע אלעשקאווסקעס. יעדן זונטיק פארזאמלונגען פול מיט אנטיסעמיטישע תורה וועגן יידן און "זשידאווסקע - פאכאלקי" (פאליאקן וואס דינען ביי יידן). די פראפאגאנדע פון דעם פאריין האט אין א גרויסע מאס פארשארפט די אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען.

דער צווייטער פראפעסיאנעלער פאריין (זוויאנזעק זאוואדאווי וולוקניאזשי) טעקסטיל ארבעטער איז פארלייגט געווארן אין וואשילקאווע נאך אין אנהויב די דרייסיקער יארן אונטער דער השפעה פון פ.פ.ס. (פוילישע סאציאליסטישע פארטיי), אין די לעצטע יארן זיך געפונען אין ביאליסטאקער גאס אין דער הויז פון ברכה פרעס (ברכה די בעקערע). דער כאדעקישער פאריין האט מיט אלע מיטלען, איינשליסלעך פיזישע געוואלט פארניכטן דעם פ.פ.סישן פאריין, וואס אין איינעם א זונטיק דערפירט צו א פארמעלע שלאכט, דאס איז פארגעקומען אין טאג פון דער עפענונג קאנפערענץ אין דעם פ.פ.ס.פאריין מיט א באפולמעכטיקונג פון די מאכט ארגאנען, אין קאנפערענץ האט געדארפט אנטייל נעמען דער פירער פון אלע פראפאסיענעלע פאריינען פאן קאפיטולקא פון ביאליסטאק.

אין טאג פון קאנפערענץ האט זיך נישט ווייט פון דעם פאריין צונויפגעקליבן א גרויסער עולם פון כאדעקישן פאריין מיט ענדעקישע עלעמענט און מיט שטיינער באווארפן די דעלעגאטן פון די פאבריקן וואס האבן געוואלט אריינגיין אין לאקאל. די עטלעכע וואשילקאווער פאליציאנטן זענען נישט אומשטאנד געווען פארהאלטן די אוואנטוריסטישע ארויסטרעטונגען וואס האט געקענט דערפירן צו בלוט - פארגיסונגען. ווי סזעט אויס האט דער קאמענדאנט פון פאסטערונעק אנגעקלונגען צו די

העכערע מאכט ארגאנען פארשטעלן דעם קריטישן מצב.

עס האט לאנג נישט געדויערט און פון ביאליסטאק איז אנגעקומען 2 אויטאבוסן מיט "שטורם - פאליציי" אנגעטאן אין טונקלע אוניפארמס מיט שטאלענע העלמס (קאסקעס) אויף א באפעל זיך אויסגעשטעלט לענגאויס די ברייט פון דער גאס און פארלאדן די ביקסן. מיט דער גאנצער אקציע פון די שטורם פאליציי וואס האט זיין פלאץ פארנומען אין דער געביידע פון פאסטערונעק (אין ביעלאזארס מויער) אנטקעגן - איבער דעם לאקאל פון דעם פאריין האט אנגעפירט א ציווילער פערזאן וואס האט געגעבן אינסטרוקציעס. ווען אויף דער באפעל פון די אפיצערן "פונאנדערגיין" האט נישט געהאלפן האט די שטורם פאליציי מיט דער הילף פון די ביקסן, גומענע שטעקנס אטאקירט די כוליגאנעס וואס האבן זיך אנגעהויבן פונאנדערלויפן באווארפן די פאליציי מיט שטיינער ווי אויך ביי דער געלעגנהייט אריינגעווארפן אין יידישער הייזער.

די אויסערגעוויינלעכע געשעענישן האט באוויזן צו וועלכן צושטאנד קען דערפירן די פאלשע פראפאגאנדע אין פארטיפן די האס צו יידן וואס זיין אויסדורק איז געקומען צום טאט אין דעם פעריאד פון דער דייטשישער אקופאציע ווען די פאליאקן האבן צוזאמען - געיאגט די יידן מיט דער כונה צו דערטרינקען אין סופראסלער טייך.



**דער קיעלצער**(פוילן)בלוט-בילבול פאגראם אין 1946
41 קרבנות און א גרויסע צאל פארוואונדעטע

A FRAGMENT FROM THE FUNERAL OF THE 41 POGROM VICTIMS
IN KIELCE POLAND 1946.A MEDIEVAL BLOOD LIBEL REVIVED

# עפיזאדן, ווערטלעך, צונעמען.

יעדע שטאט און שטעטל האבן פארמאגט זייערע אייגענע כאראקטעריסטישע אייגנשאפטן, צעכן, מענטשן, ליצנים, חוזק-מאכער, צונעמען, נישט און האלב נארמאלע און פיל אנדערע טיפן. אויך פארשידענע געשיכטעס פאלן און עפיזאדן.

וואשילקאווע ווי אנדערע שטעט אין פוילן האט אויך פארמאגט איר אייגענעם צונאמען - "וואשילקאווער קאזעס" (ציגן). פאקטיש אין די לעצטע יארן האט מען מיט ליכט געדארפט זוכן א קאזע, אבער ליידער איז דער צונאמען געווארן צוגעשפילעט און פארבליבן. דער צונאמען שטאמט נאך פון 18 טן י.ה. ווען די גרעסטע טייל הייזער זענען געווען געדעקט מיט שטרוי און די קאזעס (ציגן) ווינטער צייט ווען ס'איז נישט געווען קיין גראז, פלעגן זיי אויך עסן די שטרוי פון די דעכער און די בלעטער פון די זאגאטן וואס אין ווינטער צייט ארומשטעלן די הילצערנע הייזער צו פארמיידן דעם פראסט ער זאל נישט ארייננדרינגען אין די הייזער.

ביאליסטאק מיטן צונאמען "ביאלי - סטאקער קוכן פרעסער" איז אנגעהאלטן געווארן ביז די ענד פון ביאליסטאקער ישוב, ווייל זיי האבן געבאקט די ספעציעלע ביאליסטאקר קוכס מיט ציבערלע און מאן (זייער געשמאקע און באליבט אין דער פראווינץ). אזוי אז דער צונאמען האט פארמאגט א רעאלע דעקונג ווייל מען האט געבאקט די קוכנס - אבער וואשילקאווע אן קאזעס געמוזט טראגן דעם צונאמען?

## צונעמען

וואס אנבאלאנגט מענטשן אין שטעטל האט כמעט די גרעסטע טייל פארמאגט א צונאמען. די קאראלאציע פון די צונעמען א פארשיידנהארטיקע, צייטנס געבונדן מיט דער אויסגעפירטער ארבעט, משפחה, געשעענשן און אנדערע.

אייניקע פון זיי:

-דער חזיר בייסער: שטארק עקסטרעמער(שטאמט פון א געוועט)
-עלי ביק: זיך געשלאגן מיטן קאפ
-יאנקל גלאוואצקי: (גלאווא אויף פויליש קאפ) א גרויסע קאפ
-מאקעלע דער שמיד: זייער א קליינער אין וווקס.
-לייבל פולטארע: געווען א סטאליער גענוצט דעם ווארט אנדעהאלבן.
-יעקב משה דער העלד: אינגאנצן נישט קיין העלד.
-הענאך דער באציאן: זיך באוועגט מיט אויפגעהויבענע אקסלען.
-לייבל דער בונדאווען: נישט קיין בונדיסט.
-מיישקע פיפטשיק : געהאט ליב צו פייפן.
-ארהן סאווקע: א פראסטער מענטש
-אברהם קאראטשעוו: פארן צאר געדינט אין קאראטשעוו
-שמולקע טשיפקי
-ניאמקע סמארק
-חיים פיעטשקע
-מאטקיע דער געהאנגענער
-משה קויק
-שיעה מאנגעלע
-חיים דער ראזשענאיער
-עליע דער אפזשיריק
-לייבל דער שמאטניק
-זלמן בוץ
-מרדכי טראטש
-שמעון פופ
-דוד דער שטומער (נישט קיין שטומער)

-יאנקל בייכעלע
-סראלקע פודלאזש
-דער סמאליער
-די ציגייערלעך
-שמעון דער שיינקער
-משה פויער
-נפתלי פייפיכעס
-שרה קאטשקע
-איטשקע באבעלעס
-רוווקע פון אונטערנשטאט
-שמואל-יאנאווער
-קאפלאניכע
-יוסף דער דייטש
-רייזעטשקע
-אווראמל זונעלע
-פייוועלע דער שוסטער
-די שייטשוקעס
-די מאזיקים
-יאנקל בוצאק
-לייבל פרומע באבעס
-יודל דער גראדנער
-שמואל דער הארדניאנקער
-מולקע דער קאסטנמאכער
-ניסל דער טשעכאנאווצער
-וועפקע דער גארבאטער
-שרה פייוועלע דעם שוסטערס
-גיטל קויקס
-לייבעטשקע פון לינת חולים
-שעפסל דער טויבער
-לייזער פארך
-מרדכי יורקעס
-עליע עלקאנע
-הערשל בויאק
-ארציק דער גרעק
-חיים קאקאטש
-מיישל פאצוק
-יאנקל פענצאק

-יאנקל באלמעלאכע
-פרויקע סמארק
-לופאטשיכעס קראם
-וועלוול דער לערער
-חיים עקשן (חיים מאטיעס)
-דער יורש
-גוטקע פון שוויסטאפל
-הערצקע דער געלער
-דער לאקטשאווער
-יונה דער דראנג
-שלום די פאראזשיטע פוס
-סראלקע קעקי
-מאטקעלע פוך
-יאסל שטארעפוקס
-די פרוטשקעס
-אסתר ריווע
-חאצקל דער ווילדער
-דער וואלפער
-כאטשקע דער שוסטער
-די סטוזשאנקערס
-שמולקע דעם רבס
-פרומע באבע פון שוויסטאפל
-דער לאשינצער
-אווראמל שניטקעס (שנה איטקע)
-שליימקע דער פיאניצע
-פייוול שליעפאק

## אויסטערלישע געשעענישן

געשעענעשן פון דער נישט פריילעכער זייט אין וואשילקאווע איז געווען דער פאל פון דער טרינקען זיך אונטער פארעצקעס פאבריק פון יאסלען יאנקל קישעס, דער טייך "סופראסל" איז דאן געווען פאר פרוירן און זיין קערפער איז געווען אונטערן אייז וועלכע מען האט געמוזט ברעכן, און סהאט גענומען צייט ביז וואנעט מען האט זיין קערפער מיט דער הילף פון באסאקעס

אַרויסגעצויגן.

דער צווייטער פאַל איז געווען מיט שלמה כהן אָבער דאָס אין זומער צייט און מען האָט שנעל באַמערקט און באַצייטנס אַרויסגעצויגן פון טייך און אָפּגעראַטעוועט. פון אַנדערע נישט איינגענעמענע פאַלן איז געווען דער אָנפאַל פון צוויי פּוילישע באַנדיטן אויף מיישקע מועדן ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט דער פור פון אַ רייזע נאָך סאַקאַלקע, מיישקע האָט זיך געגנגעשטעלט די באַנדיטן וואָס האָבן געוואָלט זיי באַרויבן, אין גראַנגל האָבן זיי אים מיט אַ מיליטערישן באַגנעט דורכגעשטאָכן און אין אַ טאָג שפּעטער געשטאָרבן.

דער צווייטער ענליכער פאַל אַרום 1936 יאָר איז געווען שוין נישט קיין באַנדיטישער אָנפאַל נאָר אַ נאָרמאַלער געשלעג צווישן ניאַמקע סמאַרק (גאַטליב) און אַ פּוילישן שייגעץ ראַדישעווסקי פון קאַסטיעלנע גאַס, בעת דעם געשלעג האָט ער מיט אַמעסער דורכגעשטאָכן ניאַמקען אין דער ריכטונג פון די לונגען און אין משך פון אַ שעה צייט געשטאָרבן. דער משפּט איז פאָרגעקומען אין ביאַליסטאָק און דער שייגעץ איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 3 יאָר תּפיסה, נאָך 1 יאָר געוואָרן באַפרייט. דער געריכט האָט אָנגענומען אַז דאָס איז געווען אַ געשלעג צווישן כוליגאַנעס.

פון אומגליקס פאַלן איז ווערט צו פאַרצייכנען דעם פאַל ווען קינדער אין דער געהעריקער השגחה האָבן זיך געשפּילט אויף די קלעצער וואָס האָבן זיך געפונען אויף דעם פּלאַץ צווישן דעם רימערס הויז און פּערלשטיינס, האָט זיך אַ קלאָץ אַראָפּגעקייקלט און געהרגעט אַ קינד (אַ מיידעלע).

דער צווייטער מער טראַגישער אומגליקס-פאַל האָט פּאַסירט ביי גוטקען אויף "שוויסטאָפּל" איר טאָכטער לייקע אַליין דעמאָלסט אין הויז האָט געמאַכט פייער אין קיך מיט דער הילף פון נאַפט. ווען דער פייער האָט זיך ראַפּטום אָנגעצונדן איז איר פון האַנט אַרויסגעפאַלן די פלאַש זיך צעבראָכן און פונאַנצער געשפּרוצט די נעפט אויף אירע קליידער וואָס האָט זיך אָנגעצונדען ביז וואַנעט זי האָט געעפנט אַ פענצטער איז זי שוין געשטאַנען אין פלאַמען. די הילף פון די שכנים אַ מיינסטן פרויען האָבן זיך נישט אָריענטירט וואָס קומט פאָר, ווי אויך נישט געוווסט עפעקטיוו צו ראַטעווען און אַזוי איז אומגעקומען די 20 יאָריקע מיידל.

## עפּיזאָדן און געשעענישן

מאַטיע גרשון, שרה זעלדעס זון איז געווען אַ וואַסער פירער פון אָנהויב געפירט וואַסער צו שיעה דעם קוואַסניקס פאַבריקל פון סאָדע - וואַסער, לעמאָניאַדע און אַנדערע קוואַסן, שפּעטער אַריבער צו גאַלדבערגס פאַבריקל מיט די זעלבע אויסאַרבעטונגען ווייל שיהע איז געוואָרן עלטער אַ פאַרברענטער חסיד, אָפּטן געפאָרן צו זיין רבין און פאַרנאַכלעסיקט די ביזנעס וואָס האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין. גאַלדבערגס פאַבריקל האָט זיך געפונען אין דער הויז פון מענדל דעם בעקער.

קיין וואַסער - לייטונג איז אין די הייזער נישט געווען, אַזוי אַז וואַסער פלעגט מען נעמען פון די ברונעמער וואָס האָט נישט פיל זיך געפונען אין שטעטל, אַרויסציען די וואַסער מיט דער הילף פון אַ קליוטשקע (אויף פּויליש אַ זשוראַף), קייט אָדער באַסאָק. עס האָט זיך אויך געפונען 2 פּאַמפּן-ברינימער איינער נעבן דער פּוילישער שולע דער צווייטער אויפן לייזיקן פּלאַץ אַנטקעגן יודקעס אַפּטייק אָבער די פּאַמפּן האָבן זעלטן פונקציאָנירט.

מאַטיע גרשונס אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע צוליב די פּרימיטיווקייט אָנצוגיסן מיט דער הילף פון אַ עמער די גאַנץ גרויסע הילצערנע פעסער מיט וואַסער, דער נאָך זיך אַליין איינשפּאַנען אין דעם צוויי רעדערטיקן האַנטוואָגן און איבער דעם שטיינערנעם ברוק פול מיט לעכער ווו אַ דריטל פון די וואַסער האָט זיך אויסגעגאָסן לענג - אויס דער שלעכטער וועג, ברענגען צו שלעפּן צו דער

סאדעוואסער פאבריקל. לאנגע שעהן פון שווערע ארבעט האט גענומען צו ברענגען גענוג וואסער צו באפרידיקן די נויט פון דער פראדוקציע.

אין די שפעטערדיקע נאכמיטאג שעהן פונאנדער פירן די קעסטלעך מיט לעמאניאדן, אראנזשאדן, קוואסן, און די גרויסע קופערנע סיפאנען מיט סאדע - וואסער צו די היפשע צאל צוקערניעס, רעסטאראציעס, קרעטשמעס און קראמען פונאנדער געשפרייט איבער דער שטעטל.

שווער צו באשרייבן די סילוועטקע פון מאטיע גרשונען דעם וואסער פירער א טייל מענטשן האבן געהאלטן אז נישט אין גאנצן א נארמאלער, אנדערע פארקערט, אבער פאקטיש נישט ארויסגעוויזן קיין שום משוגעתן. דאך..עפעס געפעלט אין א קלארן געדאנקנגאנג, ספעציעל אין זיינע אויסטערליכע ארויסזאגונגען ווי צום ביישפיל; "וואס קלערסטו? אויב די וואסער אין טייך וואלט געווען מילך און די קלעצער לאקשן?", אדער "אויב די שניי וואלט געווען כאלווע וואלט עס לאנג געלעגן אויפן גאס."

די לעצטע יארן געלעבט מיט זיין מאמען שרה - זעלדע נעבן יאנקל כהן, א שטארק ארעמע משפחה. קינדער אפטן מיט שפאט באליידיקונג און געשרייען באגלייטן שרה - זעלדען ווען זי פלעגט זיך באוויזן אין גאס, און זי פלעגט ענטפערן מיט קללות, געשרייען און צייטנווייז מיט א ווארף פון שטיין אין אפטרייבן די כאליאסטרע קינדער וואס איר באגלייטן. פון מאטיע גרשונס אויסטערלישע אויסדריקן אמיינסטן וועגן עסן, ווי סזעט אויס האט געשטאמט פון די שטארק ארעמע באדינגונגען באגלייט צייטנוווייז מיט הונגער. דאך זענען זיי געווען ארענטלעכע מענטשן און נישט קיין משוגעים, א גרויסע עוולה האבן געטאן יעניקע מענטשן וואס האבן זיי לייכטזיניק טראקטירט און ווייניק הארץ און הילף זיי ארויסגעוויזן.

## א אויסערגעוויינלעכער פאל

א אויסטערלישער פאל האט פאסירט אין שטעטל וואס סאיז נעלם געווארן שכירות-געלט וואס מען האט געדארפט אויסצאלן אין קאמיאנקעס טוך - פאבריק (וואס האט שפעטער אפגעברענט). די געשיכטע א נארמאלע אין טאג פון אויסצאלן די לוינען האט דער באלעבאס ווי געוויינלעך אוועקגעפארן מיט זיין שטענדיקן פורמאן איטשקע גענעדעק (איטשקע באבעלעס) נאך ביאליסטאק (7 קלמ.) צו דער באנק, אפגענומען דאס געלט אנידעגעלייגט די טעקע מיט די געלט אונטער דעם געזעס מיט שטרוי פארדעקט, און אנגעהויבן פארן צוריק נאך וואשילקאווע. פאר ביי-פארנדיק איינעם א געשעפט נישט ווייט פון ווארשאווער גאס, זאגט דער באלעבאס צו איטשקען..פארהאלט זיך, איך האב דא עפעס צו ערליידיקן עס וועט לאנג נישט דויערן, גוט ענטפערט איטשקע!..ווען דער פאבריקאנט האט זיך אומגעקערט נאך א געוויסע צייט האט ער נישט געפונען ־עם פורמאן (איטשקען) ביי דעם וואגן, פון אנהויב געגלויבט אפשר האט איטשקע אריינגעטאנצט אין דערבייהיקן טויער פאר פיזיאלאגישע באדערפעניש, דערווייל ארויפגעקראכן אויף דער פור און ווארט. געווארן א ביסל באאומרואיקט, אריינגערוקט די האנט אונטער די שטרוי פון געזעס און אוי א בראך..נישטא די טעקע מיט דעם געלט.

איטשקע האט איבערגעלאזן דעם פערד און וואגן צוגענומען די טעקע מיט די געלט און אוועק נאך אמעריקע זיך אומגעקערט אין 6 יאר ארום. אין די לעצטע יארן געארבעט אלס א געוויינלעכער ארבעטער אין טארטאק פון כהן'ס ברידער פארבליבן א ארעמאן געלעבט מיט דער משפחה אין איין צימער מיט א קיך.

## אנדערע דערשיינונגען

יודל זאדוואראנסקי פון אונטערן שטאט געהאט א קראם, געהאנדלט מיט תבואה מיט איין ווארט א רייכער מענטש. איינע פון זיינע שוואכקייטן ליב געהאט טרייבן שפאס, מאכן געוועטן, אונטערפירן ווי אויך נישט קארגן געלט אין דעם הינזיכט.

אין א געוויסן טאג זיך פארלייגט מיט גרשון שטאבינסקי דעם שמידס זון וואס האבן געהאט זייער קוזשניע אנטקעגן איבער זיין קראם. אז ער יודל איז גרייט צוגעבן 2 פוילישע גילדן צו דעם פערזאן וואס וועט מאכן א שפאציר פון זיין קראם ביז דעם הילצערנעם בריק און צוריק א אויסגעשמירטער מיט סאדזע. גרשון נישט פיל טראכטן, אריין אין טאטנס קוזשניע, קיין סאדזע האט דארט נישט געפעלט און ארויס א אויסגעשמירטער. רב יודל האט אים גוט באטראכט און געגעבן זיין הסכמה, אז ער (גרשון) איז נישט שלעכט אויסגעשמירט אבער געשטעלט א באדינג אז ער מוז גיין פאמעלעך און חס ושלום נישט לויפן.

גרשון פון זיין זייט האט געטענה'עט אז אין געוועט איז נישט געווען אזא באדינג, נאך א קורצן ויכוח איז מען געקומען צו א אויסגלייך (יודלס איינפאל) אז גרשון וועט טראגן א פאן אזא נארמאלע וואס מען הייגט אויף די הייזער ביי מלוכה פייערונגען, אין דעם פאל קען גרשון שנעל גיין און אפילו לויפן. אזוי האט גרשון שנעל מארשירט מיט דער פאן א אויסגעשמירטער אין סאדזע און פארדינט 2 גילדן.

- געוועטן זענען געווען שטארק פאפולער אין וואשילקאווע, חיים ראטאוויעצקי (קאקאטש) האט אויך געהאט א שוואכקייט אין פארלייגן זיך מיט זיין יונגערן ברודער יוסף און דאס אין דער ריכטונג פון עסן און טרינקען. פאר דער מלחמה איז געווען אנגענומען אז אויסער דעם שפאציר אין די אוונטן לענג אויס ביאליסטאקער גאס פון מולקע שטאבינסקעס הויז ביז יודקע מאלדיוואנס סטאדאלע, איז מען אויך געזעסן אין די צוקערניעס וויפל סהאט זיך געלאזן, און דארטן טאקע פלעגט פארקומען די געוועטן, לאז מיר דערמאנען אייניקע פון זיי: דאס איז געווען אין ליפשטיינס (גלאוואצקעס) צוקערניע, אויפן טובאנק איז געשטאנען א הילצערנע קעסטעלע שוין א אנגעהויבענע מיט געראיכערטע (געווענזשעטע) פישלעך אומגעפער די גרויס פון שפראטן אבער מיט קעפלעך רופט זיך אפ חיים צום ברודער, אויב דו עסט אויף אלע פישלעך פון דער קעסטל וועל איך באצאלן; יוסף איז מסכים געווען מיט א צוגאב פון א פלעשל לעמאניאדע צו פארטרינקען. די פראצעדור פון עסן..און א איבערייס, עסן מיט די קעפלעך קיין איין פישל טאר נישט פארבלייבן אויב נישט צאלט יוסף פאר אלעס. מען האט אפגעוועגט ארום 3 מיט א האלבן קילא, און יוסף האט בשלום אויפגעגסן צו דעם זיך געפרייט וואס ער האט געמאכט א לאך אין ברודערס קעשענע.

דער געוועט ביי די צוויי ברידער איז אנגעגאנגען א לענגער צייט ווי אויף עסן 2קג. ווורשט, 1.5 קג. כאלווע און אנדערע גרויסע רעקארדן אין עסן ביז יוסף איז קראנק געווארן אויפן מאגן.

פון אנדערע רעקארדן צווישן איצל פערלשטיין און יאנקל באשעס אויף עסן 11 גלעזער מאראזשענע (אמאליקע גלעזער מיט פינגער), דוד שטומער אין א געוועט אויסגעטרונקען 16 גלעזער סאדע וואסער.

- ווען די ערשטע ראדיא אפארטן האט זיך באוויזן אין שטעטל האבן ליצנים אונטערגעפירט ר' משה באטלאי וואס האט געהאט א שוואכקייט צו חזנותקייט ער זאל אריינזינגען אין דער קעסטעלע וועט די גאנצע וועלט זיך דערוויסן וועגן אים, און אזוי האט ר' משה געזונגען פאר דער וועלט. ער פלעגט אויך זינגען אין אנדערע פלעצער פון דער שטעטל צו באוויזן ווי ווייט ער האט נישט קיין שטים און קען נישט זינגען. אין אלגעמיין געווען א

פיינער בעל הבית אבער געהאט א שוואכקייט צום עמוד אבער אן א קול, געשמאק און געפיל.

- אלקאהאליקער: אין אלגעמיין גענומען זענען יידן נישט קיין אלקאהאליקער אבער זענען אויך נישט קיין אבסטינענטן צו א כוסה, און מאכן א לחיים. ביי אלע יידישע שמחות, ביי סעודות צו פארענדיקן לערנען א ספר, יום טובים און אנדערע, איז א גלעזל משקה שטארק אנגענומען. מען מוז מאכן א מחיצה פון א מאכן א כוסה ביז צו זיין א אלקאהאליקער וואס אן א גלעזל קען נישט לעבן, קען נישט ארבעטן און קען נישט אנגיין אין דער געזעלשאפט ווי ער לעבט. אין וואשילקאווע זענען געווען טרינקערס וואס האבן אויך געטרונקען איבער דער נארמאלער מאס, אויסער דעם שווערע טרינקערס צו וועלכע מען וואלט געקענט פאר רעכענען כאנע שייקעס און חיים מאטיעס..אבער נאך נישט קיין פולע אלקאהאליקער.

די צוויי פולע אלקאהאליקער אין שטעטל זענען געווען מיילאך קאטאן דער לאשינצער שניידער וואס אן דעם ביטערן טראפן האט נישט געקענט לעבן ווי אויך ארבעטן. זיין טרינקען האט א מיינסטן געדויערט 3 טעג. ער איז שוין נישט אומשטאנד געווען מאכן א כוסה און גיין צו דער ארבעט. די רוטין, אנדערש געוויינטשאפט צו טרינקען איז אים געקומען פון פיל יארן ארבעט אין פארשידענע דערפער איבערגייענדיק פון איין דארף צום צווייטן און די פויערים האבן אים נישט געקארגט קיין סאמאגאן (אייגענע געמאכט בראנפן).

דער צווייטער אלקאהאליקער איז געווען שליימקע דער פארב - מייסטער אין לונסקעס פאבריק, זייער א גוטער פאכמאן, אבער וואס די פעולה, קומען צו דער ארבעט שיכור און מען האט געמוזט אויף אים נאך אכטונג געבן, ער זאל חס ושלום נישט ארייניפאלן אין א קעסל מיט הייסע פארב. געשטארבן פון אלקאהאל פארן טויט געבעטן מיישקע פאליאקן וואס איז געקומען אים באזוכן, אז ער זאל אויספירן זיין לעצטע בקשה פאר זיין טויט. מיישקע האט אים געפרעגט זאג מיר וואס איז דיין בקשה? ביטע דערלאנג מיר א גלאז בראנפן! מיישקע האט אים געגעבן א גלאז בראנפן לויט זיין לעצטער בקשה...און געשטארבן מיט דער גלאז אין זייו האנט.

## טראדיציעס אדער זאבאבנעס

איך וויל זיך נאר פארהאלטן אויף צוויי פון זיי, וואס איך גלויב נישט אז דאס העלפט אין פארבעסערן דעם צושטאנד פון די וואס נויטיקן זיך אין דער הילף.

אפגיסן שרעק: אין וואשילקאווע אפצוגיסן שרעק איז געווארן פראקטיצירט כמעט ביז דער צווייטער וועלט מלחמה. עלטערע מענטשן, בחורים און מיידלעך אין פאלן פון איבערשרעקן זיך, האט די מאמע אדער די באבע נוצן מיטלען ווי: כוכען אין קארג, באשפריצן מיט א ביסל קאלטע וואסער, אדער מיטן צונג באלעגן דעם קארג א דריי מאל א.ן נאך יעדן לעק אויסשפייען. די זעלבע מיטלען פלעגט מען נוצן אויך צו קינדער. אין פאלן ווען איינזעענדיק אז די מיטלען האבן נישט געהאלפן דאן פלעגט מען אפגיסן שרעק, די פראצעדור איז געווען:

דאס קינד ארייינלייגן אין בעט, און האלטן איבערן קינד א אויסגעשפרייטן ליילעך, איבערן ליילעך האלטן א שיסל מיט קאלטע וואסער. פונאנדערלאזן אין א לעפל א שטיקל צין (בליי) אויפן פייער און ווען די צין ווערט ווי א פליסיקייט, אויסגיסן דורך די ריטער פון א בעזעם צו דער שיסל מיט די וואסער דערביי זאגן א פאר ספעציעלע ווערטער.

די צעלאזענע צין ארייינפאלן אין די קאלטע וואסער אין דער שיסל ווערט גלייך פארגליווערט אין א פארשיידנהארטיקע פארם ווייל די ריטער פון בעזעם האט פונאנדער געטיילט די

הייסע פליסיקייט פון די צין.

דערנאך נעמט מען ארויס די פארגליווערטע צין מאסע וואס האט א שווער צו באצייכנען אויסזען (שטאלט) און מען דיסקוטירט וואס דאס איז, אלע זאגן עפעס אנדערש איינע זאגט אז דאס איז א רייטער מיט שפיז, אנדערע זאגן אז דאס איז סאלדאטן מיט ביקסן. מיט איין ווארט וואס מען ווייל קען מען זאגן און אויסטייטשן ווייל פאקטיש איז דאס ריין גארנישט. און עס איז שווער צו גלויבן אויב דאס פארבעסערט דעם צושטאנד פון דאס קינד.

- דער צווייטער פאל א שטארק טראגישער וואס האט מיר אויפגערודערט נאך זייענדיק אין וואשילקאווע: נעבן דער יידישער שלום עליכם שול האט געוווינט די משפחה פאלק זיי האבן געהאט צוויי זין דער עלטסטער וועלוול דער יינגסט - ער פרץ ווקסיקע שיינע בחורים. דאס איז געווען זומער צייט ווען פרץ האט אנגעהויבן קריינקען, מען האט דערציילט אז אין צייט פון באדן זיך ביי דעם טייך האט ער זיך פארמאסטן מיט איינעם א בחור וואס איז געווען שטארקער פון אים און יענער האט אים אוועקגעלייגט אבער ווי סזעט אויס באשעדיקט דעם אויבערשטן טייל פון רוקן - ביין. פרץ איז דאן אלט געווען ארום 18 - 20 יאר. פון אנהויב האט מען זיך פארלאזן אויף די פעלדשערס וואס האבן גארנישט געוווסט ווי אויך גארנישט געהאלפן. זיין צושטאנד האט זיך שטארק פארערגערט און פון די פיין געווארן גערירט אויפן קאפ. די משפחה זעענדיק אז קיין זאך העלפט נישט, אנשטאט אים איבערצופירן צו א שפיטאל האבן זיי זיך צוגעהערט צו פארשידענע בבא - מעשות וועגן אזעלכע מענטשן וואס מיט פארשידענע מיטלען ווי געוויקסן, אפשפרעכן און אנדערע מיטלארטערלעכע סגולות קענען אויסהיילן. זיי האבן אויך פון ערגעץ געקריגן דעם אדרעס פון א געוויסן טאטער וואס לעבט ארום דער שטעטל קרינקי און איז זייער גוט. אין איינעם א טאג האט מען אראפגעבראכט דעם אזוי גערופענעם כישוף - מאכער וואס א גאנצן טאג אויסגענוצט אין אויסרויכערן די שטוב מיט פארשידענע גרינסן, געקאכט פארשידענע וואסערן מיט איין ווארט אלע סארטן שטיק און מאגישע טריקן און איז אפגעפארן. אין א קורצע צייט ארום איז פרץ דער שיינער יונגער בחור געשטארבן.

שווער צוגלויבן אין דעם אויסטערלישן פאל אז דאס האט געקענט פאסירן אין די דרייסיקער יארן פאר דער צווייטער וועלט מלחמה, ווען די גרויסע שטאט ביאליסטאק מיט שפיטאלן אין דעם אויך א יידישן שפיטאל, מיט א היפשע צאל דאקטוירים האט זיך געפונען אינגאנצן 7 קלמ. פון וואשילקאווע.

ווי עס איז צוזען האט נאך געהערשט פרימיטיווקייט ביי א טייל פון דער באפעלקערונג, ספעציעל ביי פאמיליעס וועלכע זענען נישט אנגאזשירט געווען אין געזעלשאפטלעכן לעבן פון דער שטעטל, נישט אנטייל גענומען אין פאליטישע ארגאניזאציעס, קולטורעלע, סאציאלע אינסטיטוציעס און אנדערע. געלעבט אין ענגן קרייז פון די משפחות ווי אויך נישט געארבעט אין גרעסערע אונטערנעמונגען וואס וואלט דערפירט צו א נענטערן קאנטאקט מיט פארשידענע מענטשן, פראבלעמען אידייעס און מיט דעם בעסער פארשטאנען די פראגרעסיווקייט פון דער ארומיקער וועלט.

# דאקומענטן פון דער פארגאנגענהייט

אין די לאבירינט פון ביכער, פנקסן, ארכיוון וואס בלאזט מיט אלטקייט פון די פארשימלטע געלע בלעטער צופרעסן דורך מאל און אנדערע אינסעקטן, ווי אויך אין די פארגעשריטענע ארכיוון מיט מאדערנע איינריכטונגען אין נומעראליקע אלפאבעטישע קלאסיפיקאציע, באדינט מיט עלעקטראנישע קאמפיוטארן און אנדערע אינסטאלאציעס איז דאך...שווער..צוגעפינען די שטעטל אנדערש שטאט וואשילקאווע. כאטש, אויף די אלגעמיינע פוילישע טאפאגראפישע מאפעס איז דער נאמען דייטלעך אנגעשריבן. פיל לייכטער זיך אריינזעצן אין אויטאבוס וואס גייט אפ זייער אפטן פון יוראווצער גאס אין ביאליסטאק איבערפארן איין העכערן בארג איז מען גלייך אין וואשילקאווע אינגאנצן 7 קלמ. וועג.

פיזיש גענומען עקסיסטירט וואשילקאווע, מיקען איר ממש אנטאפן מיט דער האנט, די צוויי הילצערנע בריקן איבערן טייך "סופראסל" איז אויפן זעלבן פלאץ, דער וואדאציאנג" (וואסער לייטונג) ארבעט ווי אין אמאליקע יארן אן אפשטעל טאג און נאכט אין פאמפען וואסער פון די טיפע ארטיזיאנישע ברונעמער צו דער גרויסער שטאט ביאליסטאק. פארעצקעס, אלעשקאווסקעס און אנדערע יידישע גרויסע קאמפלעטנע פאבריקן וואס זייערע ווירקלעכע אייגענטימערס האבן אין זיי אריינגעלייגט, הארץ נשמה, וויסן און שווערע ארבעט אין אנטוויקלונג..ארבעטן אויך יעצט.

די זעלבע גאסן געסלעך די הילצערנע הייזער הייזקעס און גערטענער.. יע.. יע.. דאס איז וואשילקאווע, אויף באשטימט וואשילקאווע. וויפל איך זאל נישט רייבן מיינע אויגן, איז אונמעגלעך זיך צו באפרייען פון דעם נעפל..וואס פארשטעלט מיין וואשילקאווע.. מיין יידיש וואשילקאווע, מיין פארלארענעם יוגנט וואס האט געברויזט מיט לעבן און אידעאלן.

מיין וואשילקאווע מוז איך זוכן אין די אלטע פארשימלטע ארכיוון וואס בלאזט מיט ווינטן פון א פארשוואונדענע וועלט. צום באדויערן..אויך דארטן איז שווער צוגעפינען מיין וואשילקאווע, אויסער אפגעריסענע פראגמענטן דא און דארטן וואס מיט גרויס געדולט, נערוועזישע אנשטריינגונגען קען מען אויספארמען געוויסע איינצלהייטן פון יענער וואשילקאווע וואס איז טיף איינגעקריצט געווארן אין די קעמערלעך פון מיין מוח.

דער דייטשישער בלוטיקער אנטיסעמיטיזם האט מיט דער מיטהילף פון שטארק אנטיסעמיטישע פוילישע עלעמענטן, נישט נאר פיזיש געוואלט פארניכטן, אויסראטן, דעם גאנצן יידנטום אויף דער וועלט, זיי האבן אויך געוואלט אויסמעקן דעם יידישן נאמען פון דער אייראפייאישער געשיכטע, פארניכטן יעדן געשריבענעם ווארט וואס דערמאנט דעם נאמען ייד.

פון די באגרעניצטע צאל דאקומענטן קען מען פיל לערנען, דעם אויפשטייג און פאל פון דער יידישער באפעלקערונג, וואס אין פיל פאלן געווען געבונדן מיט דער עקאנאמישער לאגע ווי אויך אין פאליטישן זין (אנטיסעמיטיזם). וואס אנבאלאנגט פירערשאפט פון די יידישע געמיינדעס, האט רעגולירט דעקרעטן פון קעניגן, פירשטן, וואיעוואדן, שפעטער רעגירונגען.

די אנטשטאנענע מיט דער צייט קהלס האט אין זיין טעטיקייט ארגאניזירט דעם יידישן לעבן ווי אויך באשיצט דעם לעבן און פארמעגן פון זייער געמיינדע. די אמטן און זייער נאמען איז באשטימט געווארן פון די אפיציעלע מלוכישע מקורות, וואס האט זיך געביטן אין פארשידענע פעריאדן און געגענטן, אפענגיק אין דער מאכט וואס צייטנווייז געווען א פוילישע, רוסישע, פרייסישע און אנדערע, די אמטן זענען געווען; "סעניארן" (עלטסטע), "שול סעניארן", "יידישע ביסקופן", "דאקטאר", דער טיטול רב איז נישט געווען די זעלבע ווי אין היינטיקער צייט. אלע

אויסגערעכנטע אמטן האט געקענט אויספירן פערזאנען קענער פון רעליגיעזע תקנות און ריטואלע איינשטעלונגען און נישט אומבאדינגט זיין א רב.

אין דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג אין פוילן און רוסלאנד קומט צו באגריפן און נאמענס ווי "רב", "רבי", "פאדראבינעק", "פאמאשניק" (צוהעלפער - פארטרעטער), "פרעזעס", "זאזשאנט גמיני" (ועד הקהל) און אנדערע.

די פערזאנען פון די אויסגערעכנטע אמטן זענען געווען די אפיציעלע פארשטייערס פון דער יידישער געמיינדע לגבי די מלוכישע ארגאנען.

מעטריקאלע ביכער ביז דער אנשטייהונג פון דער פוילישער מלוכה אין 1920 יאר איז געפירט געווארן אין דער רוסישער שפראך, צום ביישפיל אין 1898 אין געבורטס - בוך איז פארשריבן אז דעם 18 טן נאוועמבער איז געבוירן א ייגגל שלום קראפינסקי (שמעון דעם גלעזערס) און מען האט מל געווען דעם 25 נאוועמבער און דער מוהל איז געווען יאנקל כאזאנאוויטש (סאיז אויך אנגעגעבן די יידישע צייט אין רוסיש) ווי אויך איז אנגעגעבן דעם נאמען פון רב און פערסאנאליע איינצלהייטן פון טאטן און מאמען זייער געגוי. די פארצייכנונג אין בוך האט אונטערגעשריבן;

פאמ.רבי (פארטרעטער פון רב) א ליכטענשטיין
סטאראסטא (מיטגליד פון שול) ג שטערנפעלד
קאסירער רושטשוק

יעדן מאנאט האט דער אונטער - רב (ראבינער) געמאכט א מאנאטליכן צוזאמענשטעל פון געבורטן, טויטפאלן, עס איז ווערט אונטערצושטרייכן די פינקטלעכקייט און גענויקייט אין האלטן א קאנטראל איבער דער יידישער באפעלקערונג.

אין די מעטריקאלע ביכער צום ביישפיל פון די יארן 1935 - 1929 געפירט אין פויליש דורך ראבינער שפעטער רב ר' ישראל הלפרן זצ"ל זענען זיי שטארק ענלעך צו די רוסישע מיט דעם צוגאב פון יידיש און עברית, אין 1929 שרייבט אונטער אויסער הרב הלפרן

**די יידישע באפעלקערונג אין וואשילקאווע**
**יערלעכע געבורטן**
**פון 1939 - 1870**

| יארן | צאל געבורטן |
|---|---|
| 1870 | 29 |
| 1876 | 35 |
| 1877 | 18 |
| 1878 | 46 |
| 1889 | 35 |
| 1891 | 47 |
| 1892 | 43 |
| 1895 | 46 |
| 1896 | 43 |
| 1898 | 68 |
| 1900 | 49 |
| 1903 | 40 |
| 1905 | 30 |
| 1906 | 27 |
| 1907 | 36 |
| 1908 | 29 |
| 1909 | 31 |
| 1910 | 42 |
| 1911 | 23 |
| 1912 | 35 |
| 1913 | 27 |
| 1914 | 32 |
| 1916 | 8 |
| 1917 | 3 |
| 1919 | 11 |
| 1920 | 17 |
| 1921 | 14 |
| 1922 | 16 |
| 1923 | 13 |
| 1924 | 16 |
| 1925 | 13 |
| 1926 | 11 |
| 1929 | 19 |
| 1930 | 13 |
| 1931 | 10 |
| 1932 | 12 |
| 1933 | 11 |
| 1934 | 8 |
| 1935 | 11 |
| 1936 | 12 |
| 1937 | 19 |
| 1938 | 17 |
| 1939 | 10 |

דער פארזיצער פון דער קהילה ליטווין און דער מיט גליד ניסל גרושקין, אין 1935 אויסער הרב הלפרן שרייבט אונטער פרעזעס פון דער קהילה טשאפניק מיטגליד בערל ראטאוויעצקי.

- אין די יארן 1870 איז געווען אונטער -רב אברהם אוגאיניק (פאדראבינעק) געפירט די מעטריקאלע-ביכער גלייכצייטיק געווען דער קאנטאקט פארשטייער מיט דער ארטיקער מאכט.

- אין 1897 יאר איז אונטער רב געווען וועלוול גאלדמאן באקאנט אונטערן נאמען "וועלוול דער לערער", געפירט די מעטריקאל און קהילהשע ביכער.

-אין 1932 יאר איז פארזיצער פון דער קהילה געווען בנימין ליטווין.

- אין 1931 יאר איז צום וואשילקאווער מאגיסטראט (שטאטראט) אויסגעקליבן געווארן 3 יידישע ראטמענער, דאס זענען געווען;

זלמן פאנימאנסקי אומפארטייהישער פון גמילת חסדים קאסע.

יעקב קראווטשיק בונד, דירעקטאר פון לונסקעס פאבריק.

געצל רובין ציוניסטן געהאט א קראם קארנער לונסקעס גאס.

- אין 1938 יאר איז צום וואשילקאווער מאגיסטראט אויסגעקליבן געווארן 3 ראטמענער:

מרדכע שנייער ציוניסטן

זלמן פאנימאנסקי אומפארטייאישע

יעקב קראווטשיק בונד.

- אנדערע פירער פון וואשילקאווער ועד הקהל זענען געווען יעקב/ דן גאטליב ביים אנהויב פון דער ערשטער וועלט מלחמה, געשטארבן אין 1919 יאר. נפתלי כהן, געצל רובין, חיים באכראך, פסח אבראמאוו, און אנדערע, ליידער איז נישט געפונען געווארן אפיציעלע דאקומענטן צו באשטעטיקן זייער קאדענציע.

עס איז נייטיק אייניקע אויפקלערונגען וואס אנבאלאנגט מעטריקאלע ביכער און קהלהשע טעטיקייט. אין דער צייט פון דער 12 יעריקער (1807 - 1795) פרייסישער הערשאפט, איז אפגעשאפט געווארן די טעטיקייט פון דער יידישער קהילה און פארביטן געווארן מיט דעם אזוי גערופענעם "דער פרייסישער רעגלאמענט פאר יידן אין די ניי - פארנומענע געגנטן" וואס האט באגרעניצט די טעטיקייט פון יידישע אינסטיטוציעס, האט אפגענומען די רעכט פון יידיש - רעליגיעזע געריכטן, די טעטיקייט פון רבנים, באגרעניעצט דעם יידישן האנדל, דערנידערט די יידישע באפעלקערונג און אנדערע דראקאנישע פאראדנונגען.

נאך דער 12 יעריקער אקופאציע ווערט וואשילקאווע איינגעגלידערט צוזאמען מיט ביאליסטאק און אומגעגנט אין דער רוסיש - צארישער אימפעריע. וואס אנבאלאנגט קהילה אינסטאנצן און טעטיקייט האט די רוסישע מאכט איבערגעלאזן נישט קיין גילטיקייט.

די רוסן האבן די יידן טראקטירט ווי א רעליגיעזע געמיינדע, אזוי ארום האבן זיי איינגעשטעלט אפיציעלע אמטן, דער הויפט - פארשטייער איז געווארן דער "קאזיאנער ראווין" (רעגירונגס ראבינער), וואס האט געדארפט פירן די מעטריקאלע ביכער, געמוזט קענען רוסיש און פויליש און דער אפיציעלער רעפרעזענטאנט לגבי דער רוסישער מאכט.

אויסער דעם דארף די סינאגאגע - שול אנדערש די רעליגיעזע געמיינדע אויסקלייבן פאלגענדע אמטן;

"סטאראסטא" דאס הייסט א גבאי

"אוטשאני" א געלערנטן

"קאזנאטשיי" א קאסירער

די אלגעמיינע לאקאלע מאכט דארף זיין, דער מאגיסטראט (שטאטראט) וואס וועט אריינעמען קריסטן און יידן. די דוכאוונע דאס הייסט רבנים האבן נישט געהאט קיין לעגאלן סטאטוט לויט דער רוסישער אויפנעמונג.

זייער כאראקטעריסטיש אז אלע מעטריקאלע ביכער און אקטן, האבן געמוזט ווערן אונטער -

געשריבן דורך 3 פון די אויבנדערמאנטע פערזאנען. גאנץ פאר-שטענדלעך אז די באשטימטע אמטן האבן נישט אומ-שטאנד געווען, ארגא-ניזירן אנפירן מיט דעם גאנצן ישוב אין לייזן די פארשידענע פראבלעמען רעלי-גיעזע, סאציאלע און אנדערע. אזוי ארום האט די יידישע באפעלקערונג ווײ-טער אנגעגאנגען מיט איר קהילה ארגאניזאציע, אינס-טאנצן, וואס האט פריער פונקציאנירט נאך פאר דער פריי-סישער מאכט, וואס איז פאקטיש געווען אומלעגאל לויט די רוסישע איינ-שטעלונגען.

אנאליזירן די רשימה פון די געבורטן אין וואשיל-קאווע פאר די יארן 1870 - 1939 קען מען אן צווייפל פעסטשטעלן, אז נאך דער אנטשטייהונג פון דער פוילישער מלוכה אין 1920 יאר מערקט זיך א סיסטעמאטישע דעגרעדאציע אין געבורטן ביי דער יידישער באפעלקערונג וואס דערגרייכט ארום 60% (פראצענט).


METRYKA

מעבודס - סערטיפיקאט


METRYKA
Babin

טויט - סערטיפיקאט

די הויפט סיבות פון דער שטארקער דעגרעדאציע אין געבורטן זענען גע-ווען;

א. די שרעקלעכע איבער-לעבונגען אין די יארן פון דער ערשטער וועלט מלחמה.

ב. די עקאנאמישע בא-דינגונגען, באגלייט מיט א כוואליע פון ארויסטרייבן יידישע ארבעטער פון די פאבריקן, מיניסטער גראבסקעס עקא-נאמישע פאליטיק געצילט געגן יידן.

ג. דער אנטיסעמיטיזם, א-נטיסעמיטישע א-רויסטרעטונגען גלייך ביים ארייננמארש פון פוילישן מיליטער ווי די "האלערטשי-קעס" אין שניידן בערד און עקסעצן, דמאווסקעס אנטי-סעמיטישע ארויס-טרעטונגען, אנפאלן אויף מערק, ירידים און אנדערע.

די 3 דערמאנטע פראבלעמען זענען געווען די גורמים צו דער פארשטארקטער עמיגראציע ספעציעל פון דעם יינגערן עלעמענט בחורים און מיידלעך ווי אויך יונגע פארפעלקער אין זוכן א מקום מקלט אין

אנדערע טיילן פון דער וועלט, מיט דעם א דעגראַציע אין געבורטן. די גרעסטע טייל פון דער שטעטלשער עמיגראציע איז געווען אמעריקע, ארגענטינע, קאנאדע, קאלומביע, ארץ ישראל אין דרום - אמעריקאנער לענדער, עס איז ווערט צו דערמאנען כאטש א קליינעם טייל פון וואשילקאווער יידן וואס פארלאזן זייער געבורטס - שטעטל אין זוכן א פלאץ נישט פאר גאלדענע גליק, נאר פאר לעבן ווי יעדער געוויינלעכער מענטש און צו פארבלייבן א ייד.

## רשימה פון א טייל וואס האבן פארלאזט די שטעטל

זאדווואראנסקי מאדלדיוואן
שמעון מענדעלעוויטש
חיים פרעס
מינקין 2 מיידלעך
שערמאן
עליע ספעקטאר
דוד שרה זעלדעס
אפרויקע שפירה
קיילע לעווין
יודל ליפשטיין
רבקה לעווין
דבורה מינקין
שיינע שלאכטער
אברהם געלבערד
עליע שפירה
מאשקע פאליאק
מיישקע שטאבינסקי
פייגעלע היילפרן
ביעלאוס משפחה
רבקה וויניק

שלום מענדעלעוויטש
שלום כהן
רייזל מענדעלעוויטש
חנה אבראמאוו
בריינקע אבראמאוו
גיטל פאנימאנסקי
סראלקע ספעקטאר
אברהם גאלאנד
דאווטשע פיטלוק
פייוול ראגאווסקי
נוח כהן
סולקע סטאלניצקי
שרה פערלשטיין
דוד סטאלניצקי
משה שלאכטער
רבקה פערלשטיין
זאלמען שטאבינסקי
רבקה קראפינסקי
חייע באטלאי

שלום קראפינסקי
פסח סטאלניצקי
מועד דעם שמש זון (פון שול)
לייבל יודאווסקי
דוד קאץ
לייבל פרעס
הערשקע פאליאק
רחל מועד
לייבל גאלאנד
שייע גארפיין
חיים ארטשיק פאליאק
יודל סטאלניצקי
חנה פערלשטיין
הערשעלע היילפרן
הערשל שלאכטער
מאלקע פון שוויסטאפל
הינדע כהן
רחל אינקער
ארציק לעווין 2 מיידלעך

און צענטליקער צענטליקער אנדערע.



לייב מענדעלעוויטש 25 יאר אין דער צארישער ארמיי
(געכאפט אלס א ייגגל, שנה/איטקע זיין פרוי.
Reb Lejb Mendelewicz 25 years in
Russian Army (taken as little boy).



לעאן/לייבל מענדעלוויטש
א אייניקל.



ירחמיאל זלביאנסקי לאנג-יאריקער ציוניסטישער עסקן
האלט א דרשה ביי אנטהילן דעם טאוול-מאנומענט לזכר וואשילקאווע.
Mr. Zelevianski blessing the Plaque of Memory.



**א באשטעטיקונג פון וואשילקאווער מאגיסטראט**
**אז משה ראגאווסקי איז דער אייגנטימער פון זיין הויז 1935.**

Magistrates statement of entitlement to property
for Moishe Rogowski.



**א באשטעטיקונג פון וואשילקאווער מאגיסטראט**
**אז אסתר גאטליב איז די אייגנטימער פון איר הויז 1932.**

Magistrates statement of Entitlement to property
for Mrs. Ester Gotleib.

# "חרם"

דער אויסטערלישער פאל וואס נישט זייער אפטן פאסירט אין לעבן פון יידישע ישובים אין פוילן, האט געהאט זיין ארט אין וואשילקאווע. אין אלגעמיין האבן רבנים און אנדערע כלי קודש אין אמאליקן פוילן, רוסלאנד און ליטע, מיט אלע מיטלען געזוכט אויסצומיידן, די נישט שטארק פאפולערע צערעמאניע פון ארייינלייגן א יידן אין חרם.

פערזענלעך געדענק איך נאר די חרם צערעמאניעס פון טעאטראלע פארשטעלונגען, דעם ערשטן מאל אויסגעפירט פון דראמאטישן קרייז אין וואשילקאווע אין די צוואנציקסטער יארן אנסקעס "דער דיבוק" ווו סהאט אנטייל גענומען; מוליאק ווייס, חנה אבראמאוו, חאצקל פאליאק, דאווטשע פיטלויק, באשקע לענטשינער, ריווע ספעקטאר און אנדערע. דעם צווייטן מאל געזען דעם "דיבוק" אויסגעפירט פון אידא קאמינסקע טרופע, וואס האט געמאכט אויף מיר א געוואלדיקן רושם.

אין דעם פעריאד פון פארשארפסטן אנטיסעמיטיזם אין פוילן מיט פיזישע ארויסטרעטונגען ספעציעל אין די קליינע שטעטלעך בעת מערק און ירידים. אנפאלן אויף יידן, שלאגן, באיקאטירן און ראבירן יידישע סטראגאנעס, סוחרים, קיאסקן און אנדערע. האבן פיל יידן פארלאזן די נישט זיכערע פלעצער, וואס האט באדראט זייער לעבנס און פרנסה, באזעצנדיק זיך אין א זעלכע שטעטלעך מער רואיקע, ספעציעל אין אינדוסטראליזירטע מיט פאבריקן, וואס האבן פארמאגט בעסערע מעגלעכקייטן צו געפינען באשעפטיקונג.

אמייסנסטן אין די מער אינדוסטראליזירט שטעט און שטעטלעך ארום ביאליסטאק האט זיך אנטוויקלט ארבעטער און פאליטישע גרופירונגען באגלייט מיט סאציאלע ווינטן און אידייעס וועגן גערעכטיקייט, פרייהייט און קאמפן אין פארבעסערן די לעבנס באדינגונגען פון די ארבעטער און פאלקס מאסן.

אזוי האט פון דער שטעטעלע ראדזילאווע זיך איבערגעקליבן א יונגע פאר - פאלק מיט דער פאמיליע - נאמען גרינגראז, פון דער פאך איז אלטער גרינגראז געווען א שוסטער און מיט שווערעקייטן אנגעהויבן מאכן א לעבן אין אונדזער שטעטעלע וואשילקאווע. די פאר - פאלק גרינגראז זענען געווען קאמוניסטיש געשטימט.

ווי סאיז אלעמען באוווסט איז די קאמוניסטישע פארטיי אין פוילן געווען אומלעגאל און נישט געפירט קיין עפענטלעכע קאמוניסטישע טעטיקייט, אין קלענערע שטעטלעך איז געווען אין אלגעמיין אונמעגלעך ווייל די פאליציי האט פערזענלעך גוט געקענט יעדן איינוווינער. אזוי ארום האבן די קאמוניסטן אין פריוואטן לעבן מעגלעך געוואלט באווייזן ווי ליב און טייער איז ביי זיי די אידעאלן פון קאמוניזם, און סהאט זיך ריכטיק געמאכט אזא געלעגנהייט צו דעמאנסטרירן זייער לאיאלקייט צו דער אויסגעבויינקטער אידעאלאגיע.

רייזל גרינגראז האט מיט מזל געבוירן א קינד א ייגגל און סאיז ארויסגעשוומען אויפן אויבערפלאך די אטייאיסטישע אידייעס פון קאמוניזם וואס איז זעעליש געגן וועלכע סאיז רעליגיעזע לערעס און רעליגיעזע דאגמעס. פאר די גרינגראז איז געשטאנען די פראגע וואס צו טאן מיט דער צערעמאניע פון ברית - מילה.

נאך א לענגערע מעדיטאציע, האבן זיי באשלאסן לויט זייערע אידעאלאגישע אנשויהונגען, וועלן זיי דאס יינגעלע נישט מל זיין.

דער רב פון שטעטל ר' ישראל היילפרן זצ"ל איז געווען גלייכצייטיק דער "ראבינער" וואס האט געפירט די מעטריקאלע ביכער, איז געשטאנען פאר א דילעמע ווי צו פארשרייבן דאס קינד..אלס א ייד אדער נישט קיין ייד? ווייל אין די מעטריקאלע ביכער האט זיך געפונען א רובריק אין פויליש און

יידיש - "דאטע פון מל זיין און דעם נאמען פון מוהל" אזוי האט געפאדערט דער געזעץ ביי רעגעסטרירן א קינד.

ר' ישראל האט געמאכט פרווון איבערציינגן די פאמיליע גרינגראז צו מל זיין דאס קינד און מאכן פאר א ייד. צו קיין דירעקטע קאנטאקטן צווישן רב און דער משפחה גרינגראז איז נישט צושטאנד געקומען, דאן האט דער רב ארויסגעשיקט א שליח צו אלטער גרינגראז ער זאל קומען צום רב ארומשמועסן דעם ענין פון ברית מילה.

אלטער גרינגראז האט זיך אפגעזאגט פון א שמועס מיטן רב. נישט האבנדיק קיין אויסוועג האט דער רב דאן ארויסגעשיקט דעם שמש מיט א ווארנונג, אז זיין אפזאגנישט קומען צום רב אויף א שמועס קען דערפירן צו שארפע קאנסעקווענצן איינשליסלעך צו א אלגעמיינעם חרם.

דריי מאל האט הרב היילפרן ארויסגעשיקט דעם שמש צו אלטער גרינגראזן און נישט ערהאלטן קיין ענטפער, ביי ענד געווען געצוווגען נוצן די עקסטרעמע פארם וואס איז אין באזיץ פון רב אין איינקלאנג מיט דער הלכה.

אין גרויסן בית המדרש מיט א שווערע הארץ מיט טרערן אין די אויגן האט הרב ר' ישראל היילפרן א דורכגעפירט די צערעמאניע פון ארייגלייגן אין חרם די משפחה גרינגראז.

דאס איז געווען דער איין און איינצקער פאל אין דער געשיכטע פון וואשילקאווע א ריינצולייגן אין חרם א ייד.

איינס איז נייטיק און וויכטיק צו פארצייכנען פון דער פאזיטיווער זייט פון דער שטעטל. אז דער ארייגעלייגטער אין חרם דער ייד אלטער גרינגראז און זיין פרוי רייזל זענען נישט געווען קיין וואשילקאווער תושבים, נאר צייטווייליק זיך געפונען אין שטעטל, אזוי אז דער פאל מיטן חרם, האט נישט פארמינערט די רעפוטאציע פון דער שטעטל וואשילקאווע, וואס ביז איר ליקווידאציע געווען געשעצט אז א לומדישע מוזיקאלישע שטעטל.

# מיינע זכרונות

## פון חנה פערלשטיין

מיינע זכרונות און דערמאנונג פון אונדזער שטעטל וואשילקאווע, איז זייער שווער צו באשרייבן ווייל די הארץ טוט וויי פון בייגקשאפט, נאך מיינע טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער מיט זייערע פאמיליעס און בכלל, אלע וואשילקאווער זענען געווען נאענט איינער צום צווייטן ווי איין גרויסע משפחה.

וואשילקאווע א קליינע שטעטל, א ריינע, ציכטיקע ווי אויך א מוזיקאלישע, אין יעדן צווייטן הויז האט מען געשפילט. אין די אוונטן נאך דער ארבעט פלעגט זיך דערטראגן קלאנגען פון מוזיק פון פיל אפענע פענצטער, ספעציעל דאס שפילן אויף פידלען, גיטארן און מאנדאלינען. א וואשילקאווער ייד מיטן נאמען אווערמל (אברהם) מולדיוואן האט געלעבט אין ניו - יארק געווען א רייכער מאן געשטאמט פון וואשילקאווע ער האט זייער פיל געטאן פאר דער שטעטל. געקומען אויף א לוסט - רייזע (ארום 1925) צו באזוכן זיינע קרובים וואס האבן דארט געלעבט און האט איינגעקויפט פאר דער וואשילקאווער יוגנט צוויי ארקעסטרעס מוזיק.

איינס א סטרונע - ארקעסטער און איינס א בלאז ארקעסטער, און פון ביאליסטאק פלעגט קומען דער לערער פון מוזיק ח. טיאכן און געלערנט די קינדער שפילן אויף פארשידענע אינסטרומענטן. די אלע קינדער פלעגן זיך צונויף קומען ביי שמעון דעם שיינקער אין הויז ווו ספלעגט פארקומען די לעקציעס. דאס זעלבן מיטן בלאז - ארקעסטער פלעגט א ספעציעלער קאפעלמייסטער לערנען שפילן פאר מער דערוואקסענער יוגנט. דער זעלבער אווערמל מולדיוואן האט אויך פאר ארדנט אז סזאל קומען א דאקטאר צוויי מאל א וואך און דאס אלעס האט נישט געקאסט קיין געלט, דאקטאר זאדוואראנסקי פון ביאליסטאק מיט אסיסטענט



חנה אין דער מיטל מיט יאנקל אין דינטשע יענטשמעניק

פון וואשילקאווע פעלדשער פאן מאטישעווסקי (א פאלאק) האבן געהיילט אן א גראשן געלט.

עס איז אויך געווען א לינת - הצדק, לינת - חולים, נישט ווייט פון בריק האט געוואינט א ייד מיטן נאמען לייביטשקע ביי אים פלעגט מען קענען קריגן אלע נויטיקע מכשירים און מעדיקאמענטן ווי באנקעס, טערמאמעטערס צו מעסטן די היץ, גומענע פענכערס און פלעשער, שפריצעס צו לעוואטיוון און ענלעכע זאכן אן שום אפצאל ווייל דאס האט באלאנגט צו לינת - חולים.

אין וואשילקאווע איז געווען 3 פאלקס - שולן. א ידישע פאלקס שול (שלום - עליכם שול), א פוילישע פאוושעכנע שול און א העברעישע תחכמונה שול.

אונדזער הויז איז געשטאנען פונקט אנטקעגן דער פוילישער שולע, אונדזער שטוב איז געווען א ציוניסטישע הויז, אלע חלוצים פלעגן קומען צו אונדז, מייו שוועסטער שרה פערלשטיין איז געווען די מגרשה פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין וואשילקאווע, מיט איר צוזאמען איז געווען נוח כהן, אברהם כהן, יאנקל באטלאי, הינדה כהן, סראלוש,

גאלד און אנד. שפעטער איז צוגעקומען ירחמיאל זעליוויאנסקי, שמאול היילפרן א.אז.וו.אלע האבן פיל געטאן צו שאפן געלט פאר ארץ ישראל. עס איז געווען 3 בתי - מדרשים און א חסידים שטיבל "חיי אדם". מיין פאטער איז געווען דער גבאי אין דעם בית המדרש (קליינעם) דער פלאץ אווו די בתי - מדרשים האבן זיך געפונען האט געהייסן דער שול - הויף.

אין מיטן שטעטל איז געווען א גרויסער גארטן דארט האט מען אויסגעבויט א בינע און יעדן זונטיק פלעגט דער בלאז - ארקעסטער דארט שפילן, פון די שפילערס אין דעם ארקעסטער געדענק איך; אברהמל פאלאק, ישראל שלאכטער, חיים ארטשיק פאלאק עלי גאטליב, שיעה שטערנשוס, הענאך שייטליס, יאנקל ביבער און אנדערע. ביי אונדז אין שטעטל האט זיך געפונען טעקסטיל פאבריקן פארעצקעס, טרילינגס, אלעשקאווסקעס און לונסקעס פיל פון דער יוגנט האבן געארבעט אין די דערמאנטע פאבריקן.

די הויפט גאס איז געווען די ביאליסטאקער גאס, דארט האט זיך געפונען צוויי שיינע הייזער כמעט איינע ביים צווייטן איינע האט באוואינט נפתלי - פייפיכעס מיט זיין פאמיליע און אין דער צווייטער הויז האט געוואינט רישקע מיט דער פאמיליע. נפתולעס טאכטער הינדע כהן לעבט אין ניו - יארק, נישט ווייט פון זיי האט געוואינט איצל כהן דער זון אברהמל כהן האט שפעטער געלעבט אין אויסטראליע, די פאמיליע באטלאי, די יענטשמעניקס (יאנקל יענטשמעניק האט געלעבט אין אויסטראליע) ליידער איז פון זיי קיינער נישט פארבליבן פסח אבראמאוו האט געהאט א אפטייק אויף ביאליסטאקער גאס.

מיר האבן געהאט א קינא יעדן שבת ביי - נאכט און זונטיקס, פלעגט מיין ברודער דוד ע"ה ברענגען פילמען פון ביאליסטאק און מענטשן פלעגן קומען אין קינא זען די בילדער, איך מיט מיינע שוועסטערס פלעגן שפילן. מיר פלעגן צופאסטן די מוזיק צו די שטומע פילמען, מיין שוועסטער לאה האט געשפילט מאנדאלינע, מיין שוועסטער ציפע פידל, די קלענסטע שוועסטער טייבעלע האט געשפילט פיאנע און איך אויך פידל.

די ציוניסטישע ארגאניזאציע פלעגט דארט אויך איינארדנען חנוכה באזארן, פארשטעלונגען און אנדערע אונטערנעמונגען, אנדערע ארגאניזאציעס פלעגן אויך דארט איינארדנען פארשטעלונגען. אלע געשאפענע געלט פון די ציוניסטישע באזארן אונטערנעמונגען זענען איבערגעוויזן געווארן צו דעם פאנד פון קרן קימת לישראל.

אין מיטן שטאט איז געשטאנען א רוסישע פראוואסלאווע צערקווע און פון ביידע זייטן פון דער צערקווע ליידיקע פלעצער אווו סאיז געווען דער מארק אין די פרימארגנס. שבת און זונטאג פלעגט די יוגנט דארט שפילן פוטבאל, אנטקעגן דעם פוטבאל פלאץ (מארק) האט געוואינט פיניע דער גערטנער אין א זייער גרויסע הויז זייער טאכטער גיטל האט חתונה געהאט מיט זלמן פאנימאנסקי, זייער זון יונה פאנימאנסקי געפינט זיך יעצט אין ישראל אין תל - אביב, ער האט זיך געראטעוועט דאנק א צופאל וואס אין דער צייט פון אנפאל פון היטלער דייטשלאנד אויף רוסלאנד האט זיך יונה מיט א גרופע קינדער זיך געפונען אויף א אויספלוג אין ווייסרוסלאנד און נישט געווען אומשטאנד צוריק - קערן נאך וואשילקאווע און פארבליבן אין רוסלאנד. זיך אומגעקערט נאך פוילן שוין נאך דער מלחמה מיט די אנדערע קינדער שפעטער אנגעקומען נאך ישראל.

שווער צו באנעמען אז אונדזער ליבע הארציקע יידישע שטעטל וואשילקאווע איז געווארן אפגעווישט פון דער ידישער מאפע, זאל אונדזער יזכור בוך פארבלייבן דער אייביקער מאנומענט פאר אונדזער שטעטל וואשילקאווע און אירע קדושים.

נאך ישראל בין איך געקומען אין 1935 יאר און זיך באזעצט אין תל - אביב, צייטן זענען

געוועו פארשידענע ערגערע, שלעכטע ווי אויך בעסערע. אבער איך בין צופרידן פון מיין לעבן און גליקלעך וואס איך לעב אין אונדזער אייגן לאנד, אין דעם לאנד פון אונדזערע אבות און פון מיין יוגנט טרוים.

אלע מיינע יארן בין איך געוועו א לערערקע פון מוזיק, איך האב א טאכטער מיט א זון מיין טאכטער איז אויך א לערערקע פון מוזיק זיך איינגעגעבן אין דער מאמען ווי סזעט אויס. מיין מאן האט ליב מאלעריי אין זיין פרייע צייט נוצט ער אויס אין מאלן ספעציעל אין פעלד פון פערעספעקטיווע מאלעריי ווי אויך פייזאזש (לאנדשאפט) מאלונג.



חנה פערלשטיין'ס מאן(גדל)אויפן מארק
ביי דער רוסישער צערקווע אין 1937

## שולוועזן און דערציונג

מלמדים, חדרים,שולן

העברעיש די שפראך פון צוקונפט

## פאליטישע ארגאניזאציעס

ציוניסטישע, בונדיסטישע,

קאמוניסטישע און זייערע טעטיקייטן

## אונדזערע פיאנערן

הכשרה קיבוצים ארץ ישראל

# שולוועזן און דערציאונג

דערציאונג פון קינדער ביים יידישן פאלק האט פון דורות געהאט די פריאריטעט אין פארגלייך צו אנדערע וויכטיקע פארבלעמען געבונדן מיטן לעבן און אויסדויער פון יידישן פאלק. די דערציונג פון קינדער האט פארזיכערט אונדזער המשך ביז היינטיקן טאג, אדאנק דער יידישער דערציאונג זענען מיר גייסטיק ביכולת געווען אויסצוהאלטן... די טויזנטער יארן פון גלות ווו מיט פארשידענע מעטאדן ווי מארד, רציחה גזירות פון איין זייט און פארשידענע פערפידנע מעטאדן הויכע פאסטנס און רייכקייט פון דער צווייטער זייט, זענען נישט אומשטאנד געווען ליקווידירן דעם ייד צוזאמען מיט זיין פאלק און זיין רעליגיע.

נאכן חורבן פון ערשטן בית המקדש און דאס פארטרייבן די יידן פון אייגן לאנד און דער אנהויב פון גלות בבל האבן יידן אין היילן, בערג און וועלדער געהיים געשאפן אזעלכע גרופן, ישיבות אין לערנען תורת משה און צעמענטירן די אייניקייט פון פאלק ווי אויך צוגרייטן מאראליש פאר דעם ווייטערדיקן קאמף פאר אומאפענגיקייט און אויסדויער.

די קליינע שטעטל וואשילקאווע איז אויך געווען א רינגעלע אין דער יידישער קייט פון המשך און טראדיציע וואס די דערציאונג פון זייערע קינדער האט פארנומען א געהעריקן פלאץ.

אין 1939 יאר פאר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט - מלחמה האט אין וואשילקאווע עקזיסטירט די פאלגענדיקע שולן: א 7 קלאסיקע יידישע שלום - עליכם שול מיט דער אונטערריכטס שפראך יידיש, א העברעישע "יבנה" שול מיט דער אונטעריכטס שפראך העברעיש (עברית), א 7 קלאסיקע פוילישע "פאוושעכנע" (אלגעמיינע) שולע מיט דער אונטעריכטס שפראך פויליש. די יידישע און העברעישע שולן האבן גענומען זייער יניקה פון די היפשע צאל חדרים, וואס האבן זיך פון דורות אנטוויקלט און עקסיסטירט אין וואשילקאווע.

די חדרים האט פון אנהויב זיך באזירט אויף מלמדים וואס האבן געלערנט מיט איינצלנע תלמידים אמיינסטן אין די בתי - מדרשים מיט דער כונה אייסצולערנען דאס קינד דעם אלף - בית צו קענען זאגן קדיש ווי אויך דאווענען פון א סידור. רייכערע בעלי בתים פון שטעטל האבן אפילע אראנזשירט פריוואטע מלמדים וואס פלעגן די היימען באזוכן. צולערנען זייערע קינדער, ווי אויך פאדערן לערנען מיט די קינדער תנ״ך און א בלאט גמרא. אין די שפעטערדיקע יארן מאביליזירט געוועזענע סטודענטן, האלבע און דעקלאסירט לערער ווי אויך פארגעשריטענע אינטעלעגענטן צו לערנען די קינדער אויך וועלטלעכע בילדונג ספעציעל רעכענונגען וואס איז געווען נויטיק צו פירן געשעפטן און דעם לשון פון דער מדינה וואס האט זיך אפטמאל געביטן צווישן די לשונות פויליש דייטש און רוסיש.

אין די ווייטערדיקע יארן מיט דער וווקס פון דער יידישע באפעלקערונג אנטשטייהען חדרים ארגאניזירט פון די בעסערע מער ענערגישע מלמדים. אמיינסטן האבן זיך די חדרים געפונען אין די הייזער ווו די מלמדים האבן געוואינט אין איינעם פון די גרעסערע צימערן, קיכן און שטיבלס. אין קליינעם בית מדרש האט אויך א לענגערע צייט געפירט א חדר פאר אנפאנגערס שמואל דער יאנאוווער די חדרים אין די הייזער פון די מלמדים האבן זיך גערעכנט פאר "בעסערע" ווייל מען האט אויך געלערנט שרייבן.

פארשטייט זיך אז די חדרים זענען געווען שטארק פרימיטיווע אין אלע הינזיכטן א לאנגער טיש מיט הילצערנע בייניק פון ביידע זייטן, קינדער זיצן נאענט איינער צום צווייטן און לערנען פון אינדערפרי ביז טונקל ווען דער אוונט פאלט צו דער טיטול פון מלמד איז פארביטן געווארן אויף "רעבי" מיט דעם געהעכערט די חשיבות פון דעם מלמד.

איינער פון די גרעסערע חדרים האט זיך געפונען אין דער הינטערשטער טייל פון מאיר אינקערס הויז אין מארק נעבן דער הויז פון פיניע דעם גערטנער, דער איינקלאסיקער חדר איז געווען איינגעארדנט אין דער קיך פון דער וואינונג פארנומען דורך דעם רבי פון דעם חדר ר׳ זאנוויל מיט דער משפחה, א מיטל - וווקסיקער אין פופציקער יארן דער פנים געדיכט באוואקסן מיט קורצע שארפע ווייסע האר און שווארצע בערשטל ברעמען.

די אויסשטאטונג פון חדר א לאנגער בית המדרש טיש מיט הילצערנע בײנק פון ביידע זייטן און א קורצער טיש פאר דעם רבי האריזאנטאל סיטואירט וואס האט געשאפן דעם קשאלט פון א "ד". אויף די אזוי גערופענע לערנביינק האבן זיך צייטנס ווייז אריינגעקוועטשט 20-30 תלמידים. די אנדערע אויסשטאטונגען פון דער חדרקיך איז געווען א ציגעלנע קיך צו קאכן פאפולער אין וואשילקאווע גערופן א "פליטע" צוזאמענגעמויערט מיט א באק-אויוון, א עמער אויף וואסער מיט א בלעכענע קווארט, א טיש מיט כלים, ערדענע טעפלעך מיט לווועוע לאדישקעס און פאלירטע שיסלעך, א פאמויניצע פאר ברודנע וואסער און אפפאל, א שעפל מיט א געפלאכטענע וויגעלע צו זאלצן פלייש סזאל זיין כשר און אנדערע פרימיטיווע כלים און מכשירים ווי אויך א פאליצע מיט א קליינע צאל ספרים.

די תלמידים פלעגן נעמען א לעבעדיקן אנטייל אין ברענגען וואסער צו טרינקען און קאכן, ארויסטראגן די פאמויניצע און אנדערע צוגאב ארבעטן ווי האקן און אריינטראגן האלץ און צייטנווייז אכטונג געבן אויפן פייער. לערנען פלעגט מען א גאנצן טאג מיט צוויי הפסקות, וואס די קינדער פלעגן גערן אויסנוצן אין שטיפן ארום דער הויז. טיף אין זכרון האט זיך איינגעקריצט די פאסירונגען ביים צוריקער א היים וואס אמיינסטן באגלייט מיט א פארביסענעם קאמף מיט די פוילישע שקצים אנגעפירט פון דער סטרוזשקעם (וועכטערקעס) זין פון דער פוילישער שולע.

א גרויסע צאל חדר ייִנגלעך האבן געמוזט פארבייגיין די פוילישע שולע אין דער ריכטונג צום שולהויף און דערנאך א היים, אזוי אז דער קאמף אין זומער מיט שטיינדלעך, שטיינער, ווינטער מיט גאמעלקעס שניי פלעגט זיך אנהויבן פון דער



הויף פון שלום עליכם שולע, טרעפונג
מיטן פילאנטראפ אווראמל מאלדיוואן (6טער פון לינקס).
Aveml Moldivan from America meets with
people of the "Sholem-Aleichem school".

גאמעלקעס שניי פלעגט זיך אנהויבן פון דער פוילישער שול לענג - אויס די געסל פון שעפסל דעם טויבן ביז דער גרויסער שוהל. ביי מישארן דעם שוסטערס הויז איז געווען די גרעניעץ פון די קעמפנדיקע צדדים, ווו די שקצים פלעגן זיך פאראאלטן און געהאט מורא איבערצוטרעטן ווייל דארט האט זיך אנגעהויבן דער שולהויף און יידישער געגנט. די קאמפן געווען באגלייט מיט געשרייען און איבערופעניש "מאצאך" פון אונדזער זייט און "בייליס" פון דער צווייטער זייט.

פון די סארט חדרים איז אנשטאנען די שפעטערדיקע שולן, וואס האט זיך שנעל אנטוויקלט אין וואשילקאווע.

## די יידישע שלום - עליכם שול

די שולע איז אנשטאנען אין די ערשטע יארן פון דער נייער פוילישער מלוכה ארום 1922 - 1921 יארן. איינער פון די ערשטע פארוואלטערס פון דער שולע איז געווען דער לערער מאשקאווסקי א אפשטאמיקער פון ווילנע, ער האט זיך בייגעשטייערט אין דער וווקס פון דער שולע, צווישן די גרינדער פון דער יידישער שולע האט זיך געפונען די ברידער איצל און פייוול ראגאווסקי (פייוול האט די לעצטע יארן געלעבט אין דרום אפריקע), וועלכע זענען גלייכצייטיק געווען די פראפאגירער פון דער סאציאליסטישער אידייע און ארגאניזאטארן פון דער בונדישער פארטיי אין וואשילקאווע.

ביי דער שולע איז אויך אנשטאנען אוונט - קורסן מיט וועלכע עס האט אנגעפירט אשר היילפרן דעם רבלס זון רעקאמענדירט פון דעם פארוואלטער פון דער שולע מאשקאווסקי, שפעטער האבן די בעסערע שילער פון די קומענדיקע ארויסלאזן געלערנט אויף די אוונט קורסן.

אין די 7 לערניארן האבן די שילערס באהערשט פולשטענדיק די יידישע ארטאגראפיע, געדארפט זיין מסוגל צו בילדן זעלבשטענדיקע זאצן פון פארשידענע פראקטישע און ליטערארישע מינים אנאליז פון א גרעסערן ליטערארישן זאץ, אויסער דעם באקאנטשאפט מיט דער יידישער ליטעראטור ווי אויך מיט דער וועלטלעכער, פון אנדערע צווייגן; נאטור - וויסנשאפט, מאטעמאטיקע, געאגראפיע און אנדערע, אפילו האנט ארבעט איז אויך אין די שפעטערדיקע יארן געלערנט געווארן. עס איז ווערט אונטערצושטרייכן אז די שלום - עליכם שול איז געווען אפארגעשריטענע וועלטלעכע שול ווו די לימודים זענען געשטאנען אויף א הויכן ניווא און הויך געשעצט ביי די ברייטע פאלקס מאסן וואס האט אילוסטרירט די גרויסע צאל תלמידים.

די נעגאטיווע זייטן פון דער שול, וואס האט זיך פארוואנדלט אין א צענטראלע פון דער בונדישער - קאמוניסטישער טעטיקייט. דער לערער פארוואלטער מאשקאווסקי איז געווען א טעטיקער פארברענטער קאמוניסט און אין דער ריכטונג געוואלט ערציען די קינדער פון דער שול.

דער "בונד" אלס א לעגאלע ארגאניזאציע האט פארמאגט די גרעסטע השפעה אין דער פארוואלטונג פון דער שולע און געזארגט פאר אירע בונדישע אינטערעסן אין ווערבירן אנהענגערס. דער פארוואלטער מאשקאווסקי וואס איז געווען דער פראקטישער רולער פון דער שול אין הינזיכט פון דערציאונג האט אויסגעקליבן אלס מיטהעלפער אשר היילפרן דעם רבלס זון א שטארק באגאבטער און פייאיקער אין ארגאניזירן א קאמוניסטישן קעמערל אין דער שול, סהאט דערגאנגען אזוי ווייט אז דער ערשטער ארויסלאז פון דער שול אין גרעסטן טייל צוגעשטאנען צו דער קאמוניסטישער פארטיי (שפעטער געווארן קאמונ. פירער) ווי ברוך קאץ, וועלוול שפירה, כאנע פערלשטיין, חייקע לאשיצקי, פייגע סיוואוויטש (דער חזנס) שרקע סידאראנסקי און אנדערע, צום בונד יאנקל קאמען.

די יידישע שלום עליכם שול האט געהאט גרויסע פארדינסטן אין פארשפרייטן דער יידישער שפראך און קולטור, סוועדט געשאפן א יידישע



די תחכמונה - שול און לערערס אין צענטער מנהל לאנדינסקי
The Tachkemone School, Mr Lodinski Head-Teacher in the centre



קאמיטעט און לערערס פון דער "יבנה"שול
The committee and teachers Yavneh School

ביבליאטעק ווי אויך א דראמאטישער קרייז וואס שטעלט אויף פיל יידישע פיעסן פון באקאנטע שריפטשטעלער ווי אנסקי, שלום עליכם, גאלדפאדען און אנדערע.

## די ערשטע העברעישע שול

די ערשטער העברעישע שול אין וואשילקאווע איז געווען די "תחכמונה" שול וועלכע איז אנשטאנען גלייך נאך דער אנשטייהונג פון דער יידישער שלום - עליכם שול דער שטויס צו דער אנשטייהונג פון דער העברעישער שול איז געווען די ציוניסטישע ארגאניזאציע, די מער רעליגיעזע אין ועד הקהל וועלכע האבן נישט געקענט מסכים זיין מיט די לינקע טענדענצן פון דער יידישע שול, עס איז נויטיק צוצוגעבן אז אין די שפעטערדיקע יארן האבן אפילו די פועלי - ציוניסטן פארלאזן די פארוואלטונג פון דער שלום עליכם שול.

דער ערשטער לערערפארוואלטער אין דער שול איז געווען מר לאנדינסקי א הייסער ציוניסט און א גוטער פעדאגאג, אין דער שולע האט פונקציאנירט 4 קלאסן מיט 3 לערערס, מר. לאנדינסקי, לערערקע סאקאל און נאך איין לערערקע פון דער פראווינץ. די צאל תלמידים ארום 35 אין די שפעטערדיקע יארן איז די צאל געוואקסן צו 60 - 50 אין אלע יארן פון עקסיסטענץ איז די צאל תלמידים געווען פיל קלענער ווי אין דער יידישער שלום עליכם שול. די אונטעררריכט שפראך



קינדער, לערערס און דער רב ישראל היילפרן זצ״ל
Children, teachers and Rabbi Halpern



תלמידים - ות, לערערס "יבנה" שולע אין 1937.
Pupils and Teachers at "Yavneh" school in 1937.

איז געווען העברעיש - (עברית) די לימודים אויף א הויכן ניווא, אלע אויסטייטשונגען פון געאגראפיע, מאטע מאטיק אפילו די פוילישע שפראך וואס מען האט דארט געלערנט איז געווען אין עברית. די תחכמונה שולע האט אפילו איינגעארדנט א קאנצערט אין עברית ווו דער דראמאטישער קרייז פון דער שולע האט פרעזענטירט א שיינע פיעסע פון י שווייגער "שני ניגונים" (צוויי מעלאדיעס) אין עברית.

ווען מיר דערמאנען אונדזער אלט - נייער שפראך וואלט געווען ווערט צו דער - מאנען דעם מענטשן וואס האט זיך בייגעשטייערט אין אויפלעבן אונדזער אלטער שפראך עברית, מיט 108 יאר צוריק האבן נאך ווינציק מענטשן געחלומעט אז די אלטע שפראך פון ספר זאל צוריק ווערן א לעבעדיקע שפראך אין פראקטישן לעבן, און דא איז געקומען דער מענטש וואס האט דעם וווּנדער באוויזן.

בן - יהודה, אליעזער וואס זיין פריערדיקער נאמען פערעלמאן איז געבוירן אין 1857 יאר אין אקליין שטעטל לושקי ליטווע, געלערנט אין א חדר שפעטער פארלאזט די ישיבה און טרעט אריין אין א רוסישע גימנאזיע אין דער שטאט דינעבורג רוסלאנד צו פארפולקאמען זיין בילדונג פארט ער ארויס נאך פאריז אין 1879 זיך צו לערנען מעדיצין, אין שייכות מיט א שווערע קראנקהייט פארט ער ארויס נאך אלזשיר זיך היילן, נאך זיין צוריקער נאך פאריז נעמט ער אנטייל אין די באפרייהונגס קאמפן פון די באלקאנישע לענדער אין דעם זעלבן פעריאד בליצט אויף אין זיינע געדאנקען אז דאס יידישע פאלק מוז ערהאבערן איר אומאפענגיקייט אויך דורך באפרייהונגס קאמפן און צוריקער צו דער לאנד פון ישראל. גלייכצייטיק ווערט פאר אים קלאר אז דעס פאלק מוז באזיצן א אייגענעם לשון און די בעסטע לעזונג וואלט געווען איבערצובויען די עברית שפראך פון ספר אויף א לעבעדיקע שפראך וואס קען באנוצט ווערן אין פראקטישן לעבן.

בן יהודה האט אויך פארשטאנען אז די עברית שפראך האט איבער 2 טויזנט יאר געלעגן פארבאהאלטן אין די ספרים און פראקטיש איזאלירט געווארן פון עיקרדיקן לעבן, דער איבער איז נויטיק אויפצולעבן די שפראך אין אריינברענגען נייע ווערטער, טערמינען וואס אין משך פון 2 טויזנט יאר איינגעיואקסן און זיך פארהיימישט אין לעבן פון דעם פאלק און וועלט.

נאך לאנגע יארן פון שווערע באמיהונגען ארבעט און אויסדויער האט ער געבראכט פאר אונדז דעם גרויסן ווערטער בוך וואס איז געווארן דער יסוד, ווינקל - שטיין פון אונדזער אויפגעלעבטער שפראך ער האט אונדז געגעבן דעם "מלון הלשון העברית הישנה והחדשה" אין 1881 באזעצט ער זיך אין ירושלים און געווען אלס די ערשטע משפחה וואס האט אין הויז, גאס גענוצט דעם היינטיקן עברית. געשטארבן אין 1922 יאר און פארן טויט זוכה געווען צו הערן ווי די עברית שפראך איז געווארן אנגענומען ביי דער חלוצישער באוועגונג אין באנוצן אין טאג - טעגלעכן לעבן ווי אויך אין די אנטשטאנענע שולן אין גלות און ישראל.

אזוי ווי די 7 קלאסיקע שלום - עליכם שולע איז געווען דער צענטער פון בונדישע און קאמוניסטישע טעטיקייטן אזוי איז אויך די "תחכמונה" שולע געווארן דער צענטער פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין מאביליזירן דער יוגנט צו שאפן פאנדן און בויען אונדזער אייגן לאנד. אלע געוועזענע שילער פון דער תחכמונה שול זענען געווארן די פיאנערן פון דער גרויסער ציוניסטישער ארגאניזאציע. אין די 30 קער יארן איז דער נאמען פון דער שול תחכמונה צוליב פעדאגאגישע טעמים פארביטן געווארן אויף "יבנה" שול און פארענדיקט איר פעדאגאגישע טעטיקייטן אין צייט פון דער רוסיש - קאמוניסטישער אקופאציע אין 1939 יאר.

- די פוילישע פאווּשעכנע שולע איז אנטשטאנען פאר דער ערשטער וועלט מלחמה, א געוויסן פעריאד אין דער ערשטער וועלט מלחמה ווען די דייטשן האבן פארנומען פוילן האט מען אין דער

שולע איינגעפירט דייטש אלס א אונטעריכטס שפראך און די פוילישע שפראך ווי א געוויינלעכע לעקציע אין צוגלייך מיט לעקציעס געפירט אין דער שולע.

זייער כאראקטעריסטיש אז נאכן אנשטייהונג פון פוילן אין 1920 יאר האט די פוילישע מאכט כאטש נאציאנאליסטיש געשטימט האט פארהאלטן איין דייטשישן לערער הער שאלענבערג און 2 שעה א וואך געפירט לעקציעס פון דער דייטשישער שפראך כאטש קיין דייטשישע מינדערהייט האט זיך אין וואשילקאווע נישט געפונען.

ידישע קינדער זענען נישט געווען שילערס אין דער פוילישער שול אבער אין געוויסע פאלן און פעריאדן האבן אייניקע יידישע קינדער אנטייל גענומען אין די לעקציעס פון דער פוילישער שול, איינע פון די סיבות וואס יידישע קינדער האבן אויסגעמיטן זיך צו לערנען דארטן איז געווען דאס אפריכטן די מארגן תפילות (קאטוילישע) ווי אויך געמוזט ביי זיין אין קלאס ביי לערנען דעם קאטעכיזם פון דעם גלח.

יידישע קינדער וואס האבן צייטנווייז זיך געלערנט אין דער פוילישער שול פלעגן ווערן באפרייט פון די לעקציעס אויף אלע רעליגיעזע, נאציאנאלע יום טובים.



אליעזר בן יהודה(1858-1922)פיאנער פון עברית
Elezer Ben Yehuda(1858-1922)Promoter of Hebrew

# ארגאניזאציעס

אין וואשילקאווע האבן עקזיסטירט אלע פאליטישע פארטייען פון רעכטן ביז שטארק לינקן פליגל, די הויפט פארטייען אויף דער יידישער גאס זענען געווען די ציוניסטישע פארטיי מיט אלע אירע שאטירונגען פון ביתר ביז מזרחי, די בונדישע ארגאניזאציע, און די קאמוניסטישע ארגאניזאציע כאטש אומלעגאל דאך געפירט א אקטיווע טעטי קייט, אין קורצן איז נויטיק זיך פארהאלטן אויף די דערמאנטע פארטייען. די ציוניסטישע פארטיי האט פאקטיש אנגעהויבן איר ארגאניזאציאנעלע טעטיקייט נאך דער אנשטייהונג פון דער פוילישער מלוכה אין 1920 יאר, פארשטייט זיך אז אפילו פאר דער ערשטער מלחמה זענען געווען הייסע ציוניסטן לײדער נישט אין ארגאניזאציאנעלע ראמען, די ציוניסטישע באוועגונג האט זיך קאלאסאל אנטוויקלט נאך דער "באלפור דעקלאראציע" אין 1917 יאר פון דער ענגלישער רעגירונג אין דער הסכמה צו שאפן א נאציאנאלע היים אין ארץ ישראל. די אידייע צו בויהען א נאציאנאלע היים פארן יידישן פאלק האט עלעקטריזירט דער יידישער בא - פעלקערונג ספעציעל דער יוגנט, דער צוויי - טויזנט יאריקער טרוים צו א אייגענער היים נאך יארן פון נגישות, אינקוויזיציעס, פאגראמען און פיין האט דיקטירט מאמענטאלע אקציעס. עס אנטשטייט די ציוניסטישע ארגאניזאציע מיטן צוועק צו קאארדינירן און ארגאניזירן די פראקטישע ארבעט אין פאר פולקאמען די אידייע פון גאולת הארץ.

די ארבעט איז געווארן קאנצענטריט אין צוויי ריכטונגען;

א. אין שאפן געהעריקע פינאנסיעלע מיטלען צו קויפן לאנד פאר די קומענדיקע יידישע ישובים, קיבוצים און מושבות.

- אין דער ריכטונג ווערט געפירט א גרויסע אויפקלערונגס אקציע זיך צו באשטייערן



איינע פון די ערשטע בילדער פון דער אנשטאנענער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין וואשילקאווער
Pioneers of the first Zionist Organization in Wasilkow



**די ערשטע גרופע חלוצים ביי הכשרה ארבעט אין טשארנאוויעש.**

The first groups Chalutzim in Czarno-viesh at work 1924.

אויף דעם צוועק. סווערט פארשפרייט די בלוי - ווייסע פושקעס פאר קרן קימת לישראל, סווערט ארגאניזירט „בלימל - טעג", חנוכה באזארן און אנדערע אקציעס.

ב. אין צוגרייטן דער יוגנט עולה צו זיין נאך ארץ ישראל, און פארלייגן די פונדאמענטן פון א אייגענער מדינה.

- אין דער ריכטונג אנשטייט די יוגנט ארגאניזאציע דער „השומר ברית טרומפלדור" אלע אין גרין כאקע אוניפארמס, וועלכע האט אויך רעפרעזענטירט דער יידישער באפעלקערונג אין אלע נאציאנאלע יום - טובים ווי ל"ג בעומר און אנדערע פייערונגען, מארשירניק העלדיש איבער די וואשיל - קאווער גאסן צו די יוראווצער וועלדער, וואס האט דערהויבן די נאציאנאלע שטימונג ביי דער גאנצער יידישער באפעלקערונג ווי אויך די זעלבסט פילונג פון יעדן אידן אז סהאט זיך אנגעהויבן די ווירקלעכע אקציע פון גאולת הארץ. סקומען פאר פארזאמלונגען, מיטינגען מיט דער אויפגאבע בעסער צופארשטיין די ציוניסטישע אידעאלן, סווערט געעפנט הכשרה פונקטן מיטן ציל צוגרייטן פיזיש דער יוגנט צו די שווערע ארבעטן אין ישראל.

עס פארן ארויס די ערשטע חלוצים אויף א הכשרה צווישן אנדערע משה שלכטר הערשעלע



דער אפטייקער יודקע כהן, פרוי שיינע, זון נוח, טעכטער הינדה, ראזע

Mr. Yudke Kane (chemist) and Family

היילפרן, אברהם פאלאק און אנדערע. די ציוניסטישע באוועגונג איז געווען די גרעסטע און פאפולערסטע אויף דער יידישער גאס אין וואשילקאווע. אין איינשטעלן די ארגאניזאציאנעלע פארמען פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע וואלט מאן געדארפט דערמאנען די פאמיליע פון יודקע כהן (דער אפטייקער) ספעציעל זייער זון נוח כהן וואס איז געווען דער הויפט אינציאטאר אין פארמירן די ארגאניזאציע, די פאמיליע פון איסר פערלשטיין ספעציעל די טאכטער שרה איר ברודער לייבל, אברהם כהן, שליימקע כהן. פרומע מאשעס, פסח ספעקטאר (מיישארנס), סראלוש דעם קוואסניקס, זיידקע קאגאן, שפעטער קומט צו ירחמיאל זעלעוויאנסקי משהל היילפרן, שמואל היילפרן, הינדה כהן און פיל אנדערע.

ערב דער צווייטער וועלט מלחמה האט אין וואשילקאווע עקסיסטירט; אלגעמיינע ציוניסטן (יצחק גרינבוימס גרופע) די פירער ירחמיאל זעלעוויאנסקי ביז צו זיין עולה נאך ישראל, פסח אבראמאוו, מאטל שניידער, שמואל היילפרן, יעקב פילשטיק און אנדערע. פועלי - ציון זיידקע קאגאן, לייבל מענדעלעוויטש, שמעון פערלשטיין און אנדערע, ביתר עלי גאטליב, מזרחי הרב ישראל היילפרן, קרן קימת לישראל קאמיטעט, ספארט קלוב מכבי און אנדערע גרופן.

די באזע פון דער ציוניסטישער באוועגונג

איז געווען די תחכמונה שול שפעטער די יבנה שוהל וואס האט געאייניקט די ציוניסטישע ארגאניזאציעס.

## די בונדישע ארגאניזאציע

דער בונד איז אין וואשילקאווע אנשטאנען ארום 1922 יאר זייער הויפט טוער איז געווען איצל ראגאווסקי א האלב - פאראליזירטער א פיינער מענטש, ער פלעגט זיך באוועגן מיט דער הילף פון א שטעקן האלטנדיק אין זיין האנט (א האנט און א פוס האט פולקאם נישט פונקציאנירט), ער פלעגט פארשפרייטן די בונדישע פאלקס צייטונג אויך זיין ברודער פייוול ראגאווסקי איז געווען א טעטיקער בונדיסט און געווען אין דער פארוואלטונג פון דער "יידישער שלום - עליכם שול" דערנאך ארויסגעפארן נאך דרום אפריקע. די יידישע שולע איז געווען דער פארפאסטן פון דער בונדישער פארטיי. קיין גרויסן איינפלוס האבן זיי פון אנהויב נישט געהאט אויף דער יידישער גאס. זיי האבן זיך קאנצענטרירט ארום דער שלום - עליכם שולע צו זיי האבן צוגעשטאנען געוויסע ארבעטער וואס האבן געארבעט אין ביאליסטאקער פאבריקן און געוואינט אין וואשילקאווע ווי יעקב משה וויניק (דער העלד), שמעון קראוויעץ. אין די שפעטערדיקע יארן אויסגעברייטערט זייער טעטיקייט פון די נייע טוערס זענען געווען קאלינסקי, מענדל מאנדלקערן מיט דער פרוי, פייוול וויניק, יונה וויניק און אנדערע. דער בונד האט אויך פארלייגט א "צוקונפט" ארגאניזאציע פאר דער יוגנט. פירערס און מיטגלידער זענען געווען; דודל שטאבינסקי, חוה ביבער משהל פאליאק, ניסל פערלשטיין, מערי שייטלס, חיה שטאבינסקי, חיהלע פערלשטיין און אנדערע.

פאקטיש האט דער בונד קיין שום פאליטישע אקציעס נישט אדורכגעפירט ווי שטרייקן אין פארבעסערן די ארבעטס באדינגונגען אדער א העכערונג אין די פארדינסטן , דער פאר געגומען אנטייל אין דיסקוסיעס ספעציעל מיט ציוניסטן אין וועלן באווייזן אז די צוקונפט פון יידישן פאלק דארף מען בויהען דארט ווו מען לעבט.



משפחת קאץ: אין מיטן,מירקע, טאכטער סולקע מיט איר מיידעלע, און גיטל,
שטייען נפתלי און ברוך קאמוניסטישער פירער
Mrs. Mirke Kac (centre) and family

## די קאמוניסטישע פארטיי

די קאמוניסטישע פארטיי כאטש געווען אומלעגאל האט זי דאך געפירט א פאליטישע טעטיקייט אויף דער יידישער גאס. אין די צוואנציקער יארן איז דער פאקטישער פירער פון דער קאמוניסטישער פארטיי געווען דער פארוואלטער פון דער שלום עליכם שול מאשקאווסקי אויסער אים אשר הייפלרן דעם רבס זון און דוד קאץ. די טעטיקייט איז געפירט געווארן אין די ראמען פון דער שול וואס האט זיך באזירט אויף א פרייע ערציהונג. די קאמוניסטן פון איין זייט מיט דער הילף פון פארוואלטער (מאשקאווסקי) און די בונדיסטן פון דער צווייטער זייט וואס האבן געהאט די מערהייט אין דער פארוואלטונג פון דער שול מיט אלע מיטלען געזוכט ווי צו מאביליזירן מערער יוגענטלעכע צו זייערע פארטייען, זייער כאראקטעריסטיש אז דער ערשטער ארויסלאז פון דער 7 קלאסיקער שלום עליכם שולע זענען כמעט

אלע געווארן מיטגלידער פון דער קאמוניסטיש'ער פארטיי ווי אויך די שפעטערדיקע פירער פון דער פארטיי ווי ברוך קאץ, וועלוול שאפירה, ברוך פארבער, חייקע לאשיצקי, פייגע סיוואוויטש און אנדערע צו דעם בונד איז אוועק וועלוול קאמען, שרקע סידאראנסקי און אנדערע.

די באזע פון דער קאמוניסטישער פארטיי איז געווארן אויסער די יידישע שלום עליכם שול, די יידישע ביבליאטעק ארום דער ביבליאטעק האט זיך קאנצענטרירט די לעגאלע טעטיקייט פון די קאמוניסטן, זיי פלעגן אויך זאמלען געלט פאר פאליטישע ארעסטירטע (מאפר) אין דער טעטיקייט פון די קאמוניסטן אויסער די זאמלונגען הילף פאר די פאליטישע ארעסטירטע פלעגן זיי אין דער ביבליאטעק ארגאניזירן רעפעראטן אויף קולטורעלע טעמאטן איינארדנען ווען נישט ווען פארשטעלונגען (טעאטראלישע) און אינוועסטירן אין איינקויפן

ביכער פאר דער יידישער ביבליאטעק. געהאט שוואכע קאנטאקטן מיט די קאמוניסטן אויך דער פוילישער גאס אנגעהאלטן א קאנטאקט מיט פאן באינאווסקי וואס האט געוואינט אנטקעגן מדרכי מאלער דעם שמיד און פאן פיליפאוויטש פון שמולקע דעם קצבס גאס. נאך דעם פשיטיקער פאגראם גענומען אנטייל אין העלפן ארגאניזירן דעם פראטעסט אין די ראמען פון פאלקס פראנט און דער אונטערשטיצונג פון די פוילישע קאמוניסטן.

ווען סאיז אנשטאנען דער קאנצעטראציע לאגער קארטוז - בערעזא האט מען 3 יידישע קאמוניסטן דארטן איינגעזעצט דאס זענען געווען; ברוך קאץ, וועלוול קאגאן און כאנע פערלשטיין. די יידישע קאמוניסטן האבן נישט געהאט קיין גרויסע דעה ווען די רויטע ארמיי האט פארנומען וואשילקאווע אין 1939 יאר. ווייל די רוסן האבן נישט געהאט קיין צוטרוי צו דער פוילישער קאמוניסטישער פארטיי.



דער "השומר" - אויפן נאמען פון "יוסף טרומפלדור" אין 1925: זיצן אויף דער ערד פון רעכטס צו לינקס - דער דריטער זיידל וויניק, 1 שורה זיצן: עליע גאטליב, קיילע לעווין, נוח כהן, א שליח, שמואל היילפרן, אברהם פאליאק.
2 טע שורה: שיעה שטערנשוס, שרקע אינקער, הינדע פערלשטיין, נ. באק, מאלקע פערלשטיין, וויגדער קראוטשיק, מיניע ספעקטאר, ישראל שלאכטער. לעצטע שורה: פעשקע מאסיאנדז, פעשקע ביבער, יאסל ספעקטאר, יאנקל ביבער, רייזל מועד, חנה שטערנשוס.

*דאס איז א קורצער ארטיקל פון צבי הײלפּרן געשריבן אין 1934 יאר אין די זאמל העפטן "נתיב" ארויסגעגעבן אין הכשרה קבוץ "בוני - ציון" אין אסטראוו - מאזאוויעצק ווו ער איז געווען א חבר לעאן מענדעלעוויטש*

**צבי האלפּערין**

# פאר אונדזער עליה

נאך לאנגע טראכטונגען איז ביי אונדז דער דאזיקער געדאנק געבוירן געווארן מיר האבן געזען, דאס מיר שטייען פאר אן אידעאל וועלכער פארייניקט אונדז אלע.

יעדער פון אונדז האט דערביי דערפילט א דערלייכטערונג, סהאט ביסלעכווייז אנגעהויבן קלארער ווערן, אז די חברים לעבן דאס אויך אדורך. עס איז ענדלעך געקומען די צייט, די דאזיקע אלע פונקען צונויפצוזאמלען און פונאנדערבלאזן. אמת, פיל טיילט אונדז שוין איצט אפ פון יענע טרוימערישע פלענער. שטערונגען און שוועריקייטן ווערן פארגעסן, אויב נאך זיי קומט די ארבעט, וואס איז געקרוינט מיט דערפאלג. ביים יעצטיקן מאמענט אבער, א מאמענט פון ערב - עליה, דערמאנענען זיך גאנץ גוט די אלע שטערונגען און שוועריקייטן אויף דעם דאזיקן וועג.

האבנדיק שוין הינטער זיך אזויפיל דערגרייכטעס, ווען עס איז שוין אונדז געלונגען פון די צונויפגעברענגטע מענטשן עפעס אויסצופארמען און געפינען שותפותדיקעס באאנאנדער - לוינט זיך צו מאכן דעם סך - הכּל.

זאל זיך נישט דוכטן, אז אזוי גיך געלינגט צו געפינען אט די געגנזייטיקע פארשטענדניש, מענטשן פון נישט איין - און - דערזעלבער און נישט קיין גלייכער דערציונג, וואס איז אזוי וויכטיק פארן קאלעקטיוון לעבן, מענטשן וועלכע סאיז טיילמאל פרעמד די מידה און דער זין פונם ויתור אלס באזע פארן אויסקומען צווישן זיך און פארן רעגולירן די חברישע באציונגען.



צבי הײלפּרן (לינקס) אין הכשרה פאר גייען אויף עליה.
Hershele Halpern (left), Prior to leaving Kibutz for Israel

נישט אלע דערשאצן פונדעסטוועגן דאס דורך אונדז שוין דערגרייכטע, און דעם אויך צוליב ריין עגאאיסטישע טעמים, וואס האבן אייגענטלעך נישט קיין ממשותדיקע חשיבות. עס דארף געזאגט ווערן, אז דאס, וואס מיר האבן אויף זיך גענומען, איז נישט נאר א שליחות פאר יחידים. מיר גייען צעמענטירן א געזונטע געזעלשאפט פון מענטשן, וואס זאלן קודם - כל דינען די פאלקס - אינטערעסן און גיין אויף יענע וואך - פאסטנס, וואס זיכערן דעם עיקר - יסוד פון אונדזער גאנצן אויפבוי - ווערק.

אמת נישט יעדער קאן אין א קבוץ לעבן, ווייל נישט יעדער פארמאגט און פארקערפערט אין זיך דאס, וואס קען אים דערנענטערן מיט דעם יעניקן, וואס טראכט און באגערט דאס זעלבע, וואס ער.

ווי שוין געזאגט, איז דאס נישט קיין שליחות, וואס יחידים האבן גענומען אויף זיך און פאר זיך. נאר א שליחות פון דער גאנצער באוועגונג;

א שליחות פאר שאפן א קאלעקטיוו לעבן פון מענטשן, וואס זאלן בילדן א געזונטע איבערגעבויטע געזעלשאפט. טריי בלייבנדיק די הויפט נאציאנאלע און פאלקס עיקרים, מיט וועלכע סאיז שטאלץ אודזער באפרייהונגס באוועגונג - דער ציוניזם.

דער דארף פארשטיין דער עיקר אונזער רעזערוו - מחנה אין די סניפים און אין די קבוצישע הכשרות.

וועלן זיי דאס דאזיקע באוווסטזיין איינפלאנצן אין זיך - וועט אויך אונזער דאזיקע אנגעהויבענע ארבעט געקרוינט ווערן מיטן אמתן דערפאלג.

*פ.ס. צבי היילפרן איז עולה געווען אין 1936 יאר. א מער געניער באשרייבונג וועגן זיין פיאנערישע טעטיקייט, געפינט זיך אונטערן קעפל "מיין - חבר צבי" אין דעם יזכור - בוך.*

## THE BALFOUR DECLARATION

Foreign Office,
November 2nd, 1917

Dear Lord Rothschild,

I have much pleasure in conveying to you, on behalf of His Majesty's Government, the following declaration of sympathy with Jewish Zionist aspirations which has been submitted to, and approved by, the Cabinet

"His Majesty's Government view with favour the establishment in Palestine of a national home for the Jewish people, and will use their best endeavours to facilitate the achievement of this object, it being clearly understood that nothing shall be done which may prejudice the civil and religious rights of existing non-Jewish communities in Palestine, or the rights and political status enjoyed by Jews in any other country"

I should be grateful if you would bring this declaration to the knowledge of the Zionist Federation.

א וויכטיקער דאקומענט אין דער געשיכטע
פון יידישן פאלק "די באלפור דעקלעראציע "

# וואשילקאווער פיאנערן

משה שלאכטער געדענק איך פון מיינע פריסטע קינדער - יארן ווען איך האב זיך אנגעהויבן לערנען אין דער העברעאישע "תחכמונה" שולע. די העברעאישע שולע איז געווען דער מרכז פון דער ציוניסטישער באוועגונג אין וואשילקאווע. אלע ציוניסטישע אקציעס זענען פלאנירט געווארן אין די פיר ווענט פון דער שולע, אין די אוונטן דער טרעף - פונקט פון דער ציוניסטישער יוגנט ווי אויך פון די עלטערע חברים. פארזאמלונגען, מיטינגען, דיסקוסיעס, פלעכטן די הענט אין א לעבעדיקן הוירא - טאנץ איז אויך געווען אטייל פון די אקטיווע עלעמענטן, צו פלאנצן אייניקייט ברידערקייט און ליבשאפט צו דער אידייע בויהען אונדזער צוקונפט אין לאנד פון ציון.

משה נישט פון הויכן וווקס א באשיידענער זייער שטילער בחור געדענק איך ווי היינט, נישט ליב געהאט האלטן רעדעס, זיך גרויסן און בארימען ווי אויך זיך שפארן אין די פארשידענע קאמיטעטן און קאמיסיעס, דערפאר א הארציקער בחור גרייט ביי יעדן געלעגנהייט ערטיילן הילף.

געווען דער הויפט - מייסטער אין צוגרייטן דעם בנין פון דער תחכמונה שולע צו די ערשטע חנוכה באזארן וואס פלעגט דויערן 8 טעג, פונאנדערנעמען די ווענט צווישן די קלאסן, בויהען א סצענע פאר דעם ארקעסטער, צוגרייטן טישן פאר די עקספאנאטן מיט איין ווארט געווען דער חבר וואס האט אויסגעפירט די פראקטישע ארבעט אין פארזיכערן די געהעריקע פונקציאנירונג פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און אירע פלאנירטע אונטערנעמונגען. מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו דער ציוניסטישער אידייע אין בויהען אונדזער נאציאנאלע היים.

משה שלאכטער געבוירן אין 1908 יאר די יוגנט יארן ווייט פון צערטל זיסע צוליב פריצייטיקע פארלוסט פון זיין מוטער. ווען איך האב זיך נענטער באקענט מיט אים האט ער געלעבט אין קאסציעלנער גאס מיטן פאטער שלמה עיה, ברודער ישראל עיה וואס זענען אומגעבראכט געווארן פון די נאצישע מערדער. דער יינגסטער ברודער הערשל נאך פארענדיקן מיליטער דינסט אין דער פוילישער ארמיי פארט ארויס;נאך ארגענטינע שפעטער זיך באזעצט מיט דער משפחה אין ישראל. דער עלטערער ברודער ישראל אויך א מיטגליד פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע א אקטיווער אנטיילנעמער אין דעם דראמאטישן קרייז פון דער ארגאניזאציע אין אויספירן פארשידענע טעאטראלישע פארשטעלונגען אומגעבראכט געווארן צוזאמען מיט דער פרוי און קינדער.

די שלאכטער משפחה האט זיך פארנומען אין אויסארבעטן הילצערנע קאסטנס און פאקברעטלעך צו פאקן טעקסטיל סחורות וואס זענען עקספארטירט געווארן צו אויסלענדישע און היגע מערק. ארבעטן פלעגט מען לאנגע שעהן דער לעבן פון דער משפחה נישט קיין לייכטע אן א באלעבאסטע, געמוזט אליין קאכן, וואשן, אויפרוימען די הויז וועלכע איז געווען פונאנדער געטיילט צווישן די צוויי ברידער שלמה און מדרכי.

משה איז געווען פון די ערשטע חלוצים ארויסצופארן אויף א הכשרה פון אנהויב אין דעם קבוץ וואס איז פארלייגט געווארן מיט דער הילף, פון דער וואשילקאווער ארגאניזאציע אין דער אסאדע טשארנאוויעש וואס האט זיך געפונען אין די וועלדער פון בוקשטעלער פושטשע. געארבעט אין דעם דארטיקן טארטאק, אין די וועלדער און פעלדער, דערנאך איבערגעשיקט צו דעם קבוץ "פאלעסיע" וואס האט זיך געפונען אין פינסק און פון דארט עולה געווען נאך ישראל אין 1934 יאר.

פון דער שיף געבראכט צו כפר - סבא איינגעקווארטירט אין א הילצערנעם צריף (שטאל) וואס די אויסשטאטונג איז באשטאנען פון א פעלד -

בעטל מיט א מאטראץ און אקליין קישעלע מיט א טאבורעטקע אין מיטן פון דעם צריף, ערהאלטן אויך 1 לירע פון סוכנות אלס א פינאנסיעלע אונטערשטיצונג. נאכן איבערשלאפן די נאכט וואס מען קען באצייכנען ווי זיך איבערדרייען פון איין זייט אויף דער צווייטער, איבערקלערנדיק די נייע אומשטענדן און די פראגע וואס האט געבויערט אין מוח וואס וועל איך מארגן טאן? .אין דער פרי קיין פרישטיק איז נישט געווען, געמוזט קלערן וועגן עסן און ארבעט ווייל אויסצוגעבן די לעצטע לירע און בלייבן אן א פעני האט ארויסגערופן א פארבאהאלטענעם שרעק פאר דער נישט קלארער צוקונפט.



משה שלכטר אין דער "הגנה"

דער ערשטער פעריאד זייער א שווערער טרעט אריין אין דער הגנה, געלערנט ווי זיך צו באגיין מיט געווער שיסן רייניקן און ביינאכט אויף שמירה צו היטן געגן פארשידענע רויב - אנפאלן, קיין ארבעט איז נישט געווען, אוויל פאריכטן קעסטלעך צו פאקן מאראנצן, ארבעט צייטווייליקע אין פרדסים און פעלדער.

דערנאך ווערט ער גענומען צו דינסט אין דער ענגלישער ארמיי, נאך א יאר ווערט באפרייט פון מיליטער און ארבעט אין פרדסים ארום כפר סבא און רעננה דארט זיך באקאנט מיט גרדה גייס א איבערגעגעבענע ציוניסטקע א אפשטאמיקע פון דייטשלאנד און האט מיט איר חתונה אין 1940 יאר טרעט שפעטער אריין אין פלמח נעמט אנטייל אין דער באפרייהונגס מלחמה אין דער נייער ישראל ארמיי. קערט זיך שפעטער צוריק צו דער ארבעט ביי די מאראנצן אין מאכן די קעסטלעך.

מיט דער צייט איז געוואקסן דער עקספארט פון מאראנצן און אלע אנדערע ציטרוס פרוכטן וואס האט גורם געווען די אנטוויקלונג פון דער גאנצער קאמפאני וואס האט זיך פארנומען מיט דער פראדוקציע פון עקספארט. אנשטאט צו מאכן קעסטלעך אויפן אלטן פרימיטיוון שטייגער איז אריינגעשטעלט געווארן א אויטאמאטישע מאשין, וואס האט פארשנעלערט און פארגרעסערט פילפאכיק די פראדוקציע. משה ווערט דער אנפירער פון דער בריגאדע ביי דער נייער מאשין, פיל מאל באערט פאר זיין פלייס און איבערגעבנקייט הויך געשעצט ביי די ארבעטער פון דער גרויסער "יכין"



משה שלכטער מיט זיין פרוי גרדה

פירמע, ווי אויך באליבט ביי די תושבים פון כפר - סבא.

עס איז נויטיק ביי דער געלעגנהייט אויך צו דערמאנען משה שלאכטערס פרוי גרדה גייס, געבוירן אין דייטשלאנד אין דער שטאט רינה נישט ווייט פון פראנקפורט. א טעטיקע מיטגלידערן פון דער דארטיקער ציוניסטישער ארגאניזאציע, מאכט אויך א דורך די הכשרה. ווען היטלער איז געקומען צו דער מאכט, האט די לאגע פון די יידן זיך אנגעהויבן פארערגערן פון טאג צו טאג. גרדה האט דאן געארבעט אין דארטיקן שפיטאל וואס איז געווען

געפירט און אויפגעהאלטן פון דער יידישער דייטשישער געמיינדע. איינעם א טאג האט איר ארויסגערופן דער דירעקטאר פון שפיטאל איר געגעבן געלט און געהייסן אנטלויפן און ראטעווען דאס לעבן. זי פארט גלייך ארויס מיט דער גאנצער משפחה נאך ישראל אין 1936 יאר.

אין ישראל באזעצט זיך די משפחה אין כפר סבא, שווער געארבעט אין די פרדסים ארום כפר סבא און ארומיקער געגנט, דארט זיך באקענט מיט משהן און חתונה געהאט.



משה נאך 24 יאר ארבעט גייט איבער אויף א פענסיע אין 1972 יאר, איז טעטיק אין פיל ארגאניזאציעס און אינסטיטוציעס ווי העלפן דעם "ועד למען החיל" א מיטגליד פון דער געזעלשאפט צו שטיצן דעם דארטיקן שפיטאל מיט באשטייערונג און אויפזיכט איבער קראנקע. יעצט איז געווארן 15 יאר ווי ער איז א טעטיקער חבר אין משמר האזרחי און צוזאמענהאנג מיט דעם ערהאלטן א אויסצייכנונג פאר זיין לאיאלקייט, ארנטלעכקייט און דינסט צו די איינוואינער פון כפר - סבא.

משה שלאכטער איז פארבליבן דער זעלבער הארציקער, שטילער פיאנער פון דער ציוניסטישער באוועגונג, וואס האט פראקטיש ערפילט די טרוימען באגערן פון דער וואשילקאווער חלוצישער באוועגונג אין בויהען אונדזער אייגן לאנד פאר דעם יידישן פאלק.

צו פאראייביקן אונדזער פארשניטענעם ישוב וואשילקאווע דורך די בלוטיקע הענט פון די נאצי - דייטשישע מערדער מיט זייערע מיטהעלפער, איז משה געווען איינער פון די הויפט איניציאטארן, ארגאניזאטארן אין העלפן ארויסגעבן דעם וואשילקאווער יזכור - בוך.

באארבעט פון
לעאן מענדעלעוויטש

# מיין חבר צבי (הערשעלע) הײלפּרן

הערשעלע הײלפּרן געבוירן אין 1915 יאר דער זון פון הרב ישראל זצ"ל א העל - בלאנדער ײנגל מיט א שמייכלדיקן פנים שטארק ענלעך צו זיין מוטער די רביצין מרים ע"ה. געהאט ליב צו שטיפן מיט אנדערע קינדער און אנטייל גענומען אין אלערליי שפילן אין שולע ווי אויך אויסער די שולע. די באליבסטע אונדזערע שפילן זענען דאן געווען אין "מעטעס", טשישזיק און "פאלאנט" מיר זענען דאן געווען תלמידים אין דער העברעישער תחכמונה שולע דער מנהל פון דער שולע איז געווען דער לערער לאנדינסקי שטארק קוואליפיצירט אין דער פעדאגאגישער פראפעסיע און מיט אלע מיטלען געפרוווט אנצוהאלטן דיסציפלין און ארדנונג אין די קלאסן ווי אויך אין דער גאנצער שולע.

קיין מתמיד איז ער נישט געווען אבער דערפאר געהאט א אפענע קאפ און מיט אן קנעלונג שנעל אוואנסירט אין די לימודים, א הייסער דיסקוטאנט אין פארטיידיקן זיין שטעלונג און מיינונגען אין דעם הינזיכט שטארק פאר עקשנט. די תחכמונה שולע איינרעכנענען די פירערשאפט, לערער פערסאנאל, און שילער זענען אלע געווען ציוניסטיש געשטימט און שפעטער דער אוואנגארד פון דער ציוניסטישער באווע - גונג אין וואשילקאווע און אויסער אירע גרע -ניעצן. נאכן פאר - ענדיקן די שולע אקטיוו אנטייל גע - נומען אין ארגאניזירן און מאבילייזירן די יוגנט אנצושליסן זיך אין חלוצישער באוועגונג און די עליה נאך ארץ - ישראל. אין 1934 יאר פארט


רב הײלפּרן זין;
משהל, רב ר' יעקב, הערשלע צבי


הערשעלע הײלפּרן איז דער "יידישער בריגאדע"
אין דער וועלט מלחמה

הערשעלע ארויס אויף א הכשרה אין קיבוץ עליה "בוני - ציון" וועלכער געפינט זיך דאן אין אסטראוו - מאזאוויעצק. נעמט אנטייל אין די פיזישע ארבייטן פון דעם קיבוץ אין פאראהארטעווען זיך פיזיש כדי בעסער צו דינען אונדזער לאנד און פאלק נאך עולה זיין נאך ישראל. נעמט אויך אנטייל אין פאליטיש - אידייהישע ארבעטן פון דעם קיבוץ ביי ארויסגעבן זייער "זאמלהעפטן" אונטערן קעפל "נתיב" און ווערט מזכיר (סעקרעטאר) פון דעם קיבוץ, אין פעברואר 1936 יאר איז ער עולה מיט אנדערע חברים נאך ישראל און הויבן אן צו ארבעטן אין אגראר קיבוץ אין רמת השרון, דארטן איבערגעלעבט שווערע צייטן צוליב דער עקאנאמישער לאגע וואס האט עקסיסטירט אין דעם אויבנדערמאנטן קיבוץ, געלעבט א לענגערע צייט נאר אויף פאמאראנצן, ביי

ענד האט זיך דער קיבוץ פונאנדערגעלאזט און צבי פארט איבער נאך חיפה און אנגעהויבן ארבעטן אין א פאבריק פון אגראר - מאשינען וועלכע האט געהאט גוטע פערספעקטיוון פון אנטוויקלונג, דארטן האט ער גאנץ גוט פארדינט און א דאנק זיינע פייהיקייטן פארנעמט ער א הויכן פאסטן אין דער הנהלה פון דער פאבריק. זיין פאטער הרב ישראל האט דורכאויס געפאדערט אז ער זאל פארזעצן זיין בילדונג און אריינטרעטן אין ירושלים אוניווערסיטעט.

די ידיעות וואס האבן דערגרייכט פון אייראפע וועגן דעם פונאנדער געבלאזטן נאצישן אנטיסעמיטיזם, באגלייט מיט פארשידענע גזירות און פיזישע איבערפאלן אויף יידן, אין 1938 שיקט ארויס נאצי - דייטשלאנד 10,000 געוועזענע פוילישע יידן צו דער פויליש - דייטשישער גרעניעץ און לאזט זיי איבער אונטער פרייהען הימל ביי דער סטאציע זבאנשין און די פוילישע רעגירונג וויל זיי נישט אריינלאזן. אין דער זעלבער צייט ווערט פארברענט און צושטערט 400 שולן בתי כנסיות און ביי דעם ווערן פיל צושלאגן און געשעפטן דעמאלירט. דאס רודערטאויף די ישראל יוגנט אין זוכן מיטלען און וועגן ווי צו קעמפן געגן דעם שרעקלעכן געפאר וואס באדראט די עקסיסטענץ פון יידישן פאלק אין דייטשלאנד, אייראפע און אפשר אין דער גאנצער וועלט.

צבי דער קעמפער אידעאליסט בויהער פון דער יידישער היים אין לאנד פון ציון, מאביליזירט די יוגנט צום קאמף געגן דער שרעקלעכער מגיפה, און נאכן אוסברוך פון דער מלחמה טרעט אריין פרייוויליק מיט אנדערע דורך אים מאביליזירטע חברים אין דער "יידישער בריגאדע" ביי דער זייט פון דער ענגלישער ארמיי אונטער א אייגענעם יידישן פאן. אפעריערט אין פארשידענע פלעצער ווי איסמאילע, טאברוק ווייטער איטאליע און ביי ענד ביי באפרייען די יידן פון די קאנצעטראציע און טויט לאגערן איבער אייראפע.

צבי ווערט דורך דער יידישער - אגענץ באשטימט אין מינכען אלס דער לייטער פון "שארית - הפליטה" מיט דער אויפגאבע זיך פארנעמען מיט די אנקומענע טראנספארטן מיט יידן פון פוילן און אנדערע לענדער ווי אויך פון די פארשידענע לאגערן אין דייטשלאנד, און ארגאניזירן אין דייטשלאנד א איבערגאנג פונקט אין א נישט לעגאלן (אמיינסטן) וועג איבער טראנספארטירן נאך ישראל. נעמט איבער דעם קיבוץ אין מינכען און ארגאניזירט א גרויסן איבערגאנג קבוץ אין דעגענדארף באווריע, וועלכער ווערט שפעטער דער צענטער אין דער ווייטערדיקער נישט לעגאלער עליה נאך ישראל.

אין איינעם פון די אנגעקומענע טראנספארטן האט זיך אויך געפונען זיין שפעטערדיקע פרוי וואס ער האט חתונה אין 1948 יאר. די איבערגאנג קיבוצים אונטער זיין לייטונג האט געפירט א פארצווייגטע ארבעט אין אלע הינזיכטן פון ערציהונג, אויפקלערן די נויטיקייט צו בויהען אונדזער צוקונפט אין אונדזער אייגן לאנד און דערוועקן די נאציאנאלע געפילן אין אויפהאלטן דעם המשך פון אונדזער פאלק, אויסער דעם זענען געווען פיל אנדערע פראבלעמען פון הונדערטער, טויזנטער פערזאנען.

אין יוני 1946 פארלאזט צבי דייטשלאנד און קערט זיך אום א היים אין חיפה און ארבעט אויף זיין פריערדיקן פאסטן, לײדער נישט לאנג האט געדויערט זיין ארבעט ווייל שוין אין 1947 הויבט זיך אן די ווייען פון דער אנשטייהונג פון דער יידישער מדינה. צבי איז פון די ערשטע וואס טרעטן אריין אין דער ארמיי און נעמט א אקטיוון אנטייל אין די קאמפן ביי דער אנשטייהונג פון דער מדינה אין 1948 יאר, קריגט ער א 24 שעהדיקן אורלויב צו זיין חתונה מיט מארילא פאגעל.

צבי פארבלייבט אין צהיל מיט א הויכע מיליטערישע ראנגע מיט זיין פריינד אלוף יצחק פונדק און אנדערע. די מיליטערישע קאריערע האט אים ספעציעל נישט אימפאנירט און ביי ענד 1949

יאר פארלאזט ער די מיליטער און קערט זיך צוריק צו זיין ארבעט מיט דעם ציל צו פארלייגן א אייגענע אונטערנעמונג מיט אגראר מאשינען און מכשירים וואס געלינגט אים צו עפענען מיט צוויי שותפים אין 1953 יאר.

זיין פאטער הרב ישראל היילפרן זצ"ל וועלכער איז געצוונגען געווארן צו פארלאזן מיט דער פאמיליע וואשילקאווע פאר האלט זיך אין ווילנע און מאכט פרווון זיך ראטעווען דורך עולה זיין נאך ישראל, איך ברייננ דא א קאפיע מעגלעך פון זיין לעצטן געשריבענעם בריוו פון אים און זיין פרוי מריהם ע"ה צו זיין זון צבי אין ישראל מיט א ביטע צומאכן א דרישה (ארויספאדערונג) אנגעבן פערזענלעכע איינצלהייטן דער בריוו געשריבן דעם ערשטן טאג חנוכה תרצ"ט (1939). ליידער האט צבי נישט געקענט בייקומען די ענגלישע מאנדאט געזעצן וואס זענען געווען נעגאטיוו צו דער יידישער עמיגראציע נאך ישראל און לייכטזיניק זיך באצויגן צו דער גרוילעכער לאגע פון די יידן אין דייטשלאנד, פוילן און אנדערע לענדער.

די פריער דערמאנטע פאבריק וואס צבי האט געעפנט מיט שותפים האט זיך פון אנהויב געפונען אין תל - אביב ווערט פארגרעסערט און טראגט זיך איבער אין איזור התעשיה החדש פתח - תקוה און אפערירט אונטערן נעמן "טכנוחק - מכונות חקלאיות ומכשירים בע"מ", א דאנק זיין פלייס געפינט ער א גוטן אפזאץ מארק פאר זיינע הויך טעכנישע אגראר - מאשינען און מכשירים אין פערסיע, ווענזועלע און אנדערע ווי אויך א גרויסער צושטעלער פארן היימישן מארק. נאך דער יום כפור מלחמה רייסן איבער אייניקע אפריקאנער לענרער די האנדלס - אפמאכן ווי אויך נאך אראפזעצן דעם שאך און דאס איבערנעמען פון חמאייני מיט זיינע מולאס די מאכט ווערט איבער געריסן די צושטעלונגען פון די אגראר מאשינען.

נישט קוקנדיק אויף זיין שפעטערדיקן



דערפאלג אין גאנץ גרויסע געשעפטן פארבלייבט ער דער זעלבער הערשעלע דער הארציקער וואשילקאווער יינגל וואס האט זיין לעבן געבונדן מיט דער ציוניסטישער וויזיע און גענומען א אקטיוון אנטייל אין רעאליזירן די אידייע פון א אייגענער מדינה.

דעם 5 טן יוני 1984 יאר איז ער נפטר געווארן נאך איבער א צוויי יאריקן קאמף מיט דער אומהיילבארער קראנקייט און געבראכט צו קבורה אויף דעם בית העלמין "קרית- שאול" תל אביב.

הערשעלע צבי היילפרן איז איינער פון די ערשטע וואשילקאווער חלוצים וואס האט זיין לעבן מקריב געווען פאר אונדזער פאלק, וועט אייביק פארבלייבן אין אונדזערע הערצער אלס דער יעניקער וואס מיט זיין טאט האט אויפגעהויבן דעם כבוד פון אונדזער יידישער קהילה וואשילקאווע.



הרב ישראל היילפרן, רביצין און קינדער, פון רעכטס: שמואל, מרים, הערשעלע, הרב רבי ישראל, יעקב און חיהלע.

# דער אנהויב פון סוף 1939 יאר

מלחמה פראפאגאנדע צווייפל און שרעק
אריינמארש פון די פארשאלטענע דייטשן
אקטן פון טעראר יידן אין צערקווע
ארויסמארש פון די נאציס

# אונטערן סאוויעטישן רעזשים

# דער אנהויב פון סוף - 1939

די אטמאספערע אויף דער יידישער גאס האט געאטעמט, געברויזט מיט שפאנונג און זארג פון דער נישט קלארער פאליטישער לאגע, וואס ווי אין א קאליידיסקאפ זיך געביטן טאג טעגלעך און עמאציאנעל געווירקט אויף דער שטימונג פון דער יידישער באפעלקערונג. אין די אוונטן צוגעשמיד צו ראדיא - אפאראטן וואס נישט פיל דאן זיך געפונען אין שטעטל הערנדיק די רעדעס פון דעם גרויסן המן אדאלף היטלער וואס האט געשפיגן מיט האס צו יידן און יידישן פאלק. דיסקוסיעס איז אנגעגאנגען אן א איבערייס פרובירן אויסטייטשן די געשעענישן און ווי יידן דארפן האנדלען אין עת צרה פארשטייט זיך מיינונגען זענען געווען פארשידענע.

ווען די צייט האט זיך דערנענטערט צו דעם טרויערדיקן טאג פון ערשטן סעפטעמבער 1939 האבן די יידן זיך געפילט ווי אין א מויזן - פאסטקע, וואס דער ארויסגאנג האט זיך נאך נישט פארמאכט. פון איין זייט די פארשטארקטע אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע אונטערן צייכן "זשידא - קאמונא", און פון דער צווייטער זייט שרעק פון ברענענדיקן פייער וואס האט געבלאזן פון דייטשלאנד. דאס ווארט אנטלויפן! און ווו? האט געבויערט אין די מוחות פון יונגן דור, ליידער נישט אומשטאנד געווען צו געפינען א עפעקטיוון ענטפער. אין גאנצן דער עלטערער דור האט קלאר זיך ארויסגעזאגט, אז מען דארף פארבלייבן אויף די ערטער, זיך געהאלטן אין די אלטע פארמולן...אפשר וועט נישט זיין אזוי שלעכט ווי מען מאלט...מען האט איבערגעלעבט אזויפיל רשעים וועט מען אויך דעם איבערלעבן...

די אלגעמיינע מאביליזאציע האט זיך אנגעהויבן אין דעם זעלבן טאג ווי די דייטשישע ארמיי האט איבערגעטראטן די פוילישע גרעניעצן, באגלייט מיט לופט אטאקעס פון זייערע אוויאנען וואס האבן געזייט טויט, פייער, שרעק, מהומה איבער פוילישע שטעט. שווער צו באשרייבן די תהו ובוהו פון יענער צייט מאביליזירטע האבן געוואנדערט פון איין מיליטערישן פונקט צו א צווייטן קיינער האט זיי נישט אויפגענומען און געגעבן געווער צו קעמפן, הונדערטע מענטשן נאך לאנגע וואנדערונגען זיך אומגעקערט א היים. אזוי - ווי די מיליטערישע אזוי אויך די ציווילע מאכט האט פארלארן יעדן קאנטראל איבער דער באפעלקערונג. אלע וועגן, שליאכן, וואס האבן געפירט אין די ריכטונגען פון סאקאלקע, גראדנע, סופראסלע זענען איבערפולט געווארן מיט מיליטער, מיליטערישע טאבארן וואס אין גרעסטן טייל באשטאנען פון פויערישע וועגענער מאביליזירט צוזאמען מיט די פויערם, אויטאס פארשידענע טיפן שווער באלאדענע וואס א טייל באלאנגט צו מיליטער ווי אויך צו מלוכישע אנשטאלטן און פריוואטע הויכעשטעלטע פערזענלכקייטן.

כאראקטעריסטישע געשעענישן זענען געווען, די ארגאניזאציע פון "לופט - פארטיידיקונג" (א.פ.ל.) מיטן אנטייל פון פאליאקן און יידן איינגעטיילט אין פארלאך (2) האבן געהאלטן דיזשור איבער די גאסן געסלעך פון דער שטעטל, אז אלע פענצטער זאלן זיין פארדעקט, און פארטונקלען יעדער סארט ליכט, אויסער דעם געהאלטן דיזשור לענגאויס ביאליסטאקער שאסיי אזש ביז דעם דארף האראדניאנקי, מיטן צוועק צו ערטיילן הילף די פארשידענע מאשינען וואס האבן זיך באוועגט אין גראדנער ריכטונג וו אויך פאדערן צו מאסקירן די ליכט. די אזויגערופענע א.פ.ל. פאטראלן האבן אפערירט אין א מרחק פון 300 מעטער צווישן זיך לענגאויס דעם שאסיי ביז איבער א האלבע נאכט.

ווען דעם 3 טן סעפטעמבער 1939 האט מען אין ראדיא איבערגעגעבן אז ענגלאנד און פראנקרייך האבן ערקלערט קריג דייטשלאנד, און וועלן העלפן פוילן אין איר געראנגל מיט דעם דייטשטישן אגרעסער, האט אין א געוויסן מאס

אויפגעהויבן דעם מאראל פון דער באפעלקערונג ספעציעל דער יידישער. מען פלעגט אפילו נישטערן אין די בלויע הויכקייטן אויב סיבאוויזן זיך שוין ענגלישער און פראנצויזישע עראפלאנען. ארום מיטאג זענען מיר געווען צושויערס פון א קאמף צווישן צוויי נידער פליענדיקע אוויאנען וואס צו ענד זיך אראפגעלאזט אין דער ריכטונג פון ליסא - גורא בארג, פון אלע ריכטונגען זענען מענטשן געלאפן אקוק טאן וואס האט פאסירט מיט זיי, ווען מיר האבן דערגרייכט די זאמדיקע פעלדער איז אנגעפלויגן דער "זיגער" זיך אראפגענידערט און אויפגעעפנט א פייער פון מאשין - געווער צו די לויפנדיקע מענטשן, דאן האבן מיר פארשטאנען ווי שטארק זיך טועה געווען גלויבנדיק אז דער זיגער וועט זיין דער פוילישער עראפלאן און נישט דער דייטשישער.

די ערשטע וואך פון דער מלחמה כאטש פאראורזאכט פיל טרויער און זארג ביי וואשילקאווער יידן, דאך האט געטליעט א פונק פון האפנונג. עלטערע יידן געווידמעט מער צייט אין די בתי מדרשים אין זאגן תהילים און האפן אז השם יתברך וועט נישט פארלאזן זיין פאלק.

אויפן אכטן טאג קומען אן שרעקלעכע ידיעות אז די נאצישע ארמיי האט פארנומען פיל שטעט און געפינען זיך שוין אונטער גראדנע. נעבן באראנאוויטש אז ביאליסטאק איז באמבאדירט געווארן, ס'איז צושטערט געווארן ביאליסטאקער באן סטאציע, עס איז דא געהרגיטע און פארוואונדעטע, וואס אמאל הילכיקער הערט זיך די דונערן פון הארמאטן. די באוועגונג לענג - אויס ביאליסטאקער שאסיי ווערט פארשטארקט יעצט נאר אין איין ריכטונג סאקאלקע און סופראסלע דורך נאווידוואראצע דאס האט באדייט אז מען אנטלויפט.

מאנטיק דעם 11 טן סעפטעמבער פויערים לויפן צופוס אנדערע מיט וועגענער צו די מיליטערישע און מלוכישע מאגאזינען נאך ביאליסטאק ווייל קיין מאכט איז שוין מער נישטא און סאיז דא א געלעגנהייט צו ראבירן די איבערגעלאזענע סחורות און פראדוקטן.

אין וואשילקאווע דער פאסטערונעק פאליציי גרייט זיך צו אנטלויפן, דער מאגיסטראט הערט אויף צו פונקציאנירן דעם 13 טן אנטלויפט דער פאסטערונעק, די שטעטל ווערט מאכטלאז, די טירן פון פאסטערונעק און מאגיסטראט וואס האט זיך געפונען אין ביעלאזארס מויער צופראלט אפן , פאדלאגעס באדעקט מיט צעווארפענע פאפירן נאר א מיאוקען פון א איבערגעלאזענע קאץ האט זיך דערטראגן פון די פארלאזענע צימערן.

פלוצעם פארהאלט זיך ביי דעם פארלאזענעם פאסטערונעק 3 פוילישער רייטערס א פארוטשניק (לויטענאנט) מיט צוויי באגלייטערס, ארום זיי האט זיך מאמענטאל פארזאמלט א עולם נייגעריקע פאליאקן און יידן שטעלנדיק פראגן ווו זענען די דייטשן? וואס דארף מען טאן? זיין ענטפער איז געווען שטארק פאטריאטיש, צוגרייטן פלעשער מיט בענזין אדער נאפט און ווען די דייטשישע טאנקן וועלן ארייפארן אין שטעטל זיי באווארפן מיט די פלעשער מיט אנגצונדענע קנייטן וואס איז לייכט צומאכן פון א שטיקל לייוונט ווייטער האט ער ערקלערט אז ער געפינט זיך מיט זיין שוואדראן קאוואלעריע אונטער יוראווצע, זיין אפטיילונג איז די לעצטע פון דעם פוילישן מילטער אין דעם ראיאן, ווי לאנג ער וועט קענען אנהאלטן וייס ער נישט און איז אפגעריטן מיט זיינע באגלייטערס צו יוראווצע.

דעם זעלבן טאג ווען די זון האט זיך אנגעהויבן זעצן האט דער לעצטער שוואדראן קאוואלעריע מיט ארויסגעצויגענע שווערדן אין א גיכן גאלאפ מיט געשרייען אז די דייטשן קומען אן אפגעריטן אין דער ריכטונג פון גאינער גאס צו דעם דארף נאוואדווארצע. מיט דעם אנטלויפונג פון לעצטן פוילישן קאוואלעריע שוואדראן, האט זיך געענדיקט די צוואנציק יאריקע הערשאפט פון דער פוילישער מלוכה, וואשילקאווע איז פארבליבן אן א

מאכט אזוי ווי א שיף אן א מאנשאפט אויף ז'עם ברויזנדיקן ים. יידן און פאליאקן האבן געווארפן זייערע בליקן אויף די הילצערנע בריקן אויפן וועג צו ביאליסטאק צי עס באווייזן זיך שוין די ערשטע פאטראלן פון דער נאצישער ארמיי, אבער דער שאסיי איז פארבליבן ליידיק און שטום אן שום רויש און באוועגונג ווי ער וואלט זיך אפגערוט פון זיינע שווערע טעג וואס געווען באלאגערט מיט מחנות מענטשן וועגענער, פערד, מאשינען, ארמאטן באגלייט מיט באמבעס און פייער פון מאשין געווער.

מענטשן האבן אנגעהויבן שמועסן צווישן זיך אז מען דארף עפעס טאן מען קען דאך אויף הפקר די שטעטל נישט איבערלאזן, טאמער חס וחלילה ברעכט אויס א פייער דאס גאנצע שטעטל קען דאך אוועקגיין מיטן רויך. נעבן ליידיקן פאסטערונעק און מאגיסטראט האבן זיך צונויף געקליבן א שיין ביסל בעלי - בתים צווישן אנדערע פון פאליאקן די פעלדשערס מאטישעווסקי און דישקיעוויטש, סאכאן פון שמולקע דעם קצבס גאס, בוטשקא וואס האט געהאט א קוזניע און זיין זון א קראם פארן בריק, גאדלעווסקי דער הייזעריקער וואס מיט א צייט פריער געווען דער בורמישטש אין שטעטל, קראשניצקי דער קעלבאסניק און אנדערע, פון יידן פסח אבראמאון דער אפטייקער, מאטל שנייער, טשאפניק פון פאפיר - קראם, מולקע שטאבינסקי און נאך אייניקע און מען האט באשלאסן שאפן אזא בירגער קאמיטעט וואס זאל אכטונג געבן און נישט דערלאזן צו א אומגליקספאל ביז וואנעט סוועט אנקומען א מאכט. אלע דארפן טראגן ווייסע לענטעס אויפן ארבל אז מען זאל וויסן אז זיי זענען נייטראלע מענטשן.

אויף צומארגן זענען אנגעקומען די דייטשן אין צוויי לאנגע ליניעס פוןביידע זייטן פון ביאליסטאקער גאס מיט די ביקסן אין די הענט גרייט צו עפענען א פייער, אין די ראגן פון די גאסן אוועקגעשטעלט מאשינענגעווער ווי אויך לייכטע אנטי - פאנצער ארמאטן, דערנאך האבן אנגעהויבן מארשירן קאלומנעס מיליטער אן א איבערייס לאנגע שעהן.

אין דער זעלבער צייט האבן אנדערע דייטשישע זעלנער אויף זיכער פון א ס.ס איינהייט פארהאלטן יעדן אנגעטראפענעם פערזאן וואס האבן פון דערווייטן זיך צוגעקוקט צו די מארשירענדע קאלומנעס און אריינגעטריבן אין דעם שטעטלשן גארטן ווי אויך ארויסגעטריבן אויסשליסלעך מענער פון די הייזער און קאנצענטרירט אין דעם גארטן אונטער א וואך קיינעם נישט ארויסגעלאזט. א גרויסער פראצענט פון די פארהאלטענע זענען געווען יידן ווייל די הויפט גאס איז געווען באוווינט פון יידן, פרויען האבן געוויינט נישט געוווסט וואס דער גורל קען ברענגען. נענטער צו אוונט צייט איז אנגעפארן א הויכראנגיגער אפיצער און געהייסן באפרייען די פארהאלטענע אין גארטן ארום 400 פערזאן.

דעם קומענדיקן טאג אריינגעטריבן פיל יידן אין דער רוסישער צערקווע וואס האט זיך געפונען אין צענטער פון שטעטל, נישט דערלויבט צו דערלאנגען עפעס צו עסן פאר די פארשפארטע אין דער צערקווע פרויען האבן איינגעלייגט וועלטן צו ראטעווען זייערע מענער, ברידער און נאענטסטע.. אייניקע זענען אוועק מיט געוויינען צום רב ר' ישראל היילפרן ער זאל גיין זיך משתדל זיין זיי צו באפרייען, אין צווישנצייט האט מען זיך דערוווסט אז אין דער נייער הויז פון יוסף שלאכטער אין קאסציעלנער גאס שטייט איין דער הויפטאפיצער פון די נאצישע כוחות.

דער רב האט נישט גערן געוואלט גיין זיך דערנידערן פאר דעם נאצישן פירער, א גאנצן טאג איבערגערוקט די צייט מיט דער האפנונג אפשר וועט גאט העלפן און מען וועט ארויסלאזן די יידן. ווען סהאט אנגעהויבן ווערן טונקל בין השמשות צייט, האט דער רב אנגעטאן זיין שבתדיקע קאפאטע און אוועק צו דער הויז ווו א זעלנער האט אים פארהאלטן און געהייסן ווארטן אין דרויסן. דער אפיצער איז ארויס צו אים און מיט א בייזע - שטים געפרעגט וואס ער וויל, דער רב האט אים

געבעטן אז מען זאל ארויסלאזן די פארשפארטע יידן פון דער צערקווע. דער ענטפער איז געווען א קורצער אז ער וויל נישט שפרעכן צו א "יודע" און ער וועט האנדלען לויטן אייגענעם איינזען. עס איז נויטיק צוגעבן אז דער פראוואסלאווער פאפ האט אויך אינטערווינירט צו באפרייען די צערקווע ווייל דאס איז א פלאץ פון תפילה צו גאט.

נאכן באפרייען די יידן, זענען געווען פאלן פון ראבירן איינע פון די ערשטע איז געווען דער גאלאנטעריע געשעפט פון די שנייערס נעבן די פרוטשקעס, מאטל שנייערס פרוי מיט א געוויין פארהאלטן אויפן גאס א נאצישן אפיצער מיט א רויטן ארם באנד און סוואסטיקע (האקנרייץ), געבעטן רחמים ער זאל פארהאלטן דאס ראבירן פון דעם געשעפט.

אנטקעגן דעם אפטייק פון יודקע כהן האט מען עטלעכע עלטערע יידן געצוואונגען צו זיין גאסן - קערער און חוזק געמאכט פארוואס זיי ארבעטן אזוי לאנגזאם. אויפן דריטן טאג פון זייער הערשאפט האט זיך באמערקט א ענדערונג, די מיליטערישע קאלומנעס האבן פארהאלטן זייער פארויסמארש אין דער ריכטונג סאקאלקע גראדנע. פארנומען דעם גאנצן מארק פון ביידע זייטן פון דער צערקווע, דעם פארק, די פוילישע שולע מיט איר גרויסן הויף, אומעטום איז אנגעפראפט געווארן מיט מיליטער, פערד מאשינען ארמאטן, טאנקן מאטאציקלען, פעלד - קיכן. אפילו אעראפלאנען פלעגן זיך אראפנידערן און מאכן מיט די הענט צו זייער מיליטער.

אויפן פערטן טאג האט מיישקע זאדווארענסקי געבראכט די נייעס אז ער האט געהערט אין ראדיא אז אין ביאליסטאק און אומגעגנט וועלן קומען די רוסן, די דייטשן אליין האבן אויך אנגעהויבן צו דערציילן אז זיי ציהען זיך צוריק. יידן מיט פרייד אין די הערצער און מיט א פארשטעלטע טרויעריקע מינע זאגן צו די דייטשן אז סאיז זייער א גרויסע שאד וואס זיי פארלאזן אונדז אזא "הויך קולטורעלע פאלק".

א גאנצע נאכט האבן יידן נישט געשלאפן דורך די שפארעס פון די לאדנס אין די פענצטער, פון בוידעמס, נאכגעפאלגט דעם ארויסמארש פון די פארשאלטענע דייטשן. אין דער פרי די גאסן פארפולט געווארן מיט יידן און פאליאקן, שווער צו באשרייבן די פרייד וואס האט פול געמאכט די הערצער פון די יידן עס איז נישט פארבליבן קיין זכר פון א דייטש אין שטעטל.

פלוצים ארום 11 אזייגער א רויש פון מאטאציקלען האט דורכגעלעכערט די לופט צוויי דייטשישע מאטאציקלען האבן דורכגעפלויגן אין דער ריכטונג פון סאקאלקע, מענטשן אנגעהויבן מאכן השערות אז אויף באשטימט געפינט זיך אין ערגעץ צווישן וואשילקאווע און סאקאלקע א מיליטערישע פלאצוווקע וואס דעקט דעם צוריק מארש פון די דייטשן, א קורצע צייט שפעטער האבן די צוויי מאטאציקלען זיך צוריקגעקערט און אקוראט אויף דעם קארנער (ראג) פון ביאליסטאקער און קאסציעלנער גאסן לעבן דער הויז פון וועלוול דעם לערער, איז איין מאטאציקל געווארן קאליע, דער דייטש איז אראפ פון דער מאשין און אנגעהויבן פרובירן צוריק אנצינדן דעם מאטאר.

מענטשן האבן אים ארומגערינגלט דער דייטש איז געווארן בלייך ווי קאלך, אין דער זעלבער צייט האט מרדכי יוראוויעצקי דעם בלעכערס זון (צונאמען מרדכי טראטש) ארויפגעצויגן אויף דעם הויכן פייערלעשערס טורם א רויטע פאן, דעם דייטש איז אלעס געפאלן פון די הענט צום לעצט אנגעצונדן און שנעל ווי א בויגן אפגעפארן.

אזוי האט זיך פארענדיקט די 5 טעג אקופאציע פון וואשילקאווע, די לעצטע דייטשישע פלאצוווקע וואס איז אויך שפעטער צוריקגעפארן נאך ביאליסטאק האט נישט ווילנדיק באשטעטיקט דעם פאקט אז סטאלין האט אין אפמאך מיט היטלערן איינגעשטעלט די גרעניעצן צווישן די ביידע

טאטאליטארע מדינות.

ווי עדות האבן איבערגעגעבן האבן די דייטשן נענטער צו סאקאלקע אויף סלופעס אויפגעהאנגען גרויסע פלאקאטן מיט אויפשריפטן אין רוסיש "ניע סטרעליאט גערמאנסקי וואיסקא" (נישט שיסן דייטשישע מיליטער). היטלער אין זיין בליץ - קריג געגן פוילן פארנומען מערער טעריטאריע ווי סאיז געווארן אונטערגעשריבן אין דעם אפמאך, רוסלאנד האט שטרענג געפאדערט א צוריקצוג פון די דייטשישע כוחות.

היטלער נישט ווילנדיק אויף דערווייל איבעררייסן די צוזאמענארבעט מיט רוסלאנד וואס איז אים געווען נויטיק צוליב דעם צושטעל פון רוי - מאטעריאלן, מינעראלן, שפייזפראדוקטן א. אנד האט זיך ארויסגעצויגן פון דעם אזוי גערופענעם ווייס - רוסישן ראיאן. דאס האט אין א געוויסע מאס געהאט א איינפלוס אז די יידן פון וואשילקאווע, ביאליסטאק און אנדערע ראיאנען האבן לייכט אפגעשניטן פון דער 5 טאגיקער נאצישער אקופאציע.

## וואשילקאווע אונטערן סאוויעטישן רעזשים

ווען די דייטשן האבן פארלאזן וואשילקאווע האט זיך מאמענטאל געביטן די אנגעשטרענגטע אטמאספערע וואס האט ארויפגעווארפן שרעק אויף דער שטעטלשער באפעלקערונג. פארשידענע מיינונגען איז ארויסגעזאגט געווארן וואס אנבאלאנגט די רוסן, דער רויטער ארמיי, ווי אויך השערות ווען ווען זיי קומען און פון וועלכער זייט? עס האט זיך אויך געפונען פלוגבלעטלעך צו לייענען געווארפן פון עראפלאן וואס שרייבט "בירגער און בירגערינס פון מערב ווייסרוסלאנד" ווייטער ווערט געזאגט..אז אויפן באפל פון חבר סטאלין קומט די רויטע ארמיי צו הילף, צו פארזיכערן אייער לעבן און אייער פארמעגן...

עס אנשטייט פון זיך אליין אזא מין ארט "מיליציע" פון מער לינק געשטימטע עלעמענטן צווישן יידן און פאליאקן. גאסן און געסלעך פול מיט מענטשן מען שמועסט מען לאכט א יום - טוביֿדיקע שטימע. דער אוונט דערנענטערט זיך אבער מענטשן באלאגערן נאך די גאסן ערוואַרטנדיק די רויטע ארמיי.

זייער שפעט אין אוונט ווען די גאסן האבן זיך כמעט אויסגעליידיקט איז פאמעלעך אריינגעפארן א שווארצע לימוזינע און זיך פארהאלטן אין דער הויפט גאס און אין רוסיש זיך נאכגעפרעגט ווו סטווינט פאן וואסילקאווסקי, געהייסן די נייגעריקע וואס האבן ארומגערינגלט די לימוזינע מען זאל זיי פירן צו זיין הויז.

די הויז פון נאכגעפרעגטן האט זיך געפונען אין קאסציעלנער גאס צווישן די הייזער פון איטשקע ראטאוויעצקי דעם לוינקעטניק און דעם פויער ראדישעווסקי דארטן איז פון דער לימוזינע אויסגעשטיגן א מיליטערמאן און א ציווילער פארשוין זיך דארט פארהאלטן א לענגערע צייט.

סיאיז ווערט זיך פארהאלטן אויף דער סילוועטקע פון דעם בלאנדן פאליאק אדער רוס פאן וואסילקאווסקי, א שטארק אינטעלעגענטנער וואס האט געארבעט אלס א מאשיניסט אין דער גארבארניע פון די ברידער באראש, אליין נישט קיין וואשילקאווער זיין פרוי א ברונעטקע א שלאנקע זייער אשיינע מען פלעגט אפילו שמועסן אז זי איז פון יידישן אפשטאם. אנגעהאלטן באציהונגען מיט דער פוילישער אינטעלעגענץ פון שטעטל אנטייל גענומען אין אלע עפענטלעכע מלוכישע פייערונגען.

שווער צו פארשטיין די וועגן פון דער נ.ק.וו.ד. (די סאוויעטישע געהיים פאליציי) אז אין אזא נישט גרויסע שטעטל פארמאגט אייגענע מענטשן (אגענטן). אויף צומארגנס זענען אנגעקומען איינהייטן פון דער רויטער ארמיי, אין וואשילקאווע האט זיך איינגעקוואטירט א איינהייט ארטילעריע

צו שפרייט אין שיינע עטלעכע גאסן, די פעלד - קיכן מיט זייערע מאגאזינען לאקירט אונטערן פוילישן קלויסטער אנטקעגנאיבער דעם אלטן קריסטלעכן צעמענטאר. דריי מאל א טאג פלעגן די אפטיילונגען פון פארשידענע גאסן מארשירן מיט געזאנג צו זייערע קיכן, אזוי אז קינדער און די עלטערע יוגנט זיך גיך אויסגעלערנט רוסישע לידער וואס זענען געווארן שטארק פאפולאר ספעציעל דעם ליד "קאטיושא".

אלע פאבריקן און אונטערנעמונגען זענען נאציאנאליזירט געווארן קליינע האנדווערקער האט מען געהייסן פארלייגן קאפעראטיוון, מיין פאטער אברהם מענדעלעוויטש ע'ה געהאט פון יארן א אייגענעם פריזיר - אנשטאלט האט מען געהייסן פארמאכן און אויפעפענען א קאאפעראטיוו, צו דעם צוועק האט מען איבערגעוויזן די הויז פון די שניער'ס מ'האט נאר איבערגלאזן א קליין צימער מיט א קיך פאר מאטל שניאורן און פאמיליע, די אייגנטימערס פון די פריזיר אנשטאלטן אין שטעטל מיין פאטער, שמואל קרינסקי, און פאליאק עדווארד אסטאשעווסקי (דער סטרוזשקעס זון פון דער פוילישער שול) אריינגעטראגן זייער אינווענטאר ווי שפיגלען, שטולן, מכשירים א.א.וו. מינדעלע לעווין'ס מיידעלע איז געווארן קאסירערן, אין ביאליסטאק האט זיך געפונען די צענטראלע פון די קאאפעראטיוון איינגעטיילט אין פארשידענע בראנזשעס.

די מאכט איז געלעגן אין די הענט פון אריינגעשיקטע פארטיי פונקציאנערן דער ערשטער ווארשיינלעך פון מינסק פארנומען דעם אמט, "קאמיסאר פון שטאטראט" געביטן דעם נאמען אויף "גאר - סאוויעט" דאס הייסט דער גאנצער פירער פון דער ציווילער מאכט איינשליסלעך די מיליציע. דער צווייטער הערשער איז געווען פון מאסקווע מיט דער פונקציע "פארטיי סעקרע - טאר-".

דאס לעבן אין שטעטל האט זיך גענומען איינשטעלן לויטן סאוויעטישן נוסח, די טעקסטיל פאבריקן, טארטאקן און אנדערע אונטערנעמונגען האבן אנגעהויבן פונקציאנירן, א טייל לוינקעטניקעס האבן אריינגעשטעלט זייערע וועבשטולן אין פארעצקעס פאבריק, שאכנע ביבער איז דארט געווארן מייסטער, די גאנצע טעקסטיל אינדוסטרי אין שטעטל איז געווארן פארעכנט אלס א מלוכישע אונטערנעמונג אונטערן נאמען "קאמבינאט נומער אכט".

וואס איז כאראקטעריסטיש אז די נייע סאוויעטישע מאכט האט געהערשט אן דער הילף פון די שטעטלשע קאמוניסטן ווייל די רוסן האבן נישט געהאט פיל צוטרוי צו זיי. אין די ערשטע טעג פון דער נייער הערשאפט האבן די רוסן אויסגעקויפט אלע סארטן סחורות פראדוקטן, ווי אויך דראבנע זאכן ווי פאלשע פינגערלעך, קייטעלעך, זייגערלעך אן שטיינער, קאפ טוכעלעך שפיגעלעך און ראזיר - מעסערלעך און אויסגעליידיקט די קראמען, קיין נייע סחורות האבן שוין די קרעמערס נישט געהאט ווו צו קויפן אלעס איז געווארן נאציאנאליזירט און קרעמערס זענען געווארן אנערקענט אלס ספעקולאנטן.

אלע קראמען און שטעטל זענען פארמאכט געווארן, די מאכט האט ארגאניזירט א בעקריי אז די באפעלקערונג זאל כאטש האבן די מעגלעכקייט צו קויפן א שטיקל ברויט, שווער איז געווען זיך צופאסן צו די נייע באדינגונגען, די ברויט געבאקט אין חאצקלס בעקריי לעבן איטשקע דעם קצב, דורכן פענצטער פארקויפן, פון אנהויב הונדערטער מענטשן באלאגערן דעם פענצטער, אוואנטורעס שווער צובאשרייבן שפעטער איינגעפירט דעם סאוויעטישן סיסטעם "אטשערעט" דאס הייסט פשוט אויף מאמע - לשון קאלייקעס, שטיין לאנגע שעהן צייטן דערגרייכט דעם אויסגעביינקטן פענצטער האט זיך די ברויט געענדיקט.

דערנאך געבאקט אין צוויי בעקרייען

און ארויסגעגעבן (פארקויפט) די ברויט אין דעם קיאסק אויפן מארק וואס האט געהערט צו דעם פאליאק פראנצישעק ביעכאווסקי וואס האט פריער דארט פארקויפט חזיר - פלייש און פארשידענע טריפה וורשטן. אבער דאס האט ווייט נישט באפרידיקט די נויט פון דער באפעלקערונג.

אין א צייט ארום האט זיך אין ביאליסטאק געעפנט א צאל מלוכישע געשעפטן, ווו נאך לאנגע שעהן אין קאלייקעס און מיט אביסל מזל האט מען געקענט קויפן א ביסל צוקער, הערינג, צייטנווייז מעל און קאשע. אויך אייניקע געשעפטן מיט בראנפן משקה אבער דארטן האט מען געדארפט שטיין 6-8 שעה צו קויפן א ליטער אדער צוויי, ווייל ווי סיזאל נישט זיין איז בראנפן געווען די בעסטע סחורה אין אויסטויש פאר אנדערע נויטיקע ארטיקלען.

אין צוזאמענהאנג וואס די געשעפטן זענען אין 80% געווען אן פראדוקטן ווי אויך נישט געוווסט ווען און וואס זיי וועלן ערהאלטן האט געשאפן מחנות מענטשן וואס האבן געוואנדערט פון איין גאס צו א צווייטע און שאפן מאמענטאל קאלייקעס אונטער דער שאפ וואס האט ערהאלטן סחורה. אויסער דעם איז אנטשטאנען א גרויסע צאל ספעקולאנטן, באלאגערן און אויסקויפן ספעציעל בראנפן און בעסערע סחורות.

דער לעבן איז טאקע געווען א שווערער אבער צוביסלעך האט מען זיך צוגעוווינט ווי צו בינדן איינס מיטן צווייטן. דער אנטיסעמיטיזם האט זיך אויך שטארקער פארמאסקירט און עפענטלעך נישט באוויזן.

וואס אנבאלאנגט דעם פאליטישן געזעלשאפלעכן ארגאנזאציאנעלן לעבן איז אין גאנצן ליקווידירט געווארן. עס איז אפגעשטעלט געווארן די טעטיקייט פון די ציוניסטישע„ בונדישע און אנדערע ארגאניזאציעס. די קולטורעלע געזעלשאפטלעכע טעטיקייט איז רעקאנסטרואירט געווארן אין דער ריכטונג פון איין מאנאליטער טעאריע דאס איז די קאמוניסטישע איינגעפלאנצט אין פערזאניפיקאציע קולט אין פאטער פון אלע פעלקער..חבר סטאלין. וואס האט אמבעסטן געקומען צום אויסדרוק אין פרעזענטירן פילמען ווו ספלעגט זיך באוויזן חבר סטאלין דער עולם דאן אויפשטיין פון די פלעצער און שטורמיש אפלאדירן.

צו ארגאניזירן די קולטורעלע טעטיקייט איז דעלעגירט געווארן פון מינסק א ספעציעלער ארגאניזאטאר א פרוי אין עלטער ארום 50 יאר מיט שווארץ/גרויע האר (א יידישע) צוגעטיילט צום גארסאוועט כמעט יעדן אוונט האט זיך אין דעם אזוי גערופענעם קלוב אין דעם מויער פון פריידל געלבערד וואס האט פריער געדינט אלס א מיל געטריבן דורך די ברידער מאטל און מיישקע (פיפטשיק) שוסטער שפעטער געדינט אלס א זאל פאר אונטערנעמונגען און פארווייילונגערן זיך צונויפקלייבן די יוגנט פון דער שטעטל (אין 80% יידישע) און רויט - ארמייער שפילן אויף הארמאניעס זינגען, טאנצן אדער ווייזן פילמען.

סווערט ארגאניזירט פארשידענע קרייזן; דראמאטישע, כאראלנע, ארקיעסטראלנע, און א טאנץ קרייץ. דער טאנץ קרייז איז געווען א געמיש פון יידן פאליאקן און רויט ארמייער צו אים האט באלאנגט; דוד שטאבינסקי, לעאן מענדעלעוויטש, משהל וויס, בריינטשע וויס, מיניע און רבקה ספעקטאר, קאליא דער זון פון דעם מאשיניסט אין פארעצקעס פאבריק, וואנדא וואשילעווסקא א.אנד.

עס ווערט ארגאניזירט ארויסטרעטונגען פון די קרייזן מיט געמישטע פראגראמען איינרעכנדיק יידיש. מיטן טאנץ - קרייז פירט אן סערזשאנט פיסארענקא פון דער רויטער ארמיי, דעם יידישן טייל פון דראמאטישן קרייז רעזשיסירט פסח סוד, דעם ארקעסטער פייוול שטאבינסקי און אברהם פאלאק. נעמען אנטייל אין דעם פאלקס - פעסטיוואל פון גאנץ מערב ווייסרוסלאנד וואס קומט פאר אין ביאליסטאק אין "קלוב פון דער רויטער ארמיי" נעבן דעם פוילישן קלויסטער (רינעק

קאסציושקי) אין יידיש האבן מיר געגעבן איין אקטער פיעסע "זיאמע" פון א יידיש - רוסישן שרייבער ווו איך האב געשפילט די ראל פון זיאמע דעם שוסטער און דוד שטאבינסקי דער קאמוניסטישער ארגאניזאטאר, אויסער דעם האב איך רעציטירט "שווארצע וואלקנס באדעקן דעם בלויען האריזאנט" צו די מוזיק פון אראם חאצאטוריאן. אין יידיש איז געווען נאך ארום 4 ארויסטרעטונגען פון גראדנע און קלענערע שטעט.

דער פעסטיוואל האט געדויערט ארום 3 טעג פון 11 פרי ביז 8 אוונט טעגלעך, די גרעסטע טייל פון די ארויסטרעטונגען זענען געווען כארן, טענץ (אמיינסטן "לעוואניכא" ווייסרוסיש און "האפאק" אוקראיניש), פארשידענע ארקעסטערס, רעציטאציעס און אנדערע. דער פעסטיוואל איז געשלאסן געווארן מיטן ארויסטרעט פון מאסקווער "לעאניד אוטיאסאווס דזשאז ארקעסטער".

די טאנץ גרופע מיטן ארקעסטער און כאר זענען אויך ארויסגעטראטן פאר די איינהייטן פון דער רויטער ארמיי וואס האבן זיך געפונען אין דער "פעסטונג אסאוועץ" די באקאנטע פעסטונג וואס האט געדארפט פארהאלטן די דייטשישע אטאקע, מען האט אונדז דארט נישט ערלויבט צו באזוכן די פארשיידענע פארטיפיקאציעס, פון וואשילקאווע זענען מיר געקומען אויף מיליטערישע לאסט - אויטאס דירעקט צו דער דארטיקער קאסינא.

סומירן די קולטורעלע און געזעלשאפטלעכע טעטיקייט קען מען פעסשטעלען אז אין דעם הינזיכט באפרידיקט די פארוויילונגס נויט פון דער יוגנט כאטש געווען אייגעשרומפט אין ענגע ראמען פון איינגעשטעלטע פארמולן און באגטעלעזירט פריוואטע איניציאטיוו און נייע אידייעס. אבער דערפאר טארמאזירט אנטיסעמיטשע פראפאגאנדע און אין א געוויסן מאס געשאפן מער הארמאניע צווישן דער יוגנט וואס האבן אנטייל גענומען אין די פארשידענע קרייזן.

שטארק באאומרוהיקט דער יידישער באפעלקערונג פרומע און נישט פרומע איז געווען די איניציאטיוו פון דער קאמוניסטישער מאכט צו איבערמאכן דעם גרויסן בית המדרש פאר א קלוב. מען האט דארט אפילו א דורכגעפירט אייניקע מיטינגען פול מיט נישט יידן, רויט ארמייער אזעלכע פאלן זענען אויך געווען אין ביאליסטאק ווו מען האט אין פיאסקאוון בית מדרש ארייגעזעצט א ספארט - קלוב, אין פולקאוואיעסס בית מדרש א מיליטעירשן שטאב אנדערע געמאכט פאר שפייכלערס.

די יידן אין וואשילקאווע ספעציעל די יינגערע אנגעהויבן מאכן אנקלאגעס צו דעם קולטור ארגאניזאטאר וואס איז ארייגעשיקט געווארן פון מינסק (א פרוי א יידישע), זי האט געטענהעט אז זי קען נישט העלפן ווייל סאיז פאראן נאך בתי מדרשים און געראטן זיך ווענדן צו דעם פאליטישן קאמיסאר פון דער מיליטערישער איינהייט וואס איז איינגעשטאנען אין וואשילקאווע דער קאמאנדיר פון דער איינהייט ארטילעריע איז גלייכצייטיק געווען דער מיליטערישער קאמענדאנט פון דעם גארניזאן און דער פאליטישער קאמיסאר איז געווען זיין פארטרעטער אין דער ראנגע פון סטארשי פאליטרוק (מיט איין שפאלע) זיין פאמיליע נאמען איז געווען שטשוטצין פארשטייט זיך א ייד, עס איז ארומגעגאנגען קלאנגען אז ער איז געווען דער איניציאטאר אז מען זאל צונעמען דעם בית מדרש. אבער צו לעצט איז ער איינגעגאנגען איבערצולאזן דעם גרויסן בית המדרש אזוי ווי ער איז.

עס איז ווערט צו דערמאנען אנדערע איינצלהייטן פון יענעם פעריאד דאס איז די פראגע פון די פליטים וואס האבן פארפולט וואשילקאווע דאס זענען געווען איינצלנע פערזאנען און גאנצע פאמיליעס וואס האבן אנטלאפן פון די דייטשישע רוצחים. זייער לאגע איז געווען א פארצווייפלטע און וואשילקאווער יידן האבן געטאן אלעס צו

פאלייכטערן זייער מצב. ווען די פאבריקן האבן אנגעהויבן ארבעטן מער אינטענסיוו פארבעסערט זייער לאגע און אין א געוויסע צייט ארום זיך איינגעגלידערט אין דעם אלגעמיינעם לעבן סאיז אפילו געווען פארליבטע פארלעך צווישן היגע מיידלעך און יאטן פון די פליטים צווישן זיי פיל מיט העכערע בילדונג.

אנדערע פאלן וואס איז ווערט צו פארצייכנען דעם ארויספיר נאך רוסלאנד (טיף אין רוסלאנד) פערזאנען און גאנצע פאמיליעס, וואס זענען פארעכנט געווארן אלס שעדלעכע עלעמענטן ווי פאבריקאנטן, פאליטיש - נאציאנאל געשטימטע פירער, געוועזענע אפיצערן. פון יידן; דעם טארטאק אייגנטימער מיישקע זאדוואראנסקי מיט דער משפחה, אברהם כהן און משפחה, וואיטאוויטש דעם אנטיסעמיט, ביעלעצקי א געוועזענער פאליציאנט און אנדערע. צו ענד האט מען ארויסגעפירט אלע פליטים (יידן) וואס האבן זיך געפונען אין וואשילקאווע, אלע דעפארטאציעס זענען אדורכגעפירט געווארן אין מיטן פון דער נאכט דורך די ארגאנען פון נ.ק.וו.ד. דער שטעטלשער רב ר' ישראל היילפרן מיט דער משפחה האט באצייטנס פארלאזט וואשילקאווע אויס מורא פאר נקמה פון די ארטיקע קאמוניסטן פאר אריינלייגען אין חרם א ייד (קאמוניסט) וואס האט נישט געוואלט מל זיין דאס געבוירן קינד.

וואשילקאווע איז איינגעגלידערט געווארן אין דער ווייסרוסישער רעפובליק און סאיז ארויסגעגעבן געווארן רוסישע פאספארטן. אפאר ווערטער וועגן שול - ווען, די העברעישע יבנה שול האט אויפגעהערט צו פונקציאנירן די יידישע שלום - עליכם שול אויפן ראנד פון אונטערגאנג.

די 7 קלאסיקע פוילישע שול איז פארעכנט געווארן אלס א מלוכישע שול אין א קורצע צייט ארום איז אנגעקומען א פארוואלטער פאר דער שול, דער פריערדיקער פארוואלטער פאן קובא דעם פעלדשערס דישקיעוויטשעס איידעם האט מען אראפגענומען פון דעם פאסטן אויסער דעם 4 נייע לערערס (1 לערער, 3 לערערקעס) דער הויפט לשון איז געווארן רוסיש אין ערשטן פעריאד געשאפן געוויסע קאמפליקאציעס אין געמיינזאמע קאנטאקטן צווישן שילערס מיט די נייע רוסישע לערערס, ווי אויך צווישן די פארבליבענע פוילישע לערערס מיט די רוסישע.

די נייע רולערס מיט אלע מיטלען פארסירט אבסארבירונג נייע אידענטיקייט אין רוסיפיקאציע די פארנומענע פוילישע טעריטאריעס. דער שול - ווען אין דעם היגזיכט געדארפט שפילן איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאבעס, אין ערציהען די יוגנט אין קאמוניסטישן גייסט אלס די קומענדיקע רעזערוון פון דעם רעזשים. עס ווערט אויך געעפנט אין דער שול אוונט - קורסן ווי אויך ספעציעלע קלאסן צו פארפולקאמען מאטורעלע בילדונג. די נייע אריינגעשיקטע לערערס א יידישע, א רוסישע און א כינעזערן פון מאנדזשוריע (מיטן נאמען טיאן שו פו) האבן אנגעהאלטן גוטע פריינדלעכע באציהונגען ספעציעל מיט דער יידישער יוגנט.

אנאליזירן דעם פעריאד פון דער סאוויעטישער הערשאפט מוז מען פעסטשטעלן אז די יידישע באפעלקערונג האט געלעבט רואיק און געווען אין אלגעמיין צופרידן פון דער אטמאספערע וואס האט עקסיסטירט אין שטעטל. פון עקאנאמישן שטאנדפונקט געווען שווער צו מאכן א לעבן, אבער א דאנק וואס וואשילקאווע איז לאקירט געווען נישט ווייט פון ביאליסטאק (7 קלמ) האט פארלייכטערט די מעגלעכקייטן צו קויפן געוויסע פראדוקטן אין ביאליסטאקער מלוכישע געשעפטן, וואס זענען וואס אמאל בעסער פארזארגט געווארן. מען מוז נישט פארגעסן אז ביאליסטאק איז געווארן פארעכנט אלס די צווייטע הויפט - שטאט פון ווייסרוסלאנד (נאך מינסק). די סאוויעטן מיט אלע מיטלען געוואלט איבערצייגן דער אנעקסירטער באפעלקערונג און די מערב

לענדער אז אין ראטנפארבאנד לעבט מען נישט ערגער ווי אין אנדערע קאפיטאליסטישע מלוכות.

אויסער דעם האבן יידן געגלויבט און געווען איבערצייגט אז די סאוויעטן זענען מיליטעריש פאטענציאל שטארק זיך געגנשטעלן און פארניכטן דעם דייטשישן אגרעסאר צוזאמען מיט דער נאצישער אידעאלאגיע וואס באדראט דעם קיום פון יידישן פאלק.



א ריי אין וואשילקאוו פאר פראדוקטן

A queue to a Shop(Russ.Occup.)

# אברהם כהן

## זיין לעבן און דורכלעבונגען


אברהם כהן

אברהם כהן איז געבוירן אין וואשילקאווע אין 1905 יאר, זיין פאטער און מוטער אויך געבוירענע וואשילקאווער. די מוטער חיה - שרה שניאור ע״ה איז געווען די עלטסטע טאכטער פון די שניאורס, וואס האבן געהאט א גאלאנטעריי געשעפט אין ביאליסטאקער גאס. זיין פאטער איצל (יצחק) כהן ע״ה א אנגעזעענער עסקן, ציוניסטיש געשטימט, גרויסער נדבן פאר קרן קימת לישראל און א שותף צו א טארטאק מיטן ברודער יאנקל (יעקב) און מיישקע יענטשמעניק.

אברהם זייער א באגאבטער יינגל האט שנעל אוואנסירט אין זיינע לימודים, נאכן פארענדיקן די האנדלס - שולע אין ביאליסטאק, פלאנירט פארצוזעצן זיין שטודירונג העכער. אבער זיין פאטער פאר דעם איינציקן זון (געהאט א שוועסטער ראזא) האט פארויסגעזען א צווייטע לייזונג, דאס הייסט ער זאל צוטרעטן צו די ביזנעס און אים פארטרעטן אין די קומענדיקע יארן. דער טארטאק און אין אלגעמיין די האלץ אינדוסטרי האט גוט פראספערירט פאדערונג יינגערע און מער ענערגישע כוחות דאס צופירן. אברהם נעמט איבער גלייך די גאנצע בוכהאלטעריע ווי אויך א אקטיוון אנטייל אין דער פירונג פון דער וואקסנדיקער אונטערנעמונג.

אברהם איז פון דער פריסטער יוגנט געווען ציוניסטיש געשטימט צוזאמען מיט אנדערע חברים ווי נח כהן, שרה פערלשטיין, משהל היילפרן, הינדע כהן (פייפיחעס), סראלוש, דוד באכראך, רייזל פארעצקי און אנדערע זוערן פון די ערשטע אין פארלייגן אין א ארגאניזאציאנעלע פארם, די ציוניסטישע באוועגונג אין וואשילקאווע.


באשע כהן

אין 1931 האט ער חתונה מיט באשע בלאכארסקי א ליבהאבערן פון וואסער - ספארט און א אקטיוויסטקע פון "השומר הצעיר" אין יאגעסטאווע (אויגוסטאוו) וועלכע פארבלייבט מיט אים ביז זיינע לעצטע טאג פון לעבן, ער שטארבט אין מעלבורן אויסטראליע אין עלטער פון 82 יאר.

עס איז ווערט צו פארצייכנען דעם לעבנסגאנג פון אברהם כהן זייער כאראקטעריסטיש וואס די ווינטן פון דער גרויזאמער מלחמה האט געשאפן. נאך דער חתונה באזעצן זיי זיך אין ביאליסטאק, שפעטער פארן זיי ארויס נאך יאגעסטאווע ווערט דער פירער און אייגנטימער פון א טארטאק. אין 1939 יאר נאכן פארנעמען פון די סאוויעטן די שטאט וואס ווערט איינגעגלידערט אין דער ווייסרוסישער רעפובליק ווערן אלע אונטערנעמונגען קאנפיסקירט פון דער סאוויעטישער מאכט א קורצע צייט ווערט אברהם באשעפטיקט אין דעם טארטאק אלס א אויפזעער, ביז א קלאפ אין דער טיר אין מיטל פון דער נאכט, ארעסטירט און טראנספארטירט דורך דער נ.ק.וו.ד. (געהיים פאליציי) צו א ארבייטס - לאגער ווייט אין אסטראכאנער געגנט, און ארבעט שווער ארום צוויי יאר אין די דארטיקע וועלדער ביי אראפלאזן ביימער און ארויסשלעפן קלעצער, אויסער די קאלטע באדינגונגען איז דער עסן אויך געווען ווייט נישט קיין באנוגינדיקער צו שטילן דעם הונגער.

זיין פרוי באשע אין א 4 טעג שפעטער פאלגט נאך דעם זעלבן גורל ווי איר מאן, און ווערט

פארשיקט נישט נאך אסטראכאן ווו איר מאן נאר נאך קאזאכסטאן אין פעטרא - פאוולאוווסקער ראיאן און לעבט אין א צימער צוזאמען מיט נאך א פרוי מיט א קינד. ארבעט אויף די פעלדער פון די ארטיקע סאווכאזן, קאלכאזן און אנדערע פלעצער צוגעטיילט פון סעל - סאוויעט (ארטיקע מאכט).

ביסלעכווייז פארקויפט זי אויס א טייל פון אירע קליידער און אנדערע זאכן אויף צו צוקויפן עפעס עסן ווי אויך אין פרווון צו שליסן באקאנטשאפט אין פארבעסערן איר לאגע און צו דערוויסן זיך דעם גורל פון איר מאן, פון וועלכן האט צוויי יאר נישט געהערט (אברהם האט אויך נישט געוווסט פון זיין פרוי).

אויף א אנגעשריבענע ביטע צום "חבר סטאלין" וועגן דעם גורל פון איר מאן האט מען איר אין מיטל פון דער נאכט ארויסגערופן צום סעל - סאוויעט און געפרעגט אויב זי האט געשריבן צו סטאלינען? האט זי געזאגט - יע איך האב אים געפרעגט אווו מיין מאן געפינט זיך - גוט! דאס איז דער ענטפער פון חבר סטאלין "אז דיין מאן געפינט זיך דארט אווו ער דארף זיך געפינען" נישט קיין שלעכטער ענטפער?

אין צווישן צייט האט אברהם ערהאלטן א פעקל פון דער פרויס שוועסטער און דארט האט זיך געפונען די אדרעס פון באשען און ער האט צו איר אנגעשריבן א בריוו. אין יענער צייט האט זיך געביטן אביסל די פאליטישע לאגע אין באצוג צו די פארשיקטע פון דער פוילישער ערד דאס איז געווען דער אפמאך צווישן דער לאנדאנער פוילישער רעגירונג מיט סטאלינען אין ארגאניזירן א פוילישע ארמיי אין רוסלאנד און ערלויבן די פארשיקטע זיך ווערבירן אין דער ארמיי.

די אטמאספערע האט אברהם'ס פרוי אויסגענוצט און דורך די באקאנטשאפט וואס זי האט געמאכט אדאנק די פארקויפטע קליידונג צו דער פרוי פון דארטיקן טעכניקום דירעקטאר אז זיי זאלן ארויספאדערן איר מאן אזוי איז אברהם געקומען און זיך פאראייניקט מיט דער פרוי, און געארבעט אין דער בוכהאלטעריע פון טעכניקום, שפעטער ווען סאיז אנשטאנען דער פרא - סאוויעטישער "פארבאנד פון פוילישע פאטריאטן" (ז.פ.פ. זוויאנזעק פאטריאטוו פאלסקיך), ווערט ער דארט א פארטרעטער און נאכן פארענדיקן דער מלחמה קערט זיך אום צוריק מיט דער פרוי נאך פוילן. פון אנהויב געלעבט אין ווראצלאוו אלס א דירעקטאר פון א פאבריק אונטער א פארביטענעם נעמען אויף "קאניעווסקי" ווייל געוויסע עלעמענטן אין דער פירערשאפט האבן געזאגט אז כהן שמעקט נישט גוט אין פויליש. אין א צייט ארום איז ער איבערגעפארן נאך ביאליסטאק און זיך דארט פארהאלטן ווייל אין וואשילקאווע צו וואוינען איז געווען אומעגלעך צוליב טעטיקייט פון פארשידענע נאציאנאליסטישע אנטיסעמיטיש געשטימטע באנדעס, וואס האבן דארט גראסירט, אנפאלן, מארדן יידן, קאמוניסטישע טוערס און אפיצערן.

דאך איז אברהם צוגעפארן צו וואשילקאווע באזוכט דעם טארטאק און באקאנטע פאליאקן וואס האבן דארט געוואוינט און לאנגע יארן געארבעט אין דעם טארטאק. ער איז אויך אריין אין זיין הויז וואס איז געווען גאנץ און נישט באשעדיקט פארנומען דורך איינעם א פאן מאיטע פון שמולקע דעם קצבס גאס. אין דער הויז האט נאך געהאנגען די זעלבע גארדינען א טייל מעבל און אנדערע זאכן וואס האט געהערט צו זיין פאמיליע. אברהם האט געזאגט צו דער פרוי וואס האט געפונען אין דער הויז אז ער וועט נאך קומען מארגן א קוק טאן און זיך אומגעקערט נאך ביאליסטאק.

ביי נאכט האט א קלאפ אין טיר אים אויפגעוועקט אויף דער פראגע ווער דאס איז, האט זיך פון דער צוויטער זייט אפגערופן א שטימע אין פויליש, - אברהם עפן אויף דאס בין איך זייקאווסקי דאס איז געווען דער שכן ביים טארטאק וואס די גאנצע יארן האט די פאמיליע געארבעט אין

טאַרטאַק און שטאַרק באַפֿריינדעט מיט די כהן׳ס און יענטשמעניקס פֿאַמיליעס. נאָכן עפֿענען די טיר זאָגט ער צו אַוועקמלען, הער זיך איין זאָלסט נישט קומען מאָרגן נאָך וואַשילקאָווע ווייל אַ באַנדע וועט וואַרטן אויף די דיר און מען וועט דיר דערהרגינען, ווייל דער פֿון דער הויז האָט איבערגעגעבן צו דער באַנדע אַז דו ווילסט צונעמען די זאַכן און די הויז.

דאָס האָט פֿאַרשנעלערט די דעציזיע צו פֿאַרלאָזן פּוילן, ער פֿאָרט אַרויס מיט דער פֿרוי נאָך פֿראַנקרייך און שפּעטער אין 1947 קומט אָן מיט אַ פֿראַנצויזישע שיף צו די ברעגן פֿון אויסטראַליע. פֿון אָנהויב געאַרבעט ביי דוד גאָטליב ע״ה אויך אַ וואַשילקאָווער די פֿרוי האָט זיך אָנגעהויבן לערנען צו נייען אויף אַ מאַשין ביי חיה גאָלדבערג ע״ה אויך אַ וואַשילקאָווערן אָבער מיט אַ גוטע יידישע האַרץ געצאָלט ווייזשעס כאָטש זי האָט זיך געלערנט און גאָרנישט געטאָן. אין אַ צייט אַרום רופֿט זיך אָפּ די זעלבע חיה גאָלדבערג (פֿון דער היים באַטלאַי) הער זיך איין אַברהם דו ביסט דאָך אַזוי קלוג ווי אַנדערע האָט ליי איך דיר געלט און הויב אָן צו אַרבעטן פֿאַר זיך.

אַברהם האָט אויסגענוצט די גוטע און הערצלעכע ראַט און מיט מזל אויפֿגעעפֿנט אַ ביזנעס אין בעל סטריט פּרעסטאָן אין איינקופֿן, סעגרעגירן אַלערליי מעטאַלן, שמאַטעס און ענלעכע ביי - פּראָדוקטן און געוואָרן אַ סוקצעספֿולער ביסנעס - מען און אויך נישט פֿאַרגעסן זיין אָפּשטאַם און אַרבעט לטובת אונדזער פֿאָלק און מדינת ישראל.



אַברהם כהן אין רוסלאַנד, זיצט צווייטער פֿון רעכטס
A. Kane in Russia With Fellow Workers

# חורבן און אמקום

יוני 1941 — נאוועמבער 1942

**נאצי—דייטשישע בלוטיקע אקופאציע**
**פוילישער בלוטיקער אנטיסעמיטיזם**
**פאגראם מארד געטא**

## ליקווידאציע פון יידישן ישוב

## געוויסע איינצלהייטן
## פון דעם גרויסן פעלקער מארד

# חורבן און אומקום

א רוישן פון עראפלאנען און דעטאנאציעס פון נישט ווייטע אויפרייסן, האט אויפגעוועקט די שלאפנדיקע וואשילקאווער באפעלקערונג דעם 22טן יוני 1941. ארויסלויפנדיק אינדרויסן האט זיך גלייך באמערקט אז עפעס אויסטערלישע זאכן האט פאסירט. רויט-ארמייער לויפן אין פולע אויסשטאטונג, מען שפארט ארויס די הארמאטן פון די הויפן שפאנען איין די פערד אלץ אין גרייטקייט צום אבפאר. פון אנהויב האבן מענטשן געגלויבט אז דאס איז א "טרעוואגע" (אלארם) אדער גרויסע מאנעווערעס הויבט זיך אן..פון די לויפנדיקע סאלדאטן און אפיצערן האט מען זיך גארנישט געקענט דערוויסן ווייל זיי האבן אליין נישט געווען געניי אריענטירט וואס קומט פאר.

אין די שפעטערדיקע פרימארגן שעהן נאך דער רעדע פון מאלאטאוון איז קלאר געווארן אז נאצי-דייטשלאנד דער פריערדיקער פריינד האט אטאקירט דעם ראטנפארבאנד.

א בהלה-שטימונג האט אויך ארומגעכאפט דער ציווילער באפעלקערונג קאמוניסטישע פירער און באאמטע אריינגעשיקט פון מינסק, מאסקווע און אנדערע ראיאנען, לערערס, משפחות פון רוסישע אפיצערן. היגע קאמוניסטן און סימפאטיקער ווי אויך אין אלגעמיין אלע יידן האט ארומגענומען א שרעק, ווייל סאיז איבעראל באוווסט געווען די גרוילעכע טאטן פון די נאצישע רוצחים, געזייט מארד רויב און רציחה ספעציעל געגן דער יידישער באפעלקערונג.

ביי יידן דעם ערשטן טאג פון דער מלחמה, האט געטליעט א האפנונג אז אזא שטארקע מלוכה מיט אזא גרויסער ארמיי וועט געבן א געהעריקן קלאפ דעם דייטשישן אגרעסאר. ליידער מאנטיק דעם 23טן יוני די וועגן פול מיט אנטלויפנדיקע יידן, מאשינען וועגענער מיליטער, קלאנגען אז די ציווילע מאכט האט פארלאזט ביאליסטאק אין וואשילקאווע דער "גאר און סעלסאוויעט" פאקן זיך אויף א צוגעשטעלטן לאסט-אויטא, מען אנטלויפט.

אויפן דריטן טאג די מיליטער פארלאזט די שטעטל, דייטשישע יעגער אוויאנען לאזן זיך נידעריק אראפ און באשיסן מיט מאשין געווער די וועגן וואס איז פול פארפאקט. אלע וועגן ארום וואשילקאווער וואס פירט אין דער ריכטונג צו רוסלאנד, ליטווע איז איבערגעלאדן מיט אקאלארפולע מאסע פון טאנקן ארמאטן, סאלדאטן מענער פרויען.

פון וואשילקאווער אנטלויפן די ברידער טאלע און ברוך קאץ ווערן אויפן וועג דערהרגיט, אבעסערן מזל האט געהאט גיטל קאץ וואס נאך לאנגע וואנדערנישן ווייל די נאצישע ארמיי מיט דער הילף פון אראפגעלאזטע דעסאנטן אפשניידן די וועגן פאר די אנטלויפנדיקע רוסישע מיליטערישע איינהייטן, ארומרינגעלן און נעמען אין געפאנגענשאפט אזוי אז זי פלעגט מוזן אויסמיידן די וועגן פארנומען דורך די דייטשן, אדורכגעגאנגען שבעה מדורי גהינום ביזוואנעט דערגרייכט א זיכערן פלאץ, שפעטער פארשיקט טיף אין רוסלאנד דורכגעלעבט שווערע צייטן אבער געבליבן ביים לעבן וווינט יעצט אין ישראל אין קרית ביאליסטאק.

**פרייטיק דעם 27טן יוני 1941** ווערט וואשילקאווע פארנומען דורך דער נאצי-דייטשישער ארמיי, כאטש די מיליטערישע איינהייטן האבן זיך נישט פארהאלטן נאר ווייטער פארגעזעצט זייער טריומפאלן מארש אין דער ריכטונג פון רוסלאנד, האט מען שטארק געפילט די אנטיסעמיטישע גרוילעכע אטמאספערע וואס האט ווי שווערע שווארצע וואלקנס פאר א גרויזאמען שטורעם זיך אראפגעלאזט אויף דער יידישער באפעלקערונג.

אין משך אינגאנצן פון 1 יאר, 4 מאנאטן און 5 טעג איז ליקווידירט געווארן דער יידישער ישוב,

וואס האט קרוב 500 יאר געבויט, געשאפן אויף דער וואשילקאווער ערד. די נאצי-אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע האט אויך אין וואשילקאווע ווי אין אנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, לייכט געפונען זייערע אנהייגער און מיטהעלפער אין א דורכפירן דעם בלוטיקן מארד איבער די הילפסלאזע יידן.

דעם אנטיסעמיטיזם טיף איינגעווארצלט אין דער פסיכאלאגיע פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג איז אין וואשילקאווע געווען שטארק פארמאסקירט און נישט אנמערקבאר אין נארמאלן טעגלעכן לעבן, די סיבות פון דעם וואס די גרעסטע טייל פון דער נישט יידישער באפעלקערונג האבן עקאנאמיש געווען אפהענגיק פון דער אינדוסטריע ספעציעל טעקסטיל, האלץ און גארבעריי ווייל זיי האבן כמעט אין 100% זיך געפונען אין יידישע הענט.

דער באקאנטער פויליש-אנטיסעמי - טישער ווערטל וואס מען קען נאך ביי היינטיקן טאג טרעפן אין דער פוילישער פרעסע. אז כלומרשט יידן האבן אלעמאל געזאגט; "נאשע קאמיעניצי א וואשע אוליצי" (אונדזערע מויערן, הייזער און אייערע גאסן). איז ענדלעך געקומען דער גוטער טאג פאר אונדז קריסטן העלפן אייך צו ליקווידירן און דאן וועלן מיר האבן נישט נאר די גאסן נאר אויך די מויערן, הייזער, פאבריקן און אלעס וואס איר האט ערווארבן אויף אונדזער פוילישער ערד.

ווי ווייט גרויזאם איז געווען דער אנטיסעמיטיזם אין אונדזער שטעטל אילוסטרירט דער פאקט אז קיין איינציקער ייד האט זיך נישט געראטעוועט אין וואשילקאווע. דער איינציקער ייד וואס האט זיך געראטעוועט פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג איז געווען יאנקל סאקאלאוויטש א קצב (יאנקל באשעס, זיידקע דעם מולערס) אבער נישט אין וואשילקאווע און אן דער הילף פון וואשילקאווער פאלאקן, זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער, פעלדער, דערפער נענטער צו יאשינאווקע, קנישין און אנדערע, פראשטייט זיך מיט דער הילף פון איידעלע הויכווירדיקע פאליאקן און ווייס-רוסן.

דער הויפט פון דער נאצישער מאכט האט איינגעשטעלט זיין קווארטיר אין דער נייער הויז פון בערל מישקין ראג ביאליסטאקער גאס און דעם רימערס געסל. דער פאסטערונעק פון דער גראנאטאווער פוילישער פאליציי אין דער הויז פון סאנע קרעטשמער (פריער לאפשין), די פאליציי איז באשטאנען פון וואשילקאווער פאליאקן-אנטיסעמיטן דער קאמענדאנט איז געווארן וואשטשעניוקס איידעם וואס פאר דער מלחמה זיך אומגעקערט פון פראנקרייך געווען דער הויפט אינציאטאר פון די רציחות אדורכגעפירט איבער די וואשילקאווער יידן.

**דער געטא** האט זיך איינגעשטעלט ארום 6 חדשים נאך דעם ארייננמארש פון די דייטשן מען האט די יידן זיך געהייסן קאנצענטרירן אין ראיאן פון שולהויף און די ארומיקע הייזער, דער געטא איז נישט געווען ארומגעצאמט ווי אנדערע געטאס אלע פראנטאווע הייזער פון דעם געטא וואס האבן זיך געפונען לענגאויס ביאליסטאקער גאס דאס הייסט פון חיים טשאפניקס צוקערניע אויף דעם ראג פון קאטינסקעס געסל ביז וועלוול דעם לערערס הויז, ווייטער לענגאויס קאסציעלנער גאס ביז לייבע פערלס הויז ביי דעם קארנער פון אונטערן באד געסל ווו סהאט געוואינט חיים מאטיעס האבן יידן געמוזט פארלאזן אז מען זאל קיין יידישע פנימער נישט באמערקן אויף די הויפט גאסן.

דער גאנצער יידישער באפעלקערונג האט מען קאנצענטרירט אין די פאלגענדיקע הייזער;

**<u>יאקימעער גאס</u>**

די לענטשינערכס (שמאטניק)
שמאול דער יאנאווער(מלמד)
יעקב ארהן פילשטיק
שליימקע דעם מולערס
אסתר קיילעס
שרה קאטשקעס

חיים מעלניצקי
מוליע ספעקטאר (פורמאן)
זיידקע שווארץ

**כאטשקע דעם שוסטערס געסל**

ברוך קראוויעץ
איטשקע מיטן ברודער (סטאליערס)
חאצקל כאנאצקי
ברײנקע אוסעי (בעקערקע)

**טעוול קאמיענס גאס (קופיעצקא)**

פסח ביבער, מענדל מאנדלקערן
פייוול אינקער
מרדכי ראטאוויעצקי (קעסטל-מאכער)
שמואל באטלאי
טעוול קאמען
יעקב משה דער שמש
עליע ספעקטאר (רייזעטשקעס זון)
קאפלאן (קאפלאניכע בעקערקע)

**דער שול-הויף**

חיים דעם שמש אידעם
באבע ראובנס (לײקעס הויז)
עפרויטשיק מועד (פורמאן)
שמואל מועד
זלמן (בוץ) וועלער
זיידקע סאקאלאוויטש מוליער
חאצקל יוראוועצקי (בלעכער)
יאנקל ביבער (פריער מירקעס)
שייקע פאליאק
משה ארהן ספעקטאר (שוסטער)
איטשקע שפירה (מצבה שרייבער)
יאסל מאסיאנדז דער שמיד
לייבל לענטשינער (שניידער)
אברהם שטערנשוס
מינדעלע לעווין (שניט קראם)
מאטיע ווייס (זון חיים מאטיעס)

שעפסל וויניק (שניידער)

א גרויסער טייל פון דעם אזוי גערופענעם געטא האבן פארנומען לײדיקע שטחים פון שול-הויף מיט די בתי מדרשים, דער אלטער בית-עולם און די גערטנער פון דער יידישער שלום עליכם שולע, צוליב דער באגרענצטער צאל הייזער אריינצונעמען דער גאנצער יידישער באפעלקערונג. האט א טייל יידן ספעציעל פון "שוויצטאפלי" זיך איינגעקוואטירט אין גרויסן בית מדרש. גענויער צו אילוסטרירן די ענגשאפט אין געטא ווי סהאט אויסגעזען למשל אינדער הויז פון זיידקע סאקאלאוויטש דער מוליער (פריער שמואל-יוסף ביבערס הויז) האבן פארנומען; זיידקעס משפחה 4 פערזאן, שיעה סאקאלאוויטש 5 פערזאן, יאנקל סאקאלאוויטש מיט דער משפחה 3 פערזאן, ראזע גוטקעס מיט דער משפחה 5 פערזאן, דער וואנסאווער שמיד מיט דער משפחה 5 פערזאן, צוזאמען ארום 22 פערזאן. ביי שייקע פאליאק אין הויז כאנע מיט דער משפחה, אברהמ׳ל מיט דער משפחה, משהל פאליאק מיט דער משפחה און פסח אבראמאוו מיט דער משפחה צוזאמען אריבער 30 פערזאן.

אנאליזירן דעם מצב ווי ס׳האט אויסגעזען די וואוינונגס באדינגונגען אין דעם וואשילקאווער נישט ארומגעצאמטן געטא, איז נייטיק צו דערמאנען געוויסע וועזענטלעכע איינצלהייטן.

אלע הייזער אין דעם געטא זענען געווען אלטע הילצערנע שטארק פרימיטיווע פון איין צימער מיט א קיך אדער מאקסימום צוויי צימערן מיט א קיך, עס האט זיך אויך געפונען הייזקעס אין אלגעמיין פון איין צימער צוזאמען מיט דער קיך ווי , שרה קאטשקע די באד-טוקערן, שמואל דעם יאנאווערס (מלמד), איטשקע שפירה. אין דעם באגריף אלטע הילצערנע הייזער איז נויטיק זיך איבערטראגן מיט די געדאנקען..העט.. ווייט פאר דער ערשטער וועלט מלחמה בעסער געזאגט פאר דער

גרויסער שרפה אין 1895 יאר.

קיין נייע געביידעס האט זיך אין געטא נישט געפונען, די געדיכטענעש אין דעם צוזאמענגעדריקטן געטא האט אויסגעמאכט ארום 40 - 30 נפשות אויף אזא הילצעערנע הויז (39.74 = 1450:39) דאס איז די מינימאלע ציפערן.

די גאנצע שטעטל ווי אויך דער געטא האט נישט פארמאגט קיין וואסערלייטונג, אוביקאציעס, באדצימערן, קאנאליזאציע און אנדערע סאניטארע אויסשטאטונג. וואס אנבאלאנגט טרינקוואסער איז געווען שטארק באגרעניצט אין געטא, ווייל אויף דעם גאנצן שטח פון געטא האט זיך געפונען 2 ברונעמער אלט פרימיטיווע וואס פאקטיש געקענט באפרידיקן דעם בעל הבית פון דעם ברונעם און זיין ווירטשאפט. דאס זענען געווען פריוואטע ברינימער אויף די הויפן פון קצבים אדער בעלי עגלות וואס האבן געהאלטן פערד און בהמות.

איין ברונעם האט זיך געפונען אויפן הויף (פאדוואר) פון בערל ביבער דעם קצב ווו סהאט אויך געוווינט זיין זון פסח מיט דער משפחה און מענדל מאנדלקערן מיט זיין משפחה. דער צווייטער ביי דעם בעל עגלה חיים מיעלניצקי אויפן הויף, נאכן ארויסציען ארום 25 העמער וואסער מיט דער הילף פון א קייט אדער א טישקע-באסאק האט מען געדארפט מאכן א איבערייס און צו ווארטן אז עס זאל אנגיין מער וואסער אין ברונעם.

מען טאָר נישט פארגעסן אז די נאצישע עקסטערמינאציע פאליטיק אין פארטיליקן דער יידישער באפעלקערונג איז געווען געניי פלאנירט מיט אלע דעטאלן, מיטלען און מעטאדן צו פארווירקלעכן די געשטעלטע אויפגאבע אין ביאלאגישער פארניכטונג דעם יידישן פאלק. שאפן די אונמענטשלעכע באדינגונגען איז געווען א אינטריגאלער טייל פון דער נאצישער אויסראטונג פאליטיק.

די ענגשאפט האט פאראורזאכט א דעגראדאציע אין געזונט צושטאנד פון די יידן, פאלן פון קראנקהייטן איז אומפראפארציאנל געוואקסן. מען מוז נישט פארגעסן אז א טייל וואשילקאווער משפחות און איינצלנע יידן האבן זיך איינגעקוואטירט אין ביאליסטאקער געטא גלייך נאך דעם פאגראם וואס די פאליאקן האבן א דורכגעפירט איבער די יידן נאך דעם ארייננמארש פון די דייטשן.

איך וויל דא ברענגען א אויסצוג פון א בריוו וואס איך האב ערהאלטן פון יענטע מיעלניצקי דאן א קליין מיידעלע זי שרייבט; "איך געדענק נאר אז עס איז געווען א פאגראם מען האט געשלאגן יידן צוראבירט יידישער הייזער די דאטעס געדיינק איך איבערהויפט נישט סאיז געווען ביי מיר ווי א פינצטערער כאלעם. איך דערמאן זיך נאר נאכן ראבירן די הייזער זענען מיר אנטלאפן קיין ביאליסטאק און דארטן זענען מיר געווען אין געטא".

דער ערשטער אזוי גערופענער פאגראם איז נישט געווען א אלגעמיינער ווי אויך נישט קיין ארגאניזירטער אדער פלאנירטער, דאס איז געווען ספאראדישע אנפאלן פון קליינע גרופן פאליאקן אויף געוויסע יידישע הייזער, ראבירן גוטס און ביי דער געלעגנהייט אויך שלאגן.

ראבירן די יידישע הייזער אין יאקימער גאס האט אנגעפירט מיט א שייקע אנטיסעמיטן פעלעק זאוואדסקי מיט צונאמען "דער בארעץ". די גרעסטע פלאנירטע אנטיסעמיטישער ארויסטריט געגן די יידן איז געווען דער פלאן צו דער טרינקען די וואשילקאווער יידישער באפעלקערונג אין דעם טייך "סופראסל" (אן דעם וויסן און אנטייל פון די דייטשן) באוואפנט מיט שטעקנס, דרענגענער מיט קלאפ און געשרייען ארויסגעטריבן די יידן פון די הייזער און לענגאויס ביאליסטאקער גאס געטריבן צו די בריקן איבערן טייך סופראסל וואס אין דעם ראיאן פון ערשטן הילצענעס בריק ווו די וואסערן זענען געווען טיפע.

איינער פון די הויפט ארגאניזאטארן און פירער פון די בלוטיקע פאליאקן איז געווען דער עלטסטער זון פון דעם רייכן פויער ניקאלאי דאמבראווסקי פון לונסקעס גאס, וואס יעדן ווינטער גוט פארדינען ביי יידישע האלץ-סוחרים אין ארויספירן קלעצער פון די וועלדער ווייל ווינטער צייט איז נישט געווען קיין ארבעט אין פעלד.

ווען די געטריבענע מאסע יידן האבן דערגרייכט דעם הילצערנעם בריק איז אנגעפארן פון ביאליסטאקער ריכטונג א אפענע מיליטערישע לימוזין מיט 2 דייטשישע אפיצערן און זיך פארהאלטן אין מיטן דער מאסע מענטשן וועלכע האבן זיך פונאנדער גערוקט צו מאכן פלאץ פאר דעם אויטא. איין אפיצער האט זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט וואס דא קומט פאר? דערהערנדיק אז די פאליאקן ווילן דער טרינקען די יידן אין דעם טייך, האט ער אנגעהויבן שרייען צו די פאליאקן וואס זענען געשטאנען האלטנדיק די שטעקנס און אנדערע כלי-זין "פאלישע שווייינען צום דאנערוועטער לאויס, שנעל צעריק" און מיט דער האנט געדראט די פאליאקן וואס האבן זיך שנעל אנגעהויבן אפצוטראגן און געהייסן די יידן צוריק א היים.

דער טראגישער עפיזאד אילוסטרירט מיט זיין גאנצער שארפקייט אין וועלכע טראגישע באדינגונגען האבן זיך געפונען די יידן אין אונדזער שטעטל "וואס אין טרוים געווען א מאל מיין היים", נישט קיין וונדער וואס קיין איינציקער ייד האט זיך דארט נישט געראטעוועט און נישט אומזיסט האט היטלער אויסגעקליבן פוילן דער געהעריקער באדן פאר דער טייוולאנישער מאשין א דורכצופירן דעם אומפראפארציאנאלן גרעסטן פעלקער מארד אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

דער ערשטער קרבן אין וואשילקאווע איז געווען בעת מיהאט קאנצענטרירט די יידן אין דעם אזוי גערופענעם געטא אין די פריער דערמאנטע הייזער, דאן איז דער שטח פון געטא געווען ארומגעשטעלט מיט דייטשן און פוילישע פאליציאנטן, ניסל גרושקין (דער טשעכאנאווצער שוסטער) האט מען דערשאסן אין יאקימער גאס צווישן שלאכטערס (יורקעס) און ארציק לעווין'ס (סטאליערס) הייזער (געגלויבט אז ער וויל פארלאזן דעם שטח פון געטא). נאך דעם איבערקלייבן זיך אין דעם געטא האט מען די וואך אראפגענומען נאר סאיז געווען פארזאגט נישט צו פארלאזן דעם שטח. עס איז געווען פאראדנט צוטראגן געלע לאטעס אבער נישט אפגעהיט געווארן, פיל יידן אנטאן די געלע לאטע נאר אין צייט ביי פארלאזן דעם געטא גיין אין שטעטל עפעס ערליידיקן.

אלס די עלטסטע פון געטא כלומרשט "יודנארט" איז באשטימט געווארן פסח אבראמאוו און דוד ווייס (געוואינט מיט יארן צוריק אין טשארנא-וויעש) מיט לעבנס מיטלען האט מען געקענט אויסהאלטן ווייל ווי פריער דערמאנט געווארן איז דער געטא נישט געווען ארומגעצאמט. פויערים אפטן אריינפארן מיט פורן און פארקויפן די געבראכטע פראדוקטן אדער אויסטוישן פאר פארשידענע שטוב-זאכן, מלבושים און אנדערע. שלעכט איז געווען פאר עלטערע איינזאמע מענטשן ווי אויך עלטערע נישט פארמעגלעכע פאמיליעס, אבער פסח אבראמאוו מיט אלע מעגלעכקייטן געהאלפן די נויט באדערפטיקע. געווען אויך פאלן ווען מען האט געקויפט א בהמה, קוילענען און אין גרויסן בית-המדרש איטשקער דער קצב (פערלשטיין) צעהאקן און פארקויפן די פלייש צו די יידן.

דער טערער פון דער פוילישער פאליציי איז געווען אומדערטרעגלעך אין איינעם א טאג האט מען צונויפגעזאמלט יידישער מענער אין דעם הויף פון דער וואסער-לייטונג (וואדאציאנג) און דארט א דורכגעפירט א סעלעקציע וועלכע יידן זענען פייאיק צו דער ארבעט. מען האט געטריבן די יידן צו דער ארבעט אין גראבוווקע ביי גראבן טארף, האקן שטיינער אויף די שאסייען, לאדעווען האלץ אין טאווארנע וואגאנען אין טשארנא-וויעש און אנדערע

פיזישע ארבעטן. צו דער ארבעט און פון דער ארבעט באגלייט דורך א פוילישן פאליציאנט. דער לעבן פון א ייד איז געווארן הפקר, דער פריער דערמאנטער קאמענדאנט פון פאסטארונעק פאר גארנישט אוועקגעפירט נאך פיעטראשע ארציק מינקין און חיים מישקין געהייסן אויסגראבן א גרוב און גלייך אויפן ארט דערשאסן ארציק מינקינען און אריינגעווארפן אין דער גרוב. חיים מישקין האט אנגעהויבן זיך בעטן ביי דעם רוצח און נאך אים אריינרוקן אין האנט א סומע געלט האט ער אים באפרייט.

**דער טעראר** געגן די יידן מצד דער נאצישער מאכט איז געווען דובלירט דורך פוילישע אנטיסעמיטן און האסלעכער שטעלונג פון דער איבערוועגנדיקער טייל פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג. מען האט געמארדעט ביי אלע אומשטענדן און אין אלע טיילן פון דער שטעטל ווי אויך אין דער ארומיקער סביבה.

- יאנקל ליפשטיין (גלאוואצקי) געהרגעט צווישן וואלקי און סאכאניע.

- משהל (פריידל שרה קאטשקעס) זון געשאסן אויפן בית עולם.

- ברוך/לייב ספעקטאר האלץ-סוחר פון אונטערן שטאט, די גאנצע יארן געפירט געשעפטן מיט פאליאקן און אנגעהאלטן שטארק פריינדלעכע באציהונגען, האבן זיי אים דערהרגעט אונטער טשארנאוויעש.

- כאנע פערלשטיינס (שמולקע דעם קצבס) פרוי און טאכטער האט מען דערהרגעט אונטער ריבניקי ווו זיי האבן זיך באהאלטן.

- משה פאליאק (קויק) זיך אומגעקערט פון ארגענטינע אן שום סיבות דערשאסן געווארן.

- איצל פערלשטיין מיטן עלטערן ברודער כאנע פערלשטיין (שמולקע דעם קצבס) צוליב א אומשולדיקן בילבול דערשאסן.

- פייוול פישער (חיי ריווקעס) דערשאסן דורך פוילישע פארטיזאנער, ווייל נישט געהאט קיין צוטרוי צו יידן.

- אלטער מאלער "מאקעלעס" דעם שמידס יינגסטער זון א שיינער בלאנדער יינגל אין עלטער פון 17-18 יאר שטארק ענלעך צו דער ארישער "אויסדערוויילטער ראסע" האט זיך אויסבאהאלטן ביי דעם לאנגיאריקן פוילישן שכן קלעפאצקעס אנטקעגן-איבער זייער הויז און צו דעם אויך גוט באצאלט איז אין א קורצער צייט ארויסגעגעבן געווארן און דערשאסן. דאס איז געווען די הויכע קריסטלעכע מאראלן פון וואשילקאווער פאליאקן.

**די גרעסטע מאסן שחיטה** איבער דער וואשילקאווער יידישער באפעלקערונג איז א דורכגעפירט געווארן דורך א אלגעמיינעם פלאן פון דער נאצישער מאכט אין קלענערע שטעט און שטעטלעך, ווו סהאבן אנטייל גענומען ס.ס.איינהייטן אסיסטירט דורך דער גראנאטאווער פוילישער פאליצי.

די אקציע האט זיך אנגעהויבן נאך א האלבע נאכט האט מען פון די הייזער ארויסגעשלעפט די קרבנות, שטארק באוואכט באגלייט מיט קלעפ פון ביקסן קאלבעס געבראכט אונטער טרילינגס פאבריק נאכן צווייטן הילצערנעם בריק און דארטן דערשאסן.

צווישן די דערשאסענע האט זיך געפונען;
- מאטקע ספעקטאר דער קאסטן-מאכר
- אווראמל ספעקטאר
- אברהם פאליאק
- דוד שטאבינסקי
- עליע גאטליב
- אווראמל פערלשטיין ( א זון פון יאסל פערלשטיינס)
- חיים רודעס זון (שמולקע דעם קצבס א אייניקל)
- דוד ליטווין
- מאיר ליטווין
- שיע מאנגעלע

עס איז גאנץ מעגלעך אז די רשימה איז

נישט קיין פולע ווארום ס'האט זיך געקענט געפינען פערזאנען פון די פליטים (ביעזשענצעס) אנטלאפענע פון די פריער אקופירטע געביטן אדער פון אנדערע געגנטן, וואס זייערע פאמיליע נאמענס איז נישט באקאנט געווען און א חוץ דעם קינדער.

לויט דער נאך מלחמדיקער אפיציעלער סטאטיסטיק האבן די דייטשן אומגעבראכט 34 פערזאן אין דעם 15 קינדער, פארשטייט זיך אז די פוילישע סטאטיסטישע ציפערן דערמאנען נאר פערזאנען נישט יידן. פאקטיש אויסשליסלעך יידן פון פאליאקן זענען דערשאסן געווארן פעלעק קראשניצקי מיט זיין פרוי, זיין פאטער האט געהאט די רייכסטע חזיר-קראם, כאראקטעריסטיש אז פאר דער מלחמה געווען איינער פון די גרעסטע אנטיסעמיטן אין שטעטל און בעת דער אקופאציע געווארן א יידן-פריינד מיט אלע מעגלעכקייטן געהאלפן יידן. דער צווייטער דערשאסענער איז געווען באלעק זאוואדסקי דער קולאוער וואס האט געוווינט אין קאסציעלנער גאס נאך לייבע פערלס הויז.

נאך דער בלוטיקער מאסאקרע אונטער טרילינגס פאבריק האבן יידן געזוכט פארבינדונגען מיט באקאנטע קריסטן, ליידער נישט געקענט געפינען די נויטיקע הילף צו ראטעווען דאס לעבן. די העסלעכע פראוואקאציעס אין ארויסגעבן אלטער מאלערן, כאנע פערלשטיינס פרוי מיט דער טאכטער און זיי דערהרגענען האט געשטארקט דער אומצוטרוי צו די וואשילקאווער פאליאקן.

וואס לענגער פארשפארט אין דעם געטא האט פארגרעסערט די צאל קראנקע אן מעדיצינישע הילף וואס נאר דער טויט האט זיי געקענט אויסלייזן.

ענדלעך איז געקומען דער לאנג מיט פחד דערווארטענער טאג פון דער אלגעמיינער ליקווידאציע פון דעם יידישן ישוב וואשילקאווע, די נאכט פאר דעם צווייטן נאוועמבער 1942 יאר איז דער גאנצער שטח פון געטא געווארן ארומגעשטעלט מיט נאצישע מיליטער ווי אויך איז צו וויסן געגעבן דורך פסח אבראמאוון אז אלע יידן זאלן זיין גרייט מארגן פרי איבערצופארן אין א באשטימען ארבעטס לאגער ווו זיי וועלן באשעפטיקט ווערן, מיטנעמען נאר די נויטיקסטע זאכן. דער דייטשישער הויפטמאן וואס האט זיין קוואטיר געהאט אין בערל מישקינס הויז האט איבערגעגעבן פסח אבראמאוון אז אויב ער וויל קען ער אים איבערלאזן צוזאמען מיט דער משפחה. עס איז ווערט אונטערצושטרייכן אז דער פירער פון די וואשילקאווער יידן האט אבגעווארפן די גרויסע "טובה" פון דעם נאצישן באס און ערקלערט - איך בין א ייד און איך וויל פארבלייבן מיט מיינע יידן די הויכע מאראלן פון דעם וואשילקאווער פירער באווייזט דעם הויכן ניווא, גייסטיקע וואלארן פון וואשילקאווער יידן.

אין די פרימארגן שעהן פון 2 טן נאוועמבער 1942 האט זיך אנגעהויבן די פארלאדונג פון וואשילקאווער יידן אויף די צוגעשטעלטע פויערישע פורן צונויפגעקליבן פון וואשילקאווע און אלע ארומיקע דערפער די געסטאפא פון ביאליסטאק האט אנגעפירט מיט דער אפעראציע. יידן באלאדן מיט פעקלעך, פרויען מיט פארוויינטע אויגן האלטן די קינדער פאר די הענט נישט צו פארלירן אין דעער גרויסער סומאטאכע וואס איז אנשטאנען, די נאציס מיט געשרייען "שנעלער שנעלער" צוגעטריבן צו פארשנעלערן די פראצעדורע פון פארלאדאוועו ספעציעל עלטערע מענטשן וואס אן הילף נישט פייאיק געווען ארויפצוקריכן אויף די פויערישע פורלעך. פאליאקן פיל מיט שמייכלען אויף די פנימער אנדערע מיט גלייכגילטיקייט זיך צוגעקוקט ווי סווערט ליקווידירט דער יידישער ישוב. שפעט אין נאכמיטאג שעהן האט די טרויעריקע קאלומנע פארלאזן וואשילקאווע און יידן האבן פון פיעטראשע בארג געכאפט דעם לעצטן בליק אויף זייער ליבער שטעטל ווו געבוירן געוואקסן, אנטוויקלט, צעמענטירט די יידישע און מענטשלעכע

מאראלן מיט א טיפן בטחון אין דעם אויסדויער פון יידישן פאלק, ווי אויך געגלויבט אין די הומאניטארע ווערטן פון דער ארומיקער וועלט.

דער אזוי גערופענער איבערגאנגס לאגער האט זיך געפונען אין ביאליסטאק אין די געוועזענע קאשארן פון 10 טן פולק אולאנער נישט ווייט פון דער פאלעסער באן-ליניע, וואס די נאצישע אינסטאנצן האבן אויסגעקליבן אלס א קאנצענטראציע פונקט פאר די יידן פון ביאליסטאקער פראווינץ, פון וואנעט טראנספארטירן אין גרעסטן טייל צו דעם טויט לאגער טרעבלינקי. צוויי שטעטלעך זענען אין דער "ליקווידאציע אקציע" נישט אריינגעפאלן, איינע סאקאלע (ביי לאפי) ווייל דער ארטיקער קאמענדאנט אן אויפריכטיקער יידן - פריינט, האט פארטרוילעך איבערגעגעבן די יידן אז זונטיק וועט קומען די פארניכטונג-קאמאנדע אזוי אז שבת גיך פארלאזן די שטעטל און יידן יונג און אלט האבן שבת פארנאכט זיך איבערגעטראגן אין די ארומיקע וועלדער און אנדערע באהעלטענישן סהאט נאר פארבליבן עטלעכע אלטע און קראנקע. דאס צווייטע שטעטל איז געוווען יאשינאווקע דארטן האבן יידן געארבעט אין עטלעכע לעדער-פאבריקן, דעריבער כלומרשט צוליב איר נויטיקייט פאר דער וויכטיקער פראדוקציע, דערווייל נישט אריינגענומען געווארן אין דער "אויס - זידלונגס אקציע". אלע אנדערע שטעטלעך ווי וואשילקאווע, סופראסל, זאבלודאווע, מיכאלאווע, הארקדאק, סאקאלקע און אנדערע געבראכט אין די קאזארמעס פון צענטן פולק, ווו זיי האבן זיך געמאטערט א וואך, צוויי אין הונגער און שמוץ, שוואכע קראנקע גלייך געשטארבן. די איבעריקע שפעטער אריינגעטריבן צו 150 מאן אין א טאווארנע-לאסט -וואגאנען און טראנספארטירט קיין טרעבלינקע.

דער קאמענדאנט פון דעם לאגער אין די קאשארן פון צענטן פולק איז געווען ס.ס איבערשטורמפירער בערג טריפס זיין פארטרעטער איז געווען ס.ס אבערשטורמפירער ריינהארד דיבוס, א אפטיילונג פון דער שוץ - פאליציי געניצט צו היטן דעם לאגער און העלפן מיט ברוטאלקייט לאדעווען די יידן אין די וואגאנען.

ווען דער וואשילקאווער טראנספארט מיט די יידן האבן דערגרייכט דעם טויער פון די קאשארן איז שוין געווען טונקל, נאך א צייט פון ציילן קאנטראלירן האט מען די פויערישע פורלעך מיט די יידן אריינגעלאזט אויף גרויסן הויף, און סהאט זיך אנגעהויבן די אויסלאדונג פון די פורן. פויערים אויפגערעגטע מיט געשרייען אז סאיז שפעט און דארפן א היים פארן, סנעמט צייט אראפקריכן פון די וועגענער, שלעפן די פעקלעך, פאמיליעס ווילן זיין צוזאמען און נאענט צו פריינד באקאנטע, די דייטשן יאגן צו, שווער צו באשרייבן ווי דאס האט אויסגעזען, נאך שווערער איז געווען צו פארשטיין וואס מען קען דערווארטן אין דעם נישט קלארן צוקונפט.

# רשימה

די רשימה פון וואשילקאווער יידן וואס האבן זיך געראטעוועט פון דעם גרויסן האלאקאוסט בעת דער דייטשישער אקופאציע אין דער צווייטער וועלט מלחמה 1945 - 1939 יאר.
די ערשטע גרופע..דאס איז אינגאנצן 3 פערזאן וועלכע האבן זיך דירעקט געראטעוועט אין דעם פעריאד פון פארניכטונג; דאס זענען...

| | |
|---|---|
| 1. יאנקל סאקאלאוויטש | לעבט אין אויסטראליע |
| 2. יענטע מיעלניצקי | לעבט אין ישראל |
| 3. מענדל מיעלניצקי | לעבט אין קאנאדע |

די צווייטע גרופע וואס האט זיך געראטעוועט, דאס זענען די מענטשן וואס האבן זיך געפונען אויף פארשיקונג נאך רוסלאנד אדער צוליב אנדערע אומשטענדן זיך געפונען אין רוסלאנד ווי אויך די וואס האבן זיך געפונען אין די ארמייען. דאס זענען:...

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1. מיישקע | זאדוואראנסקי | געשטארבן | אין ישראל |
| 2. פרוי | זאדוואראנסקי | לעבט | אין ישראל |
| 3. חאצקל | פישער | געשטארבן | אין ישראל |
| 4. גיטל | קאץ | לעבט | אין ישראל |
| 5. יונה | פאנימאנסקי | לעבט | אין ישראל |
| 6. אברהם | כהן | געשטארבן | אין אויסטראליע |
| 7. באשע | כהן | לעבט | אין אויסטראליע |
| 8. לייבל | מענדעלעוויטש | לעבט | אין אויסטראליע |
| 9. שייע | מינקין | לעבט | אין קאנאדע |
| 10. אברהם | לאשיצקי | געשטארבן | אין ארגענטינע |

א גענויערן באשרייבונג פון אייניקע וואשילקאווער וואס האבן זיך געראטעוועט פון דעם גרויסן חורבן..קענט איר געפינען אין די טיילן פון דעם יזכור בוך.

# די גרעסטעוועטע פון גרויסן חורבן

פון דער גאנצער שטעטל וואשילקאווע האבן זיך געראטעוועט בלויז 3 פערזאן פון דער יידישע באפעלקערונג. די קליינע נישטיקע צאל געראטעוועטע יידן רעדט פאר זיך אליין ווי נישטיק זענען געווען די מעגלעכקייטן אין די אומשטענדן פון טעראר, נאצישע גרויסזאמקייט, באגלייט מיטן פויליש בלוטיקן אנטיסעמיטיזם צו ראטעווען דעם יידישע לעבן. דאך אין דעם פינצטערן לאבירינט פון פוילישן אנטיסעמיטיזם האט ווו נישט ווו אויף געבליצט א שטראל פון מענטשלעכקייט אין באצוג מענטש צו מענטש.

## יאנקל סאקאלאוויטש



Yankl Sokolowicz

אנדערש יאנקל זיידקע דעם מולערס אדער יאנקל באשעס, א קצב אין די לעצטע יארן געהאט א אייגענע יאטקע אין ביאליסטאקער גאס אנטקעגן מולקע שטאבינסקעס הויז. ווי יעדער יידישער קצב אפט געפארן איבער די דערפער קויפן בהמות ווי אויך ביי א געלעגנהייט צו האנדלען מיט זיי. געהאט א גוטן נאמען ביי די פויערים אלס א ארענטלעכער סוחר.

ווען די פארשאלטענע דייטשן זענען געקומען נאך וואשילקאווע אין 1941 יאר, איז דאס לעבן פון דער יידישער באפעלקערונג פארוואנדלט געווארן אין א קאשמאר פון פיין, דערנידערונגען, רציחה און מארד נישט נאר פון די נאצישע רולערס אליין. פיל בעסטיאלקייט האבן ארויסגעוויזן די וואשילקאווער אנטיסעמיטן אין העלפן בארויבן און צייטנווייז מארדן די דארטיקע יידן. אין דעם חורבן - טייל פון דעם בוך איז דא פיל מערער איינצלהייטן וועגן די באדינגונגען און דעם פיינלעכן לעבן פון יענעם פעריאד.

דעם 2 טן נאוועמבער 1942 יאר איז געווען דער טאג פון דער ליקווידאציע פון וואשילקאווער געטא און דעם גאנצן יידישן ישוב. אין די פרימארגן שעהן האט זיך אנגהויבן די פארלאדונג אויף פון פריער צוגעגרייטע פויערישע פורן.

טרויעריק און הארצרייסנדיק האט דאס אויסגעזען ווי יידן מיט פעקלעך, קינדער אלטע - לייט האבן מיט פארוויינטע אויגן זיך געלאדן אויף די פורן צוגעיאגט פון די פוילישע פאליציאנטן. יאנקל האט זיך פארלאדן אויף איין פור צוזאמען מיטן טאטן זיידקע און דער מאמען באשע ווי אויך דער ברודער שיע מיט דער משפחה, ווען דער וואשילקאווער טראנספארט מיט די יידן האבן דערגרייכט דעם אזוי גערופענעם איבערגאנגס לאגער וואס איז געווען די קאשארן פון 10טן פולק אולאנער אין ביאליסטאק (10קלמ.) איז שוין געווען טונקל, ביז וואנעט מען האט געעפנט דעם טויער און אריינגעלאזט דעם טראנספארט פורן איז שוין געווען גוט טונקל.

אויפן וועג צו דעם לאגער האב איך געכאפט א שמועס מיטן פויער דעם פורמאן, איך מוז באמערקן אז איך האב דעם פויער פון פריער נישט געקענט, אפשר א מאל געזען..רופט זיך אפ דער פויער צו מיר פאר וואס אנטלויפסטו נישט? מען וועט אייך דא דערהרגענען! זאג איך צו אים סאיז אונמעגלעך צו אנטלויפן דער גאנצער טראנספארט איז ארומגעשטעלט מיט א וואך. דערווייל איז אויפן הויף פון די קאשארן אנשטאנען א גרויסע צומישונג

אזויפיל פורן מענטשן פעקלעך, די אויסלאדונג גייט און זייער פאמעלעך, די פויערים שרייען אז זיי ווילן פארן א היים ווייל סאיז שוין שפעט. אין דעם מאמענט רופט זיך אפ דער פויער צו מיר..אויב דו ווילסט זיך ראטעווען קריך - ארונטער אונטער מיין געזעץ מיט די שטרוי, איך וועל דיר נאך בעסער פארדעקן, סאיז שוין פינצטער קיינער קאנטראלירט שוין נישט ביים טויער. אבער ווי אזוי איבערלאזן מיינע אלטע עלטערן דער גאנצער משפחה, זאג איך צום טאטן דער פורמאן וויל מיר ראטעווען און ארויספירן פון די קאשארן. רופט זיך אפ דער טאטע, ראטעווע זיך קוק נישט אויף אונדז, אפשר וועסטו האבן מזל און בלייבן ביים לעבן. איך האב זיך געזעגנט אין דער שטיל ביי א קוועטש מיט דער האנט, דאס איז געווען די לעצטע מאל ווי איך האב געזען מיינע עלטערן און משפחה. זיי האבן אראפגעקראכן פון דער פור מיט די פאר פעקלעך.

דער פויער האט מיר פארדעקט מיט א ביסל שטרוי איבערגעדעקט מיט א פלאכטע, זיך אוועקגעזעצט אויף מיר און מיט אנדערע פויערים וואס האבן שוין אויסגעליידיקט די וועגענער ארויסגעפארן פון די קאשארן און געבראכט צו דעם דארף לעטניקי ווו ער האט געוווינט.

צו באצייכענען מיין לעבן ביז דער באפרייהונג איז אונמעגלעך געפינען די נויטיקע טערמינאלאגיע פון ווערטער און אויסדרוקן, ווייל למשל אמאל איבערגעשלאפן ביי א פויער אין סטאדאלע א פאר נעכט, א צווייטן מאל ביי אן אנדערע פויער א וואך און מער, א דריטן מאל געשלאפן אונטער א בוים אין וואלד, אין א סטאג היי, אין פעלד אין קארטאפל גריבער, און אנדערע משונהדיקע פלעצער און אלע מאל מיט די חושים פון א איבערגעשראקענעם האז אדער קרוליקל. א מאל פאר א שלעכטן קריסט (פאליאק) אמאל פאר א דייטש, פאר א הונט, פאר א איבערגעשראקענער הון. אלעס ארום האט געשמעקט מיט טויט אין יעדן נישט פארזיכטיקן טריט.

מען וואלט געקענט נוצן די ווערטער; א פארשטויסענער, ארויסגעשטויסענער, אויס - געשלאסענער, א פארשיקטער אין חרם אריינ - געלייגטער, א מצורעדיקער וואס דארף זיך געפינען מחוץ למחנה און דאס אויך אונטער א פראגע צייכן צי אין אלגעמיין דארף זיך געפינען א לעבעדיקער?

איך וועל אויך נישט פארגעסן ווען איינער א פאליאק וועלכער האט מיר אייניקע מאל געהאלפן, האט מיר געראטן אפשר אריינגיין אין ביאליסטאקער געטא ווייל סאיז דא קלאנגען אז אין געטא קען מען לעבן און איבערלעבן, איך האב מסכים געווען נישט האבנדיק קיין אנדער ברירה.

דער פויער האט מיר מיטגענומען אויף זיין פור אראפגעלאזן פאר ביאליסטאק, שפעט אין אוונט האב איך פון דער פאלעסער באן ליניע - זייט, זיך אריינגעקריגן אין ביאליסטאקער געטא, ריכטיק ווען אין א פאר טעג ארום האט זיך אנגעהויבן די ליקווידאציע פון ביאליסטאקער געטא. זעענדיק אז דאס איז די ענד, האב איך אנגעהויבן זוכן א פלאץ ווו זיך צו באהאלטן. אין איינער געביידע האב איך באמערקט אגרויסן געמויערטן פון ציגל, א אויוון וואס האט דערגרייכט כמעט ביזן סופיט.

איך מוז דא באמערקן אז מיין טאטע איז געווען א מוליער לאנגע יארן. אזוי אז ער פלעגט אויך נעמען די קינדער זיי זאלן צו העלפן אין זיין ארבעט און די מוליער פאך נישט געווען פרעמד פאר מיר. איך האב באשלאסן אין אויוון מאכן מיין באהאלטענעש, פון אויבן אונטערן סופיט ארויסגענומען א 6 - 4 ציגל גענוג אז איך זאל זיך קענען אראפלאזן אין אויוון, געפונען א קליין הילצערנעםביינקעלע און פון אויבן אריינגעשטעלט דארטן. דעם אריינגאנג צו דערגרייכן האב איך אויסגענוצט די דערבייאיקע טיר דורך ארויפקלעטערן זיך און אריינקריכן אין אויוון פארן אריינקריכן מיטן פוס אפשפארן די טיר. אזוי אן שום באוועגונג זיצן אויפן ביינקעלע אין דעם גרויסן אויוון.

אין די נעכט ווען אלע געשרייען שיסערייען האבן זיך פארענדיקט נישט הערנדיק קיין באוועגונגען ארויסקריכן פון מיין באהעלטעניש און שטיל מיט קאצישע באוועגונגען זוכן עסנווארג אין די ליידיקע הייזער.

אזוי האב איך 6 וואכן אפגעזעסן אין דעם אויוון, שפעטער הערנדיק אז עס איז איינגאנצן שטיל ארום, האב איך אין איין נאכט דורך יוראווצער גאס פארלאזן דעם אויסגעשטארבענעם ביאליסטאקער געטא. און אין משך פון דער נאכט דערגרייכט די יוראווצער לאנקעס נישט ווייט פון סופראסלער טייך.

ווען סהאט אנגעהויבן טאגן האט זיך פאר מיינע אויגן באוויזן אויסגעשטעלטע סטאגעס היי ווי אויך טיילן לאנקעס מיט נאך נישט געשניטענע גראזן. איך האב פארשטאנען אז יעצט איז שניט - צייט פאר היי, אזוי אז אין יעדער צייט קענען אנקומען פויערים צו שניידן די היי, איך האב באשלאסן דערווייל ארייננקריכן אין א סטאג - היי און אבסערווירן אפשר וועל איך באמערקן א באקאנטן פויער.

ארום צען א זייגער האבן אנגעפארן אייניקע פויערים און פאמעלעך צוגעטראטן צו קאסיען שניידן די היי, זייער פאמעלעכקייט צו דער ארבעט איז געווען געבונדן מיט דעם וואס אין די פרימארגן שעהן זענען די גראזן געווען נאס פון טוי און שווער צושניידן דעריבער האבן געווארט סזאל זיך אביסל אונטערטריקענען.

נישט ווייט פון סטאג היי ווו איך האב זיך געפונען האט געארבעט א פויער וואס איך האב אים פערזענלעך נישט געקענט ספעציעל א ביסל נאענטער, אבער געוווסט פון וועלכן דארף ער איז און אויף באשטימט אייניקע מאל געשמועסט מיט אים. איך האב באשלאסן פרובירן זיך צו פארשטענדיקן מיט אים, ווען ער האט זיך געפונען נאענט צו מיר אין דער זייט וואס נישט מערקבאר פון אנדערע פויערים, האב איך זיך אפגעדעקט פון די היי און באגריסט אים מיט א גוט - מארגן פון אנהויב איז ער נשתומם געווארן, דערנאך געזאגט איך געדענק דיר דו ביסט א קצב, יע זאג איך איך בין אויך הונגעריק אפשר קענסטו מיר עפעס העלפן, זאגט ער צו מיר איך האב נישט מיט זיך קיין עסן גענומען, אבער מארגְן וועל איך דיר ברענגען עסן ווי אויך פרובירן עפעס טאן פאר דיר. ער האט מיר געהייסן זיך נישט צו ווייזן פאר קיינעם אנגעוויזן אין וועלכן סטאג - היי וועט ער אוועקלייגן דעם עסן, אלס א סימן ווו דער עסן געפינט זיך וועט ער א ווידלע אריינשטעכן אין די היי.

דעם איבעריקן טייל פון טאג און די גאנצע נאכט האב איך נישט געשלאפן, גלויבן צי נישט גלויבן דעם פאליאק, אפשר וועט ער איבערגעבן די דייטשן אדער די פוילישע פאליציי? און זיי וועלן קומען און אויפן ארט דערשיסן אדער אוועקשיקן אין א טויטן - לאגער? אפשר אנטלויפן פון דאנעט? צום ענד באשלאסן צו פארבלייבן זאל דער גורל דערצידירן, אין ערגסטן פאל וועט מיר דער טויט אויסלייזן פון דעם הינטישן לעבן.

אויף צו מארגן האט ער געבראכט גענוג עסן, געמארקט מיטן אפגערעדטן צייכן און גענומען די פולע השגחה איבער מיין לעבן, אז מיר זאל קיין שלעכטס נישט פאסירן, שפעטער מיר פון דארט ארויסגעפירט צוזאמען מיט די היי צו זיין דארף און נאך שפעטערדיקע איבערלעבענעשן דערלעבט די באפרייהונג.

איך וועל קיינמאל נישט פארגעסן די הומאניטארע זשעסטן פון די איידעלע פראסטע געוויינלעכע מענטשן פאליאקן וואס נישט געקוקט אויף דעם פיזיאלאגישן אנטיסעמיטיזם, וואס האט באהערשט די מערהייט פון פוילישן פאלק, האבן זיך דאך געפונען מענטשן כאטש אפשר ווייניק אין צאל... מיט הויכע וואלארן פון מענטשלעכקייט, הערצלעכקייט, פארשטענדענעש אין דעם פעריאד פון מארד און טעראר.

# יידישע וואיעוואדישע היסטארישע קאמיסיע

**ביאליסטאק 9.11.45**

## דיליידן פון די יידן אין וואשילקאווע
### אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע.



*אנגעשריבן דורך מענדל מעלניצקי געבוירן און געלעבט אין וואשילקאווע. ארייגעפאלן אין לאגער אשוויענטשים, דארט איבערגעלעבט. געפינט זיך איצט אין ביאליסטאק.*

וואשילקאווע איז א קליין שטעטל נישט ווייט פון ביאליסטאק (7 קל"מ.), וועלכע האט געציילט פאר דער קריג 5.000 איינוווינער פון דעם 1500 יידן. זיי האבן זיך פארנומען אין גרעסטן טייל מיט טעקסטיל - ארבעט, ווייל עס איז געווען 5 גרויסע פאבריקן און אויך א גארבעריי און טארטאקן, מילן.

אין אנהויב קריג אין 1939 האט וואשילקאווע ווייניק געליטן. די דייטשן זיינען אריין און אין 2 וואכן ארום זיינען זיי ווידער ארויס. ביים אריינגאנג האבן די דייטשן גענומען א פאר הונדערט קריסטן און 100 יידן און פארמאכט אין דער פראוואסלאווער צערקווע און געהאלטן א גאנצן טאג אלס א משכון. אויב עס וועט עפעס פאסירן וועלן זיי גלייך דערשיסן. די דייטשן האבן ארויסגעפירט די סחורות פון די פאבריקן און מער גארנישט האט פאסירט.

נאכן ארויסמארש פון די דייטשן איז דאס שטעטל געווען דריי טעג אן א מאכט. עס איז געווען דאן אביסל אומרואיק פון די קריסטן, נאר ווען די רויטע ארמיי האט אריינגעמארשירט איז געווארן גלייך רואיק אין וואשילקאווע. ווען די רוסן זיינען אריין איז געווען זייער פריילעך, עס איז געווען א קינא און א יידישע טרופע ארטיסטן, וועלכע האט זייער אפט אפגעגעבן קאנצערטן און פארשטעלונגען, עס איז אויך געווען א בלאז - ארקעסטער מיט א מאנדעלינען ארקעסטער. די יידן האבן זיך געשפירט גוט און פריי. מען האט געקענט גיין אין אלע גאסן, אפילו אין וועלכע עס איז פריער געווען פארבאטן האט מען איצט געקאנט גיין. מען האט נישט געהערט דעםווארט "פארכאטי - זשיד" (פארכישער ייד). דער שטילער לעבן האט זייער קורץ געדויערט.

די דייטשן זענען אנגעפאלן אויף די סאוויעטן מיט זייער א גרויסע קראפט, אז די סאוויעטן האבן געמוזט אפטרעטן. די נאכט שבת אויף זונטיק איז געווען א גרויסע באמבארדירונג אויף דער באן - ליניע און מיליטערישע - אביעקטן פון וואשילקאווע און אונטער וואשילקאווע.

זונטיק דעם 22 טן יוני 1941 יאר איז געווען א גרויסער גערודער אין שטעטל, די דייטשן האבן ערקלערט קריג סאוויעטנפארבאנד. מען האט

אנגעהויבן אלץ קויפן אין די קראמען, וואס עס איז נאר געווען, די סאוויעטישע מיליטער האט אנגעהויבן אפצוטרעטן און אויך א קליינער טייל פון דער יידישער יוגנט. מאנטיק האבן אנגעהויבן אנטלויפן די סאוויעטישע פאמיליעס, עס איז באלד געגאנגען א קלאנג פון די פויערים, אז די דייטשן וועלן אריין וועלן זיי אלע יידן אויס - שחטן, מיר האבן קיין ספק ניט געקלערט, ווייל א פויער איז געקומען צו אונדז און געזאגט אז אונדזער פאמיליע מעלניצקי האבן זיי צוערשט אויפן אויג. דער טאטע איז אוועק אין שטאב און גענומען א פשעפוסטקע (ערלויבנעש) אויף א פור און מיר האבן זיך אנגעהויבן גלייך צום פאקן, וואס מען האט געקענט פון די ווייכע זאכן האט מען אלץ גענומען און די איבעריקע זאכן זענען געבליבן אין שטוב. דער מיטאג איז געווען פארטיק, נאר מיר האבן אים געלאזן שטיין אויף דער פליטע ניט באוויזן צו עסן. מיר האבן זיך געזעגנט אויף דער פור און אוועקגעפארן גלייך מיט די סאוויעטן. די שטעטל האט אונדז אנגעקוקט ווי משוגעים, א גאנצע פאמיליע צעברעכט זיך, לאזט איבער א פארמעגן און פארט. עס שטעלט זיך די פראגע ווו ?, די סאוויעטן זענען נאך געווען און די פויערים האבן שוין געראבירט פון די מאגאזינען. דאס פארן איז נישט געווען קיין אנגענעמער, פון די וועלדער האט מען געשאסן און פון הויבן האט מען באמבארדירט; וועגן זיינען געווען פארשטעלט פון צעבראכענע טאנקן, עס איז געווארן א צוטומלעניש צווישן די סאוויעטן, איינער האט געשאסן אויפן אנדערן. ווייטער האט מען נישט געקענט פארן איבעראל זיינען געווען פארשטעלט די וועגן. מיר האבן זיך אומגעקערט און פארפארן צו דער מאמעס שוועסטער אין זאבלודאווע.

מיטוואך אין אוונט איז אריין דער דייטש, דאנערשטיק אינדערפרי האט די סאוויעטישע ארטילעריע פון ארום זאבלודאווע געעפנט א פייער אויף דער שטאט. די דייטשן האבן אונטערגעצונדן די שטאט זאבלודאווע. די איינוווינער זענען ארויסגעלאפן אויפן פעלד מיט וואס איינער האט נאר געקענט. אין אנדערהאלבן שעה האט זאבלודאווע אפגעברענט און מיר זענען געבליבן אזוי ווי מיר שטייען מיט א פאר פעקלעך. מיר זענען דארט געווען א וואך צייט. געשלאפן אין א סטאדאלע וועלכע איז נאך געבליבן שטיין און זיך געשפייזט מיט קארטאפל, וועלכע זענען געבליבן אין די קעלערן פון די אפגעברענטע חורבות. די פויערים האבן זיך אויפגעבונטעוועט גענומען א פאר דייטשן, געמאכט א פאגראם און ארויסגעיאגט אלע יידן פון שטאט, זיי האבן גארנישט געלאזן נעמען, דאס וואס מיר האבן ארויסגעראטעוועט האבן מיר אויך געמוזט איבערלאזן. דער פאגראם האט אונדז געצווונגען זיך אומקערן נאך ביאליסטאק. דארט האבן מיר זיך דערוווסט אז אין וואשילקאווע איז שטיל, דאן האבן מיר זיך צוריקגעקערט אין וואשילקאווע נאר דער פאטער איז געבליבן אין ביאליסטאק.

אין וואשילקאווע זיינען די דייטשן אריין מיטוואך אינדערפרי, זיי האבן פארנומען צימערן, הייזער ספעציעל יידישע, ווייל זיי האבן געוווסט אז ביי יידן איז באקוועמער, ריינער. עס איז געווען זייער שטיל ביז די מיליטער האט מען ארויסגעפירט אין דריי וואכן ארום. עס איז געבליבן א קאמענדאנטור פון 6 אלטע דייטשן, דאן האבן זיך אנגעהויבן אומרוען. די פאליאקן זענען געגאנגען ביידערנאכט און ארויסגענומען 6 יידן פון די בעטן, דעם קאפעלמייסטער פון ארקעסטער אברהס'ל פאליאק, איינעם פון די בעסטע יידישע ארטיסטן אברהמלס א שוואגער דוד שטאבינסקי, שיע מאנגעלע, איטשקע דעם קאסטן - מאכערס זון, ארטשיק דער גרעק. זונטיק אין א זונענדיקן טאג, האבן די פאליאקן צוגעגרייט שטעקנס ארומגעהאקטע מיט שטעכיקע באלטן געוויכטן, שרויפן אויף שטריק און ספראזשינעס, גייענדיק פון קאשציאל האבן זיי זיך א לאז געטאן אויף דעם יידישן קווארטאל און אויף די יידישע הייזער, אנגעהויבן פאגראמירן, שלאגן און

ראבירן, זיי האבן אלע יידן געיאגט צום טייך.

איך בין אין צייט געווען אין שטוב אליין און איך האב זיך פארוקט און די שוועסטער מיט דער מאמען זענען געווען אין א שכנותדיקער וווינונג, איך האב געהערט ווי מען רייסט די טיר, און זיך באהאלטן אונטער די בעטן, ווען איך האב דערהערט אז מען האט אויפגעריסן די טיר, האב איך זיך אויפגעהויבן און ארויסגעשפרונגען דורכן פענסטער, די פאליאקן האבן מיר אנגעהויבן יאגן, אין דער צייט האט מיר דערזען מיין מוטער און מיר געעפנט דעם פענסטער פון דער שכנטע און איך בין אריין. עס האט נישט געדויערט קיין 5 מינוט האבן זיי אויך דא אויפגעעפנט דאס טיר און איך האב זיך באהאלטן אין ווינקל צווישן די זאכן, זיי האָבן זיך אריינגעכאפט אין שטוב אלעמען צוהרגעט און צוקאלעטשעט, זיי האבן צעריסן מיין שוועסטער די הענט און מיין מוטער שטארק צעשלאגן און ארויסגעיאגט אלעמען פון שטוב נישט באמערקנדיק מיר. זיי האבן געוואלט אלע יידן פון שטאט פאריאגן צום טייך און דערטרינקען.

(וואשילקאווע אן יידן) זיי האבן אפילו נישט געקוקט אויף קראנקע, שוואנגערע א.אז דער פאגראם האט אויסגעזען שרעקלעך, די שויבן פון אלע יידישע הייזער זענען געווען צובראכן, בילדער פאטאגראפיעס צעריסן, די פערענעס צעריסן, אין צייט פון פאגראם, האבן די אנפירערס געשריען גארנישט צערייסן, גארנישט צעברעכן, עס איז שוין זא ווי זא אונדזערע. די קאמענדאנטור האט זיך גלייך דערוווסט אז די פאליאקן האבן געמאכט א פאגראם אויף די יידן, אבער עס זענען שוין געווען אסך צעשלאגענע און געהרגעטע, זיי זענען ארויסגעלאפן און צעיאגט די פאליאקן און טעלעפאנירט אין ביאליסטאק און עס איז געקומען א מאשין מיט דייטשן. די דייטשן האבן צעיאגט די פאגראמשטשיקעס און גלייכצייטיק פילמירט, ווי אזוי די פאליאקן שלאגן די יידן און זיי לאזן ניט.

זיצנדיק באהאלטן צווישן די זאכן, האב איך געהערט אז עס איז שטיל האב איך געמיינט, אז מען האט שוין אלע יידן צעיאגט, די פאליאקן וועלן גיין זוכן וועלן זיי מיר געפינען און דאן מאטערן ביזן טויט. אבער איך האב לאנג נישט געווארט און איך בין ארויסגעלאפן פון שטוב, איך האב קיינעם נישט געזען, נישט קיין פאליאקן און נישט קיין יידן. איך בין געלאפן נאענטער צו דער קאמענדאנטורע, דארט האב איך געזען אלע יידן שטייענדיק בארואיקט. מען האט זיי שטארק צעשלאגן. מער קיין ארט פאר אונדז איז שוין נישט געווען אין וואשילקאווע.

אויף מארגן אינדערפרי, האב איך מיט מיין מאמען, שוועסטער און ברודער אנטלאפן אין ביאליסטאק צום פאטער: אין וואשילקאווע האט זיך בארויאיקט און אין 5 וואכן נאכן אריינגאנג פון די דייטשן האט מען געמאכט א געטא. דער פרעזעס פון געטא איז געווען אבראמאוו פון סקלאד אפטעטשני (אפטייק). עס איז געווען יידישע געטא פאליציי. דער עולם איז געגאנגען צו דער ארבעט, און מען האט געלעבט פון דעם וואס מען האט אויסגעביטן זאכן אויף עסן. די יידן זיינען געזעסן אין געטא 15 מאנאטן און דאן האט מען זיי ארומגערינגלט און ארויסגעפירט אויף פורן אין ביאליסטאק אין 10 פולק, ווו מען האט קאנצענטרירט די גאנצע פראווינץ. דאס איז פארגעקומען דעם 1 - טן נאוועמבער 1942.

# מענדל מיעלניצקי

מענדל מיעלניצקי געבוירן אין 1927 יאר זיין פאטער חיים געווען א בעל - עגלה די גאנצע יארן, די מוטער אסתר געשטאמט פון מיכאלאווע. אין די לעצטע יארן פאר דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, ווען סהאט זיך באוויזן די ערשטע אויטאבוסן צו איבערפירן פאסאזשירן פון וואשילקאווע נאך ביאליסטאק און צוריק האט חיים געקויפט א אויטאבוס און אונטערן נאמען "עקספרעס" אנגעהויבן קורסירן אויף דער ליניע.

אין 1941 יאר ווען די נאציס האבן צום צווייטן מאל פארנומען וואשילקאווע, האבן די ארומיקע פאליאקן געמאכט אזא קליינעם פאגראם שלאגן און ראבירן יידישע הייזער און חייםס הויז איז געווען איינע פון די ערשטע וועלכע זענען אטאקירט געווארן. חיים איז דאן מיט דער משפחה אנטלאפן פון וואשילקאווע און זיך באזעצט אין ביאליסטאקער געטא. אין 1942 יאר ווערט די פאמיליע פונאנדער געטיילט, מענדל דאן 15 יאר אלט מיט בלאנד האר שטארק ענלעך צו דער "אויסגעקליבענער ארישע ראסע" וואס געפינט זיך שוין אין דעם געטא פרוזשאני ווערט איבערגעשיקט צו "בירקענאו - אוישוויץ".

- פון נאוועמבער 1943 ביז נאוועמבער 1944 יאר מאנאוויצע "בונא ווערקע" י.ג.פארב.אינד.

- פון נאוועמבער 1944 ביז מערץ 1945 נארדאוזען "דארא ווערק"

- פון מערץ 1945 ביז דער באפרייהונג "בערגען בעלזען"

נאך דער באפרייהונג קומט צוריק נאך וואשילקאווע, צוליב דער אנגעשטרענגטער לאגע געבונדן מיט דער טעטיקייט פון אנטיסעמיטיש געשטימטע באנדעס אין גוננט פארהאלט זיך אין ביאליסטאק אויף א קורצע צייט, פארט ארויס נאך פראנקרייך ווו פארבלייבט ביז 1953 יאר האט דארט



חתונה אויך מיט א געראטעוועטע פון די קאנצעטראציע לאגערן, און באזעצט זיך אין קאנאדע ווו ער לעבט ביז היינטיקן טאג.

דער אונטערשייד פון ראטעווען דעם לעבן פון דעם שרעקלעכן האלאקאוסט צווישן מענדל מיעלניצעקן און יאנקל סאקאלאוויטש באשטייט אין דעם וואס מענדל איז א דורכגעגאנגען דעם גאנצן פלאנירטן פראצעס פון נאצישן רעזשים ווי געטאס, ארבעטס - לאגערן, קאנצענטראציע און טויט לאגערן און על פי נס געבליבןביים לעבן, פארשטייט זיך אז דער יונגער עלטער האט אין דעם פאל געשפילט א דעצידירענדע ראל. דאקעגן יאנקל סאקאלאוויטשעס וועג צו ראטעווען דאס לעבן געווען א שטארק קאמפליצירטע, וואס האט אויך געפאדערט איניציאטיוו אין די פארשידענע אומשטאנדן און אין געוויסע מאמענטן אפהענגיק פון מענטשלעכע רעפלעקסיעס.

## יענטע מיעלניצקי

יענטע מיעלניצקי דאס איז מענדלס דעם פריער

דערמאנטן שוועסטער, די דריטע פערזאן וואס האבן זיך פון דער גאנצער שטעטל גערעטעוועט פון דער גרויזאמער שחיטה איבער אונדזער יידישן פאלק. דער וועג פון יענטע מיעלניצקי שטארק ענלעך צו דער וועג פון איר ברודער, אדורך געגאנגען דעם נארמאלן וועג פארויסגעזען פון דער דייטשישער פארניכטונגס מאשין און געהאט א ביסעלע מזל מער פון אנדערע.

נאך דער באפרייהונג לעבט אין פראנק - רייך, דער מאן איז איר שפעטער געשטארבן, די טאכטער האט באשלאסן צו בויהען איר לעבן אין ישראל ווו זי האט דארטן פארלייגט איר משפחה.

יענטע פארלאזט דאן פראנקרייך און ביי היינטיקן טאג נישט ווייט פון איר טאכטער אין מדינת ישראל.

## די יידישע קרבנות פון נאצי דייטשישן האלאקאוסט

| לאַנד | אידישע באַפעלקערונג ביים אויסברוך פון דער מלחמה, 1939 | אומגעבראַכטע אידן פון די נאַציס און זייערע מיטהעלפערס | פראָצענט |
|---|---|---|---|
| פוילן | 3,250,000 | 2,850,000 | 87.7 |
| רוסלאַנד | 2,100,000 | 1,500,000 | 71.4 |
| רומעניע | 850,000 | 425,000 | 50.0 |
| אונגאַרן | 400,000 | 200,000 | 50.0 |
| פראַנקרייך | 300,000 | 90,000 | 30.0 |
| טשעכיע | 315,000 | 240,000 | 76.2 |
| דייטשלאַנד | 193,000 | 110,000 | 57.0 |
| עסטרייך | 90,000 | 45,000 | 50.0 |
| ליטע | 150,000 | 130,000 | 86.2 |
| לאַטוויע | 95,000 | 80,000 | 84.2 |
| האָלאַנד | 150,000 | 105,000 | 70.0 |
| בעלגיע | 90,000 | 40,000 | 44.4 |
| יוגאָסלאַוויע | 75,000 | 55,000 | 73.3 |
| גריכענלאַנד | 75,000 | 60,000 | 80.0 |
| איטאַליע | 57,000 | 15,000 | 26.3 |
| בולגאַריע | 50,000 | 7,000 | 14.0 |
| אַנדערע | 15,000 | 5,000 | 33.3 |
| | 8,255,000 | 5,957,000 | 72.1 |

# וויכטיקע באמערקונגען

עס איז נויטיק אויפצוקלערן געוויסע איינצלהייטן וואס האט צוטאן מיט דער ליקווידאציע פון יידשן ישוב אין וואשילקאווע; ערשטנס וואס באלאנגט צו דער צאל אומגעבראכטע יידן, פארשטייט זיך ווען סוואלט זיך געפונען אפיציעלע דאקומענטן ווי פון צענזוסן (פאלקס - ציילונגען) אדער אנדערע רשימות פון 1939 יאר וואלט דאס נישט געווען קיין פראבלעם. אבער לײדער צום באדויערן האט מען אזעלכע דאקומענטן נישט געקענט געפינען נישט נאר פון מיר זעלבסט, אויך פון די מלוכישע קאמיסיעס וואס האבן פונקציאנירט גלייך נאך דער מלחמה אין 1945 יאר ביי פעסטשטעלן די דייטשישע פארברעכנס, די צאל דערמארדעטע אין די פארשידענע ישובים. אזוי ארום איז גענוצט געווארן אין מערסטע פאלן אנדערע מאטעריאלן און אלגעמיינע היפאטעזן פון פארשידנארטוקע קוועלן.

- צום ביישפיל דער בורמישטש (מאיאר) פון וואשילקאווער שטאט - מאגיסטראט פאן מאטישעווסקי וולאדיסלאוו גוט באקאנט ביי וואשילקאווער יידן אלס א פעלדשער האט דעם 29 טן סעפטעמבער 1945 יאר אין ביאליסטאקער געריכט (גראדסקי) געגעבן פאלגענדע ערקלערונג. "אז אין וואשילקאווע האט קיין שום געטא אדער לאגער נישט עקסיסטירט. אז נאכן פארנעמען וואשילקאווע האבן די דייטשן ארויסגעפירט אלע יידן אין דער צאל ארום 700 צו די קאשארן פון 10 טן פולק אין ביאליסטאק".

די דערקלערונג איז זייער ווייט פון אמת!

- אין דעם ביולעטין פון דער וואיעוואדישער קאמיסיע אין אויפדעקן די נאציסטישע פארברעכנס טאבעלע נומ. 2 גיט אן די צאל יידן אין וואשילקאווע 1300 נפשות.

-שטארק כאראקטעריסטיש איז די פעסשטעלונג פון דר' שמעון דאטנער אין דעם ביולעטין פון וואיעוואדישן קאמיטעט וועגן די צאל אומגעבראכטע יידן אין וואשילקאווע, וואס איז זייער פשוט און לייכט צו פארשטיין אבער פארמאגט קארדינאלע נישט ריכטיקע אויפנעמונגען. דר' דאטנער נוצט די סטאטיסטישע ציפערן;

די אלגעמיינע באפעלקערונג אין וואשילקאווע אין 1939 איז געווען 5127 נפשות.די אלגעמיינע באפעלקערונג אין וואשילקאווע אין 1946 איז געווען 3948. דאס הייסט אז די צאל אום - געבראכטע יידן איז געווען 1179 (5127-3948=1179).

פאקטיש איז דאס נישט קיין ריכטיקע אויפנעמונג, ווייל ער נעמט נישט אין באטראכט דעם נאטירלעכן צו - וווקס פאר די 7 יאר (1946 - 1939), וואס האט אויסגעמאכט פיל איבער 50 נפשות יערלעך, אויב אפילו נעמען 50x7 דאס איז = 350 דער מינימאלער צו - וווקס פאר 7 יאר. אויסער דעם האבן פאליאקן פון דער פראווינץ פארנומען פארלאזענע יידישע הייזער וואס זייערע משפחות האבן איבערגעשטיגן 100 נפשות וואס צוזאמען 450=100+350 אזוי ארום האט זיך די באפעלקערונג פארגרעסערט אמווייניקסטן אויף 450 פערזאן.

פון דעם דרינגט ארויס אז די פארמולע פון דר' דאטנער דארף זיין פאלגענדיק. די אלגעמיינע וואשילקאווע באפעלקערונג אין 1939 איז געווען 5127. די אלגעמיינע וואשילקאווע באפעלקערונג אין 1946 איז געווען 3498. אזוי אז די צאל אומגעבראכטע יידן איז ארום 1629 פערזאן. (5127+450-3498=1629).

פון פיל אנדערע דאקומענטן איז די אנגענומענע צאל אומגעבראכטע יידן אין וואשילקאווע האט זיך באזירט ארום די ציפערן 1800 - 1200.

- יעצט וואס אנבאלאנגט דעם גענויעם טערמין פון דעם ארויספיר די וואשילקאווער יידן פון די קאשארן פון 10 טן פולק און ווו! דעם 26 טן יוני 1945 יאר האט פאר דער וואיעוואדישער

היסטארישער קאמיסיע, געגעבן זיין דערקלערונג לייב פודלאווסקי געבוירן אין 1899 יאר אין בעלכאטאוו. געלעבט אין לאדזש אין דער צייט פון דער דייטשישער אקופאציע געלעבט אין ביאליסטאק און סופראסלע, דורכגעגאנגען אלע גרוילן פון האלאקאוסט. ביי ליקווידירן פון די געטאס אין ביאליסטאקער פראווינץ, ווערט ער געטריבן מיט א פארטיע פון 40 יידן צופוס פון סופראסלע צו די קאשארן פון 10 טן פולק אין ביאליסטאק. אויפן וועג דערשיסן די דייטשן דעם סופראסלער רב מיט נאך איין עלטערן ייד. מיט די ווערטער באשרייבט ער דעם לאגער פון 10 טן פולק אולאנער אין ביאליסטאק;

-"אין לאגער איז שוין געווען צונויפגעזאמלט יידן פון פאלגענדע ליקווידירטע ידישער ישובים; סופראסל, וואשילקאווע, טשארנא - וויעש, קנישין, כאראשטש, לאפי, סאקאלי, הארַאדאק, מיכאלאווע און אנדערע. צוזאמען ארום 12 - 10 טויזנט יידן. די לאגע אין לאגער איז געווען א שרעקלעכע, יעדן טאג איז געשטארבן א 10 מענטשן פיל עלטערע און קינדער. יעדן טאג פלעגט זיין קרבנות וועלכע די דייטשן פלעגן דערשיסן די דערנערונג א שרעקלעכע 10 דעקא ברויט א טאג און אביסל וואסער, דאס האט געדויערט ביז דעם 19 נאוועמבער, אין דעם טאג אינדערפרי איז א צוג געקומען צום לאגער און מען פאנגט אן ארויסטרייבן שלאגנדיק מכות רצח, שיסנדיק אין דער לופט און אויך אין דער מאסע. די גאנצע צאל איז געטיילט אין צוויי טיילן. איין טייל איז אפגעטראנספארטירט דעם 19 נאוועמבער און דער צווייטער טייל אין איבער א וואך שפעטער. אין ערשטן טערמין זענען געווארן אפגעטראנספארטירט צו דער פארניכטונג פאלגענדע יידישער ישובים - סופראסל, וואשילקאווע, כאראשטש, קנישין, סאקאלי א טייל פון סוכאוואלע, בריינסק , לאפי. ביים ארייננטרייבן אין די וואגאנעס האבן אלע געמוזט אוועקווארפן די פעקלעך אויף איין ארט. נאך דעם ארייננטרייבן זענען די וואגאנעס הערמעטיש פארמאכט געווארן און פארשלאסן. דער גאנצער צוג איז געהיט געווארן פון געסטאפאווצעס און באוואפנטע סםלייט מיט פולעמיאטן, אויפן 15 טן קילאמעטער פון ביאליסטאק שפרינג איך ארויס פון צוג."

דאס איז די לעצטע אינפארמאציעס וועגן דעם גורל פון וואשילקאווער יידן, וואס זענען דעם 19 טן נאוועמבער 1942 אפגעטראנספארטירט געווארן נאך דעם טויט - לאגער טרעבלינקי.

- א צווייטע אינפארמאציע וועגן וואשילקאווע איז געדרוקט געווארן אין אינפארמאטאר ענציקלאפעדיטשני אונטער קעפל - "דייטשישע לאגערן אויף דער פוילישער ערד 1945/ 1939-" וואס שרייבט;

"זשאנדארמען - ארעסט איז פארלייגט געווארן אין 1941 יאר און ליקווידירט געווארן אין יולי 1944 יאר. אין דעם ארעסט איז געהאלטן געווארן ארעסטירטע איינוואינער פון וואשילקאווע און נענטערע ישובים, וואס מען האט ארויסגעפירט אויך צוואנגס ארבעט צום דריטן - רייך, לאגערן, און תפיסות אין ביאליסטאק. 6 ארעסטירטע האט מען דערשאסן פון דעם 5 אויף פיעטראשע."

דאס איז די גאנצע אינפארמאציע וואס אן שום צווייפל שטעלטפעסט אז דארטן האבן זיך געפונען וואשילקאווער יידן. וואס שייך ביאליסטאקער תפיסה איז פאראן נאך איין אינפארמאציע וואס באשטעטיקט דעם פאקט אז דארטן האבן זיך געפונען אייניקע יידן פון וואשילקאווע, ליידער אונמעגלעך געווען אויסצוגעפינען זייערע נעמען.

cd. tabeli 2

| Miejscowość | Liczba Żydów | | | Wsiedlenia | Eksterminacja | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1939 | 1941 | 1942 | 1941-1942 | 1941 | 1942 | 1943 |
| Trzcianne | ponad 2000 | | | | VI—800 wystrzelano na miejscu[13] | 2 XI—1200 do ob. Bogusze | |
| Tykocin | 2000[14] | VI—2300 | | | 25—26 VIII 2100 rozstrzelano[15] | | |
| Wasilków | 1300[16] | 1250 | | Koniec 1941—150 zbiegów z m. Dąbrowa, Janowo, Jasionówka, Kalinówka, Korycin, Sokółka | | 2 XI—1180 do ob. w Białymstoku | |
| Zabłudów | 1900[17] | | | | | 2 XI—1400 do ob. w Białymstoku[18] | |

Poza tym skupiska żydowskie znajdowały się w następujących miejscowościach: Czarna Wieś (1939 r. — 8 osób; 1942 — 50 osób[19]); Pietkowo (1939 r. — 40[9] osób; w sierpniu 1942 r. wszyscy mieszkańcy zostali wysiedleni do miejscowości Łapy i Jeziory[9]); Poświętne (1939 r. — 26 osób; 1942 r. — 30 osób); Starosielsce (1939 r. — 40 osób; wiosną 1942 r. wszyscy mieszkańcy zostali wysiedleni do getta białostockiego); Suraż (1939 r. — 40 osób). Żydzi z miejscowości Czarna Wieś, Poświętne, Suraż 2 XI 1942 r. zostali wywiezieni do ob. przejściowego w Białymstoku.

[13] Źródła żydowskie podają liczby niższe: rel. nr 150 (Fiszer Kuśnier) — 600; rel. nr 1254 (Golda Zuskowicz) — 500; Arch. M-T, R. 6, nr 14 — 400 ofiar.

[14] Rel. nr 1971 (Menachem Turek).

[15] Tamże. Rostrzelano w lasach łopuchowskich koło m. Zawady. Około 150 rozbiegło się.

[16] Rel. nr 1266 (Mendel Melnicki) podaje liczbę 1800.

[17] Rel. nr 2416 (Szymon Lewin) podaje liczbę 2500.

[18] Rel. nr 2416 podaje, że Niemcy tuż przed zajęciem miasteczka zniszczyli je ogniem artylerii. Żydzi rozbiegli się, a wróciło ich tylko 500. Tych 500 przewieziono 2 XI 1942 r. do obozu przejściowego w Białymstoku.

[19] Przekazane autorowi przez dr Lejba Blumentala-Minkiewicza.

**WASILKOW — city in the voivodeship of Bialystok, north of Bialystok.**

**Ghetto**

Formed in 1942, liquidated on November 2, 1942. Over 1,000 Jews from Wasilkow, Czarna Wies, Choroszcza, Lomza and Warsaw were kept here. During the liquidation, its inhabitants were taken to the transient camp in Bialystok.

פארשטעדענע דאקומענטן אין צווייפל צו דער צאל אומגעבראכטע

the amount jews murdered in Vasilkov between 1300 - 1800

# „טרעבלינקא"

אין קורצע ווערטער איז נויטיק זיך פאַרהאַלטן אויף דעם טויט-לאַגער „טרעבלינקאַ" וווּ וואַשילקאָווער יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן. טרעבלינקאַ האָט זיך אונטערשייד פון אַנדערע לאַגערן מיט דעם; צום ביישפּיל דער גרעסטער טויט לאַגער אוישוויץ האָט מען די יידן פון די אָנקומענדיקע טראַנספּאָרטן סעגרעגירן אַזוי, אַז פיזיש געזונטע פלעגט מען נאָך אַ געוויסע צייט לאָזן ביים לעבן, איבערשיקן אין דייטשישע פאַבריקן צו אַרבעטן, אין בירקענאַו (ביי לאַגער). אויסנוצן ביז צו לעצט זייערע כוחות, וויסן און פּראָפעסיאָנעלע טעכנישע פיאיקייטן.

אין טרעבלינקע איז די פּראָצעדור געווען אַ גאַנץ אַנדערע, דאָרטן האָט מען נישט סעגרעגירט, דאָרטן האָט מען גלייך געשיקט צום טויט. די מאַקסימום צייט איז געווען צוויי שעה; פאַר אויסלאָדן אַ טראַנספּאָרט, אַריינטרייבן אין דער אַזוי גערופענער „באָד" נאָך זיך אויסטאָן פון די קליידער, פאַרמאַכן הערמעטיש די שווערע טיר און אַריינשיטן דורך ספּעציעלע עפענונגען דעם גאַז „ציקלאָן ב'" דער נאָך אַרויסוואַרפן די שוין פאַרגאַזטע כדי צו מאַכן גרייט פאַר אַ צווייטע פּאַרטיע.

טרעבלינקאַ ווי סאַיז פריער דערמאָנט געוואָרן איז געווען באַשטימט אויסשליסלעך צו ביאַלאַגישער פאַרניכטונג אין אַ אומפּראָפּאָרציאָנאַלן גרויסן מאַסשטאַב יידן פון צענטראַל פּוילן (וואַרשע, ראַדאָם, קיעלצע, טשענסטאָכאָווע, שעדלעץ), מזרח-צפון געביטן ביאַליסטאָק, גראָדנע, וואָלקאָוויסק, לאָמזשע, סוואַלק און אַנדערע אויסער דעם קומען טראַנספּאָרטן פון דייטשלאַנד, טשעכיע בעלגיע אפילו פון גריכנלאַנד.

דער ערשטער טראַנספּאָרט איז געקומען צו טרעבלינקי דעם 23 טן יולי 1942 ביז דעם 15 טן דעצעמבער 1942 האָט טרעבלינקי געאַרבעט אויף דער פולער פּאַרע, פיל אויסגעשולטע אוקראַינער האָבן געהאָלפן אין דעם מאָרד. טרעבלינקי האָט זיך אויך ספּעציאַליזירט אין פּאַכאָווע סאָרטירן די קליידונג און אַלע סאָרטן גוטס פאַרבליבן נאָך די דערמאָרדעטע, אפילו די האָר פון פרויען פּאַקן אין באַלן און אַפּשיקן נאָך דייטשלאַנד.

פאַר ענדיקן דעם טרויעריקן קאַפּיטל וועגן אומקום פון יידישן ישוב וואַשילקאָווע מוז ווערן אונטערגעשטראָכן, אַז דייטשישער נאַציזם איז געווען אַ פּראָדוקט פון דייטשישן פאָלק וואָס האָט אָרגאַניזירט און אַנגעפירט דעם גרויסן פעלקער-מאָרד וואָס זיין פאַרגלייך שווער צו געפינען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. געניצט אַלע פאַרפידנע מעטאָדן ווי אויך מאָביליזירט אַנטיסעמיטישע עלעמענטן פון אַנדערע פעלקער אין העלפן די ליקווידאַציע פון יידישן פאָלק. דער גרויסער שאַנד וועט נאָך לאַנגע דורות פאַרבלייבן ווי אַ שוואַרצער פלעק אויפן דייטשישן פאָלק, ווי אויך אַ נעגאַטיווע אָפּשאַצונג פון הומאַניסטישן שטאַנדפּונקט די מענטשן און פעלקער וואָס האָבן גלייכגילטיק זיך צוגעקוקט צו דעם גרויסן מאָרד איבערן יידישן פאָלק.

מיר מוזן גלייכצייטיק אַן שום סקרופּולן, צווייפלונגען, פעסטשטעלן אַלע דערמאָרדעטע יידן אין וואַשילקאָווע גופא און אין דער אַרומיקער נאָענטער סביבה זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון אָרטיקע פּאָליאַקן וואָס אין פאָדערגרונט איז געשטאַנען דער פּאַסטערונעק מיט אירע וואַשילקאָווער פּוילישע אַנטיסעמיטישע פּאָליציאַנטן.

אין דעם געבראַכטן פּלאַן פון „טרעבלינקאַ" איז מערקבאַר די נאַצי-דייטשישע פּינקטלעכקייט אין פּלאַנירן דעם גרעסטן מאָרד אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.




פלאן פון טויט-לאגער טרעבלינקא

1.וואכהויז,2.באראקן,קיך פאר אוקראינער
3.דייטשישע באראקן,געווער מאגאזין,4.בא-
ראקן פאר יידן,ווארשטאטן און קיך,5.פאר
אויסטאן זיך מענער/פרויען,6.סארטירונג
פון קליידונג,7.לאזארעט,8.די וועג צו די
גאז-קאמערן,9.גאז-קאמערן,10.פארברענונג
די קערפערס,11.פלאץ צו פארברענען אפפאל
און שמוץ,12.וועכטער-טורעמס,13.מאגאזינען
פאר גוטס,14.אדמיניסטראציע און ווירטשאפט
15.פארצוימונג.

# 1943 — אין אָנדענק פון די קדושים — 1987



צייכענונג פון י. מ. לעווין

לעאָן מענדעלעוויטש

## געדענק!

אייביק געדענק די קעמפערס
פון געטאָ,
וואָס האָבן געהאַט דעם מוט,
פאַרגיסן אייגן בלוט,
און שטיין!
ווי די כותל מערבי וואַנט,
מיט אַן אויפגעהויבענער
כאַטש שוואַך באַוואָפנטער האַנט.

זאָלן זיין געבענטשט
די הענט,
וואָס האָבן געקענט
באַווייזן יעדן ייד,
אַז מען טאָר רואיק נישט שטיין,
אפילו דאַן!
ווען דו האָסט נישט
קיין פריינד
און קעמפסט נאָר אַליין.

יעדער שאָס פון די קעמפערס
אין געטאָ
צום שונא געקערט
איז געגליכן
צו סאַלוון פון קאַנאָנען,
וועלכע דאַרפן
אייביק דערמאָנען
דעם פאָלק,
וואָס בויגט תמיד
דעם רוקן טריי —
אַז עם ישראל חי!

זאָל דאָס וואָרט קדוש שם
נישט ווערן קיין סימבאָל
פון אומקום אליין —
ווי אַ געוואָרפענער שטיין,
וואָס פאַלט אין אָפגרונט
שטום!
ניין! און נאָך אַמאָל ניין!
קדוש השם,
מוז ווערן דער סימבאָל פון קאַמף,
מיט אַן אויפגעהויבענער
האַנט,
קעגן די שונאים
פון יידישן פאָלק.

קינד און קייט
מוז וויסן פון דעם
דאַן!
דאָס, וואָס ס'האָט פאַסירט
וועט קיינמאָל נישט געשען.
גלייך אויס דעם רוקן
דו — מיין אלט פאָלק
און שעם זיך נישט דערמיט,
וואָס דו ביסט אַ ייד.
באַווייז די פעלקער
אויף דער וועלט,
אַז אַ ייד איז אויך גרייט
צו קעמפן
פאַר זיין רעכט!
אייביק געדענק דערפאַר
די קעמפערס
פון פאָלק
וואָס פיל מאָל
אָן דערפאָלג,
האָבן אויסגעשטעלט
זייער ברוסט!
אין אַ נצחון, צו אין
אַ פאַרלוסט!
און דו, און איך
און דורות
אייביק זאָלן געדענקען!
אַז פאַרן לעבן
מוז מען קעמפן,
און נישט אומזיסט
אים שענקען!

# דער וועג פון א עלף יאריקן יינגל

יונה פאנימאנסקי דער 7טער, דריטע שורה (קניען) פון לינקס צו רעכ.



ווען נאצי-דייטשלאנד האט אנגעפאלן אויף סאוויעט רוסלאנד דעם 22טן יוני 1941 יאר האט זיך אויף דער אפרוה קאלאניע אין דרוסקעניק (נעבן גראדנע) געפונען א גרופע יידישע קינדער פון ביאליסטאק און אומגעגנט צווישן אנדערע קינדער יונה פאנימאנסקי פון וואשילקאווע 11יאר אלט.

דער פלאנירטער בליץ-קריג פון דער נאצי-דייטשישער ארמיי באגלייט מיט באמבארדירן באן ליניעס, סטאציעס, קאמוניקאציע וועגן האט פאראורזאכט א צוזאמענברוך פון דעם גאנצן פארקער. פאר דער קינדער קאלאניע אין דרוסקעניק איז פארבליבן נאר איין וועג, צו אנטלויפן וואס ווייטער פון דער אטאקירנדיקער דייטשישער ארמיי וואס האט געזייט פאניק און טויט. פיל אין דער הינזיכט האט אויפגעטאן דער פארוואלטער פון דער קאלאניע שמואל מארקאוויץ פעוויזנער א לעניגראגער ייד ווי אויך שפעטער יעקב טאביאש. צוזאמען מיט די קינדער זיך געלאזט דורך פארשיידענע וועגן, די פאניק איז געווען זייער גרויס ביי צוריק צונויפקלייבן די קינדער נאך א באמבארדירונג ווי אויך אויסמיידן דעם פייער פון די דייטשישע אוויאנען. צו ענד דערגרייכט דעם ווייטן אוראל ניט ווייט פון גרויסן "קאמא" טייך. דארטן האבן די יידישע קינדער ארום 80 איבערגעלעבט שווערע צייטן געבונדן מיט דער עקאנאמישער לאגע ווי אויך מיט דעם פראסטיקן קלימאט אין יענע געגענטן.

אין 1946 יאר נאך שווערע באמיהונגען קומען אן די קינדער נאך פוילן שפעטער פראנקרייך און דורך דער געהיימער עליה נאך ישראל און ווערן די בויער און מיטקעמפער פון דער יידישער מדינה. די עלטערן פון יונה פאנימאנסקי זלמן און גיטל זענען אומגעבראכט געווארן דורך די נאציס צוגלייך מיט אלע יידן פון דעם שטעטל.

# מעלדונגען פון ביאַליסטאָקער יידנראַט

מעלדונגען פון ביאַליסטאָקער יידנראַט וואָס האָט פונקציאָנירט אין געטאָ, ביז דער ליקווידאַציע אין אויגוסט 1943 יאָר. א צאָל וואַשילקאָווער תושבים האָבן זיך געפונען אין ביאַליסטאָקער געטאָ און געטיילט זייער גורל מיט דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג.

וואַשילקאָווע אַלס די נאָענטסטע שטעטל צו ביאַליסטאָק (6-7 קלמ) איז געווען שטאַרק געבונדן מיט דער גרויסער יידישער שטאָט און דאָס אין אַלע הינזיכטן, עקאָנאָמישן, פּאָליטיש - געזעלשאַפטלעכן, רעליגיעזן און אַפילו אין פיזישן זין.

פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט אין אַלע צווייגן פון פּראָדוקציע, מסחר און אויסטויטש, עס איז פאַרשטענדלעך אַז וואַשילקאָווע אַלס א קליין שטעטל איז געווען מער אָפּהענגיק פון ביאַליסטאָק ווי פאַרקערט.

פון פּאָליטיש - געזעלשאַפטלעכן הינזיכט איז ביאַליסטאָק געווען דער פּראָוויאַטאָווער (ראַיאָן) שפּעטער וואָיעוואָדישער צענטער פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס פון דער גאַנצער וואָיעוואָדעשאַפט, און איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער פונקציאָנירונג און קאָנטראָל. אויף גרעסערע אַקאַדעמיעס, פייערונגען און פאַרזאַמלונגען האָט ביאַליסטאָק צוגעשטעלט רעדנערס און געזעלשאַפטלעכע טוערס.

אין רעליגיעזן זין איז ביאַליסטאָק געווען די גליל שטאָט אין אַלע קהילעשע ענינים, וואָס אַנבאַלאַנגט פיזישן זין איז מען זיך מיתחתן געווען, סהאָט נישט געפעלט חתונות צווישן וואַשילקאָווער און ביאַליסטאָקער בחורים און מיידלעך.

וואַשילקאָווע האָט פאַרנומען א געהעריקן פּלאַץ אין דער טעקסטיל און האַלץ אינדוסטער, האַנדל און צוגעלייגט איר חלק אין דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער עקאָנאָמיע.

א גרויסע צאָל וואַשילקאָווער יידן האָבן געוווינט אין ביאַליסטאָק די סבות פאַרשידנ - האַרטיקע אין גרעסטן טייל געבונדן מיט פּרנסה. אין דער צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע האָט זיך אין ביאַליסטאָקער געטאָ געפונען פיל וואַשילקאָווער אויסער די סטאַבילע ביאַליסטאָקער איינוווינער וואָס האָבן געשטאַמט פון וואַשילקאָווע האָט זיך דאָרט געפונען; די שמוקלערס, לייבל פּערלשטיין מיט דער משפּחה, גיטל פאַנימאַנסקי, לייזער כהן, יאַכע קאַמען, פייוול פישער, זאַלמען מענדעלעוויטש, שרה מועד און משפּחה, מיישקע מועד, שרקע אַרקע דעם מלמדס, חיים מעלניצקי און משפּחה, זיידל וויניק, לייבל מאַשעס, ברײַנקע קראַוויעץ און משפּחה, ליפּע פישער און זייער פיל אַנדערע.

פון די 435 מעלדונגען פון ביאַליסטאָקער יידנראַט, ברענגען מיר אייניקע פון זיי, צו באַלויכטן אין א געוויסע מאָס אין וועלכע באַדינגונגען די יידן האָבן געלעבט, פיזישע און מאַראַלישע דעגראַדאַציע געגוצט ביי די נאַצישע רולערס אין סיסטעמאַטישער ליקווידאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די נאַצישע מעטאָדן זענען איבעראַל געווען די זעלבע אין די פאַרשידענע אָקופּירטע לענדער, אויסער מאָמענטאַלע טעראָר-אַקטן גלייך ביי זייער אַריינמאַרש וואָס איז געווען א פאָרם פון פּסיכאָלאָגישן אָפּשרעקונג גענוצט קאָנצענטראַציע אין געטאָס, אָפּזונדערן פון דער אַרומיקער נישט יידישער באַפעלקערונג, קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגנס, קאָנטריבוציעס באַגלייט מיט טעראָר, שווערע אַרבעט, הונגער און סיסטעמאַטישער טראַנספּאָרטאַציע צו טויט לאַגערן און אַלגעמיינע ליקווידאַציע.

די יידנראַטן זענען געשאַפן און אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער נאַצישער מאַכט מיטן צוועק צו פאַרלייכטערן און העלפן אַדורכצופירן זייער פּלאַן פון ביאָלאָגישער ליקווידאַציע פון אייראָפּעאישן יידנטום.

די מיטגלידער פון די יידנראטן זענען געווען יידן, יידישע טוערס פון געזעלשאפטלעכע און פארשידענע פאליטישע ריכטונגען און אן שום ספקות געוואלט טאן די בעסט אין ראטעווען זייערע יידישע ישובים, ליידער נישט ווילנדיק געהאלפן די נאציס, די נאצישע - מאשין האבן גענוצט פארשידענע פערפידנע מיטלען פון אפנארעיי, צוזאגונגען, ליגנעריי ווי אויך פיזישן טעראר אין באצוג צו די מיטגלידער פון די יידנראטן כדי צו צווינגען אויספילן די ארויסגעגעבענע פאראָרדנונגען.

קומענדיקע דורות וועלן אויף באשטימט פיל לערנען אין עלעמינירן די נעגאטיווע מעטאדן אין א געהעריקער אפשאצונג די געשאפענע אומשטענדן אז די טעטיקייט פון אינדיווידועלן יידן, טוערס און אינסטאנצן זאלן בעסער, עפעקטיווער פארטיידיקן די אינטערעסן פון אונדזער פאלק.



**געטא ביאליסטאק**
**יולי 1941-אויגוסט 1943**
Bialystok Ghetto

[219]

## מעלדונג

דער יידנראט באקומט טאג־טעגלעך, אלץ גרעסערע פאדערונגען צוצושטעלן מעבל און פארשיידענע אנדערע שטוב־זאכן.

סימן־קומען א שווערע אנשטרענגונג מצד די יידן; מענטשן מוזן זיך שיידן מיט זייערע טייערסטע חפצים און אפגעבן זיי פארן דאזיקן צוועק.

דערמיט ווערן געשיצט אונזערע לעבנס און עס ווערט אויך אויסגעמיידן די מעגלעכקייט פון אלגעמיינע רעוויזיעס אין געטא.

דער ווירטשאפט־אפטייל ביים יידנראט האט פארגענומען ספעציעלע שריט און די באפעלקערונג ווערט מוזן זיך צופאסן צו זיי.

רשימה פון די געפאדערטע זאכן:

280 טישטאכער
78 פענצטער־גארדינען
290 לאקנס
176 טישטאלן
530 ציכלעך
470 האנטיכער
360 שטשירקעס
178 קישנס
86 טעפיכער און קילימס
90 לויפערס
76 ביורא־לאמפן
נאכט־לאמפן:
80 שפיגלען
פארשיידענע הארטע און ווייכע מעבל:
41 שלאף־צימערס
41 עס־צימערס
176 שטולן
92 טישן
60 קיכן
176 קאמפלעטן גאפל, לעפל, מעסערס, און טיי־גלעזלעך.
פארשיידענע גלאזווארג, טעלערס (טיפע, פלאכע, קליינע), גלעזער, קאפע־טאסן, שנאפס־גלעזלעך, וויין־גלעזלעך, סערוויזן.

ביאליסטאק, ד. 17־טן פעברואר 1942 — יידנראט

[236]

## מעלדונג

די זאכן־קאנטריבוציע איז נאך ניט פארענדיקט!

נאך מוזן מיר זיך זייער שטארק אנשטרענגען, כדי צו קענען באפרידיקן די גרויסע פאדערונגען!

מיר פארשטארקן די זאמל אקציע און רופן די באפעלקערונג אויפצונעמען די זאמלערס מיט דער געהעריקער איפריכטיקייט.

יעדערער מוז געבן איבער זיינע כוחות, ווייל נאר דורכן פולשטענדיקן דעקן די זאכן־קאנטריבוציע ווערט געזיכערט דאס לעבן און די עקזיסטענץ פון געטא.

ביאליסטאק, ד. 16־טן מערץ 1942 — יידנראט

## מעטאדן פון קאנטריבוציעס

[ 309 ]

## מעלדונג

דער ייִדנראט האט באקומען די ווייטערדיקע פאראָרדענונג פון פאליציי־פּרעזי־דיום: „די ייִדן, וואס ארבעטן אויסערן געטא, מוזן טראגן צוגענייט אויף אלע בגדים (מאנטל, בליוזע, רעקל) איין געלן צייכן אויף דער לינקער ברוסט און איין געלן צייכן אויף דער רעכטער זייט פּלייצע, אן ערך 25 סאנטימעטער נידעריקער פון אקסל.

ווען א צייכן פארלירט זיין אויסזען, דארף מען אים תיכף איבערבייטן. די קאנטראל איבער דעם אין געטא און ביים ארויסגיין פון געטא ווערט געפירט קודם־כל דורכן ייִדישן אָרדענונג־דינסט.

פאר ניט פאלגן די פאראָרדענונג וועט מען פון 25־טן יולי ד. י. שטרענג באַ־שטראפט ווערן."

ביאליסטאק, ד. 22־טן יולי 1942 ייִדנראט

[ 312 ]

## מעלדונג

לויט דער פאראָרדענונג פון דער מאכט קומט פאר א רעגיסטראציע פון אלע מינים עלעקטרישע הויז־מכשירים, ווי: פּליטקעס, פּרעס־אייזנס, טשייניקעס א. א. וו.

לויט דער אנווייזונג פון אָרדענונג־דינסט וועלן הויז־קאמיטעטן ביזן 10־טן אויגוסט פאררעגיסטרירן די מכשירים, וואס געפינען זיך ביי אלע שכנים.

אויב עס וועט זיך נאך דער רעגיסטראציע ארויסווייזן, אז מען האט ניט אנגעגעבן אלע מכשירים, אדער מען האט געגעבן פאלשע ידיעות, וועלן די שולדיקע שטרענג באשטראפט ווערן דורך דער מאכט.

ביאליסטאק, ד. 3־טן אויגוסט 1942 ייִדנראט

[ 317 ]

## מעלדונג

לויט דער פאראָרדענונג פון דער מאכט זענען אלע איינוווינערס מחויב ביזן 16־טן אויגוסט רעגיסטרירן אלע פוטערווארג, ווי פעלצן, קראגנס, וועסטן, היטלען, הענט־שקעס, פעלכלעך א. א. וו.

די רעגיסטראציע פירט דורך די אָרדענונג־דינסט דורך די הויז־קאמיטעטן. אויב די רעוויזיעס וועלן ארויסווייזן ניט קיין רעגיסטרירטע פוטערווארג, וועלן די שולדיקע באשטראפט ווערן מצד דער מאכט מיט דער שווערסטער שטראף.

ביאליסטאק, ד. 12־טן אויגוסט 1942 ייִדנראט

[ 234 ]

## ווארנונג!

מיר ווארענען נאכאמאל דער ייִדישער באפעלקערונג, אז אלע פאטאגראפישע אפאראטן מוזן איבערגעגעבן ווערן אין נאנטסטן רעוויר פון אָרדענונג־דינסט.

גלייכצייטיק ווערט געווארנט, אז אויב מען וועט ערגיץ־ווו געפינען א פאטאגרא־פישן אפאראט, וועט דער באזיצער דורך דער מאכט שטרענג באשטראפט ווערן.

ביאליסטאק, ד. 14־טן מערץ 1942 דער אָרדענונג־דינסט ביים ייִדנראט

## די "געלע לאטע".קאנפיסקאציע גוטס

[146]

## מעלדונג

די דייטשע מאכט האט ארויפגעלייגט אויף דער יידישער באפעלקערונג אין ביאליסטאק א קאפ־שטייער צו 60 רובל פון איטלעכן מענטשן צוזאמען 2.880.000 (צוויי מיליאן אכטהונדערט אכציק טויזנט) רובל, ווי אויך א שטייער פאר די באנוצטע וווינונגען (גרונט־שטיק־שטייער) צו 20 רובל פער קאפ א חודש, צו 60 רובל פאר די פארגאנגענע 3 חדשים ביז אקטאבער איינשליסלעך — צוויי מיליאן הונדערט פערציק טויזנט רובל (2.140.000) רובל.

די דאזיקע אלגעמיינע סומע פון קנאפע 5 מיליאן רובל מוז איינגעצאלט ווערן אין פאלגנדיקע קורצע ראטעס:

| | |
|---|---|
| 800.000 רובל ביזן 6/11 | 700.000 רובל ביזן 15/11 |
| 700.000 " " 9/11 | 880.000 " " 18/11 |
| 800.000 " " 12/11 | 740.000 " " 21/11 |

די שטייערן ווענען דורך דער דייטשער מאכט בארעכנט געווארן פאר 48 טויזנט איינוווינערס ד. ה. אויך פאר יענע וואס האבן פארלאזן ביאליסטאק.

די באפעלקערונג מוז דעריבער איינצאלן תיכף, און פון פארשפעטיקונג, די גאנצע שטייער־סומע, וואס יעדערער איז שולדיק לויטן אויבן־געבראכטן חשבון, און די פארמעגלעכערע מוזן אויך צאלן א באזונדער שטייער פאר די טויזנטער אפוועזנדיקע איינוווינערס. אויך די יידן וואס ארבעטן אויסערן געטא מוזן צאלן די שטייערן, ווייל דער יידנראט האט זייער לוין פון דער מאכט ניט באקומען און קען פאר זיי ניט צאלן.

דאס ניט אפהיטן איינצוצאלן געני די ראטעס שטעלט אין סכנה די לעבנס פון די יידן אין געטא. דער יידנראט וועט צושטעלן דער מאכט די ליסטע פון די ניט צאלערס און קעגן זיי וועלן אנגענומען ווערן די אומברחמנותדיקסטע מיטלען. די מאכט האט די זאך איבערגעגעבן דער געשטאפא.

ביאליסטאק, ד. 2־טן נאוועמבער 1941 — יידנראט

[140]

## וואָרנונג!

דער ה. ציוויל־קאמיסאר האט באפוילן, אז די יידן, וואס וועלן נישט צאלן די מלוכה־שטייערן אין באשטימטן טערמין, וועלן עפנטלעך באשטראפט ווערן מיט שמיץ. דעריבער ווערן אלע שטרענג אויפגעפאדערט תיכף אריינטראגן אין קאסע פון יידנראט אלע מלוכה־שטייערן (וווינונג־שטייער — 2 מארק, קאפ שטייער — 6 מארק, פאר וואסער און עלעקטרי).

ביאליסטאק, ד. 25־טן אקטאבער 1941 — יידנראט

[141]

## מעלדונג

דער קאפ־שטייער צו 6 מארק (60 רובל) אויף א מענטשן איז א חוב אויף איטלעכן בירגער און קיינער קען זיך דערפון ניט באפרייען.

מיר וארנען:

ווער עס באקומט אן אויפפאדערונג צו באצאלן קאפ־שטייער מוז עס אין משך פון 3 טעג רעגולירן, אין קעגנפאל נעמט דער יידנראט אראפ פון זיך די אחריות פאר די קאנסעקווענצן.

ביאליסטאק, ד. 27־טן 1941 — יידנראט

## מעטאדן פון קאנטריבוציעס

[ 388 ]

## מעלדונג

לויט דער פאראָרדענונג פון דער מאכט האט מען היינט אויפגעהאנגען:

1. טשאַפּניק מאיר קופּיעצקע 21
2. בירגער מרדכי ניי־וועלט 16
3. שטיין חיים ניי־וועלט 16

די דריי פאַרברעכער האבן אראָפּגעצויגן מלבושים פון די דערהרגעטע, ראַבירט און בגנבעט די הייזער פון די אַרויסגעפירטע פאַמיליעס.

מיר וואָרענען: יעדער, וואס וועט געכאַפּט ווערן ביים ראַבירן וועט באַקומען די זעלבע שטראָף.

ביאַליסטאָק, 14.2.1943 — יידנראַט

[ 376 ]

## מעלדונג

**לויט פאַראָרדענונג פון דער מאכט זענען נעכטן אויפגעהאַנגען געוואָרן אין געטאָ פאַר׳גנבנען פראָדוקטן פון דער אייל־מיל (אַלעיאַרניע) פאָלגנדיקע פּערזאָנען:**

**ליפּאַ שטשעדראָווסקי**

**אלי דוואַרסקי**

**יעקב יאַבלאָנסקי**

**די זעלבע שטראָף דערוואַרט יעדן איינעם, וואָס וועט גנבנען סיי אויסערן געטאָ סיי אין די בעטריבן פון דער ווערמאַכט אין געטאָ.**

**ביאַליסטאָק, 1.1.1943** — **יידנראַט**

[ 225 ]

## וואָרנונג

פאַר ניט צושטעלן זיך צו דער אַרבעט, אָן באַרעכטיקונג, האָבן באַקומען קערפּער־לעכע שטראָפן און זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די שטראָף־בריגאַדעס:

1. גגיאַודע מאָטעס
2. סאָקאָלסקי לייזער
3. קאַפּלאַן אַנשל
4. בערעסלאַווסקי דוד
5. קליינשטיין גדלי׳
6. רודעלער הלל
7. מאָרער לייזער

דער יידנראַט וואָרנט:

מעלדעט זיך פּינקטלעך צו דער אַרבעט!

פאַרלאָזט ניט אַליין די אַרבעט־פּלעצער!

היט אייער לעבן!

ביאַליסטאָק, ד. 21־טן פעברואַר 1942 — יידנראַט

געהאַנגען פאַר א פּאָר קערענדלעך. שמיץ

[ 237 ]

## מעלדונג

די דייטשע מאכט האט מאנטיק, 16־טן מערץ, רעדוצירט די ברויט־באשפייזונג פון דער באפעלקערונג אין געטא מיט 25 פראצענט.

אין שייכות דערמיט וועט די ברויט פארציע סיי אויף קארטן און סיי פאר באאמטע און ארבעטער פארקלענערט ווערן מיט 25 פראצענט.

ביאליסטאק, ד. 17־טן מערץ 1942 יידנראט

[ 261 ]

## מעלדונג

פון זונטיק, דעם 3־טן מאי האט די דייטשע מאכט פארקלענערט די ברויט פארטיילונג פאר דער אלגעמיינער באפעלקערונג מיט 20 פראצ. און פאר דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג מיט 25 פראצ.

אין שייכות דערמיט ווערן פארקלענערט די ברויט פארציעס סיי אויף קארטן און סיי פאר די באאמטע און ארבעטערס לויט די אויבן־אנגעוויזענע נארמעס.

ביאליסטאק, ד. 5־טן מאי 1942 יידנראט

[ 383 ]

## צו אלע ארבעטערס אויסערן געטא!

דער ארבעטס אמט טיילט מיט, אז דורך דער מאכט זענען געשמיסן געווארן:

1. פאר ארויסגיין פון געטא אן פערזענלעכע שיינען:
   1. נאטעס יצחק כמיעלנע 10
   2. נוסבוים מרדכי סמאלנע 12
2. פאר ניט קומען אויף צוואנג ארבעט:
   3. נאשעלסקי ישראל פאלנע 19 — א בעקער
3. פאר ניט גיין צו דער ארבעט אויף באשטימטע פלעצער:
   4. דינערשטיין מלך ניי־וועלט 12 (נוי־בוי־אמט)
   5. ניסענבוים הירש פאבריטשנע 39 (זשעליאנע)
   6. פאלאנסקי אברהם ביאליסטאטש. 16 (רייכסבאן)
   7. ציטראנענבערג לודוויק פאבריטשנע 13 (שווערענט)
   8. קאנטאראוויטש גרשון כמיעלנע 19 (נוי־בוי־אמט)
   9. אקדיש יצחק קופיעצקע 22 (נוי־בוי־אמט)
   10. ראזענבערג פישל געלדאווע 11 (זשעליאנע)

פאר וויטערדיקן ארויס גיין פון געטא אן שיינען, אדער ניט גיין צום באשטימטן ארבעט־פליאץ דראט א באדייטנדיק הארבערע שטראף.

מיר ווארענען, אז צוליב אזעלכע פארברעכנס קענען אנגענומען ווערן סאנקציעס לגבי דער גאנצער געטא.

ביאליסטאק, 28.1.1943 ארבעט־אפטייל ביים יידנראט

## שמיץ און הונגער

# ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ

דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז צייטנווייז באַצייכנט ווי אַ ווידערשטאַנד, ווייל ער נעמט אַרום אַ לענגערן פעריאָד פון אַקטיווע אַרויסטרעטונגען קעגן די נאַצישע מערדער און זייערע מיטהעלפער אויף דער יידישער גאַס.

פיל איז געשריבן געוואָרן וועגן די העראָישע אַרויסטרעטונגען פון קעמפערס אין געטאָס, וועלכע זענען כמעט אַלע אָן אויסנאַם געווען דעספּעראַטע, האָפענונגסלאָזע און אין גרעסטן טייל פאַרמשפּט אויף אַ זיכערן טויט.

אַנאַליזירנדיק די אויפשטאַנדן אין געטאָס, טויט־לאַגערן, אינדיווידועלע טעראָר־אַקטן אין גאַז־קאַמערן, ווו יידן מיט ציין און נעגל האָבן זיך קעגנגעשטעלט די רצחים, קען מען קומען צו אַן אַלגעמיינעם אויספיר, וואָס זאָל זיין אַ לעקציע פאַר דער ווייטערדיקער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

די אַרויסטרעטונגען האָבן דערפילט דריי פונדאַמענטאַלע אַנאַלאָגיעס, וואָס וועט בייהילפיק זיין אין דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק און אונדזער מדינה.

ערשטנס: באַווייזן די פעלקער אויף דער וועלט, וואָס זענען אָפט געווען די פראָפּאַגירערס פון דעמאָקראַטישע אַנשויאונגען, הומאַניטאַרע ווערטן, העכערע ציוויליזאַציע, ווי גלייכגילטיק זיי זענען געווען צו אונדזער טראַגעדיע. די ווידערשטאַנדן האָבן אומפּראָפּאָרציאָנעל באַוויזן די ראַפינירטע נאַצישע מערדער וואָס האָבן מיט אַלע מעגלעכע מיטלען געוואָלט פאַרמאַסקירן זייער גרויזאַמע מאָרדן, אַז יידן האָבן ביזן לעצטן אָטעם פאַרטיידיקט זייערע יידישע ווערטן און טראַדיציע.

צווייטנס: דאָס יידישע פאָלק האָט מיט עקל זיך אָפּגעטיילט פון די פאַרשידענע מיטאַרבעטער, אַגענטן, מוסרים, אָפּטמאָל יידישע פּאָליציי, יודנראַטן, וועלכע האָבן אונטער דראָאונגען אויסגעפירט די העסלעכע אַרבעט אין פאַרשנעלערן די פאַרטיליקונג פון די יידן. דאָס יידישע פאָלק איז אויף דעם סמך געקומען צום באַוווסטזיין, אַז יעדע צוזאַמענאַרבעט מיטן שונא מיינט פאַרראַט פון אייגענעם פאָלק.

## (צו דעם 45־טן יאָרצייט)

• לעאָן מענדעלעוויטש

דריטנס: אויף דער באַזע פון דעם גרויסן מאָרד איבערן יידישן פאָלק אין אייראָפּע, איז אין אַ גרויסן מאַסשטאַב געוואַקסן די פּאַטריאָטישקייט פון אינדיווידועלן ייד, אָן אונטערשייד פון רעליגיעזע אָנשויאונגען, מוט און אַנטשלאָסנקייט אין אַקטיווער פאַרטיידיקונג פון זיינע מענטשלעכע און יידישע רעכטן.

די נעגאַטיווע זייט פון די אויפשטאַנדן איז געווען דאָס, וואָס זיי זענען געקומען צו שפּעט אין אַלע הינזיכטן. צו שפּעט אין אָרגאַניזירן אַ געהעריקן ווידערשטאַנד ווי אויך צוגרייטן די נייטיקע מאַטעריאַלן. דאָס האָט דערמעגלעכט די נאַצישע מאַשין איינצושלעפערן די עפנטלעכע וואַכזאַמקייט פון די יידישע מאַסן, די שענדלעכסטע ראָל אין דער הינזיכט. דאַרף מען עס טיילווייז צושרייבן די יודנראַטן, וואָס האָבן כמעט ביז דער לעצטער מינוט נישט פאַרשטאַנען די נאַצישע ענדגילטיקע פּלענער.

## די ראָל פון יודנראַט אין געטאָ

עס איז ווערט צו ברענגען געוויסע היסטאָרישע פאַקטן, וואָס האָט פּאַסירט אין ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דעם 1־טן אויגוסט 1941. דער פאַקטישער פירער פון יודנראַט איז געווען דער 55־יאָריקער אפרים באַראַש, אַן אינזשיניער, געשטאַמט פון וואָלקאָוויסק. ביזן אָנפאַל פון די נאַציס אויף פּוילן, געווען דירעקטאָר אין ביאַליסטאָקער קהילה.

זיין נאָענטסטער מיטאַרבעטער, דער 50־יאָריקער בער סאַבאַטניק, האָט זיך פאַרנומען מיט האַנדל. פאַרשטייט זיך, אַז די לאַגע פון יודנראַט איז געווען אַ שווערע אפילו אַ טראַגישע. דער ביאַליסטאָקער יודנראַט האט בעת זיין טעטיקייט טיילווייז פאַרלוירן די יידישע אידענטיטעט, אינהאַלט און ווערטן.

ער איז געוואָרן אַ האָרכזאַמער ווערקצייג אין די הענט פון דער נאַצישער אַדמיניסטראַציע, נישט געוואָרנט פון אָנקומענדיקע גזירות, ווי די ברוטאַלע דעפּאָרטאַציע פון איבער 4000 יידן קיין פּרוזשאַני, די ליקווידאַציע פון לאָמזשער געטאָ, די ליקווידאַציע פון דער גאַנצער ביאַליסטאָקער אומגעגנט — אַרום 116 שטעט און שטעטלעך מיט אַ יידישער באַפעלקערונג בערך 150 טויזנט.

די אויפגאַבע פון יודנראַט איז געווען: זיין געהאָרכזאַם צו דער נאַצישער מאַכט, שאַפן אַרבעט און אַרבעטס־פּלעצער פאַר די יידן אין געטאָ און מאַכן קאָנטאַקטן מיט די "גוטע דייטשן" וואָס נעמען כאַבאַר, כדי אָנצוהאַלטן די פּראָדוקציע אין געטאָ.

די אויף לופט־געבויטע האָפענונגען האָבן זיך גענומען דראַסטיש פאַרערגערן דורך פאַרשאַרפן באַגרענעצונגען, העכערן אַרבעטס־נאָרמעס, אוממענטשלעכע באַדינגונגען, שמיץ, עקזעקוציעס און צום סוף די פאָדערונג פון די נאַציס, אַז דער יודנראַט זאָל צושטעלן 17 טויזנט יידן פאַר דעפּאָרטאַציע (דערנאָך פאַרקלענערט ביז 6,300), וואָס איז ברוטאַל אַדורכגעפירט געוואָרן — פיל זענען דערשאָסן געוואָרן. זיבן טעג (פון 5־טן ביזן 12־פטן פעברואַר 1943) — האָט געדויערט די בלוטיקע אָבלאַווע און אַרום צען טויזנט יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן.

ווי ס'זעט אויס, האָט באַראַש מיטן קאָמענדאַנט פון דער יידישער אָרדענונגס־דינסט איסאַק מאַרקוס און אַנדערע נאָך דער בלוטיקער דעפּאָרטאַציע אָנגעהויבן ווערן מער באַזאָרגט אין ראַטעווען זייערע אייגענע לעבנס, אַנשטאָט. דאָס זאָרגן פאַר די 40 טויזנט יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

אַמבעסטן אילוסטרירט זייער פאַרפירדיקע האַנדלונג בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון ביאַליסטאָקער געטאָ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 15־טן

אויגוסט, אונטער דעם אויסרייד אַז מען פירט איבער דעם געטאָ קיין לובלין, ווו "אַלע יידן וועלן ווערן באַשעפטיקט אין דאָרטיקע פאַבריקן

די פירער פון יודנראַט מיט באַראַשן אין שפּיץ, האָבן באַקומען אַ "פאַרזיכערונג" פון הויפּט־שטורמפירער מאַגעל, וועלכער איז געקומען ספּעציעל אָנצופירן מיט דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אַז אפרים באַראַש וועט דאָרטן אין לובלין באַקומען אַן ענלעכן אַמט און וועט



ביאַליסטאָקער איפּשטאַנד אקאַדעמיאַ אין מעלבורן-אויסטראַליע דער רעדנער לעאָן מענדעלעוויטש
Bialystoker commemoration gathering, speaker Leon Mendelewicz

ווייטער מיט זיינע העלפער פאַרבלייבן די פירער פון די יידן.

כדי אַרויסצוווייזן זיין לאָיאַליטעט צו דער נאַצישער מאַכט, קלעפּט באַראַש פונאַנדער אויף די ווענט פון געטאָ באַקאַנטמאַכונגען אין יידיש, דייטש און פויליש, וווּ ס׳ווערט געזאָגט: "די יידישע באַפעלקערונג פון ביאַליסטאָקער געטאָ, מח עוואַקואירט ווערן קיין לובלין. מען קען מיטנעמען מיט זיך שפּייז און וויכע זאַכן. ביז 9 אַזייגער דאַרפן זיך אַלע יידן צושטעלן ביי די טויערן פון יוראָוועצער גאַס. דאָס פאַרשטעקן זיך איז צוועקלאָז".

אונטערגעשריבן האָבן זיך דער הויפּט פון יודנראַט אפרים באַראַש און זיין קאָמענדאַנט איסאַק מאַרקוס. כדי צו באַווייזן אַ פערזענלעכןביישפּיל פון צוטרוי צו די הבטחות פון די דייטשן, איז באַראַש דער ערשטער אַרויס פאַרן יודנראַט מיט אַ וואַליזקע אין האַנט און אַ רוקזאַק אויף דער פּלייצע, גרייט צו גיין צו דער באַן אינײנעם מיט אַלע יידן. דאָס איז געווען דער לעצטער טאַט פון ביאַליסטאָקער יודנראַט.

## פאַרצווייפלטער ווידערשטאַנד

די ביאַליסטאָקער יוגנט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט אין אַקטיווע פיזישע אַרויסטרעטונגען קעגן פאַרשידענע פּאָגראָמשטשיקעס, אַנטיסעמיטישע באַנדעס, וואָס האָבן באַדראָט דאָס יידישע לעבן, האָבן בשום אופן נישט געקענט מסכים זיין מיט דער דעגראַדאַציע, ווערגעטאַציע און מאָרד פון דער יידישער באַפעלקערונג.

עס ווערט געשאַפן אַן איינהייטלעכער פראָנט מיטן ציל צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד קעגן די נאַצישע רוצחים. ס׳נעמען אָנטייל פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווי: השומר־הצעיר מיט איר קיבוץ "תל־עמל", "דרור" מיט איר קיבוץ "תל־חי", קאָמוניסטן, בונדיסטן, ביתר, הנוער־הציוני, פּועלי־ציון רעכטע און לינקע, מיט אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און פיל אַנדערע איינשליסלעך אומפּאַרטייאישע.

עס ווערט געוויילט אַן עקזעקוטיוו אָנצופירן מיט דער אַרבעט: די שומרים זרח זיסקינד־זילבערבערג, חיהקע גראָסמאַן; די "לינקע" דניאל מאָשקאָוויטש, יאַשקע קאַווע, מיעטעק יאַקובאָוויטש, חיה מנדעלסאָן; די חלוצים מרדכי טענענבוים, הערשל ראָזענטאַל, ראובן ראָזענבערג; די בונדיסטן קוסטין און בערגנער, פון "ביתר" פליישער, און פון "הנוער־הציוני" דוד דער ווילנער.

ס׳ווערט אויך אַנגאַזשירט אַ זעלבסשוץ בראש מיט די קאָמענדאַנטן דניאל מאַשקאָוויטש און מרדכי טענענבוים. עס ווערט באַשטימט דראָבען געווער דורך קויפן, פּראָדוצירן, גנבענען און אַנדערע מיטלען; איינשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט; שאַפן אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע "פאָרווערטס" אין די נאָענטסטע וועלדער און פירן אַן אויפקלערונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

דער גאַנצער געטאָ ווערט פונאַנדערגעטיילט אין דריי ווידערשטאַנד־ראַיאָנען: (1) קופּיעצקע גאַס מיט אירע אַרומיקע געסלעך; (2) ביאַליסטאָטשאַנקאַ און ניי־וועלט; (3) יוראָוועצער גאַס מיט אַלע אָפּצווייגונגען. די זעלבסשוץ (פון אָנהייב 500) ווערט פונאַנדערגעטיילט אין "פינפטלעך" לויט די ראַיאָנען. דער ווידערשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז אין די לעצטע חדשים פון 1941 געווען אַ פּאַסיווער און איז געפירט געוואָרן ספּעציעל אין די פאַבריקן, דורך סאַבאָטירן די קוואַליטעט פון די אויסאַרבעטונגען און פאַרקלענערן די פּראָדוקציע.

דאָס יאָר 1942 ווערט פאַרצייכנט אַלס יאָר פון פּלאַנירטע ווידערשטאַנדן, וועלכע דויערט ביז דעם מאַסיוון בלוטיקן אויפשטאַנד בעתן ליקווידירן דעם געטאָ אין אויגוסט 1943. צוליב דעם ענערגישן ווידערשטאַנד האָט די ליקווידאַציע פון געטאָ געדויערט איבער אַ חודש צייט, פון 15־טן אויגוסט ביזן 16־טן סעפּטעמבער 1943.

די קאַמפן און די אַרויסגעוויזענע גבורה פון אירע קעמפער, וועלכע זענען כמעט אַלע אומגעקומען אין דעם נישט גלייכן קאַמף, דאַרפן ווערן פאַראייביקט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

זיי האָבן מיט זייער טאַט און גבורה באַוויזן דער נישט־יידישער וועלט, ווי אויך די קומענדיקע דורות, אַז נאָר מיט קאַמף קען מען פאַרזיכערן דעם קיום פון אונדזער פאָלק

# אנגעווייטאקטע פראבלעמען

עס איז נייטיק אין א געוויסע מאס באהאנדלען די שטארק אנגעווייטאקטע פראבלעמען, ווי סהאט אויסגעזען די באציהונגען צווישן יידן און נישט יידן אין דער קליין שטעטעלע וואשילקאווע, אין דעם פעריאד פון דער נאצישער אקופאציע.

דער הויפט-ציל פון נאצי דייטשלאנד אין זייער פלאנירטער עקספאנסיע פאליטיק, האט זיך אין פאדערגרונט געפונען די פארשקלאפונג פון די קלענערע סלאווישע פעלקער אין וועלכער פוילן האט געדארפט זיין דער ערשטער קרבן. נאכן פארלירן די מלוכישע זעלבסשטענדיקייט האט דאס פוילישע פאלק געדארפט סעגרעגירט ווערן לויט א ספעציעלן אויסגעארבעטן פלאן לויט די ראסיטישע פרינציפן, וואס אין קורצן צו באצייכנען זענען געווען;

1. א געוויסע טייל לויט א סקרופולער סעגרעגאציע, געדארפט גערמאניזירט ווערן (קינדער).

2. א צוו ייטע טייל פון פוילישן פאלק האט געדארפט פארבלייבן אלס שקלאפן ארבעטער פאר די נויט פון דער דייטשישער פראדוקציע.

3. ליקווידאציע פון שולוועזן און העכערע בילדונג.א מינימאלע דעגרע פון בילדונג לויט דער נויט פון ארבעטס פלאץ.

פאר דעם יידישן פאלק פארשטענדלעך..די אלגעמיינע ליקווידאציאע (ביאלאגישע), מיט אלע ערלויבטע, נישט ערלויבטע מיטלען וואס די נאצישע טייוולאנישע געלערנטע, האבן צוגעגרייט אין זייערע לאבאראטאריעס וואס מיר באצייכנען מיטן ווארט "האלאקאוסט".

עס שטעלט זיך די פראגע - צי האט דער פוילישער פאלק פארשטאנען זייער צוקונפט? צי האט די פוילישע געזעלשאפט, פארשטאנען די סיטואציע אין וועלכע זיי האבן זיך געפונען, ווען די פוילישע ארמיי איז צעקלאפט געווארן און די רעגירונג איז אנטלאפן און אויפגעהערט צו עקסיסטירן?

אויף זיכער האט דער פוילישער פאלק פארשטאנען, די פארצווייפלטע לאגע. . .אבער שטארק כאראקטעריסטיש, אנשטאט צו צעמענטירן די אייניקייט פון דער גאנצער באפעלקערונג, אין קאמף געגן דעם געפערלעכן בלוטיקן שונא פון דער פוילישער מלוכה און פוילישן פאלק. באמערקן מיר א פאר שטארקטן קורס פון אנטיסעמיטיזם מצד דער רעגירונג און אפיציעלע אינסטאנצן, אונטער דער לאזונג פון "זשידא קאמונע" ווי אויך פארשארפטע אנטיסעמיטישע שטימונגען ביי דער פוילישער באפעלקערונג.

דאס ארעסטירן יידישע בחורים אין שטעטל ווי ברוך קאץ, וועלוול קאגאן, כאנע פערלשטיין און אנדערע און אריינזעצן אין דעם קאנצענטראציע לאגער "קארטוז - בערעזע" אלס קאמוניסטן וואס האבן נישט געהאט קיין שום איינפלוס אין אנטי מלוכישע טעטיקייט, איז געווען מער געבונדן מיט דעם קורס פון אנטיסעמיטיזם ווי מיט קאמוניזם.

עס איז נישט די אויפגאבע פון דעם יזכור - בוך אדורכצופירן א אנאליטישע אפהאנדלונג אין א גרעסערן פארנעם וועגן יידיש פוילישע באציהונגען, דער ציל איז נאר א דירעקטע באלייכטונג די אטמאספערע וואס האט זיך אנטוויקלט אין שטעטל ערב דעם אויסברוך פון דער מלחה און אין דער צייט פון דער אקופאציע. א געוויסע טייל פון דער פוילישער געזעלשאפט האבן געמאכט פרווון אז דער וווקס פון דעם בלוטיקן אנטיסעמיטיזם איז א טייל פון א נקמה געפיל פאר דער פאר וואס יידן האבן געהאלפן די סאוויטשן אין דעם ארויספיר פון אייניקע פוילישע משפחות אין די ווייטע געגנטן פון רוסלאנד. דער אמת זעט אויס גאנץ אנדערש. די סאוויעטן נאכן איבערנעמען די מאכט פון די דייטשן אין מאנאט סעפטעמבער 1939 יאר זענען געווען די

אליין הערשער אן דער הילף פון יידן, עס איז א פאקט אז צוזאמען מיט די אייניקע פאליאקן וואס מען האט ארויסגעפירט פון שטעטל, האט זיך געפונען א צאל יידן ווי די משפחה פון אברהם כהן, מיישקע זאדווארענסקעס משפחה און אנדערע מען האט אויך ארויסגעפירט אלע יידן פליטים (בעזשענצעס" וואס צוזאמען מיט די שטעטלשע ארויסגעפירטע יידן האבן פיל מאל איבערגעשטיגן די פאליאקן וואס זענען ארויסגעפירט געווארן, אזוי אז עס איז א לעכערלע ארגומענטאציע אז יידן האבן געהאט צו טאן מיט דעם, אז דאס זאל סאנקציאנירן דעם וווקס פון אנטיסעמיטיזם אין דעם פעריאד פון האלאקאוסט.

דער אמת איז אז דער רעליגיעזער - נאציאנאלער אנטיסעמיטיזם איז געווען דער טעגלעכער שפייז פון די פוילישע מאסן, געפלעגט און געפריידיקט דורך דעם קאטוילישן קלויסטער און אין די פוילישע שולן פאר קינדער אין די רעליגיעזע לעקציעס געפירט דורך גלחים. דער אנטיסעמיטיזם איז געווען שטארק פאר מאסקירט אין וואשילקאווע צוליב עקאנאמישע באדינגונגען (יידישע אונטערנעמונגען) און איז גיך ארויסגעשווומען אויפן אויבערפלאך בעת דער נאצישער אקופאציע.

אין משך פון 16 מאנאטן איז ליקווידירט געווארן דער יידישער ישוב וואשילקאווע אין דעם פעריאד פון די 16 מאנאטן האבן די וואשילקאווער אנטיסעמיטן. געהאט צייט אדורכצופירן ספאנטאניסטישע פאגראמען, אנפאלן, ראבירן יידיש גוטס א געוויסן טאג באוואפנט מיט אלע סארטן כלי זין ווי שטעקענער, אייזערנע קייטן, שטאבעס און דרענגענער ארויסגעיאגט מיט קלעפ און געשרייען די יידן פון די הייזער און געטריבן צו די בריקן פון דעם "סופראסל" טייך אן דער וויסן פון די דייטשן מיט דער כוונהץ דערטרינקען אין דעם טייך, איינער פון די אנפירער אין ארגאניזירן דאס דערטרינקען די יידן אין דעם טייך איז געווען דער עלטסטער זון פון דעם רייכן פויער ניקאלאי דאמבראווסקי פון לונסקעס גאס, אין פאגראמירן און ראבירן יידישע הייזער אין יאקימער גאס האט אנגעפירט דער פויער פעלעק זאוואדסקי (בארעץ).

די קלעפאצקעס נאך מאטקע מישקינס הויז האבן ארויסגעגעבן אלטער מאלערן זייער יידישן שכן וואס האט זיי גוט באצאלט און מען האט אים דערשאסן. עס איז נייטיק צו ברייננגען נישט קיין גרויסע און אפשר נישט קיין פולקאמע רשימה פון יידן וועלכע זענען אומגעבראכט געווארן אין וואשילקאווע, ארום וואשילקאווע אין וועלכע פוילישע אנטיסעמיטן האבן צוגעלייגט זייערע הענט;

| | |
|---|---|
| ארטשיק | מינקין |
| ניסל | גרושקין |
| משהל | שרה קאטשקעס |
| יאנקל | ליפשטיין |
| מאטקע | ספעקטאר |
| כאנע | פערלשטיינס פרוי און קינד |
| איצל | פערלשטיין |
| ברוך/לייב | ספעקטאר |
| עליע | גאטליב |
| דוד | שטאבינסקי |
| אברהם | פאליאק |
| חיים | רודעס זון |
| אווראמל | פערלשטיינס |
| מיישקע | פאליאק |
| פייוול | פישער |
| ליטווין | דוד |
| ליטווין | מאיר |
| שיע | מאנגעלע |

פארשטייט זיך אז די רִשימה איז נישט קיין פולע עס פעלן ארום 13-14 פערזאן וואס זענען אומגעבראכט געווארן פאר דער ליקווידאציע פון געטא. די פוילישע פאליציאנטן אונטער אנפיר פון דעם קאמענדאנט וואשטשעניוקס איידעם זענען געווען די הויפט אינציאטארן פון מערסטע מארדן

אדורכגעפירט אין שטעטל.

פון דער גאנצער שטעטל יידן האט זיך קיינער נישט געראטעוועט אדאנק דער דארטיקער פוילישער באפעלקערונג. דער איינציקער געראטעוועטער פון שטעטל װאשילקאװע יאנקל סאקאלאוויטש האט איבערגעלעבט דעם האלאקאוסט מיט דער הילף פון איידעלע מענטשן פאליאקן און אנדערע אבער ליידער נישט פון װאשילקאװער פאליאקן. און נישט אין װאשילקאװע.

דער אנטיסעמיטיזם איז געווען אזוי גרויס און גרויזאם אז אפילו פוילישע פארטיזאנער גרופן פלעגן אנפאלן און מארדן יידן געטראפן אין די וועלדער ווי אויך נישט אנגענומען יידן אין זייערע פארטיזאנער גרופן אין העלפן צו קעמפן מיט די נאציס.

פון דער צווייטער זייט פון דער אנטיסעמיטישער פוריע פון דעם פוילישן אנטיסעמיטיזם, פארמאגן מיר אויך פערזאנען מיט הויך מאראלישע וואלארן אין רעספעקט פון הומאניטארן מענטשלעכן פארנעם, און מיר טארן דאס נישט פארגעסן ביי דער געלעגנהייט צו דערמאנען די פערזאנען וואס האבן זיך באשטייערט אין ראטעווען דאס לעבן פון אונדזער בן עיר יאנקל סאקאלאוויטש, סאיז ווערט צו דערמאנען די פראסטע איידעלע מענטשן וואס זענען געווען געגליכן צו א פינקלדיקן פייערל פאר א בלאנדזשענדיקן הונגעריקן וואנדערער אין א פינצטערער נאכט, יאנקל סאקאלאוויטש דערציילט; נאכן פארלאזן דעם אויסגעשטארבענער ביאליסטאקער געטא האב איך אין דער נאכט דערגרייכט א פעלד מיט סטאגעס היי פארמאטערט און הונגער האב איך זיך איינגעגראבן אין סטאג, אין דער פרי האבן געקומען פויערים צו שנײַדן די נישט אפּגעשניטענע היי. א רויסקוקן פון מיין באהעלטעניש באמערקט א פויער וואס געשניטן די גראזן נישט ווייט פון מיר, איך האב געקענט נאר פון אויסזען און באשלאסן בעטן אים הילף, ווען ער איז געווען נישט ווייט פון מיר האב איך אים באגריסט מיט א גוט מארגן פון אנהויב איז ער נשתומם געווארן און רופט זיך אפ צו מיר איך דערקען דיר דו ביסט א קצב פון װאשילקאװע. איך האב אים געבעטן עפעס עסן האט ער געבראכט פון זיין וואגן א האלבן קריגל מיט קאווע און א שטיקל ברויט, ער איז געווען א ווייסרוס פון דעם דארף דאמברוווקי א פראוואסלאוונער אויפן נאמען ווינצענטי קאלנאצקי. ער האט מיר צוגעזאגט צו העלפן און וועט מיר ברענגען צו עסן נאר איך טאר זיך נישט באווייזן פאר קיינעם, אויפצומארגנס האט ער מיר געבראכט א גרויסן רונדן ברויט פון א 20 פונט, א געוועדזשעטע פוס פון א שעפס און 6 פעקלעך שוועבעלעך, געמארקט דעם סטאג ווו ער האט די עסן אוועקגעלייגט מיט א קאפל פון היי מיט א צייטונג. אזוי האט דער פיינער מענטש מיר געבראכט עסן איבער 4 וואכן וואס איך בין געווען באהאלטן אין דעם סטאג היי.

דער צווייטער איידעלער פויער מיט זיין פרוי וואס האט געשטאמט פון קראקע, איז געווען פאן גורלעצקי פון דער קאלאניע שאציליע, מען האט אים גערופן "אמעריקאניעץ" ער איז געווען אין אמעריקע געמאכט א ביסל דאלארן זיך אומגעקערט געקויפט א הויז מיט פעלד, שטארק פיינע מענטשן ווען זיי פלעגן פארן נאך קנישין, ביאליסטאק אדער אנדער שטעטל אפטן געבראכט פאר מיר אלטע צייטונגען צעריסענע חומשים, סדורים און אנדערע יידישע אויסגאבעס וואס האבן זיך אומעטום געוואלגערט ווו יידן האבן פריער געוואוינט אלענגערע צייט זיך אויסבאהאלטן ביי אים. אין דעם דארף לעטניקי זיך געפונען אין דער הויז פון סאלטיס פאן קרושעווסקי אין דער צייט האבן דייטשן אריינגעפארן אויף זיין הויף, ער האט מיר שנעל ארויסגעלאזט פון דער הינטערשטער טיר און געהייסן זיך פארבאהאלטן אונטער די מאלינעס געוויקסן פיל מאל געהאלפן אין א צרה.

ביי איינעם א פויער אויפן נאמען וואצעק

פאר דער מלחמה געקויפט 2 בהמות און געדארפט אין אפאר טעג ארום ברענגען די געלט פאר זיי, ווען געקומען צו באצאלן זאגט ער צו מיר איך וויל נישט יעצט די געלט ווייל די רוסן זענען שוין דא און די געלט האט נישט קיין שום ווערט לאז מיר אפלייגן פאר א אנדער צייט. מיין ברודער שיעה האט געהאט מיט אים א נישט פריינדלעכע דיסקוסיע און איך האב צוגעהאלפן מיין ברודער אין דער דיסקוסיע אזוי אז ער האט זיך אויפגערעגט אויף אונדז. ווען די דייטשן האבן אקופירט דעם גאנצן געגנט און איך האב זיך אויסבאהאלטן אומעטום ווו מען קען האב איך מורא געהאט זיך דערנערטערן צו אים, ערשטנס בין איך אים שולדיק פאר די 2 בהמות און צווייטנס פאר דער נישט איינגענעמענער דיסקוסיע און געגלויבט אז ער וויל מיר אומברענגען. גייענדיק איינמאל פון וואלד צו א פויער איז ער מיר אנגע גאנגען אנטקעגן און סאיז שוין נישט געווען צייט אים אויסצומיידן, רופט ער זיך אפ צו מיר איך וויים אז דו האסט געווען ביי מיין שוואגער און צו מיר קומסטו נישט, אויב דו וועסט דארפן הילף קום צו מיר אריין.

איין מאל אין א רעגנדיקע נאכט איך בין געווען נאס און הונגעריק און נישט געהאט ווו צו גיין האב איך אין דער מיטל פון דער נאכט ביי 2 אזייגער אנגעקלאפט אין זיין טיר און געפרעגט אויב וואצעק איז דא, ער האט מיר אריינגעלאזן אין הויז און אים געבעטן עפעס עסן ווייל איך בין הונגעריק ער האט מיר געגעבן א קריגל מיט מילך און ברויט און זאג צו אים אפשר קענסטו מיר געבן אין ערגעץ א פלאץ איבערצושלאפן. . .האט ער אנגעטאן אויף זיך א פעלץ גענומען פון דער ווינקל א שטייענדיקע האק ארונטערגערוקט אונטערן פאס (גארטל) און זאגט צו מיר קום איך וועל דיר געבן א גוטן פלאץ צו שלאפן, דעם אמת איז, אז איך האב געציטערט פון שרעק צו וואס האט ער גענומען די האק? ער וועט מיר באשטימט דא אין ערגעץ דער הריגענען, פון הויז האט ער זיך געלאזט גיין גלייך אין פעלד אריין און נאך א מרחק פון ארום 800 מעטער זיך פארהאלטן ביי א הייגזאמן שייער מיט דער האק אפגעריסן א פאר ברעטער און געהייסן מיר אריינקריכן און זיך פארבאלטן טיף אין די היי וואס האט זיך דארט געפונען מיט עסן וועט ער מיר באזארגן דער שייער האט געהערט צו א צווייטן קריסט וואס האט דארט געהאלטן זיינע היי און שטרוי דערנאך מיר געזאגט אז איך קען אויך קומען צו זיין הויז נאר דאן ווען אלס א צייכן וועט זיך געפינען א ליימענער קריגל אויפן פלויט. אזוי האט מיר שטשעפאנסקי וואצעק געראטעוועט מיין לעבן.

זייער כאראקטעריסטיש איז געווען דער פאל ווען איך פלעג קומען און בעטן הילף ביי דעם וואיט סאבאלעווסקי פון דעם דארף פאניקלי האט ער מיר אלע מאל געהייסן איך זאל אוועקגיין פון דאנעט, אבער זיין זון וואצעק נישט קוקנדיק אויפן פאטערס פארבאט געגעבן ברויט און אנדערע עסנווארג.

די אנגעוויזענע פאקטן פון מענטשלעכע באציהונגען דערמאנט אונדז יידן נישט פארלירן דעם בטחון אז אין לויף פון יארן וועט זיך פארגרעסערן די צאל פון איידעלע מענטשן וואס האבן נישט פארלארן די הומאניטארע ווערטן.

★ ★ ★

עס איז ווערט צו דערמאנען דער "לאנדאנער פוילישער רעגירונג" וואס האט זיך קאנסטויארט אין אקטאבער 1939 יאר מיט דעם באקאנטן קריטיק פון פילסודסקען און דער סאנאציע רעגירונג גענעראל וואלאדיסלאוו עאוגעניוש סיקארסקי אלס א פרעמיער. די ראל וואס זיי האבן געשפילט לגבי די יידן איז געווען א צוויי זייטיקע; פון איין זייט זייער דעלעגאטורע אין פוילן וואס האבן אנגעפירט מיט די אלע גרופן פון דער אונטערגרונד ארמיי (ארמיא קראיאווא) האבן געפירט א אנטי יידישע פאליטיק פון נישט ערטיילן הילף צו יידן, נישט אנעמען יידישע פארטיזאנער אין זייערע רייען, נישט ערטיילן די יידן וואפן ווי אויך ביי

זייערע רייען, נישט ערטיילן די יידן וואפן ווי אויך ביי א גלעגנהייט אנפאלן און מארדן יידן וואס האבן זיך באהאלטן אין די וועלדער און יידישע פארטיזאנער.

פון דער צווייטער זייט איבערווייזן ענגלאנד פאקטן פון נאצישן טעראר געגן יידן. אין דעם לאנגן אויסקוק פאר א נייע פוילן איז אין גענעראל סיקארסקעס פאסטולאטן אזוי גערופענער „קאנסאלידאציע נאראדאווע" אנגענומען אין 1936 יאר ווו אין 10 פאראגראף פין דער פאליטישער דעקלעראצוע ווערט געזאגט „סיסטעמאטיש אנטוויקלען דעם פוילישן האנדל און אינדוסטרי, **פארלייכטערן די יידישע עמיגראציע מיט א באגרעניצטן ארויספיר פון קאפיטאל (פינאנסן) און נאציאנאלע באשריינקונגען".**

מען קען אן צווייפל פעסטשטעלן אז די פוילישע עמיגראציע רעגירונג אין לאנדאן האט זיך אין אגרויסן מאס צו געפאסט צו דער פאליטישער דעקלעראציע פון 1936 יאר אין באגרעניצן דעם אנטייל פון יידן אין זייערע געשאפענע אינסטאנצן אמבעסטן איז דאס געקומען צום אויסדרוק אין אנדערסעס ארמיי וואס נישט גערן אנגענומען יידן און ביי דעם ארויסמארש פון רוסלאנד שטארק פארשארפט די באגרעניצונג.

# אויפשטאנד

לעאן מענדעלעוויטש

די געשיכטע פון אונדזער פאלק
געשריבן איז, מיט טייכן בלוט
אין פיל פלעצער אויף דער וועלט
וווּ גבורה מוט, האט נישט פארפעלט

אין דעם לאנד, פון די אבות
געזייט, געאקערט.. און געבויט
פול מיט ליבשאפט, און מיט זארגן
געשאפט דעם צוקונפט..בעסער מארגן

אטאקירט איז מען געווארן
פון בארבארן, אין א צאל..
פארפלייצט דעם פייזשאש, פון דעם לאנד
דאס פאלק דערפירט, צו שפאט און שאנד.

סוריער, גריכן, באביליאנער
עגיפטער, רוימער, מיט לעגיאנען
גערויבט, געמארדערט, אויף יעדן טריט
ביי ענד..אין קייטן אונדז געשמיד

און געטריבן, איבער רוים
דורכן טויער, פון טריאומף און שפאט
צו באוויזן, מיט גלאנץ און פראכט
די רוימיש רויב.. די רוימיש מאכט

נישט פארלארן, איז דער מוט..
ווייל פרייהייט פליסט אין יידיש בלוט
זיך געאייניקט, זיך געגרייט
און מיט פחדנות זיך צושייד!

סאיז פארשווונדן, צווישן זיך די שינאה
און געשלאסן האנט אין האנט..
הויך געהויבן, די פאן פון פרייהייט
אין דעם הייליק, ווידערשטאנד.

איבער בערג און איבער טאלן
האט דער רוף..זיך שנעל פארשפרייט
שטייט אויף יידן! שטייט אויף ברידער!
רייס דיין האנט! זיי נישט דערנידערט!

מיט חשמונאים אין..דער שפיץ
האט זיך דאס פאלק, געטאן א ריס
אין שווערע קאמפן, שווערד אין האנט
באפרייט פון העלעניסטן-גריכן אונדזער לאנד

בר-כוכבא אויך באוויזן, פאר דער וועלט
אנטקעגן רוימער זיך געשטעלט..
מיט דעם פאלק! פאר דעם פאלק
פאריאגט דעם שונא, וואס געפלאגט

אויך אין אונדזער, היינטיקן דור
אין דער צייט פון האלאקאוסט
אונדזערע העלדן, אויף יעדן שריט..
דעם נאצי באוויזן, אז מען איז א ייד

כאטש אן וואפן, כאטש אן האפן..
ארומגערינגלט פון א באנדע וועלף,
ווו א אויסזיכט שווער געפינען
ווען אנשטאד טרערן..בלוט טוט רינען

אונדזער אויפשטאנד כאטש נישט גרויס,
אין די געטאס, שטארק באוואכט -
פון קעלערס, בונקערס..איז מען ארויס
און באוויזן..יידיש האס און מאכט!

ניט צו גלויבן זעען מיר
ווי נאציס לויפן, פאלן אן א שיר
און די פרעכע הערן פון "עס" "עס"
נישט געגלויבט אין, אזא נס!

אז ידן "יודע" וואס פארדאמט..
זאל וואגן אויפהויבן א האנט!
געגן אונדז די רולערס..פון דער וועלט
דאס האבן זיי נישט...פארגעשטעלט.

די געווער ביי ידן, זייער ווייניק
און דער פייער, אויך גאנץ שוואך
געקעמפט מוטיק און געאייניקט..
ווי די העלדן פון תנ"ך

דער גרויסער פייער..אין די הערצער
האט מער געשאסן..ווי די געווער
געטויט, געברענט, מיט גרויסע פלאמען
פאר אונדזער פאלק, ברידער, טאטע מאמען.

לאז מיר געדענקען..נישט פארגעסן,
די גרויסע העלדן, פון אונדזער דור -
מיט זייער טאט, מיט זייער..בלוט
דערהויבט דעם כבוד שטאלץ און מוט;

מיט זעקס מיליאן האבן מיר באצאלט..
און די וועלט! איז שטום געווען
נאר מיט קאמף! און קדוש - השם..
וועלן מיר אויסמיידן..וואס איז געשען.

שליס די רייען..האנט אין האנט,
בוי דעם צוקונפט, אין אונדזער לאנד -
איינס פארליר נישט..דעם בטחון
ווייל מיט אונדז..איז דער נצחון!



# די ווארצלען פון אנטיסעמיטיזם

אין א באגרענעצטן ארטיקל איז אומעגלעך באהאנדלען דעם אזוי גרויסן פראבלעם פון אנטיסעמיטיזם וואס האט א היסטאריע פון קנאפע צוויי טויזנט יאר. אבער דאך איז נויטיק צוווארפן א געוויסע ליכט אין דעם ריכטונג, אז דעם קאמף געגן אנטיסעמיטיזם אין אלע פארמען פון זיין דערשיינונג אין אונדזער טאג - טעגלעכן לעבן מוז זיין געצילט אין דעם שורש פון זיין אנשטייהונג.

אין צוזאמענהאנג וואס דער אנטיסעמיטיזם האט אין משך פון לאנגן פעריאד זיך אנטוויקלט און פונאנדער געבויט אין אלע צווייגן אין לעבן פון דער מענטשהייט, און טרעט ארויס כמעט אין אלע מלוכות פון דער וועלט אין פארשידענע פארמען מיט פארשידענע אונטערשיידן. צום ביישפיל אין אייניקע מלוכות..דערלאזט מען נישט יידן צו פארנעמען מלוכה - אמטן, אין אנדערע דערלאזט מען נישט זיין אין דער ארמיי אלס אפיצערן, אין אנדערע צו העכערע בילדונג, צו געהיימע ארבעטן א.אז.וו.

סאיז גאנץ פארשטענדלעך אז מיט דער טעכניש - וויסנשאפטלעכער און סאציאלער אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, האט זיך אויך געביטן די פארמען פון אנטיסעמיטיזם ווי געטאס, נישט ערלויבן יידן צו וווינען אין שטעט צייטנווייז דערפער, באגרעניצונגען אין פראפעסיעס און אויספירן פארשידענע ארבעטן.

מיר מוזן אויך קאנסטאטירן דעם פאקט אז האנט אין האנט מיט דער אנטוויקלונג פון דער הומאניטארער זייט פון דער געזעלשאפט, זענען אנטשטאנען געוויסע אלגעמיינע איינשטעלונגען אין באצייכנען די רעכט פון אינדיווידועלן מענטשן און זיינע הומאניטארע ווערטן, וואס האט פראבלעמאטיש פארלייכטערט בלוטיקע אנטיסעמיטישע קאנסעקוווענצן. און דאך אומגלויבלעך צו באנעמען אז אין די אויגן פון דער וועלט, פון דער פארגעשריטענער וועלט, האבן מיר געהאט א האלאקאוסט וו 6 מיליאן יידן זיינען אומגעבראכט געווארן. דאס מוז אונדז פיל לערנען וואס דאס הייסט אנטיסעמיטיזם אז כל - זמן דער באציל פון אנטיסעמיטיזם וועט נישט ווערן פארניכטעם דאן איז דער קיום פון אונדזער מדינה פון אונדזער פאלק אונטער א גרויסן פראגע - צייכן. די געשיכטע האט אונדז געלערנט און מיר טארן דאס חס וחלילה נישט פארגעסן.

די יידן וואס גלויבן אז געלט, הויכע בילדונג, הויכע פאזיציעס אין דער נישט יידישער געזעלשאפט וועט אים ראטעווען אין א עת - צרה האט א גרויסן טעות. צוליב די ציטירטע פאקטן מוז אומבאדינגט אונדזער קאמף געגן אנטיסעמיטיזם געפירט ווען אין צוויי ריכטונגען;

-ערשטנס אין דער ריכטונג פון מאמענטאלער רעאקציע פון טאג טעגלעכע ערשיינונגען ספעציעל אין דער מאס - מעדיא ווי פרעסע, טעלעוויזיע, ראדיא, אפיציעלע ארויסטרע - טונגען פון מלוכישע ארגאנען, ווארט - זאגערס, פארטייען, ארגאניזאציעס, אינסטיטוציעס מיט אנטיסעמיטישע טענדענצן, וואס איז אויך געגן הומאניטארע אנגענומענע איינשטעלונגען אין באצוג צו ראסע רעליגיע א.אז.וו.

- צווייטנס, דער צווייטער ריכטונג דאס איז א לאנגער גייסטיק - טעארעטישער קאמף אין דער "געגנע" פון אנטיסעמיטיזם, אין דעם שורש פון זיין אנטשטייהונג, אין פארקריפלען היסטארישע פאקטן און אמתין. דאס איז דער קאמף מיט דער קריסטלעכער הערארכיע וואס איז דער ווארט זאגער פון דער קריסטלעכער וועלט, וואס פארפאסן די תפילות, האלטן דרשות, וואס ערציהען זייערע גלויביקע, און זענען לאנגע יארן געווען די פאקטישע הערשערס פון פיל מלוכות, מיר ווילן קלארע באלייכטונגען און דעפיניציעס ווי אויך זייערע

שטעלונגען אין פארשידענע פעריאדן פון זייער טעטיקייט. מיר ווילן אויכעט ווי גאטס קינדער אז אין די תפילות וואס זיי און מיר זאגן זאל אטעמען דער רוח פון טאלעראנץ און מענטשלעכקייט פון איין מענטשן צום צווייטן, צו באזייטיקן נישט ריכטיקע אינטערפרעטאציעס און איינשטעלונגען.

מיט ארום צוויי טויזנט יאר צוריק ווען דאס יידישע פאלק האט זיך געפונען אונטער די שווערע אטאקעס פון די רוימישע לעגיאנען, און מיט אלע כוחות געקעמפט פאר זיין נאציאנאלער פרייהייט און אפהענגיקייט, האט זיך אין פאלק געפונען א קליינע גרופע יידן וועלכע האבן אויפגעגעבן די אידייע פון נאציאנאלער גאנצקייט פון פאלק, און אנווענדן זייערע ענערגיע אין דעם זארגן פאר דעם אינדיווידועלן מענטשן, זיין נשמה, זיין גייסט, אז די רעליגיע דארף דינען דעם יחיד און סאיז נישט וויכטיק וואס פאר א הערשער אדער מאכט וועט זיין אין לאנד.

דאס איז געווען געגן דעם דעם גייסט פון דער תורה וווּ דער עיקר איז דאס פאלק, ווייל די תורה שטעלט איין געוויסע קריטעריא וואס באצייכנט דעם ייד און מיט דעם אייניקט זיי אין איין פאלק. די נייע לערע איז דורכגעגאנגען דריי פעריאדן;

1. פעריאד פון תשובה און אנטזאגונג פון לוקסוס אין אינדיווידועלן לעבן ווו דער הויפט איז געווען יוחנן דע טויפער (דשאן דער פאפטיסט) וואס האט אנגעזאגט אז משיח וועט קומען און סאיז אויך נויטיק זיך צו טובלען.

2. דאס איז דער פעריאד וואס דער נייער "משיח" האט געלערנט דאס די נאציאנאלע יידישקייט האט קיין ווערט נישט, דער עיקר איז דער מאראל פון יחיד דאס איז געווען די ארבעט פון ישו הנוצרי (יעזוס).

3. די דריטע פעריאד איז די פראפאגאנדע זיך אנטזאגונג פון נאציאנאלן יידנטום, דאס איז געווען די ארבעט פון שאול פון טארסוס (פאולוס).

סאיז נישט וויכטיק צו באהאנדלען די איינצלהייטן פון דער נייער קריסטלעכער לערע, אבער אומבאדינגט דארף בארירט ווערן געוויסע מאמענטן פון יענער צייט. דאס לאנד האט זיך דאן געפונען אונטער דער רוימישער אקופאציע וועלכע האט מיט דער הילף פון זייערע לעגיאנען קאנטראלירט דעם לעבן פון דער באפעלקערונג, אונטערדריקט און געהאלטן אויפזיכט איבער אלע ארגאניזאציעס אינסטיטוציעס, מנהיגים, ארויסטרעטונגען, פאר - זאמלונגען זיי זאלן נישט שעדיקן די רוימישע אקופאציע מאכט. די אויטאנאמיע וואס די יידן האבן פארמאגט איז געווען שטארק באגרענעצט אויסשליסלעך צו רעליגיעזע ענינים,דער סנהדרין אלס די פאקטישע געריכטלעכע מאכט האט אפילו נישט געהאט די רעכט ארויסצוגעבן א גרעסערן, אורטייל שוין אפגערעדט פון א טויט אורטייל, דאס האט באלאנגט צו דעם רוימישן הערשער פונטיוס פילטוס.

די טעטיקייטן פון גרופן ווי די פרושים, צעלאטן, ראדיקאלן האט די רוימישע אדמיניסטראציע געהאלטן אונטער א סטאבילער אבסערוואציע מיט דער הילף פון שפיאנען און אינפארמאטארן, אזוי איז אויך די טעטיקייט פון יעזוס גרופע כאטש פון אנהויב נישט קיין גרויסע אין צאל, געווארן נאטירט דורך די רוימער.

יעזוס מיט זיין גרופע האט אנגעהויבן אפערירן אין דעם געגנט פון גליל ביי דעם ים כנרת און לייגנג אויס דעם ירדן טייך, צווישן ארעמע פישערס, ערד ארבעטער און בעל מלאכות, צו זיינע נאענטסטע תלמידים אויסער די פריער דערמאנטע האט זיך געפינען שמעון כיפא (שפעטער פיטער), זיין ברודער. יוחנן און זיין ברודער יעקב, מתתיהו און יהודה פון קריות (וועלכער האט אויסגעגעבן יעזוסן).

די רוימער אין יענער צייט האבן אין דער נייער סעקטע געזען א געפאר פאר דער רוימישער מאכט, ספעציעל ווען א טייל פון יעזוס נאכפאלגער און סתם מענטשן האבן אנגעהויבן נוצן דעם נאמען "דער יידישער קעניג", דער סנהדרין נאכן אויסהערן

די באשולדיקונג געגן יעזוסן, אז ער אנערקענט נישט די יידישע יוריסדיקציע אין רעליגיעזע ענינים, האט אים דער סנהדרין איבערגעוויזן צו דעם משפט פון דער רוימישער מאכט.

פונטיוס פילטוס האט אים געשטעלט פראגן און דער נאך פאר אורטיילט צום טויט, דעם טויט אורטייל האבן אויסגעפירט די רוימישע לעגיאנערן אויפן בארג גאלגאטהא דורך הענגען אויף א קרייץ דאן אנגענומען ביי די רוימער. קיינער האט זיך נישט פארגעשטעלט, אז דאס וועט ברענגען אזויפיל ליידן פארן יידישן פאלק.

די לאגע פון דער יידן אין יענעם פעריאד זייער א שווערע, צוליב דעם צושטערונג פון דער מלוכה, פארלירן די רעכט, און דעם גרויסן מארד איבער אזא גרויסע צאל יידן. דער גרויסער געלערנטער יוזעפוס ווי אויך טאציטוס גיבן אן אז אין די יארן 70 - 66 (נ.קר.) איז אומגעבראכט געווארן 1,197,000 יידן.

אין דעם מיטעלען מזרח פאר דער אנשטייהונג פון קריסטלעכן גלויבן (רעליגיע) איז געווארן דער פלאץ פון דעם צוזאמענשטויס פון צוויי קולטורן די ערשטע די יידישע קולטור, רעליגיעזע און אלגעמיינע ליטעראטור, וואס איז געשטאנען אויף א הויכן ניווא אין פארגלייך מיט אנדערע קולטורן אין יענעם ראיאן און געהאט א קאלאסאלן איינפלוס אויף די פעלקער אין אלע הינזיכטן פון מענטשלעכע באציהונגען, אפילו אין רעליגיעזע איינשטעלונגען צום ביישפיל פיל נישט יידן האבן אפגעהיט שבת ווי א רוה טאג און פראקטיצירט טיילן פון דער יידישער רעליגיע ווי פארטהער, חיתים א.אנד.

יידן האבן געבילדעט א זייער הויכן פראצענט אין אלע ארומיקע לענדער און שטעט. דער רוימישער געאגראפער סטראבא שטעלטפעסט אז אין עגיפטן אליין האט זיך געפונען א מיליאן יידן אין דער גרעסטער שטאט אלעקסאנדריא ארום 40%, א גרויסער צאל אין דמשק, ציפערן, אנטיאכע, פריגאן, סארטיס, אויףביידע זייטן פון שווארצן - ים. אין רוים האבן יידן אויך געפארמט א געזונטע קאלאניע מיט א צוויי - הונדערט יאריקע טראדיציע.

פיל יידן אין די תפוצות געלערנטע, פאעטן האבן אנגעהאלטן אין דער לערנונג פון דער תורה. סוועדט צו פארצייכנען אויב סוואלט דערגאנגען צו אנולירן דעם מל זיין, ריגארישע געזעצן וואלט נאך מער פארשטארקט דעם איינפלוס פון דער יידישער קולטור און רעליגיע, אין צוזאמענהאנג מיט דעם איז געווען ארויסטרעטונגען אבער אן וועזענטלעכע ענדערונגען. די יידן מיט זייער קולטור רעליגיע, היסטארישע איינשטעלונגען האט באפליגלט דעם גייסטיקן לעבן פון אלע פעלקער, זייערע הומאניטארע ווערטן, דעם גלויבן אין איין איינציקן גאט און זיינע קאמאנדמען האט געגעבן דעם אינדיווידועלן מענטשן האפן און גלויבן אין גערעכטיקייט און די אויסלייזונג פון זיינע זינד.

די צווייטע קולטור דאס איז די גריכיש - העלעניסטישע קולטור, די געשיכטע פון די גריכן איז זייער אפארנעפלטע וואס אנבאלאנגט זייער אנטשטייהונג אויף א קליינעם טייל דרום זייט פון דעם באלקאנישן האלב אינזל צווישן דעם אגעאישן און יאנישן ים, מיט א פארשפרייטע נעץ פון אינזלען, בוכטעס און אויסגוסן.

די לאנד א שטארק בארגיקע די גריכן האבן זיך אויסגעמישט מיט די פעלזאגער וואס האבן פון פריער באוווינט דאס לאנד און ווארשיינלעך פון דעם זעלבן שטאם ווי די פעניצער. די העללענען האבן זיך דארט באוויזן ארום 2000 יאר פאר נ.צ.ר.

די גריכישע פאלקס געשיכטע דערציילט א שיינע מעשה וועגן זייער אנשטייהונג. דער ערשטער פאטער פון זייער פאלק איז געווען דעווקאליאן, אין דעווקאליאַנ'ס צייטן האט פאסירט א מבול אווו די גאנצע וועלט איז פארניכטעט געווארן, סהאט זיך נאר געראטעוועט דעווקאליאן און זיין פרוי פירהא דורך א שיף וואס זיי האבן אויסגעבויט, נאך א לענגערע צייט פון שווימען האט די שיף זיך

פאַרהאַלטן אויף דעם באַרג פּאַנאַססוס, דאָרט האָבן זיי באַקומען אַ בעפעל פון העכסטן גאָט צו נעמען שטיינער און וואַרפן הינטער זיך, פון די שטיינער וואָס דעווקאַליאָן וועט וואַרפן וועט ווערן מענער און פון די וואָס זיין פרוי פּירהאַ וועט וואַרפן וועלן ווערן פרויען, און אַזוי איז אַנשטאַנען אַ נייע מענטשהייט. דעווקאַליאָן האָט געהאַט אַ זון העללען פון וואַנעט סזיינען אַרויסגעקומען די גריכן און דערפאַר רופט מען זיי די העללענען.

די גריכישע קולטור האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם גייסט, אַ אויפלעבונג אין די כמעט פאַרשטאַרבענע אייראָפּייאישע קולטורן, ווי אויך אין די אָריענטאַלישע קולטורן ביי די ענד פון מיטלאַלטער, כאָטש אין ערשטן פּעריאָד געגוצט אין אַ ברייטן פאַרנעם שקלאַפעריי, זענען געוואָרן די ערשטע אין איינפירן אַ דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט. פון זיי האָט זיך די דעמאָקראַציע פונאַנדער - געשפּרייט איבער אַנדער לענדער.

ווען די אויסערלעכע וועלט האָט זיך נענטער באַקאַנט מיט די געלערנטע, דענקער, פּאָעטן און זייערע דיאַלעקטישע אויפנעמונגען האָט דראַמאַטיש פאַראורזאַכט דאָס פאַלן פון איינפלוס פון די פאַרשידענע רעליגיעזע פּירערס.

פון די גרעסטע פּאָעטישע ווערק איז ווערט צו דערמאָנען דעם גרויסן דיכטער האָמער דער שאַפער פון די פּאָעמס "אילאַדע" און "אָדיססעע", פון אַנדערע גרויסע געלערנטע, סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, אַריסטאָטעלעס, פּיטהאַגאָראַס א.אַ. די גרעסטע אויפשטייג פון פילאָזאָפיע, טעאַטער, מוזיק, מאַלעריי סקולפּטור, פיזיק און מער אַנדערע, האָט זיך אַנטוויקלט אין דער צייט פון פּעריקלעס. סאיז נויטיק איבערצולאָזן די קאַמפן מיט ספּאַרטאַ שפּעטער די פּאַרהייניקונג, די מיטאָלאָגיע פון די געטער וואָס איז שטאַרק אַנגענומען געווען ביי די גריכן.

דער איינפלוס פון דער גריכישער קולטור איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן ספּעציעל אין די אייראָפּייאישע לענדער נאָך דעם גראַנדיאָזן זיג פון אַלעקסאַנדער מוקדון איבער די פּערסישע כוחות וואָס האָבן אָקופּירט די גרעסטע טייל פון אייראָפּע (344 - 330 פ.ק.). אין די שפּעטערטיקע יאָרן שפּאַרן די גריכן אַרויס אויך די פּערסיער פון עגיפּטן, מערב - אַסיע, די פאַרנומענע פּראָווינצן צעטיילט צווישן די מיליטערישע אַנפירערס און באַזעצט מיט גריכישע קאָלאָניסטן וועלכע פאַרשפּרייטן די גריכיש - העלענישער קולטור. די ווייניק קולטורעלע אַרטיקע פעלקער האָבן זיך ביסלעכווייז העלעניזירט און אויסגעמישט מיט די גריכישע זיגער.

אין יהודה איז די איינפלוסן פון העללעניזם געווען אַ גאַנץ שטאַרקע, גריכיש איז געוואָרן די לאַנד שפּראַך, און די יידן האָבן זיך שטופנווייז דערווייטערט פון דער אַראַמייאישער שפּראַך וועלכע איז ברייט באַנוצט געוואָרן און זיך שטאַרק דערנענטערט צו דער גריכישער שפּראַך און דער העלעניסטישער קולטור, סאיז ווערט צו באַטאָנען אַז אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער גריכישער הערשאַפט האָט די יידישע און גריכישע קולטור גאַנץ פרידלעך קאָ - עקסיסטירט, יידן האָבן געפונען גרויס אינטערעס אין איר ליטעראַטור און איר שפּראַך סאיז אפילו דערגאַנגען אַז מען האָט איבערגעזעצט די כתבי קודש אין דער גריכישער שפּראַך.

די העלענישע קולטור פון שיינקייט און גענוס האָט פאַרמילדערט די ריגאָרישע תורה איינשטעלונגען, אַגרויסע טייל פון דער יידישער יוגנט האָבן זיך אַנגאַזשירט אין די פאַרשידענע שפּילן און פאַרווילונגען, איבערגעמאַכט די יידישע נעמען אויף גריכישע און אָפּהיטן גריכישע מנהגים, און פאַרלאָרן דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין כאָטש די אַסימילאַציע איז געווען אַ אויסערלעכע איז זי וואָס אַמאָל טיפער אַריינגעטרונגען ווערנדיק אַ אינערלעכע אַסימילאַציע פאַרלייקענען די פּאָליטישע, גייסטיקע, קולטורעלע אינטערעסן פון אייגענעם פאָלק.

אַנאַליזירן דעם פּעריאָד פון דער גריכישער

הערשאפט און די העלעניזאציע פון די ארומיקע פעלקער קען מען פעסטשטעלן אז מיט דעם אויסערלעכן גלאנץ פון קולטור, שיינקייט און ערדלעכן גענוס האבן זיי געצילט ליקווידירן יעדן פרווו פון נאציאנאלער אידענטיקייט און מיט דעם ווערן די הערשער פון דער וועלט, אויב זיי האבן פארצייכנט געוויסע סוקצעסן ביי פעלקער מיט נידעריקע און ווייניק אנטוויקלטע קולטורן האבן זיי אנגעטראפן אויף דער יידישער הויך אנטוויקלטע קולטור, רעליגיע און טראדיציאנעלע איינשטעלונגען א שטארק געגן באלאנסירטן כוח וואס זיי האבן נישט ביכולות איינצוברעכן. אזוי ארום נאטירן מיר אלערליי סארטן רציחה, מארד, אינטערמידיישן מיט געוואלד אנווארפן די העלעניסטישע קולטור וואס האט געדויערט ביז דעם העלדישן אויפשטאנד פון די חשמונאים.

די גריכן קען מען באצייכנען אלס די ערשטע פון די קולטורעלע פעלקער וואס האט געשפיגן מיט האס און פיינדשאפט צום יידישן פאלק, געפירט א פלאנירטע אקציע געגן אונדזער קולטור און רעליגיעזע איינשטעלונגען. עס שטעלט זיך די פראגע צי דאס איז אנטיסעמיטיזם? ספאדערט זיך דא א לענגערע באהאנדלונג און אויפקלערונג:

אין דער ענגלישער ענציקלאפעדיע בריטאניקא, אין אלע אונדזערע יידישער אינטערפרעטאציעס ווי אויך אין העברעאישע אויסגאבעס און העברעאישע ענציקלאפעדיע איז אנטיסעמיטיזם (אנטישמיות) אין באגריף פון היינטיקער צייט באצייכנען מיר פון דער אנטשטייהונג פון קריסטנטום. פעלקער שנאה האט עקסיסטירט גלייך מיט דער אנטשטייהונג פון דער מענטשהייט אבער אנטיסעמיטיזם נאר פון דער אנשטייהונג פון דער קריסטלעכער רעליגיע.

דאס הייסט אז אנטיסעמיטיזם איז א פראדוקט פון דער קריסטלעכער רעליגיע, וואס איז געווען די הויפט סיבה? איז דאס פאר דערפאר וואס די פארלעגער פון קריסטנטום זיינען געווען יידן? איז דאס פאר דער פאר וואס די באזע פון קריסטנטום איז א אפשפרונג פון דער יידישער רעליגיע? פאר וואס האט די קריסטלעכע גייסטלעכע פירער איבער 17 הונדערט יאר געפריידיקט אנטיסעמיטיזם, פאר וואס האבן זיי מיט געוואלד, טארטור און מארד געוואלט אונז צווינגען אנצונעמען זייער גלויבן אויב עס איז נישט איז א ביאלאגישע פארניכטונג?

נישט וויכטיק אין דעם ארטיקל דערפירן צו א טעאלאגישע דיסקוסיע די ווערטן און איינשטעלונגען פון דער יידישער און קריסטלעכער רעליגיע, דער תמצית פון ארטיקל איז אנטיסעמיטיזם, דער רויטער פאדעם וואס ציט זיך לענגאויס דעם באגריף. אנטיסעמיטיזם דאס איז אן צו פארוויקלען אין פאיענטשינע "אז יידן האבן גאטס זון דערמארדערט" ווי מען זאל נישט וועלן אויסטייטשן ווי מען זאל נישט פרובירן פארמאסקירן איז דאס דער שורש פון אנטיסעמיטיזם, פארשלייערט, פארוויקלט אין פארשידענע היפאטעטישע פאסטולאטן און בלינדערהייט אנגעהאלטן ביז היינטיקן טאג.

אפשר איז די דאגמע אז יידן זענען די מערדער פון יעזוסן נישט די איינציקע סיבה פון אנטיסעמיטיזם דאך א גוטער קאטאליזאטאר אין פארשפרייטן האס, פארדאמונג צום יידישן פאלק צו איר רעליגיע ספעציעל ביי דעם פראסטן המון, פרומע און פאנאטיקער.

דאס וואס איז דערמאנט אין אנהויב פון דעם ארטיקל, אז דער לאנגער פעריאד אין פארשפרייטן האס בעסער גערופן דעם אנטיסעמיטיזם איז אריין אין בלוט פון די גלויביקע און איבערגעגאנגען צו קינדער, קינדסקינדער און ווייטערדיקע דורות, ווייל די תורה פון אנטיסעמיטיזם איז געווען די טאג טעגלעכע גייסטישע פלעגונג פון די ברייטע מאסן, שפעטער פארשטארקט צעמענטירט דורך פארשידענע גזירות ארויסגעגעבענע פון קירכישע קוועלן, ארויפגעצוואונגען

אויף רעגירונגען און גענוצט אין פארשידענע פעריאדן ווען די קאטוילישע הערארכיע אדער רעגירונגען האבן געדארפט לעזן פארשידענע קריזיסן גענוצט דעם אנטיסעמיטיזם ווי א דונער - אפלייטער.

א בליק אין דער געשיכטע האבן מיר א לאנגע קייט פון פאקטן אווו יידיש בלוט איז אומשולדיק פארגאסן געווארן, די "שווארצע מגיפה" אנדערש גרופן דער "שווארצער טויט" וואס איז פארשלעפט געווארן פון עגיפטן, סיריע צו איטאליען און אנדערע אייראפייאישע מלוכות (1349 - 1348) זייער שרעקלעך האט פון דער מגיפה געליטן דייטשלאנד און פראנקרייך מיליאנען מענטשן זענען אומגעקומען האט מען די שרעקלעכע עפידעמיע צו געשריבן אז די יידן זענען די שולדיקע. זיי האבן פארסמט די וואסער אין די ברונעמער און טייכן.

די קרייץ - צוגן ווו גאנצע יידישע קהילות זענען אויסגעשאכטן געווארן (אנהויב 1097 סוף פון די קרייץ - צוגן 1291), דאס ארויסטרייבן די יידן פון פראנקרייך 1182, פון ענגלאנד 1290, פון שפאניע 1492, פארטוגאל 1496 א.אז.וו. אינקוויזיציע, בלוט בלבולים, געטאס, פראגראמען.

די אלע אויבנדערמאנטע אקטן און דעם שטארקן ווילן פון די פאפסטן צו ווערן די הערשער איבער אלע פעלקער און צו דעם ביי א איינאונאיינציקע רעליגיע האט געשאפן דעם אנטיסעמיטיזם וואס מיר האבן ביי היינטיקן טאג. לעכערלעך וועט אויסזען אויב אין דעם באוווסטזיין פון יידנטום וועט הערשן א פאסיווער אנשטעל צו דעם פראבלעם אז ער וועט פון זיך אליין אויפהערן צו עקסיסטירן האבן נישט קיין רעאלן קוק אויף דער געשיכטע פון קריסטנטום.

באהאנדלען די גאנצע פראצעדור פון געריכטלעכן סטאטוט איבער יעזוסן ביז דעם ארויסגעטראגטן טויט - אורטייל, איז גאנץ געניי פארצייכנט אין דער געשיכטע פון יענער צייט אבער צום באדויערן שטארק פאראנדערשט אין די באשרייבונגען פון אייניקע פון די אזוי גערופענע אפאסטאלן, און אין שפעטערדיקע באנוצונג פון דער עוואנגעליע אינגאנצן טענדענציאנעל פארקריפלט דורך די פאפסטן, בישאפן און דער קריסטליכער הערארכיע.

איינע פון די הויפט ארגומענטן וואס האט דערפירט צום משפט איז וואס יעזוס האט אפגעווארפן די דאקטרינע פון דער תורה וועגן דעם ענדגילטיקן משפט פון מענטשלעך - גייסטיקן וועזן און זיין אויסלייזונג וועט באאיינפלוסט זיין, ווי אזוי דער מענטש האט אפגעהיט די דינים פון דער תורה אין פראקטישן לעבן. יעזוס ארגומענטאציע אז נאר דער גלויבן אליין וועט זיין דער הויפט פאקטאר ווי אויך זיין שארפן ארויסטריט געגן דעם אויפהאלטן פון בית - המקדש אלס א פארם פון אינדעטיפיצירן זיך מיטן יידישן פאלק, און זיינע שפעטערדיקע ערקלערונגען אז ער איז דער זון פון גאט.

לויט רעליגיעזע איינשטעלונגען פון די יידישע דינים איז; פאלשע לערערס, פריידיקערס דארף מען באזייטיקן אדער איבערוויזן צו אנדער געגנט ווו זיי וועלן נישט האבן קיין איינפלוס אויף דער עדה. ווייטער אויב די ארויסטרעטונג ווערט באצייכנט אלס א קאנטערווערסיע צו די לעגאלע איינגעשטעלטע געזעצן און דער באשולדיקטער איז פראמינענטער פערזאן (אין פאל מיט יעזוסן האט אים יהודה טיטולירט רבי) דאן מוז דער געריכט א דורכפירן א פולע אונטערזוכונג און באהאנדלונג דער נאך ארויסטראגן א אורטייל מיט א מערהייט שטימען פון געריכט, אין פאל ווען דער פאראורטיילטער ווארפט זיך נישט אונטער דעם אורטייל פון געריכט דאן איז חל טויט - שטראף.

יעזוס ביי דעם משפט פון סנהדרין אלס א רעבעליער האט זיך אפגעזאגט פון געבן וועלכע סאיז ערקלערונגען אין באלייכטן זיינע קאנטערווערסעלע ארויסטרעטונגען און מיט דעם אליין ארויסגעגעבן אויף זיך א אורטייל פאר באליידיקן דעם געריכט, כאטש א טייל פון די סנהדרין פירער די אנהייגער פון שמעי און א טייל

צדוקים, האבן גערן געוואלט א טויט - אורטייל פאר יעזוסן דאך האט דער סנהדרין קיין טויט - אורטייל איבער יעזוסן נישט ארויסגעגעבן, און איבערגעוויזן געווארן צו דער רוימישער מאכט אלס א רעבעליער.

די באגרעניצטע רעכטן פון דער יידישער אויטאנאמיע האט באאיינפלוסט דאס איבערוויזן יעזוסן צו דער רוימישער מאכט וואס פונטיוס פילאטוס האט אים צום טויט פארמשפט און די רוימישע לעגיאנערן האבן דעם אורטייל אויסגעפירט.

סווערט צו פארצייכנען אז מיט דעם פראצעס אדער פראצעסן פון יעזוסן האט פילאטוס געשפילט א ביסל רוימישע פאליטיק און דער פראצעס איז געווען אין א געוויסע מאס א קאנטערווערסאלע, אבער ווי היסטאַריקער פארצייכנען זיינען א זעלכע פראצעסן געווען פון נארמאלע דערשיינונגען ביי פילאטוסן, וואס האט פארמאגט א סאדיסטישע פארגעניגן ביי פראצעסן ספעציעל אין מערדערלעכע אורטיילן ווי איבער די שומרונים און אנדער.

אין א גענויערן אנאליזירונג דעם נייעם טעסטאמענט פון דער קריסטלעכער רעליגיע וועלכע נעמט ארום;

4 עוואנגעליעס (גאספעלס) מאטיו, לוקע, מארק, און דשאן.

-. די "אקט" דאס הייסט די טעטיקייט פון די אפאסטאלן ספעציעל פאולס פאר דעם פעריאד פון 30 ביז 63 - 61 נ.ק. דעם הייסט ביז פאולס טויט אין פארשפרייטן די נייע קריסטלעכע לערע איבער ישראל און אלע ארומיקע און ווייטע לענדער ווי גריכן - לאנד, מאצעדאניע, טורק, ראמא, מאלטא, ציפערן, קרעטא א,אז.וו.

13 בריוו פון פאולסן

8 בריוו (פון פעטער, דשאן א, אנ.) און "די אנטפלקונג" (רעוועליישן)

די הויפט זיילן פון דעם נייעם טעסטאמענט איז די פיר עוואנגעליעס, דעריבער איז נויטיק אויסצוגעפינען זייערע אויפנעמונגען אין באצוג צו יעזוס משפט און טויט, וואס איז דער ווינקלשטיין פון אנטיסעמיטיזם. ערשטנס מוז מען פעסשטעלן אז די שטעלונגען זענען נישט קיין צענטראליזירטע און קענען ווערן פארשיידנהארטיק אויסגעטייטשט.

אפאסטאל מאטיו אין זיין עוואנגעליע טייל 26 פסוק 65 שרייבט אז אויף דער אנפראגע פון הויפט רב צו די ריכטער פון סנהדרין "צי איז יעזוס שולדיק (אין ערקלערן זיך אלס משיח) האבן די ריכטער זיך אפגערופן יע ער איז גילטיק צו טויט שטארף "און אים איבערגעגעבן צו טיטוסן. אזוי ארום איז קיין טויט - אורטייל נישט ארויסגעטראגן געווארן. אפאסטאל מארק אין זיין עוואנגעליע טייל 14 פסוק 63 "אויף דעם ענטפער פון הויפט רב צי יעזוס איז שולדיק אין ערקלערן זיך אלס דער זון פון גאט האבן אלע (ריכטער) געענטפערט ער איז שולדיק אין ער וואלט געדארפט געטויטעט ווערן און אים איבערגעוויזן צו פילאטוסן ער זאל אים משפטן, קיין טויט וראטייל האבן זיי נישט ארויסגעטראגן. אפאסטאל לוקע אין זיין עוואנגעליע טייל 22 פסוק 70 "אויף דער פראגע צו יעזוסן צי ביסטו דער זון פון גאט, ענטפער: איר זאגט אז איך בין "טייל 23 פסוק 1,2 און דער געריכט האט גענומען יעזוסן צו פילאטן מיט דער באשולדיקונג אז ער איז משיח, אז ער איז א מלך.

אזוי ווי הורדוס דער באפולמעכטיקטער איבער דעם גליל - ראיאן האט זיך אין יענער צייט געפונען אין ירושלים און יעזוס האט פון דארטן געשטאמט האט פילאטוס אים איבערגעוויזן אז הורדוס זאל אים משפטן, נאך שטעלן א צאל פראגן און קיין ענטפער פון יעזוסן נישט ערהאלטן, האט הורדוס צוריק איבערגעשיקט צו פילאטוסן ער זאל אים משפטן און ארויסטראגן א פסק, אזוי ארום איז לויט דער ווערסיע פון אפאסטאל לוקע האט דער סנהדרין קיין אורטייל נישט ארויסגעטראגן.

די לעצטע עוואַנגעליע פון אפאסטאל דשאן טייל 18 פסוקים 28 - 19 שרייבט וועגן דער אויספרעגונג פון הויפט רב פון סנהדרין וואס אנבאלאנגט יעזוס ארויסטרעטונגען און זיין קאנטאקט מיטן אפאסטאל פיטער, ווארום פיטער האט געלייקנט אז ער איז יעזוס א חבר, און ווייטערדיקע פארהאנדלונגען האט אים דער סנהדרין איבערגעוויזן צו פילאטוסן אָן שום אורטייל.

צוליב דעם יום - טוב פסח זיך האלטן ריין און כשר האבן די יידישע פירער ביי איבערווייזן יעזוסן צו פילאטוסן אפילו נישט אריין אין זיין פאלאץ, פילאטוס איז ארויס צו זיי און געפרעגט, מיט וואס באשולדיקט איר אים האבן זיי געענטפערט (פסוק 30) מיר וואלטן אים נישט געבראכט צו דיר אויב ער וואלט געווען אומשולדיק. פילאט (פסוק 31) דאן נעמט אים און אורטיילט אים ווי אייערע געזעצן פאדערן, האבן זיי געענטפערט סאיז אונדז נישט ערלויבט קיינעם צו טויטן. דאן האט פילאט זיך אומגעקערט צום פאלאץ געהייסן ברענגען יעזוסן געשטעלט פראגן און געהייסן זיינע לעגיאנערן צו קרייצן.

ווען מיר באטראכטן די פיר עוואנגעליעס פון דער קריסטלעכער רעליגיע וואס האט צו טאן מיטן טויט פון יעזוסן, איז קלאר פארשטענדלעך און באמערקבאר די געגן זייטיקע שטעלונגען אווו די אפאסטאלן מאטיו און מארק ערקלערן אז די סנהדרין איז געווען ביי דער מיינונג א יעזוס איז גילטיק טויט שטארף, אבער פאקטיש קיין אורטייל נישט ארויסגעטראגן און אלס רעבעל איבערגעוויזן צו פילאטוסן.

דאגעגן די אנדערע צוויי אפאסטאלן לוקע און דשאן ווייזן גלייך אָן אז דער סנהדרין האט איבערגעוויזן יעזוסן צו פילאטוסן ער זאל אים משפטן, נישט באטראכטן גענויער די באשולדיקונג און ארויסגעבן א אורטייל. סומירן די ארויסזאגונגען פון די פיר אפאסטאלן אין זייערע עוואנגעליעס איז קלאר אז דער טויט - אורטייל איבער יעזוסן איז ארויסגעגעבן געווארן דורך פילאטוסן דער רוימישער הערשער איבערן לאנד און זיינע לעגיאנערן האבן דעם אורטייל פון קרייצן אדורכגעפירט און שפעטער זיין קערפער איבערגעוויזן צו זיין מוטער.

סשטעלט זיך די פראגע פארוואס איז ביז היינטיקן יאַרהונדערט דורך די הערארכיע פון דער קריסלעכער רעליגיע אנגעוויזן אין אלע זייערע ארויסטרעטונגען, אז יידן זיינען די וואס האבן דערמאָרדעט יעזוסן דעם זון פון גאט, און אויף דעם יסוד איינגעפלאנצט און פלאנצן ווייטער איין אין דער קריסלעכער וועלט דעם האס צו יידן און יידישן פאלק וואס אין דער לייַנג פון דער געשיכטע באצייכנען מיר אז אנטיסעמיטיזם. פאר וואס ווערט טיטוס פילאטוס דער הערשער פ֗ון ישראל און אלע ארומיקע לענדער, וואס אין זיינע הענט איז געלעגן דער טויט און לעבן פון יעזוסן און אלע איינוואוינער פון דעם אקופירטן לאנד, פאר וואס ווערט ער נישט דערמאנט אין דער עוואנגעליע און אנגעוויזן אלס דער מערדער און שולדיקער פון יעזוס טויט! די נייע עוואנגעליע באפרייט אים אינגאנצן פון זיין שולד, ווייל דער מערדער האט אפגעוואשן זיינע שמוציקע הענט וועלכע זענען געווען איינגעטונקט אין בלוט פון טויזנטער קרבנות.

צו געפינען א מער לאגישן ענטפער אויף דער פראגע מוזן מיר זיך אומקערן צו דעם פעריאד ווען סאיז געשריבן געווארן דער נייער טעסטאמענט, די צייט די אטמאספער ווי אויך אנדערע אספעקטן וואס האבן געהאט געוויסע איינפלוסן אין קאמפלעטירן דעם נייעם טעסטאמענט אין דער ווערסיע וואס סווערט באנוצט ביי היינטיקן טאג. ווען די ערשטע גרופן פון דער נייער סעקטע (יעזוס לערע) פלעגן זיך צוזאמענקומען צו אפריכטן תפילות האבן זיי גענוצט די לייענען פון תורת - משה אזוי ווי אלע יידן, שפעטער האבן די נאענטסטע אנהייגנער פון יעזוסן וואס האבן מיט אים געהאט נענטערע באציהונגען און געהערט זיינע פלפולים, אנגעהויבן מאכן קאמענטארן וועגן יעזוסעס ארויסזאגונגען אין

צייט פון לייענען די תורה. מיט דער צייט ווען יעזוס תלמידים (שפעטער גערופן אפאסטאלן) האבן אויסגעשטארבן האט מען אנגעהויבן צו פארצייכנען דאס וואס האבן דערציילט וועגן יעזוסן זיינע קאמענטארן, זיינע נסים ווי אויך צונויפקלייבן זייערע געמאכטע נאטאטן און געהאלטן צוזאמען מיט די פאפירוסן פון אלטן טעסטאמענט (תורה). ביי די ענד פון צווייטן - יארהונדערט נ.ק. איז אנגענומען געווארן די פארם פון די פיר עוואנגעליעס, די "אקטס" און די בריוו פון די אפאסטאלן צו באנוצן אין זייערע בתי - תפילות. אין פערטן - יארהונדערט נ.ק. האט דער גרויסער קאנסול ווי סזעט אויס נאך געוויסע ענדערונגען באשטעטיקט דעם נייעם טעסטאמענט אין דעם פארם וואס מיר האבן אומגעפער ביי היינטיקן טאג.

אזוי ארום לערנען מיר אז דער נייער טעסטאמענט איז צוזאמענגעשטעלט געווארן ביי ענד פון צווייטן און פערטן יארהונדערט ווען סאיז געוואקסן דער איינפלוס פון די קריסטן אין דער רוימישער אימפעריע און דער קיסר קאנסטאנטין מיט זיין זון קאנסטאנציוס נעמען אן אין 312 נ.ק די קריסטלעכע רעליגיע פאר גאנץ רוים. באגלייט מיט רדיפות געגן יידן דירעגירט דורך דעם נעגאטיוון בישאף אייזעביוס, ווי פארבאטן הייראטן מיט קריסטן, האלטן קריסטלעכע קנעכט (ארבעטער) איבערגעטראגן דעם יום - טוב פסח ער זאל נישט אויספאלן צוזאמען מיט די אומריינע יידן א.א.וו. דער הויפט אינציאטאר אין פארמירן די ראמען פון יעזוס לערנונג איז געווען פאולס וועלכער האט אין זיין טעטיקייט געזוכט שוץ אין דער רוימישער אימפעריע, און מיט דעם געהאט א גרויסן איינפלוס אין פארמינערן די ראל פון די רוימער אין זייער שולד אין יעזוס טויט ווי אויך נישט ארויסגעבראכט זייער ראל אין פארפאלגן, מארדן די נאכפאלגער פון יעזוס לערע אין ערשטן פעריאד.

עס איז נייטיק אונטערצושטרייכן אז פאולס אנדערש שאול דער טעארעטיקער און פארפאסער פון דעם נייעם "טעסטאמענט" (ברית חדשה) וועלכער איז אין די שפעטערדיקע יארן "פארפולקאמט געווארן" ווען אין 59 יאר, זיך אומגעקערט פון א טורנייע איבער א צאל לענדער אין פראפאגירן יעזוס לערע ווי אויך אנגעזאמלט געלט פאר דער קריסטלעכער געמיינדע איז ארעסטירט געווארן און דער רוימישער פראקוראטאר פעסטוס אים געוואלט שטעלן פארן געריכט אין ירושלים. אבער פאולס האט פארלאנגט אז מען זאל אים איבערשיקן נאך רוים ווייל ער איז א רוימישער בירגער, און דער פראקוראטאר האט אים דארט איבערגעשיקט. אין רוים האט ער פארגעזעצט זיין פראפאגאנדע נאך 2 יאר צייט.

וואס איז מיט אים געשען איז נישט באוווסט, געווען קלאנגען אז אין דער צייט ווען נערא האט שטארק פארפאלגט די קריסטן האט אים אויך אומגעבראכט. די ציטירטע פאקטן ווארפט א ליכט אויף די אומשטענדן ביים צוזאמענשטעלן דעם נייעם "טעסטאמענט" און פארוואס פאולס האט נישט באלויכטן די ראל פון די רוימער אין וועלכע הענט סאיז געלעגן דער לעבן און טויט פון יעזוסן צו גלייך מיט דער גאנצער יידישער באפעלקערונג.

דער ערשטער אלוועלטלעכער קירכן - קאנסול סאבאר אין 325 מיט דער באטייליגונג פון איבער 200 ביסקופן שאפט און פארשארפט די מחיצה צווישן די קריסטן און יידן, טראגן איבער זייערע יום - טובים אפגעזונדערט פון יידן, דער 2 טער סינאד צווינגען ארויף אויף דעם אימפעראטאר טעאדאזוס (408 - 450) דעם פארבאט צו בויהען סינאגאגעס, די קאמפעטענץ פון דער יידישער נאציאנאלער אויטאנאמיע ווערט איינגעשרומפן יעדער סארט פרייהייט פון געוויסן אונטערדריקט אין פיל פלעצער מחנות פאנאטיקער אונטערגעהעצטע דורך מאנאכן פארגראמירן סינאגאגעס און פארוואנדלען אין קירכן, מען פארבאט יידן צו מלוכה פאסטנס, מיליטער ווי אויך ריגארישע געזעצן אין עקאנאמישן לעבן און אין פריוואטן פאמיליע לעבן.

סאיז אומעגלעך אויסצורעכענען די פארשידענע גזירות, פארסירט דורך די גייסטלעכע געגן יידישן פאלק, און די פיזישער מאראלישע ליידן וואס אונדזער פאלק האט א דורכגעמאכט ביז היינטיקן טאג. בעסער צופארשטיין איז ווערט צו ציטירן קאמענטארן פון די גרעסטע קריסטלעכע טעאלאגן וואס אנבאלאנגט יידן.

דער הייליקער היעראנימוס" וואס האט פערציק יאר געלעבט געארבעט און שטודירט (בית לחם) אונדזערע הייליקע שריפטן אין ארגינאל, ביי נאכט פלעגן צו אים קומען אין געהיים תלמודיסטן פון לוד צו לערנען העברעיש, מחמת דער "הייליקער" מאנארך האט מורא געהאט אז מען זאל אים חס - ושלום נישט פארווארפן באציהונגען מיט יידן. פיל הילף האט אים ערטיילט בר -חנינה א יידישער געלערנטער, מיט די דעראבעווערט ידיעות האט ער צוזאמענגעשטעלט די באקאנטע לאטיינישע ביבל איבערזעצונג די "ווולגאטא" (400). היעראנימוס איז זיך אליין מודה; אז ער פילט א האס צו די יידן וועלכע לעסטערן עד - היום אונדזער האר אין זייערע געבעטס הייזער "אין יידישן גלות זעט ער גאטס צארן אויף די יידן.

אין יאר (9 טן אב) ער שרייבט; "די דאזיקע פאררעטערישע אייוווינער (יידן), נאכדעם ווי זיי האבן דערמארדט די דינער פון גאט און איבערהויפט דעם זון פון גאט, איז פארבאטן אריינצוגיין קיין ירושלים. מען לאזט זיי אריין נאר אויף צו יאמערן, זיי מוזן פאר געלט קויפן די ערלויבעניש צו באוויינען דעם חורבן פון זייער מלוכה. א פאלק וואס איז אומגליקלעך, אבער וואס פארדינט נישט קיין מיטלייד. דאס איז דער גרויזאמער לאזונג פון רוים אין באצוג צו יידן.

דער צווייטער פון די גרעסטע קירכלעכע טעאלאגן אויגוסטין דער הייליקער אין זיין אריסגעגעבענעם פאלעמישן טראקטאט אויסטייטשנדיק די ביבל געפינט ער אין איר א פארויסזאגונג אז גאט וועט פארשטויסן "יעקבס הויז" דאס הייסט די יידן און וועט אויסוויילן "ישראלס הויז" מיט דעם געמיינט די קריסטן. און די יידן מוזן זיין אונטערגעווארפן די קריסטלעכע פעלקער. דערנידעריקטע זענען די יידן עדות פון זייער אומרעכט און אונדזער אמת.

דער ייד דארף זיין דעם קריסטס קנעכט. וועגן דעם ביבלישן פסוק מיט עשיון און יעקבן "דער בכור וועט דינען דעם יינגערן" זאגט אויסגוסטין, דאס באדייט אז דאס פריער געבוירענע יידיש פאלק וועט דינען דעם שפעטער געבוירענם דעם קריסטלעכן" אין איינעם א ווערק (פון קריסטלעכע טעאלאגן) זאגט א זעלבסטצופרידענער קריסט צו א יידן; "די ביסט אוועקגעריסן פון דיין מלוכה, מען לאזט דיר נישט צו דער מאכט, קענסט נישט.קריגן קיין פרעפעקטור, זיין א באאמטער, אין סענאט נעמט מען דיר נישט אן, צו מיליטער - דינסט האסטו נישט קיין צוטריט". דא לייגט צו די קירך איך שטעמפל צו דער גאנצער אנטי - יידישער געזעצגעבונג פון יענער צייט דאס הייסט פון מיטל - אלטער און מיט פארשידענע פארפולקאמונגען ביז הייטיקן טאג. וועגן דער געטלכער מלוכה צייכנט אויגוסטין אין פארן יידישן פאלק יענע לאגע.

זאל די יידן טראגן -זאגט אויגוסטין - זייער קין - צייכן, ביז וואנען זיי וועלן זיך ווענדן צו קריסטוסן. ער גלויבט, אז דאס וועט געשען לפחות, אידער סוועט אנקומען דער שרעקלעכער יום - הדין. דאמאלסט "וועלן יידן נעמען גלויבן אין אונדזער קריסטוסן".

די פארשידענע אקטן פארשפרייטן האס און אנטיסעמיטיזם איז גרויס און לאנג ווי די געשיכטע פון דער קריסטלעכער קירכע, אלע אן אויסנאם זענען אנגענומען אויף קריסטלעכע הייליקע סינאדן צייטנוויז מיט דער באטייליקונג פון מלכים און רולערס, ווייל די קירכע האט געשפילט א דעצידירענטע ראל אין דער ארבעט פון די מלוכישע ארגאנען. אלע ארויסגעגעבענע געזעצן געווענדעט געגן יידן און זייער רעליגיע האבן ארויסגעטראטן

אונטער נאמען "נאוועלן", "קאנאנען" מיט דעם באשטעטיקן זייערע רעליגיעזע אימפליקאציעס.

איינע פון די שארפסטע "קאנאנען" אויסער יוסטיניאנס "נאוועלן" איז 28 קאנאנען וואס רירט אן יידן פון קעניג ערוויג (687 - 680) אנגענומען ביי 12 טן סינאד אין טאלעדא שפאניע אונטערן פארזיץ פון ארציביסקוב יוליאנס פון טאלעדא וועלכער איז געווען דער איניציאטאר און צוזאמענשטעלער פון די "קאנאנען", מען האט גערעדט אז ער שטאמט פון א יידישער משפחה, ער איז געווען דער פארברענסטער שונא פון יידישן פאלק א אויסגעצייכנטער שרייבער, טעאלאג, פון זיין פעדער שטאמען אלע טעאלאגישע חקירות, ציטאטן געצילט אין דער ידישער רעליגיע.

די קאדעקס מיט די "קאנאנען" קען מען באצייכנען ווי די "שווערד פון געזעץ" סאיז ווערט צודערמאנען איינצלנע פון זיי, אין דעם דריטן ארטיקל צו אונטערשטרייכן די רעליגיעזע און רעכטלעכע האנדלונג ציטירט "דאס קעניגרייך פון הימל ווערט גענומען מיט כוח, און די וואס ווענדן אן כוח באקומען דאס" פון דעם די מסקנא אז מען מעג אנווענדן געוואלד לגבי אומגלויביקע.

- "ווען אימיצער פון די יידן וואס האבן זיך ביז איצט נישט געשמד, לאזט נישט אפ זיינע זין אדער זיינע באדינערס צום גלח אויף שמד, און אויב אין משך פון דעם יאר זינט דער געזעץ איז פארעפענטלעך וועט אליין נישט אנעמען דעם שמד, דארף מען אזא פארברעכער באשטראפן: מיט 100 שמיץ, מיט דעלקאוואציע (ארויסרייסן די האר פון קאפ) און צו לעצט פארטרייבן פון לאנד און זיין גאנץ פארמעגן צונעמען".

- "מילה ווערט פארבאטן, שבת און אנדערע יום - טובים טאר מען נישט אפהיטן, פאר אפהיטן די צערעמאניעס און יום - טובים קומט דעם שולדיקן, דעלקאוואציע, שמיץ, קאנפיסקאציע פון פארמעגן, פארטרייבונג."

- "א פרוי וואס דערלאזט אז מען זאל מל זיין איר זון, קומט אפשניידן דעם נאז, צונעמען איר פארמעגן"

- "די יידן זענען מחויב צו פייערן זונטאג און אלע קריסטלעכע חגאות, פאסכע, ניי -יאר דעם טאג פון קריסטוסעס ברית, דעם טאג פון דער הייליקער מאריע א.א.וו. אויב מען וועט אין אזעלכע טעג כאפן א ייד, אדער א יידישער פרוי ביי לאנדווירט שאפטלעכער ארבעט, ביי וועבן וואל און כדומה נאך אזעלכע ארבעטן אין פעלד אדער שטוב, באקומען זיי; 100 שמיץ, סווערט ארויסגעריסן די האר פון קאפ."

- "צו פארזיכערן די אויספירונג דארפן אלע געשמדטע זיין אונטער די השגחה פון די ביסקופן און קומען צו אים אלע שבתים און יום - טובים."

דאס איז אייניקע פון די 28 "קאנאנען" אין דעם קאדעקס וואס שפייט מיט ברוטאלע אנטיסעמיטישע טענדענצן, וואס איז געגן יעדע געזעלשאפטלעכע מענטשלעכע רעגולן וואס האט שוין עקסיסטירט אין יענע צייטן. די קריסטלעכע רולערס האבן מיט "שווערד", דאס הייסט מיט פארשידענע צוואנגס - מיטלען (אויך עקאנאמישע) געשטרעבט צו ליקווידירן די יידישע רעליגיע דורך א אלגעמיינעם שמד, האבן אויך גענוצט אנדערע מעטאדן, מער ראפינירטע ווי למשל אויף 16 סינאד אין טאלעדא איז אויסגעארבעט געווארן א "נאוועלע" אז אלע יידן וואס ווען זיך אפזאגן פון זייער גלויבן און אנעמען דעם קריסטלעכן, וועלן ווערן באפרייט פון אלגעמיינע און באזונטערע שטייערן און צוגעלאזט צו די האפנס (פארטן), און קריסטן וואס קויפן ביי די געשמדטע סחורות, דארפן אויספרווון צי זיי זענען מיט אן אמת גוטע קאטאליקן ביי הייסן די משומדים, אפזאגן א קאפיטל פון דער עוואנגעליע און אויפעסן א שטיק חזיר - פלייש אדער אן אנדער "קריסטלעכע - שפייז.

יידן מעגן נאר האנדלען מיט זייערע גלויבנס - ברידער, "סווערט פארבאטן קריסטן צו האנדלען מיט יידן", יידן איז פארבאטן דעם צוטריט

צו פארטון, אויב א ייד קומט צום פארט האנדלען ווערט קאנפיסקירט זיין סחורה און פארמעגן. יידן דארפן אויך צאלן פאר דעם פאריכטונג פון צושטערטע קירכן.

די יידן פון דער שטאט טולוזע (פראנקרייך) האבן זיך באקלאגט פארן קעניג קארל דעם גרויסן אויף דער ארטיקער קריסטלעכער באפעלקערונג, וואס טוט זיי שלאגן און באליידיקן אין די טעג פון אירע חגאות. האט דער קריסטלעכער סינאד אין 883 אנגעהאלטן אז דאס איז פאליטישער מנהג, אז דריי - מאל אין יאר, ניי - יאר, דעם גוטן פרייטאג פאר פסח, און אין טאג פון הימל - פלי, זאל איינער א ייד פון דער ארטיקער געמיינדע באקומען פון א קריסט א פאטש אין פנים, דער גארבאנער ארציביסקופ האט ארויסגעגעבן א באפעל, אז דער מנהג זאל שטרענג אפגעהיט ווערן, און אז דער וואס איז באשטימט צו באקומען דעם פאטש זאל דערביי דריי מאל אויסרופן "עס איז יושר, אז יידן זאלן בייגן זייער רוקן אונטער די קלעפ פון קריסטן, ווייל זיי האבן זיך נישט געוואלט בייגן פאר קריסטוסן", דער בארבארישער מנהג איז נאך אפגעהיט געווארן אין 11 טן יארהונדערט.

די אלגעמיינע עקאנאמישע באדינגונגען אפילו אין פעדואלן סיסטעם איז אין לויף פון יארן זיך וואס א מאל שטארקער אנטוויקלט, סאיז אויך געוואקסן די פראדוקציע וועלכע האט געזוכט אפזאץ פלעצער, גראפן, הערצאגן, באראנען, לארדן לאנד - באזיצער האבן זיך איבערצייגט, אז די פאפסטן מיט זייערע פאלש ערהאבערטע גיטער, וואס צאלן נישט קיין שטייערן ווי אויך נוצן אומזיסטע ארבעטס - הענט אין א גרויסן מאסשטאב, און פון דער צווייטער זייט דאס באגרעניעצן די רעכט פון די יידן און זייער ארויסטרייבונג, די שרעק פון שמד האט אויך באצוואונגען פיל יידן צוזוכן אנדערע פלעצער ווו סהאט געהערשט א מער מענטשלעכער צוגאנג צו די יידן און זייער רעליגיע. מען דארף צוגעבן אז פיל יידן האבן זיך פארנומען מיט האנדל אייניקע אין א גרויסן פארנעם, צווישן די יידן האט זיך אויך געפונען מענטשן מיט גרעסערע קאפיטאלן, וואס איז אומבאדינגט נויטיק געווען פאר ווייטערדיקע אינוועסטיציעס און אנטוויקלונג.

די אלע אויבנדערמאנטע גראפן און פעדואלן האבן פון די ערשטע אנגעהויבן צו איגנארירן די אנטי - יידישע געזעצן ארויסגעגעבן פון די סינאדן, פאפסטן, ארציביסקופן און אפילע קעניגלעכע, זיך גענומען משתדל - זיין ביי די רולערס פון די מלוכות מאטיווירן די גרויסע שאדנס פאר דער גאנצער עקאנאמיע די פאנאטישע געזעצן.

פון 18 טן יארהונדערט ווען די נייע ווינטן בלאזן מיט מער פרייהייט פאר די פעלקער און אינדיווידואלן מענטשן, ווי אויך א באפרייהונג פון רעליגיעזע דאגמעס און פאלשע איינשטעלונגען, דאן קומט אויך א ענדערונג אין אנטיסעמיטישע אויפנעמונגען. דער אנטיסעמיטיזם דערווייטערט זיך פון די רעליגיעזע דאגמעס און גייט איבער אין דער ספערע פון נאציאנאליזם, פאטריאטיזם און אירע פארטייען און ארגאניזאציעס וועלכע הויבן אן צו נוצן אנטיסעמיטיזם אלס א ווערקצייג אין ערהאבערן מאכט און איינפלוסן. אזוי ארום רעגירונגען געשאפן דורך פארטייען מיט אנטיסעמיטישע טענדענצן ווערן די ווייטערדיקע טרעגערס אין פארשפרייטן דעם אנטיסעמיטישן גיפט.

אין דער צייט פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע ביז 1880 - 1870 דאס איז דער פעריאד פון עמאנציפאציע און גלייכבארעכטונג פון יחיד, קלאס, און פעלקער. אין דעם פעריאד מערקט זיך אפארלייכטערונג, פארקלענערונג אין אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען. פון 1882 מערקט זיך ווידער אפארשטארקונג פון אנטיסעמיטיזם אין רוסלאנד ווערט דער אנטיסעמיטיזם איינגערעכנט אין דער אלגעמיינער אימפעריאליסטישער פאליטיק פון דעם צארישן רעזשים, א גרויסע כוואלע פון

אנטיסעמיטישע אומרוען ווי אויך דאס ארויסטרייבן די ידן פון די דערפער און א קאנפיסקירונג פון זייערע פארמעגנס.

אין 1894 אין פראנקרייך די דרייפוס אפערע און אויפשטייג פון אנטיסעמיטיזם. אין משך פון ערשטן קווארטל אין 20 טן יארהונדערט נאטירן מיר א דעקליין פון אנטיסעמיטיזם, ליידער אין צוזאמענהאנג מיט דער רעוואלוציע אין 1917 אין רוסלאנד, וואס א טייל פירערס זענען געווען יידן שרייבט מען צו "דער יידישער באלשעוויזם". אין 1933 דער טריאומף פון היטלערן ברייינגט צו א אלוועלטלעכן וווּקס פון אנטיסעמיטיזם, פראפאגאנדירט, פארסירט דורך רעכטע און פאשיסטיש געשטימטע ארגאניזאציע.

דער פראגראם פון דער נאציאנאל - סאציאליסטישער פארטיי וואס איז אין א גרויסן מאסשטאב געווען געצילט געגן יידישן פאלק, האט אין א שנעלן טעמפא פאראורזאכט אנשטייהונגען פון אולטרא פאשיסטישע ארגאניזאציעס, ווי אין פראנקרייך: די "קאגולארדס" (די קאפישאנען - מען), אונגארן "פייל און קרייץ", ענגלאנד "די בריטישע פאשיסטישע יוניאן", אמעריקע "גערמאן - אמעריקאן בונד" און די "זילבערנע העמדער", די שווארצע העמדער אין איטאליע און פיל אין אנדערע לענדער.

נאך דער מלחמה אין 1945 יאר פארלירט דער אנטיסעמיטיזם דעם גרונט אין די מערב לענדער און אמעריקע און ווערט אבסארבירט אין סאוויעט - רוסלאנד און מזרח - אייראפעאישע לענדער, נאך דער אנשטייהונג פון מדינת - ישראל אויך אין די אראבישע לענדער, דער אנטיסעמיטיזם פארלירט נישט זיין שארפקייט נאר טוישט איבער זיין נאמען אויף "אנטי - ציוניזם".

די קריסטלעכע רעליגיע די פאקטישע אינציאטארן, פארלייגער פון אנטיסעמיטיזם האבן אין די קאשמאר - גרוילעכע טעג ווּ מיליאנען יידן זענען אזוי אכזריש אומגעבראכט געווארן פון קריסטוסעס נאכפאלגער, איז נישט דערהערט געווארן דער פראטעסט פון דער קאטוילישער העריארכע, אדער א "עקסקאמוניקא" (חרם) אויף היטלערן און זיינע א הענגערס איז נישט געקומען אין באטראכט, מען האט זיך נאר באגנוגט באשפריצן מיט הייליקע וואסער די היטלעריסטישע מיליטערישע איינהייטן אלס א בלעסונג אין זייער מארש אין איינשטעלן א נייע ארדנונג אין אייראפע און אין דער גאנצער וועלט.

וועגן דעם ראל וואס דער וואטיקאן האט געשפילט אין די פארגאנגענע צייטן איז ביי היינטיקן טאג דראסטיש פיל זיך נישט געענדערט אויסער א אויבערפלעכלעכע פארפוצונג פון די ארויסגעזאגטע מיינונגען. סאיז פשוט אונמעגלעך צו פארשטיין פארוואס דער וואטיקאן וויל נישט אנערקענען אונדזער מדינה, אפשר ווייל דאס הייסט אנערקענען אונדזער רעליגיע, אלס א רעליגיע ווי איסלאם, בודיזם אדער אנדער רעליגיע, צי ווייס נישט דער פויפסט אז יעזוס איז געבוירן געווארן אין ישראל און דאס ביי א יידישע מאמע וואס דער נאמען איז געווען מרים, נאר שפעטער פארביטן אויף מאריע, אזוי ווי שמעון כיפא איז געווארן פיטער, און שאול- פאול, אבער יהודה איז געבליבן יהודה. אפשר בעסער אין באנוצונג אין ארטאגראפישן מיין אויף "יודאש".

די פייערלעכע אויפנאמונג אין וואטיקאן פאר דעם נאצי - אפיצער קורט וואלדהיים און די רע - וויזיט פון פויפסט אין עסטרייך באווייזט גענוג קלאר, אז קיין גרויסע ענדערונגען איז אין וואטיקאן נישט פארגעקומען. מען דארף נישט און מען טאר נישט פארגעסן אז דער איצטיקער פויפס יאן - פאוועל דער צווייטער (יאן וואיטילא) שטאמט פון דער שטארק גלויביקער כמעט פאנאטישער קאטויליש - פוילישער קירכע, וואס האט א לאנגע היסטאריע פון ראדיקאלע שטעלונגען אין רעליגיעזע ענינים, און סאיז אונטער א פראגע - צייכן אויב סוועט דערגיין אין דער נאנטסטער צוקונפט צו

דערמאקראטישע מער פראגרעסיווע ענדערונגען אין דער פאליטיק פון וואטיקאן.

לעצטנס ווי מיר באמערקן ווייזט זיך שפורן אין דער קריסטלעכער הערארכייע, עפעס צו טאן אין דער ריכטינג צו פארבעסערן די באציהונגען מיטן יידישן פאלק און איר רעליגיע.

דאס יידיש פאלק מיט איר גייסטרייכער קולטור, ליטעראטור אינטעלעגענץ, געניאלעטעט און טעאלאגישע וויסן און כוחות, טאר נישט אויפגעבן דעם קאמף מיט די וואטיקאנישע פירערס ביז דעם מאמענט, פון באזייטיקן אלע געשריבענע, געפריידיקטע שטעלן, וואס צילט אין ארויסברייינגען נעגאטיווע שטעלונגען צו אונדזער רעליגיע, מדינה און אונדזער פאלק.

# די יזכור — רשימה

שאפונגען אין ליכט פון דער צייט קאנדעסירט
און פונאנדערגעשפרייט אין די טיילן פון יזכור-בוך

דאקומענטן, מאטעריאלן פון פארשידענע קוועלן.
א טייל פון דער קארעספאנדענציע
געבונדן מיטן ארויסגעבן דעם יזכור בוך

# יזכור - רשימה

די רשימה פון די וואשילקאווער יידן וואס זענען אומגעבראכט געווארן פון די נאצי - דייטשישע מערדער אין די יארן 1939 - 1945.

"זאל דער פעלקער מארד פארבלייבן א אייביקע שאנדע - פלעק אויפן דייטשישן פאלק און א שווארצע פלאמע אויפן געוויסן פון דער מענטשהייט".

## כבוד די קדושים

די רשימה האט צוזאמענגעשטעלט לעאן מענדעלעוויטש, אויפן סמך פון זכרונות, קאנפראנטאציעס מיט וואשילקאווער תושבים און אייניקע אפיציעלע דאקומענטן.

עס איז מעגלעך דורכגעלאזטע אדער פארדרייטע נעמען ווי אויך אנדערע נישט פינקטלעכקייטן.

## א

| | |
|---|---|
| סטאליאר | איטשקעס |
| פרוי | איטשקעס |
| שילערן | איטשקעס |
| יאנקל | איטשקעס ברודער |
| יחיאל | אינקער |
| פריידע | אינקער |
| ראובן | אינקער |
| רחל | אינקער |
| פייוול | אינקער (פורמאן) |
| פרוי | אינקער |
| שילערן | אינקער |
| א קינד | אינקער |
| זיידקע | פון אלעשקאווסקעס |
| מאיר | אינקער (קראם/סוחר) |
| חיה | אינקער |
| ליבע | אינקער |
| יאכע | אינקער |
| ליבעס | מאן |
| שיינע/דבורה | אינקער |
| שרקה | אינקער |
| וועלוול | אינקער (סוחר/הארא‏דניאנקער) |
| פרומע | אינקער |
| גבריאל | אינקער (זיידקע) |
| פריידל | אינקער |
| שיע | אינקער |
| רחל | אינקער |
| גיטעלע | אינקער |
| משהלה | אינקער |
| שמואל | אינקער |
| פסח | אבראמאוו (אפטייקער) |
| ראזע | אבראמאוו |
| שילערן | אבראמאוו |
| שילערן | אבראמאוו |
| מר. | אנימאן (לוינקעטניק) |
| שרה | אנימאן (עפרויטשיקס) |
| בריינע | אווסיי (בעקעריי) |
| טאכטער | אווסיי |
| דירעקטאר | אמדורסקי (לונסקעס פאבריק) |



## ב

| | |
|---|---|
| הערצקע | באריקאן |
| יאנקל | באריקאן (האלץ/סוחר) |
| פרוי | באריקאן |
| משה | באטלאי |
| מר. | בורשטיין |
| פרוי | בורשטיין |
| שילער | בורשטיין יבנה שול |
| שילער | בורשטיין יבנה שול |
| שמואל | באטלאי |
| דוד | באטלאי |
| פרוי | באטלאי |
| חייקל | באטלאי |
| בערל | ביבער |
| פרוי | ביבער |
| פסח | ביבער |
| חיה/דבורה | ביבער |
| יונה | ביבער |
| יאנקל | ביבער (בייכעלע) |
| הינדע | ביבער |
| א קינד | ביבער |
| שאכנע | ביבער (וועבער/מייסטער) |
| גיטל | ביבער |
| א קינד | ביבער |
| זלאטע | באטקאווסקי |
| אבע | באטקאווסקי |
| רבקה | באטקאווסקי |
| יאסל | בערעק |
| פרוי | בערעק |
| חיהלע | בערעק |
| משהלה | בערעק |
| חיים | באכראך |
| פרוי | באכראך |
| דוד | באכראך |
| זוסמאן | באכראך |
| שמואל/יוסף | ביבער |
| פרוי | ביבער |
| פסח | ביבער |
| חוה | ביבער |

## ג

| | |
|---|---|
| מאיר | גענעשיער |
| פרוי | גענעשיער |
| אשר | גענעשיער |
| טייבעלע | גענעשיער |
| שמואל | גאלדבערג (בויער/סוחר) |
| פרוי | גאלדבערג |
| יוסף | גאלדבערג |
| נאדיא | גאלדבערג |
| א קינד | גאלדבערג |
| פריידל | גאלדבערג |
| שליימקער | גאלד |
| איטשקע | גענעדעק (איטשקע באבעלעס) |
| פרוי | גענעדעק |
| א מיידל | גענעדעק |
| א זון | גענעדעק |
| א מיידל | גענעדעק |
| עליע | גאטליב |
| חנה | גאטליב |
| א קינד | גאטליב |
| אסתר/רבה | גאטליב |
| ישכר | גארפיין |
| לייטשע | גארפיין |
| א קינד | גארפיין |
| ניסל | גרושקין (א שוסטער) |
| פרוי | גרושקין |
| שיינע/ריווע | גרושקין |
| משהל | גרושקין |
| א שילער | גרושקין |
| מולע | גארפיין |
| גיטל | גארפיין |
| א קינד | גארפיין |



מענדל גארפיין
פרוי גארפיין
מיישקע גארפיין
וועפקע גארפיין
דירעקטאר געלבערד (פארעצקעס פאבריק)
פרוי געלבערד
גרשון געלבערד
מר. גאלדבערג
נחמה גאלדבערג (פערעלמאן)
א שילערן גאלדבערג
א קינד גאלדבערג

## ד

יהודה דרייער
חיה דרייער

## ה

ישראל היילפרן דער לעצטער רב
מרים היילפרן
שמואל היילפרן
היהלה היילפרן
משהל היילפרן

## וו

כאנע ווייס
פרוי ווייס
אברהם ווייס
שמואל ווייס
פריידל ווייס
א קינד ווייס
לייבעטשקע וויניק פארא זא ווס קי
סולקע וויניק פארא זא ווס קי
דבורה וויניק
יונה וויניק
פייזול וויניק

רייזל וויניק (גאטליב)
א קינד וויניק
פורמאן ווילטשעק
פרומע ווילטשעק
מאיר ווילטשעק (פורמאן)
לייבל ווילטשעק (שוסטער)
מערי ווילטשעק
זלמען וועלער (בוץ)
פרוי וועלער
שילערן וועלער
זיידל וועלער
בערל ווייס
פרוי ווייס
דוד ווייס פון טשארנאוויעש
פרוי ווייס
באבע ווייס
אורעמל ווייס
איצל ווייס
ראזע ווייס
משהל ווייס
בריינטשע ווייס
שעפסל וויניק
חנה וויניק
אברהם וויניק (זונעלע)
דאבע וויניק
א מיידל וויניק
שילערן וויניק
אלטער וויגדער
מינדעלע וויגדערס
פרושקע וויגדערס
מאטיע ווייס (אונטערנבאד)
חיים ווייס (חיים מאטיעס)
יעקב/משה וויניק (דער העלד)
פרוי וויניק
זיידל וויניק
פייגעלע וויניק
שבע וויניק

| | |
|---|---|
| עליע | וויגדערס (אפזשיריק) |
| פרוי | עליעס |
| שיע | עליעס (מאנגעלע) |
| פיניע | ווערניקער |
| ראזע | ווערניקער |
| אווראמקע | וויניק |
| חייקע | וויניק |
| שבע | וויניק |
| מר. | וואנסאווער שמיד |
| פרוי | וואנסאווערס |
| זון | וואנסאווער |
| זון | וואנסאווער |
| שילער | וואנסאווער |

## ז

| | |
|---|---|
| דוד | זעלמאן |
| פרוי | זעלמאן |
| חיה | זאדווואראנסקי |
| מאלקע | זאדווואראנסקי |
| מאלקעס | מאן |
| שילערן | זאדווואראנסקי |
| א קינד | זאדווואראנסקי |
| ישראל | זבאר (פייפיכעס איידעם) |
| רישקע | זבאר |
| נפתלקע | זבאר |
| סענדערקע | זבאר |

## ט

| | |
|---|---|
| מיישקע | טראכימאווסקי (סטאליער) |
| פרוי | טראכימאווסקי |
| וועלוול | טראכימאווסקי |
| שיינדל | טראכימאווסקי |
| רייזל | טראכימאווסקי |
| זלאטקע | טראכימאווסקי |
| באשקע | טראכימאווסקי |
| טעוול | טראכימאווסקי (פידלער) |
| איטשע | טשערניכאווסקי |
| פייגל | טשערניכאווסקי |
| חיים | טשערניכאווסקי |
| שמואל | טשערניכאווסקי |
| חיים | טשאפניק (צוקערניע) |
| פרוי | טשאפניק |
| שילערן | טשאפניק |
| גרשון | טשאפניק (פאפיר קראם) |
| פרוי | טשאפניק |
| שילערן | טשאפניק |

## י

| | |
|---|---|
| מיישקע | יענטשמעניק |
| פעשע | יענטשמעניק |
| חיים | יענטשמעניק (אינזשיניער) |
| לייטשע | יענטשמעניק |
| שליימקע | יענטשמעניק |
| פרוי | יענטשמעניק |
| מוניאק | יענטשמעניק |
| חאצקל | יוראוויעצקי (בלעכער) |
| מנוחה | יוראוויעצקי |
| חנה/אסתר | יוראוויעצקי |
| מדרכע | יוראוויעצקי |
| סראלקי | יוראוויעצקי |
| מיניע | יודאווסקי |

## כ

| | |
|---|---|
| יעקב | כהן (טארטאק) |
| שיינע | כהן |
| הירש | כהן |
| מירקע | כהן |
| לייזער | כהן |
| שליימקע | כהן (האלץ/סוחר) |
| נוח | כהן |
| שרה | כהן |
| עטל | כהן |



| | |
|---|---|
| יודקע | כהן |
| שיינע | כהן |
| איצל | כהן (טארטאק) |
| חי/שרה | כהן |
| ראזע | כהן |
| חאצקל | כאנאצקי (שוסטער) |
| פרוי | כאנאצקי |
| משה | כאנאצקי |
| ארהן | כאנאצקי |
| שרה | כאנאצקי |
| חוה | כאנאצקי |
| שלמה | כהן (צוקערניע) |
| שיינע | כהן |

## ל

| | |
|---|---|
| יאנקל | ליפשטיין (גלאוואצקי) |
| אסתר | ליפשטיין |
| וועלוול | ליפשטיין (סאריעס) |
| זלאטקע | ליפשטיין (פייפיכעס) |
| לייבל | לענטשינער |
| באשקע | לענטשינער |
| א קינד | לענטשינער |
| ארציק | לעווין |
| פרוי | לעווין |
| א מיידל | לעווין |
| א מיידל | לעווין |
| א זון | לעווין |
| שילער | לעווין |
| משהל | לעווין |
| אסתר | לעווין |
| דבורה | לעווין |
| מר. | לענטשינער (שמאטניק) |
| פרוי | לענטשינער |
| יאסל | לענטשינער |
| יאנקל | לענטשינער |
| עלקע | לאפינסקי |
| מוטער | לאפינסקי |
| דוד | ליוואר |
| מינדעלע | לעווין (שניט קראם) |
| מינדעלעס | מאן (לאקציאוווער) |
| פייגעלע | לעווין |
| שמואל | לעווין |
| חיה | ליטווין |
| דוד | ליטווין |
| פרוי | ליטווין |
| משהל | ליטווין |
| א קינד | ליטווין |
| מאיר | ליטווין |
| פרוי | ליטווין |
| פרוי | לאשיצקי (דער שמידס) |
| חיים | לאשיצקי |
| חייקע | לאשיצקי |
| יאסל | לופאטשיכעס |
| פרוי | יאסלס |

## מ

| | |
|---|---|
| יעקב/משה | מועד (מזיקים) |
| זלמען | מועד (האלץ בראקער) |
| הערשל | מועד (בויאק) |
| שרה | מועד |
| א קינד | מועד |
| רייזל | מועד |
| בלומע | מועד |
| משה | מועד |
| פרוי | מועד |
| שילער | מועד |
| שילער | מועד |
| משה/יודל | מענדעלעוויטש |
| גיטל | מענדעלעוויטש |
| יאסקע | מיעלניצקי |
| ביילע | מיעלניצקי |
| לייבל | מיעלניצקי |



| | |
|---|---|
| ארהן | מיעלניצקי (סאווקע) |
| לייטשע | מיעלניצקי |
| ניסקע | מועד (פורמאן) |
| פרוי | מועד |
| דאנטשע | מועד |
| שרה | מועד |
| יאסל | מועד |
| זלמען | מועד |
| משה | מועד |
| ביילע | מועד (פעסלס) |
| א קינד | מועד |
| מר. | מארקוס (זייגער/מאכער) |
| פרוי | מארקוס |
| שילער | מארקוס |
| אברהם | מענדעלעוויטש |
| זעלדע | מענדעלעוויטש |
| איטקע | מענדעלעוויטש |
| זלמן | מענדעלעוויטש |
| שלום | מענדעלעוויטש |
| מענדל | מאנדלקערן |
| פרוי | מאנדלקערן |
| איטקע | מאנדלקערן |
| הינדע | מאנדלקערן |
| חיים/ארציק | מיעלניצקי (פיעטשקע) |
| אסתר | מיעלניצקי |
| ארקע | מיעלניצקי |
| יעקב/משה | מועד (שמש גרויסן בית המדרש) |
| חיים | מועדס (א איידעם) |
| פרוי | מועדס טאכטער |
| שילער | מועדס |
| שילער | מועדס |
| עפרויטשיק | מועד (בעל/עגלה) |
| פרוי | מועד |
| שמואל | מועד |
| פרוי | מועד |
| א קינד | מועד |
| שילערן | מועד |

| | |
|---|---|
| בערטשיק | מועד |
| רחל | מועד |
| לייזער | מאזור |
| פרוי | מאזור |
| אסתר | מאזור |
| נחום | מאזור |
| יאסעלע | מאסיאנדז (שמיד) |
| פרוי | מאסיאנדז |
| דוד | מאסיאנדז |
| לייבל | מאסיאנדז |
| פעשקע | מאסיאנדז |
| פייגל | מאסיאנדז |
| פייווקע | מועד (מזיקים) |
| עטל | מועד (בריוו/שרייבערן) |
| מרדכי | מאלער (שמיד) |
| פרוי | מאלער |
| אלטער | מאלער |
| הערשל | מאלער |
| פרוי | מאלער |
| א קינד | מאלער |
| איטשקע | מישקין |
| פרומע | מישקין |
| חיים | מישקין |
| בערל | מישקין |
| פרוי | מישקין |
| א קינד | מישקין |
| מאטקע | מישקין (קצב) |
| פרוי | מישקין |
| א מיידל | מישקין |
| חיים | מישקין |
| אווראמקע | מישקין (איידעם) |
| פרוי | אווראמקעס |
| א קינד | אווראמקעס |
| א קינד | אווראמקעס |
| ארציק | מינקין |
| וועלוול | מאשעס |
| פרומע | מאשעס |



| | |
|---|---|
| א מיידל | מאשעס |
| מוטער | מאשעס |

## ס

| | |
|---|---|
| פסח | סוד |
| סולקע | סוד (קאץ) |
| נעלי | סוד |
| מאטקע | ספעקטאר (קאסטנמאכער) |
| פרוי | ספעקטאר |
| אורעמל | ספעקטאר |
| דבורקע | ספעקטאר |
| א מיידל | ספעקטאר |
| משה/ארהן | ספעקטאר (שוסטער) |
| פרוי | ספעקטאר |
| פסח | ספעקטאר |
| פעשקע | ספעקטאר |
| ריווע | ספעקטאר |
| סראלקע | סערייסקי (בעקעריי) |
| רחל | סערייסקי |
| שילערן | סערייסקי |
| שיע | סראלוש (סאדע וואסער) |
| פרוי | סראלוש |
| סולקע | סראלוש |
| דניאל | ספעקטאר (דאנטשע) |
| שוועסטער | ספעקטאר |
| בערל | ספעקטאר (פורמאן) |
| פייגל | ספעקטאר |
| מיניע | ספעקטאר |
| רבקה | ספעקטאר |
| רייזע | ספעקטאר (רייזעטשקע) |
| עליע | ספעקטאר (פורמאן/וועבער) |
| פרוי | ספעקטאר |
| מייטע | ספעקטאר |
| חיים | ספעקטאר |
| מיניע | ספעקטאר |
| יאסל | ספעקטאר |
| ראזע | ספעקטאר |
| א קינד | ספעקטאר |
| זיידקע | סאקאלאוויטש (מוליער) |
| באשע | סאקאלאוויטש |
| שמואל | סאקאלאוויטש |
| כאנע | סאקאלאוויטש |
| שיע | סאקאלאוויטש |
| חיה | סאקאלאוויטש |
| מוליע | ספעקטאר (פורמאן) |
| פרוי | ספעקטאר |
| זעליג | ספעקטאר |
| מייטע | ספעקטאר |
| ברוך/שלמה | ספעקטאר (סטאליער) |
| פרוי | ספעקטאר |
| חיים | ספעקטאר |
| א מיידל | ספעקטאר |
| משה | ספעקטאר |
| לייבל | ספעקטאר (פולטארע) |
| גיטל | ספעקטאר (פאליאק) |
| שילערן | ספעקטאר |
| א קינד | ספעקטאר |
| עליע | ספעקטאר (אונטערנשטאט) |
| פרוי | ספעקטאר |
| ברוך/לייב | ספעקטאר (האלץ סוחר) |
| מיניע | ספעקטאר |
| וועלוול | ספעקטאר |
| א מיידל | ספעקטאר |

## פ

| | |
|---|---|
| הערשקע | פאלאפיששקעס |
| טאכטער | פאלאפיששקעס |
| חיע/רבקה | פישער |
| ליפע | פישער |
| פייוול | פישער |
| מולע | פישער |
| שלום | פישער |



| | | | |
|---|---|---|---|
| יעקב/ארהן | פילשטשיק | א קינד | מלכהס |
| רייזל | פילשטשיק | ניסל | פערלשטיין |
| חאצקל | פילשטשיק | מערי | פערלשטיין (שייטליס) |
| פרומע | פילשטשיק | שמעון | פערלשטיין |
| יאנקל | פילשטשיק | פרוי | פערלשטיין |
| פעשקע | פילשטשיק (ביבער) | א קינד | פערלשטיין |
| װעלװל | פילשטשיק | אלטער | פאלק |
| מר. | פעקאלאק | פרוי | פאלק (ראטאװיעצקי) |
| הינדע | פעקאלאק | װעלװל | פאלק |
| שילערן | פעקאלאק | פרוי | פאלק |
| משהל | פאצוק (באבע/רובנס) | לייבע | פערלשטיין |
| גיטל | באבע רובנס | פרוי | פערלשטיין |
| מוטער | באבע ראובן | כאנע | פערלשטיין |
| אברהם | פאליאק | פריילן | פערלשטיין |
| מירטשע | פאליאק | מאטקע | פארבער |
| א קינד | פאליאק | פרוי | פארבער (װיניק) |
| יאסל | פערלשטיין | ברוך | פארבער |
| רבקה | פערלשטיין | שמחה | פארבער |
| אװרעמל | פערלשטיין | פרוי | פארבער (שׂפירה) |
| ניסל | פערלשטיין | א קינד | פארבער |
| שילערן | פערלשטיין | זלמן | פאנימאנסקי |
| שמולקע | פערלשטיין (קצב) | גיטל | פאנימאנסקי |
| רחל | פערלשטיין | איסר | פערלשטיין |
| כאנע | פערלשטיין | מינדל | פערלשטיין |
| פרוי | פערלשטיין | באשקע | פערלשטיין |
| א קינד | פערלשטיין | צינע | פערלשטיין |
| איצל | פערלשטיין | לייבל | פערלשטיין |
| הינדע | פערלשטיין | פרוי | פערלשטיין |
| כאנע | פאליאק | לייבל | פערלשטיין |
| גיטל | פאליאק (מינקין) | פרוי | פערלשטיין |
| איטשקע | פערלשטיין | סראלקע | פרעס (בעקעריי) |
| שיינע | פערלשטיין | פרוי | פרעס |
| חיים | פערלשטיין | ירוחם | פרעס |
| כאנע | פערלשטיין | שילער | פרעס |
| פרוי | פערלשטיין | מיישקע | פאליאק |
| מלכה | פערלשטיין | גרונטשע | פאליאק |
| מלכהס | מאן | משהל | פאליאק |



| | |
|---|---|
| א מיידל | פאליאק |
| יאנקל | פאליאק (באלמעלאכע) |
| פרוי | פאליאק |
| הערשל | פאליאק |
| מאטקע | פרך |
| פרוי | פרך |
| רייזל | פארעצקי |
| שרה | פערעלמאן (יודאווסקי) |
| משהל | פערעלמאן |

## ק

| | |
|---|---|
| שמעון | קראפינסקי (דער גלעזער) |
| געדאלקע | קראפינסקי |
| גיטל | קראפינסקי |
| ירחמיאל | קראפינסקי |
| חיה | קראפינסקי |
| ישראל | קראפינסקי |
| עבערטשיכע | קרינסקי |
| ירחמיאל | קרינסקי |
| מירקע | קאץ |
| נפתלי | קאץ |
| ברוך | קאץ |
| ברוך | קראוויעץ |
| פרוי | קראוויעץ |
| לייבל | קראוויעץ |
| שמעון | קראוויעץ |
| פרוי | קראוויעץ |
| שילערן | קראוויעץ |
| מיילאך | קאטאן (לאשינצער שניידער) |
| פרוי | קאטאן |
| מר. | קאלינסקי (בונד -פירער) |
| פרוי | קאלינסקי |
| משהל | קאלינסקי |
| שילערן | קאלינסקי |
| יאסל | קרינסקי |
| ביילע | קרינסקי |
| עטל | קרינסקי |
| סראלקע | קרינסקי |
| שילער | קרינסקי |
| סאנע | קרעטשמער |
| פרוי | קרעטשמער |
| שמואל | קרעטשמער |
| שמולקע | קרינסקי |
| בלומע | קרינסקי |
| א קינד | קרינסקי |
| א קינד | קרינסקי |
| מר. | קאוואלסקי (חזן/שוחט) |
| פרוי | קאוואלסקי |
| לייזער | קאוואלסקי |
| ברכה | קאוואלסקי |
| סארטשע | קאוואלסקי |
| פרוי | קאפלאן (קאפלאניכע) |
| חאצקל | קאפלאן |
| פריילן | קאפלאן |
| טעוול | קאמען (בעל תפילה) |
| פרוי | קאמען |
| יאכע | קאמען |
| זאשע | קאמען |
| יאנקל | קאמען |
| שרקה | קאמען |
| א קינד | קאמען |
| יעקב | קראווטשיק (ראטמאן) |
| פרוי | קראווטשיק |
| לייבל | קראווטשיק |
| שילער | קראווטשיק |
| שילערן | קראווטשיק |
| זיידקע | קאגאן (פועלי/ציון) |
| פרוי | קאגאן |
| וועלוול | קאגאן |
| פריילן | קאגאן |
| א מיידל | קאגאן (ביבליאטעקארן) |

## ר

משה ראגאווסקי
יודל ראגאווסקי
שפרה ראטאוויעצקי
בערל ראטאוויעצקי
רבקה ראטאוויעצקי
לאה ראטאוויעצקי
מרדכי ראגאווסקי (פורמאן)
פרוי ראגאווסקי
ארהן ראגאווסקי
מיישקע ראגאווסקי
בחור ראגאווסקי
מרדכי/עליע ראטאוויעצקי (קעסטל מאכער)
פרוי ראטאוויעצקי
עטל ראטאוויעצקי
יוסף ראטאוויעצקי
שילערן ראטאוויעצקי
ביילע ראבינאוויטש
מרים ראבינאוויטש
עלקע ראבינאוויטש
שמחה ראבינאוויטש
רחל ראבינאוויטש
איטשקע ראטאוויעצקי (לוינקעטניק)
פרוי ראטאוויעצקי
יוסף ראטאוויעצקי
חיים ראטאוויעצקי (קאקאטש)
פרוי ראטאוויעצקי (זעלמאן)
א קינד ראטאוויעצקי
אורעמל ראטאוויעצקי
געצל רובין
לאה רובין
זרח ראטאוויעצקי
פרוי ראטאוויעצקי
א קינד ראטאוויעצקי

## ש

מאשע שוסטער
מאטל שוסטער (מיל)
רבקה שוסטער
משהל שוסטער
שילער שוסטער (פיפטשיק)
פרוי שוסטער
יוסף שוסטער
סאניע שוסטער (שייטליס)
שליימקע שוסטער (דער יאנאווער)
משהל שוסטער
שאכנע שלאכטער
מיישקע שלאכטער
אברהם שניידער
באבציע שניידער
מולקע שטאבינסקי
בלומע שטאבינסקי
פייוול שטאבינסקי (פידלער)
דודל שטאבינסקי
חייקע שטאבינסקי
יאנקל/העניעס שטערנפעלד
פרוי שטערנפעלד
הענאך שטערנפעלד
פרוי שטערנפעלד
נחום שטערנפעלד
אורעמל שטערנפעלד
איזאק שטערנפעלד
מרדכע שלאכטער (קצב)
פרוי שלאכטער
א מיידעלע שלאכטער
בעניאמיכע שנייער (גאלאנטעריע)
מרדכע שנייער (ראטמאן)
פרוי שנייער
א קינד שנייער
אברהם שטערנשוס (קראס)
פרוי שטערנשוס
חנה שטערנשוס
גיטל שטערנשוס



| | |
|---|---|
| הערשל | שטערנשוס |
| שיע | שטערנשוס |
| שפרינצע | שטערנשוס (גוטקעס) |
| פרץ | שטערנפעלד |
| סאלטשע | שטערנפעלד (אקושערקע) |
| רעגינע | שטערנפעלד |
| אליע | שטערנפעלד |
| אברהם | שטערנפעלד |
| איזאק | שטערנפעלד (גיבור) |
| שלמה | שלאכטער |
| פרוי | שלאכטער |
| מאיר | שפירה |
| פרוי | שפירה |
| וועלוול | שפירה |
| שיינע | שפירה |
| שמחה | שפירה |
| שלמה | שלאכטער (סטאליארניע) |
| ישראל | שלאכטער |
| פרוי | שלאכטער |
| א קינד | שלאכטער |
| פרוי | שפירה (דער שמידס) |
| הירשל | שפירה |
| פרוי | שפירה |
| סראלקע | שפירה (האלץ/סוחר) |
| פרוי | שפירה |
| עלי | שפירה (עלקאנע) |
| שרקה | שפירה |
| מרדכי | שלאכטער |
| רחל | שלאכטער |
| יוסף | שלאכטער |
| סאניע | שלאכטער (סאריעס) |
| א קינד | שלאכטער |
| ראבון | שפירה (בעקעריי) |
| פייגל | שפירה |
| שילער | שפירה |
| א קינד | שפירה |
| מאטיע/פישל | שטאבינסקי פארא זא ווס קי |

| | |
|---|---|
| פרוי | שטאבינסקי פארא זא ווס קי |
| פאטער פון פרוי מרדכי הערש | |
| מוטער פון פרוי שרקה | |
| זיידקע | שווארץ (וועבער) |
| פרוי | שווארץ |
| ארהן/שמעון | שווארץ (קצב) |
| מייטע | שווארץ |
| משהל | שווארץ |
| שילער | שווארץ |
| איטשקע | שפירה (מצבה שרייבער) |
| באבע | שפירהס |
| דוד | שטומער (דער געלער) |
| יודל | שייטליס (לוינקעטניק) |
| פרוי | שייטליס |
| הענאך | שייטליס |
| מר. | שטיין |
| פרוי | שטיין |
| מר. | שמוקלער |
| שרקה | שמוקלער |
| איטשע | שטאבינסקי (שמיד) |
| פרוי | שטאבינסקי |
| דוד | שטאבינסקי |
| ישכר | שטאבינסקי |
| מאטיע | גרשון (וואסער/פירער) |
| שיינע/ריווע | -שרה זעלדעס |
| באשקע | -שרה זעלדעס |
| שרה | טויבע |
| שרה/טויבעס | טאכטערס |
| שרה/טויבעס | אייניקל |
| שמחה | דער שטעפער |
| פרוי | שמחהס |
| שילער | שמחהס |
| א קינד | שמחהס |
| שמואל דער יאנאווער | |
| פרוי דעם יאנאווערס | |
| איטשקע | דער סטאליער (נעבן כאטשקען) |



| | | | |
|---|---|---|---|
| דער | יורש | רחל | וועלוול דעם לערערס |
| די | יורעשטע | פרידע | טאכטער |
| דער | סטאַוויסקער | עטל | וועלוול דעם לערערס |
| פרוי | סטאַוויסקער | שילערן | עטלס |
| משהל | סטאַוויסקער | זיידקע | דער יאַנאָווער שניידער |
| דוד | סטאַוויסקער | פרוי | זיידקעס |
| שילער | סטאַוויסקער | דער | סמאַליער |
| שרה.. | זעלדע | טייבעלע | ווו דער ארקיעסטער |
| פעסל | צוקערניע | מאַניע | טאכטער טייבעלעס |
| עזל | שרה קאַטשקעס איידעם | פריילן | סטוזשיאַנקער |
| פרוי | עזלס | שוועסטער | סטוזשיאַנקער |
| משהל | עזלס זון | חיי/שרה | די גאַרבאַטיכע |
| א קינד | עזלס | חאַצקל | נעכעס (בעקער) |
| בערל | יעקב/משה איידעם (בעל תפילה) | פרוי | חאַצקלס |
| פרוי | בערלס | שוויגער | חאַצקלס |
| שילער | בערלס | ארהקע | וויניק (אווראַמקעס) |

# יתגדל ויתקדש שמיה רבה...

נשמות כל בני עירנו, קהילת הקודש וסילקובה הייד, אשר מתו בטרם זמנם מות קדושים וגיבורים, אשר עונו נרצחו, נקברו חיים, הורעלו ונשרפו בידי טמאי אדם, הנאצים וגרוריהם.

אלה שאנו יודעים ויכולים לציין את שמם וזכרם ואלה, אשר לצערנו ויגוננו אין אנו יודעים אין אנו יכולים לציין את שמם - כולם, כולם, ייזכרו לעד בספר הזיכרון של קהילתנו ונשמתם תהא מרחפת בקרבנו וצרורה אתנו, החיים והמתאבלים על חורבן בית אבות ומולדת וסילקובה.

די נשמות פון אונדזער הייליקער קהילה וואשילקאָווע וואָס זענען אומגעקומען פאַר דער צייט. פאַרפייניקט, דערמאָרדעט, לעבעדיק באַגראָבן פאַרסמט אין די גאַז קאַמערן און אויטאָ - מאַשינען, פאַרברענט טויטע און האַלב - לעבעדיקע אין די אויוונס פון די טויט -לאַגערן, שולן בתי מדרשים פעלדער און וועלדער דורך די דייטשישע נאַצי מערדער און זייערע מיטהעלפער.

די וואָס מיר געדענקען און פאַרצייכענען זייער נאָמען און די וואָס מיר געדענקען נישט לײדער און קענען נישט פאַרצייכענען זייער נאָמען - אַלע, אַלע זאָל אויף אייביק דערמאָנט ווערן אין דעם יזכור - בוך, און זאָל זייער נשמה שוועבן צווישן אונדז, און זאָל פאַרבונדן ווערן מיט אונדז לעבעדיקע, וואָס טרויערן און באַוויינען דעם גרויסן חורבן פון אונדזער היימשטעטל וואַשילקאָווע.

# שאפונגען

אין דעם טייל פון שאפונגען אין דעם יזכור - בוך וואס איז גלייכצייטיק אויכעט א געשריבענער פנקס, וואס נעמט ארום בריוו באשרייבונגען פון װאשילקאװער איינוואינער וועלכע נישט פיל זענען פארבליבן אין פארשידענע לענדער אויף דער וועלט.

א ספעציעלן רעספעקט פאר די פערזאנען וואס פארמאגן געזעלשאפטלעכע און מאראלישע ווערטן ווי אויך קוראזש אין פארם פון א געשריבענעם ווארט, ארויסצוברענגען די רעפלעקסיעס און די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט אין רעספעקטירן די הומאניטארע אייגנשאפטן פון דער מענטשהייט און דעם יידישן ביישטייער.

א אינטערעסאנטן טיף אידעאלאגישן ארטיקל געשריבן ביי צבי (הערשעלע) הײלפרן (זייט 121) אין 1934 יאר אין די שריפטן פון דעם קבוץ "בוני - ציון" אין אסטראוו - מאזאוויעצק, וו ער האט זיך געפונען אויף א הכשרה פאר עולה זיין נאך ארץ - ישראל. זייער אינטערעסאנט איז דער אויסדרוק.."סאיז ענדלעך געקומען די צייט די דאזיקע אלע פונקען צונויפזאמלען און פונאנדערבלאזן" די פונקען דאס איז די אידייעס, וועלכע דארפן צעפלאקערט ווערן אין די הערצער פון יעדן ייד. דאס הייסט ווי ער שרייבט ווייטער.."מיר גייען צעמענטירן א געזעלשאפט פון מענטשן וואס זאלן קודם - כל דינען די פאלקס אינטערעסן "דאס איז געווען די וויזיע פון די מענטשן - חלוצים אין דעם אויפבויווערק פון אונדזער מדינה.

אין דעם בוך געפינט זיך פאלקסטימלעכע זכרונות פון דער שטעטעלע װאשילקאװע איבערגעגעבן אין פשוטע ווארעמע ווערטער ווי א טריבוט צו דער פארגאנגענהייט פון די שוועסטערס חנה און רבקה פערלשטיין. אין אירע זכרונות פארהאלט זיך רבקה פערלשטיין אויף די יארן אלס א שילערן אין דער יידישער שלום - עליכם שולע וו די דערציונג איז געווען דורכגעפלאכטן מיט ליבשאפט צו ארבעט, ארבעטס - מענטשן און צו די ברייטע פאלקס מאסן. די זיסקייט פון יענע יארן טראגט זי נאך ביז היינטיקן טאג (זייט 40, 78) .

די טייל פון מיינע פערזענלעכע שאפונגען וואס איך ברענג אין דעם בוך זענען אין מערסטע פאלן געדרוקט געווארן אין דער יידישער פרעסע אין מעלבורן, ליטעראריש בלעטער און קראניקלס. די שאפונגען זענען א דורכגעדרונגען מיט טרייסט און דער מוטיקונג אין אויפהאלטן די גייסטיקע ווערטן פון יידישן פאלק, ווי אויך נישט פארגעסן די וויכטיקייט פון די עלעמענטן ווי קאמף. און ווידערשטאנד וואס איז א אינטעגראלער טייל אין אויסדויער און המשך. די הויפט געדאנקען זענען דעפיניטירט אין דעם ליד "געדענק" וואס די מאטא איז.." אייביק געדענקען! אז פארן לעבן דארף מען קעמפן און נישט, אומזיסט אים שענקען" (זייט 166).

א פאעמע "וועגן" פון דער ווייטער היסטארישער פארגאנגנהייט (זייט 17) .

א עסייאישע קאמפאזיציע "האט דער טייוול פארלאזן אונדזער פלאנעט"

א קריטישן אנאליז פון די סאוויעטישע מיליטערישע כוחות אין דער צווייטער וועלט - מלחמה. אונטערן קעפל "די צווייטע וועלט מלחמה".

אנדערע טיף באלערנטע, אקטועלע פראבלעמען אין דער צייט פון ארויסגעבן דעם יזכור - בוך ווי..אפארטהייד און טעראר", -"איז מעגלעך א נייער קרייץ - צוג" . א פארקירצטע ארבעט וועגן דעם אויפשטאנד אין ביאליסטאקער געטא אין ליכט פון היינטיקער צייט, אין פארם פון א רעפעראט געהאלטן אויף א ביאליסטאקער טרויער אקאדעמיע אין מעלבורן אויסטראליע (זייט 175) .

לידער געווידמעט דעם יובל פון אונדזער מדינת - ישראל, אויסער דעם א פארשידענע סעלעקציע פון אינטערסאנטע שאפונגען.

- א גרעסערע ארבעט אין א מער דעטאלן קאנטעקסט, איז די געשיכטע פון אונדזערע גרעסטע 3 מלכים שאול, דוד, שלמה אין ליכט פון דער נייער צייט.

אין שייכעס מיטן וואקסנדיקן אנטיסעמיטיזם אויף דער וועלט וואס ווערט אויסגעניצט פון פינצטערע ווי אויך פסיידא אינטילעגענטן אין ספערע פון דער מעדיא און עפענטלעכע ארויסטרעטונגען. ברענג איך פאר די לייענער פון דעם בוך א ווערט פולע ארבעט באזירט און דאקומענטאלע מאטעריאלן אונטערן קעפל "די ווארצלען פון אנטיסעמיטיזם" (זייט 184).

די שאפונגען וואס איך ברענג אין דעם מעמאריאל פנקס, דאס איז א קליינער צאל פון די מאטעריאלן וואס האט געדארפט ערשיינען אין א בוך - פארם, אבער צוליב געוויסע סיבות אפגעלייגט געווארן.

אין די יארן וואס מיין יידיש שטעטל וואשילקאווע איז געווארן א גייסט אן א וועזן, האט זי אין מיינע געדאנקען געשטאנען ווי א לעבעדיקע געאטעמט געברויזט, מיט איר גייסטיקער אנוועזנהייט, און געפאדערט שאפן אין דער ריכטונג נייע קאנצעפציעס פון בטחון און האפענונגען. ווי אויך איינגלידערן די וויטאליטעטקייט פון קאמף פאר דעם קיום פון אונדזער פאלק.

דאס האט זיך בייגעשטייערט אין צוזאמענבינדן דעם יזכור - בוך מיט די שאפונגען, אז די שטאט וואשילקאווע זאל ווערן א טייל פון אונדזער רייכער ליטעראטור אין אלע צווייגן און עפאכעס פון דער יידישע געשיכטע.

מיר יידן דארפן און מוזן אין א געשריבענע פארם איבערוויזן פאר יידן און נישט יידן פון איצטיקע און קומענדיקע דורות, די הומאניטארע זייט פון דער יידישער געשיכטע אין דעם געראנגל פאר זיין עקסיסטענץ, ווי אויך די נעגאטיווע דערשיינונגען פון דער ארומיקער וועלט. מיט אלע מאראלישע ווערטן איז נייטיק אויסצופארמען די גלויבונג, אז דער המשך פון אונדזער פאלק און מדינה געפינט זיך אין אונדזערע הענט, געבונדן מיט אונדזער האנדלונג און אפפערוויליקייט.

לעאן מענדעלעוויטש

## לעאן מענדעלעוויטש

# מאמענטן פון דער יידישער געשיכטע

*טייל איינס*

די געשיכטע פון יידישן פאלק איז פארשטענטלעך געבונדן מיט דער אלוועלטלעכער געשיכטע פון דער מענטשהייט, אזוי ארום פארמאגט זי פאראלעל מיט די פאזיטיווע אויך נעגאטיווע זייטן אין פארמירן און קשטאלטירן דעם יידישן פאלק, וועלכע מיר רעפרעזענטירן אויף דעם פארום פון היינטיקע פעלקער.

די קענטעניש אנאלאגישע פארשטענדניש פון דער וועלט געשיכטע און פון אירע פעלקער, די אנשטייהונג פון ראסן פון דעם אור מענטשן אן, די דריי פעריאדן שטיין - צייט בראנז און אייזן צייט, די סאציאלע קולטורעלע און טעכנישע אנטוויקלונג, דאס איז אגרויסער פעלד פון שטודירונגען דאקומענטן, פארשידענע מאטעריאלן, ארכעאלאגישע אויסגראבונגען און היפאטעזן באזירט אויף באגרינדעטע אויסרעכנונגען.

לויט די באהויפטונגען פון ארכעאלאגן, פילאזאפן, פארשערס און וויסנשאפטליכער איז מען געקומען צום קאנקלוזיאן (מסקנה) אז דער מענטש עקסיסטירט שוין ארום 240.000 יאר. אזוי ארום איז דאס א לאנגע וועג אין דער אנטוויקלונג פון דעם מענטשן און דער מענטשלעכער ראסע.

די כונה פון דעם ארטיקל איז צו באלויכטן געוויסע מאמענטן פון אונדזער יידישער געשיכטע וואס איז באזירט, אויף גאנץ גענויע באשרייבונגען ווי אין דער תורה, תנך, משנה, ביבל און פארשידענע פירושים און אויך פון מאדערנע פארשער און היסטאריקער. אין איבערגיין צו דעם פעריאד פון אונדזערע פירער, נביאים, מנהיגים און מלכים נאכן פארלאזן מצרים ווי אויך נאך מתן - תורה אויפן בארג סיני. איז נייטיק זיך אפשטעלן אויף דעם פעריאד פון אונדזערע גרעסטע דריי מלכים. שאול, דוד און שלמה דאס איז אומגעפער 950-1070 פאר קרייץ. מען טאר נישט פארגעסן אז נישט אומזיסט ווערן די דריי יידישע מלכים פארעכנט פאר די גרעסטע אין אונדזער יידישער געשיכטע, ווייל זיי האבן געשאפן אונדזער מלוכישקייט ביז זיי זענען מיר געווען א עדה א גרופע יידן געהערנדיק צו איין רעליגיע אבער נישט קיין פאלק מיט א אייגן לאנד מיט פאליטישע רעכטן און זעלבסשטענדיקייט.

ביז היינטיקן טאג גרויסן מיר זיך מיט די היסטארישע ווערטן פון יענער צייט, אז מיר זענען געווען א זעלבסשטענדיקע גרויסע מלוכה מיט אייגענע קעניגן וואס די היסטאריע קען דאס נישט פארלייקענען.

מען מוז קלאר פעסשטעלן אז די שפיל פון פארטייען, גרופן אינטריגעס, פאראט און מערדער אין ערהאבערן די מאכט צו ווערן א קעניג, אדער איינהאלטן די ערהאבערטע מאכט איז געווען א נארמאלע דערשיינונג ביי יידן ווי ביי אנדערע פעלקער ווי גריכן, רוימער, עגיפציאנער, באבילאנער און אנדערע, נישטקוקנדיג וואס די יידן אין יענער עפאכע האבן שוין פארמאגט די לוחות ווי אויך אפגעהיט טיילן פון דער תורה וואס משה האט זיי איבערגעגעבן, און זענען נישט געווען געצן - דינערס.

אבער אויסער די נעגאטיווע זייטן פון אינטריגעס, מחלוקות א.אז.וו. האבן די דריי יידישע קעניגן מיט דער הילף פון אנדערע פירערס אויפגעטאן די גרעסטע וויכטיקסטע זאכן אין באפעסטיקן אונדזער לאנד ארויסגעיאגט די פארשידענע אקופירער, פארזיכערט די אומאפענגיקייט פון דער יידישער מלוכה, ווי אויך קריסטאליזירט און

אנטוויקלט די קולטורעלע און טעכנישע פייאיקייטן ווי אין בויאונג, ערד - ארבעט, שיף - בויאונג, טעקסטיל מאניפאקטורינג, האנדל, ליטעראטור און אנדערע. גלייכצייטיק איז דאס פאלק געווארן מער געאייניקט, צונויפגעגאסן מיט דער לאנד זיך דערנענטערט צו רעליגיעזע איינשטעלונגען פון תורת משה. די יידישע מלוכה איז געווארן א גלייכע מיט אנדערע פעלקער אין דעם ראיאן. דאס יידישע פאלק האט דערגרייכט צו א פאראייניקונג פון אלע שיכטן און שבטים, סאיז אומפראפארציאנעל געוואקסן די פאטריאטישקייט נאציאנאלער באוווסטזיין ווי אויך גרייטקייט צו באשיצן אירע פאלקישע ווערטן און אומאפענגיקייט.

דאס לעבן און אנטוויקלונג פון די יידן און יידישן פאלק קען מען פארנאנדערטיילן אין דריי פעריאדן; דער ערשטער פעריאר ווען זיי זענען געווען וואנדערער, נאמאדן, אן א לאנד. דער צווייטער פעריאד ווען זיי האבן ערהאבערט לאנד, אנגעהויבן צופירן ערד - ארבעט אויף א פערמאנענט אוועגעזעצטן באדן. דער דריטער פעריאד דאס איז די ארגאניזאציע פון א פאליטיש - מלוכישן לעבן מיט א אייגענעם קעניג, כהן - גדול און אנדערע אינסטאנצן.

ביז דער אנטוויקלונג פון דריטן פעריאד האט געהערשט ביי די יידן א פאטריארכישער סיסטעם, דער פאטריארכישער פירער אין יענער צייט איז געווען שמאול הנביא. אויף די פאדערונגען פון די יידן אז דער נביא זאל באשטימען א קעניג וועלכער וועט קעמפן מיט די שונאים און פארטיידיקן די אינטערעסן פון דעם גאנצן יידישן פאלק, האט שמואל פון אנהויב נישט גערן געוואלט מסכים זיין אז מען זאל האבן א קעניג, אבער אויף דער קאטעגארישער שטעלונג פון א גרויסן טייל פון יידישן פאלק האט שמאול הנביא באשטימט שאולין פון שבט בנימין אלס דער ערשטער קעניג פון יידישן פאלק.

פון אנהויב איז שאול נישט אנערקענט געווארן פון אלע יידן, אבער ווען שאול האט באזיגט די בני עמון וועלכער האבן דאן באלאגערט די שטאט יבש גלעד, דאן האט דאס גאנצע פאלק אים אנערקענט אלס זייער קעניג.

שאול ארגאניזירט די ערשטע סטאבילע יידישע ארמיי וועלכער איז באשטאנען פון 3000 סאלדאטן און אפיצערן. אין דער צייט פון מלחמות פלעגן פיל פרייוויליקע צושטיין צו דער ארמיי. די הויפט פירער פון דער ארמיי זענען געווען שאול און זיין העלדישער זון יונתן. שאול האט מיט זיין ארמיי צוקלאפט די פלשתים און זיי ארויסגעטריבן פון די שטעט וואס זיי האבן פריער פארכאפט. ער האט אויך צוקלאפט די כוחות פון די עמלקים וואס האבן באדראט די זעלבסשטענדיקייט פון דער מדינה.

שאול איז געווען רעליגיעז געשטימט און געפאדערט פון פאלק אפצוהיטן דעם יידישן גייסט, טראדיציע און תורת משה. ער האט ארויסגעטריבן די פארשידענע מכשפים, טרעפעס וואס זענען געווען פארשפרייט איבערן גאנצן לאנד. שאול האט געלעבט בשלום מיט שמאול הנביא און רעליגיעזע פירערס.

אין דער צייט פון שאול'ס הערשאפט האט א נייע פיגור זיך באוויזן אויף דעם האריזאנט פון יידישן לעבן וואס האט ערווארבן פול רעספעקט דאס איז געווען א פאסטוך פון בית - לחם אויפן נאמען דוד, ער איז געווארן זייער פאפולער ספעציעל נאכן טויטן דעם ריז פון די פלשתים גלית, וועלכער האט באדראט די יידישע לאנד. דוד האט זיך שטארק באפריינדעט מיט שאול'ס זון יונתן און געווארן א וואפן - טרעגער ביי שאול'ן.

דוד האט זיך אויסגעצייכנט אין די קאמפן און געווארן א פולקאווניק אין שאול'ס ארמיי, ער איז געווען זייער א פייאיקער מיט א טרוימישן כאראקטער און שטארקער נייגונג צו מוזיק און פאעטרי.. חתונה געהאט מיט מיכל שאול'ס יינגסטע טאכטער.

דער נאמען דוד איז געווארן שטארק פאפולער ביי גרויסע שיכטן פון דער באפעלקערונג ווי אויך עפענטליכע ארויסזאגונגען אז דוד וואלט געווען א בעסערער קעניג פון שאולין, דאס האט שטארק פארדראסטן שאולין און אנגעהויבן נאכפאלגן דודין ווי אויך דודיס אנהייגער, געדראט מיט טויט שטראף פאר יעדן איינעם וואס וועט זיי הילף ערטיילן. דער כעס און האס צו דודין אמבעסטן אילוסטרירט דער פאקט, ווען דוד איז אנטלאפן פון שאולס הויז האט ער מיט זיך גארנישט מיטגענומען און איז אריינגעלאפן אין דער הויז פון כהן -גדול אחימלך נישט ווייסנדיג אז שאול זוכט צוכאפן דודין האט אים געגעבן דאס וואס ער האט פארלאנגט. ווען שאול האט זיך דערוווסט וועגן דעם האט ער געהייסן טויטן דעם כהן - הגדול אחימלכין מיט אלע כהנים, סיהאט זיך נאר געראטוועט איין זון אויפן נאמען אביתר וועלכער איז באצייטנס אנטלאפן צו דודין.

אין דער האנדלונג פון שאולין קען מען קלאר פארשטיין אז צו פארזיכערן און אויפהאלטן די מאכט, האט מען געטאן אלע סארט אומרעכטיקייטן וואס זענען געווען געגן דער לערנונג פון דער תורה און אנגענומענע עטישע רעגולן. פון דאנעט דרינגט ארויס מיינונגען אז די נידערטרעכטיקע האנדלונגען פון פארשידענע נישט יידישע רולערס, קעניגן, פירער, זענען געירשנט געווארן ביי יידישע מלכים און גענוצט אין אזעלכע אנשטאנענע פאלן.

דודיס גרופע איז באשטאנען פון אייניקע הונדערטע מענטשן, אויסער יידן האט צו דער גרופע צוגעשטאנען אויך נישט יידן ספעציעל פון חתים, פלשתים און אנדערע וועלכע זיינען נישט געווען צופרידן מיט שאוליס הערשאפט. די גרופע האט גע-וואנדערט ארום יהודה און אנדערע ערטער כדי זיך ראטעווען פון די פארפאלגונגען פון שאולין און זיין ארמיי. ביי די ענד איז דוד מיט זיין גרופע קעמפערס אריבער צו די פלשתים צו אכישן דעם קעניג פון גת, וועלכער האט אויפגענומען דודין מיט אפענע ארעמס.

אכיש האט אין יענער צייט געפלאנירט א מלחמה מיט שאוליס מלוכה, און געהאפט אז דוד מיט זיין גרופע קעמפערס וואס זענען פיינדלעך געשטימט צו שאולין וועט אים צו העלפן אין דער מלחמה. ווען די מלחמה האט זיך צופלאקערט צווישן די פלשתים און די יידן, האט דער קעניג פון די פלשתים נישט גענומען דודין מיט זיין גרופע צו דער מלחמה, ווארשיינליך האט ער מורא געהאט אז דוד זאל אים נישט פאראטן.

אין דער גרויסער שלאכט וואס האט זיך אנטוויקלט אין די בערג פון גלבוע צווישן די יידן און פלשתים, האבן די יידן געליטן א גרויסער מפלה, אין די קאמפן איז געפאלן דער יידישער קעניג שאול מיט זיינע זין און פיל העלדישע קעמפערס סיהאט זיך נאר געראטעוועט איינער פון שאוליס זין אויפן נאמען איש בשת.

אנאליזירן די האנדלונג פון דודין מיט זיין גרופע מוז מען קלאר אונטערשרייכן, אז דאס איז געווען א קאלאסאלער פעלער וואס דער קעניג פון די פלשתים האט גוט אויסגענוצט פאר זיינע פלענער און צו געאיילט די מלחמה געגן דער יידישער מלוכה. כאטש דוד האט נישט גענומען קיין דירעקטן אנטייל אין דער מלחמה, אבער דאס באווייזט אז די יידישער כוחות זענען נישט געווען געאייניקט און נישט ווילנדיק האט דוד צוגעלייגט א האנט אין דער גרויסער יידישער מפלה, און דעם טויט פון קעניג שאול מיט זיינע זין און פיל קעמפערס.

דודיס שולד איז פיל גרעסער ווען נעמען אין באטראכט אז ווען דוד איז אנטלאפן פון שאולין און געקומען צו שמואל הנביא אין רמה, האט דאן שמואל הנביא נאך א נענטערע באקאנונג מיט דודין אים געזאלבט אלס קעניג פון דער יידישער מלוכה אנשטאט שאולין. כאטש די טראן ד.ה. כסא המלכות האט געהאלטן ווייטער שאול, אבער די מאראלישע פילונג אז ער איז געזאלבט געווארן פאר דעם יידישן קעניג האט געדארפט משפיע זיין אויף דער פאלשער

דעציזיע איבער צוגיין צו די פלשתים.

שאול דער ערשטער יידישער קעניג האט אין גאנצן געקעניגט צוויי יאר דער יידישער צייט - רעכנונג 2884 - 2882 און איז העלדיש געפאלן אין דער מלחמה מיט די פלשתים. ער איז געווען יונג און זייער א פייהיקער און קלוגער הערשער, רעליגיעז געשטימט. העלדיש געקעמפט מיט די שונאים און פארשטארקט די גאנצקייט פון דער יידישער מלוכה און לאנד, ער האט ארגאניזירט די ערשטע סטאבילע רעגולארע ארמיי און איינגעשטעלט א ארגאניזירטן מלוכישן לעבן מיט אלע נויטיקע אינסטאנצן. וועגן שאוליס העלדישקייט איז ווערט צו פארצייכנען אז אין דער לעצטער שלאכט מיט די פלשתים איז ער געווארן טויטלעך פארוואונדעט האט ער זיך דאן אפגערופן צו זיין וואפן - טרעגער "נעם מיין שווערד און שטעך מיר א דורך ווייל איך וויל נישט אריינפאלן צו די פלשתים" דער וואפן - טרעגער האט דאס נישט געוואלט טאן דאן האט שאול זיך אנגעלייגט אן זיין שווערד און צום טויט זיך דורכגעשטאכן. אזוי איז געפאלן דער ערשטער יידישער קעניג פון אונדזער פאלק און פון אונדזער לאנד.

באטראכטן דעם סיסטעם פון פירן א מלוכה מוז מען פעסטשטעלן, אז דער סיסטעם מוז אומבאדינגט זיין אנגעשפארט אויף די ברייטסטע מאסן פון דער באפעלקערונג און אירע פארשטייערס, ביי שאולן און ביי אנדערע יידישע מלכים איז דאס איגנאריט געווארן. איבעראל האבן זיי געשטרעבט צו זיין אליינהערשער, און פארטריבן אדער דערהרגעט פרעטענטירטע געגנערס וועלכע האבן געהאט אנדערע מיינונגען.

אין הינזיכט פון פירן א מלוכה ווייזט זיך ארויס, אז דער רוימישער סיסטעם איז געווען דער בעסטער אין יענער צייט, א מער ליבעראלער פון דער בעגינונג און שטארק אין דער וווקס און פארשפרייטונג פון דער רוימישער אימפעריע.

# מאמענטן פון דער יידישער געשיכטע

*טייל צוויי*

## דוד המלך

דער צווייטער מלך ביים יידישן פאלק איז געווען דוד אין דער צייט אפשניט פון 1030 - 990 פאר קרייץ (יידישע צייט רעכנונג 2924 - 2884), נאכן טויט פון שאול המלך וועלכער איז געפאלן און דער מלחמה מיט די פלשתים. א גרויסער טייל פון יידישן פאלק האט אנערקענט שאולס זון איש בשת אלס דעם קעניג פון פאלק, וועלכער האט זיך באזעצט אויף דער צווייטער זייט פון ירדן - טייך.

דוד וועלכער איז געקומען פון פלשתים לאנד, האט זיך באזעצט אין יהודה אין דער שטאט חברון. די באפעלקערונג פון יהודה וועלכע האבן געשאצט דודן אלס א גרויסער מיליטערישער פירער און העלד, האבן אים געקרוינט אלס זייער קעניג.

אין שייכות מיט דעם האט זיך אנטוויקלט א פיינלעכע סיטואציע פארן פאלק מיט צוויי קעניגן. עס האט זיך געשאפן פארטיעס געגנזעצלעכע איינע צו דער צווייטער, סאיז אויך דערגאנגען צו בלוט פארגיסונגען צווישןביידע קעניגן מיט זייערע ארמייען. אין דער שפיץ פון דוד׳ס ארמיי איז געשטאנען יואב און אין דער שפיץ פון איש - בשת ארמיי איז געווען אבנר (שאולס א פעטער) אין איינעם פון די קאמפן צווישן די ביידע ארמייען האט אבנר דערהרגעט יואבס א ברודער און פארדערפאר האט יואב געזוכט א געלעגנהייט ווי צונעמען נקמה אין אבנרן פארן טויט פון זיין ברודער.

אזא טאקע געלעגנהייט האט זיך געמאכט, ווייל סאיז ריכטיג אויסגעבראכן א קריג צווישן אבנרן מיט זיין קעניג איש - בשת און אבנר מיט א טייל פון זיינע אנהייננגער האבן איבערגעגאנגען צו דודן, ווי אויך גלייכצייטיק אים אנערקענט אלס דער קעניג איבערן גאנצן פאלק.

יואב האט אוסגענוצט אבנר׳ס איבערגיין צו דודן, און האט אים דערהרגעט אלס נקמה פאר זיין ברודער. און דער זעלבער צייט האבן צוויי אפיצערן געמאכט א פארשווערונג געגן דעם קעניג איש - בשת און אים דערמארדערט, אפגעשניטן די קאפ און געבראכט צו דודן, סאיז געווען קלאנגען אז דוד האט צוגעלייגט א האנט צו דער פארשווערונג אבער ווי סהאט זיך ארויסגעוויזן זענען דאס געווען פאלשע קלאנגען. דוד האט שטארק באוויינט דעם קעניג איש - בשת און די צוויי אפיצערן האט ער צום טויט פארמשפט.

אזוי ארום איז דוד געווארן דער איינציקער קעניג איבערן גאנצן יידישן פאלק. די יידן האבן געגלויבט און געהאפט אז דער מלך דוד וועט איינשטעלן ארדנונג אין לאנד נאך דער צו- שפליטערקייט וואס האט זיך געשאפן, אין דער קורצער עפאכע פון די צווי קעניגן, ווי אויך גלייכצייטיק באשיצן דאס פאלק און לאנד פון די ארומיקע שונאים.

דוד המלך קען מען פארעכענען אלס דער גרעסטער, מעכטיקסטער און בעסטער קעניג אין אונדזער יידישער געשיכטע, כאטש אין זיין פריוואטן לעבן איז נישט אלעס געווען אזוי ווי סוואלט געדארפט צוזיין, אבער ווען מען לייגט אויפן שאל (וואג) די פאזיטיווע עלעמענטן פון זיין אויפטועכץ פארן יידישן פאלק און, די נעגאטיווע זייטן פון זיין פריוואטן לעבן קען מען קלאר אונטערשטרייכן, אז ביז אים און נאך אים איז נאך נישט געווען אזא קעניג ווי דוד המלך, וואס האט געשאפן און צעמענטירט די אידישע מלוכה, געבונדן מיט א אייגן לאנד און א פירינדיקער כוח צווישן די ארומיקע פעלקער אין דעם ראיאן.

דאס ערשטע אויפטועכץ פון דודן איז געווען, צו שאפן א פאליטישן, מלוכישן און רעליגיעזן צענטער פאר דעם גאנצן יידישן פאלק. נאך א

געניירן אנאליז האט ער אויסגעפונען, אז דער בעסטערפונקט וואלט געווען די שטאט ירושלים וועלכע איז געלעגן אויפן בארגפלאך פון יהודה - בערג 750 מעטער איבערן ים פלאך צווישן די שבטים פון יהודה און בנימין.

די שטאט אין יענער צייט האט זיך געפונען אין די הענט פון פאלק יבוסי און שטארק באשיצט דורך דער פעסטונג ציון וואס האט זיך געפונען אויף א הויכן בארג. דוד אויסנוצנדיג זיינע מיליטערישע פייהיקייטן, האט אטאקירט און איינגענומען די שטאט ירושלים און די פעסטונג ציון, באזעצינדיק זיך אליין אין דער שטאט ירושלים וועלכע איז דערנאך פארבליבן די רעזידענץ פון אלע יידישע קעניגן און הערשערס. צייטנווייז פלעגט מען רופן די שטאט אויף זיין נאמען "עיר דוד" (דודס שטאט), ער האט אויך געבראכט קיין ירושלים דעם ארון הקודש, אויפגעבויט א אהל (געצעלט) ווי אויך א מזבח צו ברענגן קרבנות, און באשטימט א כהן - גדול אביתר דער זון פון אחימלך וועלכן שאול האט דערמארדעט.

עס ווערט דערציילט אז די תפילות (גאטס - דינסטן) איז געווען אויסגעפירט מיט פאעטישע געזאנגען און לירישע מוזיק וואס דוד אליין האט פארפאסט, מען מוז דא דערמאנען אז דוד האט פארמאגט פאעטישע און מוזיקאלישע פייהיקייטן, וועלכע פיל פון זיי קען מען געפינען אין אונדזערע תפילות ביי היינטיקן טאג.

די פלשתים זעענדיק ווי דוד ארגאניזירט דעם יידישן פאלק און ווי דאס פאלק ווערט שטארקער פון טאג צו טאג האבן באשלאסן נישט צו דערלאזן צו דעם, אנהויבנדיק א מלחמה געגן די יידן אטאקירנדיק אין פארשידענע טיילן פון לאנד. דוד מיט זיין גוט ארגאניזירטער ארמיי איז וועלכע סהאט זיך געפונען א אפטיילונג פון דרייסיק גיבורים האבן צעקלאפט אלע אטאקעס פון פלשתים און זיי ארויסגעטריבן פון יידישן לאנד, גלייכצייטיק צוגענומען ביי די פלשתים די שטאט גת מיט איר אומגעגנט. די מפלה פון די פלשתים האט געבראכט די ענד פון זייערע חלומות צו באהערשן דאס יידישע לאנד.

נאך דער באזיגונג פון די פלשתים האט זיך דוד גענומען צו די אנדערע פעלקער וועלכע האבן פיל מאל באדראט דעם קיום פון דער יידישער מלוכה, ער האט צעקלאפט די פעלקער פון מואב, עמון און אדום. פון די עמונים האט ער איינגענומען זייער הויפט - שטאט רבת און פון ארם די הויפט - שטאט דמשק, ער האט אויך באזיגט די בני אדום און באזעצט מיט ווינצע - קעניגן די באזיגטע לענדער.

אזוי ארום איז די אידישע מלוכה געווארן זייער מעכטיק, סאיז געווארן א אימפעריע, יידן אין דודס צייטן זענען געווארן די מעכטיקסטע פאלק פון כמעט גאנץ מיטל - מזרח. צו פארשטארקערן די מאכט האט דוד ארגאניזירט א סטאבילע ארמיי פון יידישן פאלק, ווי אויך א ארמיי פון געדונגענע זעלנער פון פלשתים און חתים. דער קאמאנדיר פון דער סטאבילער ארמיי איז געווען ווי פון פריער יואב, און פון געדונגענע בניהו. דוד האט אויך א דורכגעפירט א פאלקס - ציילונג וועלכע האט געדויערט ארום 9 מאנאטן מיט 20 טעג.

די פאלקס - ציילונג האט באוויזן אז אין לאנד געפינט זין ארום 1 מיליאן מיט 300,000 מענער וועלכער זענען פייהיק צו טראגן געווער און קעמפן אין דער ארמיי, לויט דער פאלקס - ציילונג קומט אויס אז אין לאנד האט זיך געפונען ארום 5 מיליאן איינוווינער, סאיז גאנץ מעגלעך אז צווישן זיי איז געווען אויך פון אנדערע פעלקער וועלכע האבן זיך אסימילירט מיט די יידן, ווייל דער קעניג דוד האט זייער ליבעראל און מענטשלעך באהאנדלט די איינוווינער פון אנדערע פעלקער. דודס פריוואטער פאמיליע לעבן איז געווען שטארק ענלעך צו די אנדערע אזיאטישע קעניגן און הערשערס, ער האט געהאט פיל ווייבער וואס האט דערפירט צו גרויסע ארומרייסענעשן און צו גרויסע טראגעדיעס אין די

שפעטערדיקע יארן פון זיין הערשאפט.

די ערשטע פרוי מיכל שאולס טאכטער האט קיין קינדער נישט געבראכט, פון די אנדערע ווייבער האט ער געהאט אמווייניקסטן 17 זין ווי אויך פיל טעכטער אין "שמואל ב.ה. פסוק יג ווערט געזאגט - ויולדו עוד לדוד בנים ובנות" (דאס הייסט אז סאיז געבוירן נאך זין טעכטער). עס איז נאר דערמאנט דער נאמען פון דער טאכטער תמר און פון די איבעריקע טעכטער איז די נעמען נישט דערמאנט, פון די זין איז כדאי אויסצורעכענען אייניקע נעמען וועלכע האבן געשפילט א געוויסע ראלע אין באשרייבן די געשיכטע פון דוד המלך און יידישן פאלק, דאס איז די נעמען אמנון, אבשלום, אדוניהו און שלמה.

שלמה איז געווע. ן דער זון פון בת - שבע די פריערדיקע פרוי פון זיין גענעראל אוריה אין וועלכער דוד האט זיך פארליבט און האט איר מיט גרויס אומרעכט צוגענומען פון איר מאן, וואס האט זיך אנטוויקלט אין א עפענטלעכן סקאנדאל.

דוד האט ארויסגעשיקט א ספעציעלן קוריער צו דעם הויפט קאמאנדיר פון זיין ארמיי יואב, און באפוילן צו שיקן דעם גענעראל אוריה אויף דעם געפערלעכסטן טייל פון דעם פראנט, ווי אויך נישט ערטיילן קיין הילף ווען ער וועט פאדערן. אזוי איז געפאלן אין שלאכט דער העלדישער גענעראל אוריה וואס איז מאנטירט דורך דודין.

נאכן טויט פון אוריה האט דוד צוגענומען בת - שבע פאר איינע פון זיינע ווייבער. אויף דעם שארפן קריטיק פון נתן הנביא האט דוד אנערקענט זיין שולד און האט אפגעגעבן פיל צייט פאר תפילה און פאסטן, אז גאט זאל אים מוחל זיין פאר זיין זינד.

דער צווייטער פאמיליע סקאנדאל איז געווען וואס אמנון דער עלטסטער זון פון דודן האט געשענדעט זיין שוועסטער תמר (גאנץ מעגלעך א שטיף - שוועסטער) און אבשלום אפצווישן די שאנד פון זיין שוועסטער האט דערמארדערט אמנונען. דוד האט זיך שטארק אויפגערעגט אויף אבשלומין פארן טויט פון זיין עלטסטן זון, דאן איז אבשלום אנטלאפן פון דודס הויז צו תלמי בן עמיחור דער מלך פון גשור (אין מחנים עבר הירדן) ביי וועלכן ער איז פארבליבן 3 יאר. אבשלום איז געווען זייער א שיינער יונג און אלע האבן אים ליב געהאט (אויסער דוד), צו ענד האט אבשלום ארגאניזירט א אויפשטאנד געגן זיין פאטער דודין, ערקלערנדיק זיך אלס דער קעניג פון חברון.

די אויבנדערמאנטע געשעענישן האט דערפירט צו א בירגער קריג און דוד האט געמוזט אנטלויפן פון ירושלים, אין די ווייטערדיקע קאמפן פון דעם בירגער קריג איז אבשלום דערהרגעט געווארן און דוד האט זיך אומגעקערט צו זיין טראן אין ירושלים. אין א קורצע צייט שפעטער איז אויסגעבראכן א צווייטער אויפשטאנד געגן דודן אנגעפירט דורך שבע בן בכרי פון שבט בנימין, וועלכער איז אויך דורכגעפאלן און דערנאך האט זיך די לאנד בארוהיגט.

די לעצטע דודס יארן זענען געווען אומרוהיקע צוליב די ארומרייסעניש פון זיינע זין, וועלכע האבן געוואלט איבערנעמען דעם טראן. די הויפט קאמפן זענען געפירט געווארן צווישן אדוניהו און שלמה, דער קעניגלעכער הויף אליין איז אויך געווען צוטיילט אויף צוויי פארטיעס, דאן האט אדוניהו זיך אליין דערקלערט פאר א קעניג. אבער שלמהיס פארטיע איז געווען גרעסער און האט געהאט די שטיצע פון דעם הויפט פון דער ארמיי יואב, פון דעם כהן - הגדול אביתר ווי אויך פון דודן אליין, אזוי איז שלמה געווארן קעניג און די פאלק האט זיך בארוהיקט.

די הערשאפט פון דודן האט געדויערט איבער 40 יאר, דוד איז געווארן קעניג אין עלטער פון 30 יאר, די ערשטע 7 יאר מיט 6 מאנאטן איז ער געווען דער קעניג פון יהודה און געלעבט אין חברון, דערנאך איז ער געווארן קעניג איבער גאנץ ישראל און יהודה מיט זיין זיץ - ארט אין ירושלים אווו ער

האט געקעניגט 33 יאר. דוד האט דערפירט די יידישע מלוכה צו רומפולער גרויסקייט אין אלע הינזיכטן פון מלוכישן לעבן און טעריטאריעלע אומאפענגיקייט.

דוד איז געשטארבן אין עלטער פון 70 יאר "וישכב דוד עם אבותיו ויקבר בעיר דוד", דאס פאלק האט נישט געקענט משלים זיין מיטן געדאנק אז דוד האט זיי פארלאזן, דאס קומט אמבעסטן צום אויסדרוק אין די ווערטער פון רבי יהודה הנשיא צו רבי חיא אז "דוד מלך ישראל חי וקים" און דאס פאלק ביז היינטיקן טאג איז לויט דער מסורה ביי דעם גלויבונג, אז דוד המלך וועט זיך אומקערן צוזאמען מיט משיחן, און ביי פארשידענע פייערונגען איז דער געזאנג "דוד מלך ישראל חי וקים" דער אויפמונטערונג פונקט אין דעם גלויבונג.

# מאמענטן פון דער יידישער געשיכטע

*טייל דריי*

## שלמה המלך

נאכן טויט פון דעם קעניג דוד האט דעם טראן איבערגענומען שלמה, זיין הערשאפט האט געדויערט ארום 40 יאר אין דער צייט אפשניט 990 - 950 פאר קרייץ, יידישע צייט - רעכנונג 2964 - 2924 נאך די ארומרייסעניש מיט זיין ברודער אדניהו וועלכער האט אויך פרעטענדירט צו דעם טראן. שלמה האט באשלאסן אז דאס ערשטע וואס ער מוז א דורכפירן איז אפצורייניקן זיינע געגנער, ווייל נאר דאן וועט ער זיין א הערשער, א פולער קעניג און וועט קענען פירן די מלוכה לויט זיין אייגענעם איינזען און פארשטאנד.

פאר זיין טויט האט דוד איבערגעגבן צו שלמהן געוויסע פאסטולאטן;

-אז ער זאל אפהיטן די געזעצן פון תורת משה.

-קעניגן מיט אמת און יושר.

ער האט אויך געהייסן אכטונג געבן אויף דעם הויפט פון דער ארמיי יואב, ווייל אויף זיינע הענט איז דא בלוט פון אומשולדיקע מענטשן ווי אבנר און אנדערע. שלמה האט פארשטייט זיך געפונען אן א עברה אויף זיין ברודער אדניהו און געהייסן אים טויטן, דערנאך האט ער געהייסן טויטן יואבן דעם הויפט פון דער ארמיי.

צו ענד האט ער אראפגענומען פון זיין אמט דעם כהן - גדול אביתר און אים ארויסגעטריבן פון ירושלים. אזוי ארום איז שלמה געווארן דער אליין הערשער אן שום אפאזיציע, און האט זיך גענומען איינצופירן נייע ארדנונגען. שלמה איז געווען א קלוגער מענטש האט ליב געהאט רוה, א גוטן און אויך רייכן לעבן. דוד האט איבערגעלאזט א מעכטיקע אימפעריע ווי אויך פינאנסיעל אין א גוטן צושטאנד.

שלמה האט באשלאסן עקאנאמיש פונאנדער בויען דאס לאנד ווי אויך אויפצוהויבן אויף א העכערן ניוואו די לעבנס באדינגונגען פון פאלק. ער האט פארבו־ייטערט די אגריקולטור פון דאס לאנד אנגעהויבן צו נוצן פערד צו ערד ארבעט, ווייל ביז דאן האט מען גענוצט אייזעלן, מולן און נישט געהעריק באארבעט דאס לאנד. ער האט פארגרעסערט דעם האנדל, געגרינדעט א ים - פלאט און גענומען צופירן גרויסע געשעפטן מיט אויסלאנד, דער האנדל האט דערגרייכט ביז אינדיע און אנדערע ווייטערע לענדער, א גרויסער טייל פון האנדל איז געווען גאלד און זילבער. אין שלמהס צייטן איז אויך אויפגעקומען דער האנדל מיט פערד אמיינסטן געבראכטע פון עגיפטן.

מען דארף דא דערמאנען אז די ציוויליזאציע אין יענער צייט איז שוין געווען א פארגעשריטענע, די קונסטן פון מלאכות, אינדוסטריע און האנדל זענען שוין דארטן געווען אנטוויקלט אפילו שפורן פון לוקסוס איז דארטן ענדעקט געווארן, ווי וואזעס בראסלעטן אויערן און נאז רינגלעך, שלייערן און שיינע באפוצטע קליידער פאר פרויען, בילדער, גראווירונגען אויף פארשידענע אויסארבעטונגען שוין אפגערעדט פון פארשידענע כלי - זיין ווי שווערדן, פיקעס אין פארשידענע קשטאלטן, מעסערס, בולאוועס און שוץ - טאצן פיל מיט גראווירונגען.

שלמה האט אויך נישט פארגעסן פארשטארקן די מיליטערישע כוחות איר פאטענציאל, ארגאניזאציע אויסשטאטונג און אויסשולונג. ער האט אויך ארגאניזירט די ערשטע אפטיילונג פון קאוואלעריע דאס הייסט רייטעריי אויף פערד פון 12,000 מאן ווי אויך א אפטיילונג פון 1,400 קאמפס - וועגענער אזוי ווי ביי די עגיפציאנער וואס האט פארשטארקט די מאנעווריריג פון די מיליטערישע כוחות.

שלמה האט געשטרעבט צו לעבן בשלום מיט די וויכטיקסטע לענדער אין דעם ראיאָן, ער האט געהייראט די טאכטער פון דעם עגיפּטישן קעניג ווי אויך איינגעשטעלט ענגע האנדלס באַציהונגען מיט אים, זיך באַפריינדעט מיט די פעניצער און מיט זייער הילף פונאנדער געבויט די האנדלס פלאטע.

די לעבנס באַדינגונגען פון דער באַפעלקערונג האט זיך שטארק פארבעסערט און געשטאַנען אויף א הויכן ניוואָ, אין "מלכים א" קאַפּיטל ה פּסוק ה ווערט געזאָגט, אַז די פאלק פון יהודה און ישראל זענען אין די טעג פון שלמה'ס הערשאַפט געזעסן זיכער "תחת גפנו ותחת תאנתו" דאס הייסט אונטער זיין - אייגן וויינטרויב און פייגן בוים - . צו פארשענערן די שטאָט ירושלים אַז זי זאל ווערן די הויפּט שטאָט פון דער יידישער מלוכה, ווי איינע פון די גרעסטע אין יענעם ראיאָן, האט ער באַשלאָסן אויף צו בויען א פּראַכטפולן טעמפּל דעם בית - המקדש. וואס זאל דינען אלס א רעליגיעזער צענטער פון גאַנצן יידישן פאלק. גלייכצייטיק אויפצובויען א פּראַכטיקן פאלאַץ ווי ס'פּאַסט פאר אַזא מעכטיקן קעניג.

מען מוז נישט פארגעסן אַז דוד המלך האט אין צייט פון זיין הערשאַפט צוגעגרייט א טייל מאַטעריאַלן און פינאַנסיעלע מיטלען צו דעם צוועק, ספּעציעל גאָלד, זילבער און קופּער. דער מלך פון צור חירם וועלכער האט אויפגעהאַלטן פריינדלעכע באַציהונגען מיט שלמהן, האט צוגעשטעלט דורכן ים דאס צעדער האָלץ, וואס האט זיך געפאָדערט צו דער בויהונג פון דעם בית - המקדש. טויזנטער אַרבעטער האבן געהאַקט שטיינער אין די בערג לויט די פאַרלאַנגטע מאָסן.

צו פארשטיין די גרויסקייט און פאַרנעם פון דער אונטערנעמונג צו בויהען דעם בית - המקדש און דעם קעניגלעכן פאלאַץ איז נייטיק צוגעבן א ביסל איינצלהייטן; דאָס בויען פון דעם בית - המקדש האט געדויערט 7 יאָר און דעם קעניגלעכן פאלאַץ 13 יאָר, די גרויס פון דעם בית - המקדש איז געווען 60 איילן (אמות) לאַנג 20 ברייט און 30 איילן הויך (דער בנין אַליין).די צוגרייטונג פון די נויטיקע מאַטעריאַלן האט געדויערט איבער 3 יאָר. 30,000 האָלץ - העקערס, 80,000 שטיין - העקערס און 70,000 לאַסט - טרעגערס האבן געאַרבעט נאָר אין צוגרייטן די מאַטעריאַלן (ספר מלכים א פּרק ו). די שטיינער צו דעם טעמפּל זענען געווען 6 מעטער לאַנג און 2 מעטער 25 צענטימעטער דיק.

דאָס ווייטערדיקע פונאנדער - בויהונג פון בית המקדש איז אָנגעגאַנגען אפילו נאָכן טויט פון שלמהן, אויסער דעם טעמפּל און דעם קעניגלעכן פאלאַץ האבן זיך געבויט אַנדערע געביידעס און פעסטונגען. עס איז אויך אויפגעבויט געוואָרן א וואַסער - לייטונג וואָס האט צוגעשטעלט וואַסער פון בית לחם צו ירושלים די אַלע אַדורכגעפירטע אַרבעטן מיט איר שיינקייט פּראַכט און קונסט באַווייזן קלאָר, אַז ביים יידישן פאלק איז געשטאַנען אויף א הויכער מדרגה, אינזשעניערונג און אַרכיטעקטור. ווען דער טעמפּל איז פאַרטיק געוואָרן איז פארגעקומען א עפנטלעכער חנוכת - הבית אויף וועלכער סזענען געקומען יידן פון אַלע שבטים פון גאַנצן לאַנד.

ירושלים איז געוואָרן א צענטער פון האַנדל און מיט איר שיינקייט צו געצויגן מענטשן פון אַלע אַרומיקע לענדער. די קלוגשאַפט פון שלמה האט זיך פארשפּרייט איבער אַלע לענדער, ספּעציעל נאָך דעם קלוגן פּסק מיט דער פרוי וואס האט שלאָפנדיק צודריקט צום טויט איר קינד, און פאַרביטן אויף א לעבעדיקע קינד פון א צווייטער פרוי. אַזוי אַז פיל מענטשן פלעגן קומען צו אים ווען ס'איז אויסגעבראָכן מחלוקותן און זיך פאַרלאָזן אויף זיין פּסק - דין.

שלמה המלך אין דער יידישער געשיכטע איז פאַרעכנט אלס איינער פון די בעסטע קעניגן נאָך דודן, אין זיין צייט האט דער פאלק זיך אָפּגערוט פון די מלחמות וואס דוד האט געפירט און גוט

אויסגענוצט די צייט, צו פארבעסערן די פראדוקטיווקייט פון דעם פאלק.

די נעגאטיווע זייטן פון שלמהן איז דאס וואס ער האט פארמאגט פיל פרויען פון פארשידענע פעלקער, און מיט דעם האט ער דערפירט אז אויף זייערע פארלאנגען, האט ער ערלויבט צו בויען טעמפלען פאר זיינע פרויען. שלמה האט פארמאגט א גאנצן הארעם פון זיינע ווייבער - פרויען אין דער צאל פון 300 און 700 באדינערנס און קאמאר פרויען. אין "מלכים א קאפיטל יא פסוק ג זאגט; ויהו נשים שרות שבע מאות ופלגשים שלש מאות".

דאס פאלק איז געווען אומצופרידן פון זיין האנדלונג אין דער ריכטונג ווי אויך אומצופרידן פון זיין רייכן צולאזטן לעבן, פאר וועלכע דער פאלק האט געמוזט צאלן. די אומצופרידנהייט האט דערפירט צו פראטעסטן און עפענטלעכע ארויסטרעטונגען. די אויפשטענדלער געגן שלמהן האט זיך רעקוטירט פון שבט אפרים אונטער דער אנפירונג פון ירבעם בן נבט וועלכער איז געווען א הויכער באאמטער אין דעם הויף פון שלמהן. ער איז אויך געווארן אונטערשטיצט פון דעם נביא אחיה השילוני, וואס איז געווען געגן דער אויפירונג פון קעניג שלמה.

ווען שלמה האט זיך דערוווּסט וועגן די פלענער פון ירבעם בן נבט האט ער ארויסגעשיקט מיליטער אים צו ארעסטירן, אבער ירבעם איז געלונגען צו אנטלויפן צו דעם קעניג פון עגיפטן שישק וואס איז נישט געווען שלמהס שוואר. שישק דער קעניג פון עגיפטן איז געווען צופרידן, פון דעם איבערגיין פון ירבעם צו אים ווייל ער האט געוואלט פארקלענערן די איינפלוסן פון שלמהס מלוכה.

און אזוי האט זיך אנגעהויבן פארנעפלען די גרויסקייט פון שלמהס קעניגרייך. אין דער זעלבער צייט האבן די אראמעער און אנדערע שונאים אנגעהויבן באפאלונגען אויף דער יידישער מלוכה. שלמה וואס איז געווען א מענטש פון שלום נישט פון קריג, האט פארנאכלעסיקט די פארשידענע אטאקעס און די קעמפערישע איינשטעלונגען פון דודס קעמפנדיקן גייסט, איז שטארק אפגעשוואכט געווארן ביים יידישן פאלק.

שלמה האט געקעניגט 40 יאר, נאך זיין טויט האט זיין זון רחבעם איבערגענומען דעם טראן, אבער ליידער האט ער נישט פארמאגט די קלוגשאפט פון זיין פאטער ווי אויך נישט די העלדישקייט פון דוד המלך.

ביי די ענד איז דערגאנגען צו א שפאלטונג פון דער יידישער מלוכה אויף צוויי טיילן; "יהודה" וועלכע איז באשטאנען פון די שבטים בנימין און יהודה און דער קעניגרייך "ישראל" פון די איבריקע צען שבטים.

צו דער באשרייבונג פון דער געשיכטע פון אונדזערע גרעסטע דריי מלכים איז אויסער די ביכער פון תנ"ך שמואל און מלכים געווארן גענוצט צוגאב מאטעריאלן ווי די "וועלט געשיכטע פון אורואלטע צייטן ביז היינטיקן טאג", די העברעישע ענציקלאפעדיע און אנדערע מאטעריאלן.

די באשרייבונג פון שלמה המלך דעם שטארק קלוגן מאן וויל איך פארענדיקן מיט א פאלקס באלאדע פון ל. אליצקי אונטערן קעפל "דער מלך שלמה און די פאוועס" וואס באווייזט אז צום ענד האט ער פארשטאנען "ווי פעסט מען דארף פון זיך די גאווה טרייבן".

# דער מלך שלמה און די פאוועס

דעם מלך שלמה האט זיין חכמה נישט געדינט,
ער זאל זיך פון פארריסנקייט באפרייען;
די גאווה מאכט יעדן מענטשן בלינד -
צי קאן א בלינדן העלפן דען כלי - זיין!

און קלוג איז ער געווען! ער האט געקענט די שפראך
פון מענטשן - אויך פון עופות, חיות
זיין קלוגער אויער איז געווען אפילו וואך
פאר גראז און קנאספ, וואס גרינען אויף מיט נייעם

ער האט דעם אדלער און דעם לייב באהערשט דערום
ער זאל אויף זיי, וווהין ער וויל נאר רייטן;
דער שטארקסטער לייב אים טראגט הכנעהדעדיק און שטום
דער אדלער פליט מיט אים צו ווייטסטע ווייטן.

"...די וועלט איז קליין פאר מיר", -דער מלך קלערט
אלס אפטערער און הייסט דעם אדלער קניען,
און זעצט אויף אים זיך שטאלץ, און זאגט; -באפליגלט פערד
כ'באפעל דיר צו די העכסטע בלויען פליען!

"...איך וועל די שטערן און פלאנעטן, -שלמה טראכט -
מיט חכמה מיינער מאכן אונטערטעניק,
ווייל ווייזהייט איז דאס בעסטע וואפן אין א שלאכט,
כ'וועל זיגן און אין הימל ווערן קעניג!..."

נאר איינמאל ווען דער אדלער זייער הויך אים טראגט,
באפאלט אים אין זיין טראכטעניש א דרימל,
און ער דערפילט נישט, ווי די זון אין קאפ אים שלאגט
מיט שטראלן - ריטער...פינצטער ווערט דער הימל...

עס האלט שוין מיטן שטאלצן מלך שלמה שמאל,
ער ווערט אט..באלד פון לעבן אפגעזעגנט,
נאר דא געשעט א גרויסער נס אים, מיטאמאל;
א מחנה קלוגע פאוועס אים באגעגנט;

דערזען דעם בראַך, זיי טוען אַ פאַרשטעל די זון,
און ווי אַ כמאַרע איבער אים זיי פליען,
זיי פאַכען, קילן אָפּ אים מיט די פליגל, און
דער בלאַסער מלך עפנט אויף די וויען.

זיי פאַרשטאַנען גליך: די פאַוועס האָבן אים פון טויט
געראַטעוועט,ער זאָגט צו זיי באַשיידן;
- איר זענט מיר בייגעשטאַנען אין אַ גרויסער נויט.
אַ דאַנק אייך! זאָגט מיר...איך דערלויב אייך ריידן,

מיט וואָס איך זאָל אייך אָפּצאָלן פאַר אַלץ? פאַרלאַנגט,
און וואָס איר ווילט פון מיר, וועט איר באַקומען.
- איז ווייניק דען, וואָס ס'האָט דער מלך אונדז באַדאַנקט? -
דער פירער פון די פאַוועס הייבט אָן ברומען -

נאָר אויב מיר האָבן שוין ביי אים געפונען חן,
זאָל מיר דערלויבט זיין זאָגן מיין באַגערן:
די פאַוועס - סגאַנצע פאָלק מיינס, נישט נאָר מיר אַליין,
מיט קריינדלעך גאָלדענע באַקרוינט זאָל ווערן.

- געפועלט; - טוט אַ זאָג דער מלך מילד,
אין אומעט - שמייכל נעפלט זיינע אויגן.
די פאַוועס טוען אַ צעשריי זיך פריידיק - ווילד:
- אַ לויב דעם מלך! - און אַוועקגעפלויגן.

אויף מאָרגן, ווען דער אויפגאַנג פון דער זון באַגינט,
און ס'קומט מיט זון געקרוינט דער טאָג צו שפּרייזן,
אַ שטראַל זיך אויף די פאַוועס קעפּלעך טוט אַ צינט,
און גאָלדן - קריינדלעך נעמען זיך...באַווייזן.

פאַר זייער טריישאַפט האָט דער מלך זיי באַלוינט.
זיי לאָזן שטאָלצע זיך אַרויס שפּאַצירן:
אַפילו אָדלער זענען נישט, ווי זיי, באַקרוינט!
ס'איז דאָ מיט וואָס, באמת, צו שטאָלצירן!

פון דעמלט אָן זיי האַלטן זיך פון פייגל ווייט
און לעבן, ווי נזירים, אָפּגעזונדערט;

עס וואקסט אין זיי דער שטאלץ צוזאמען מיט דער צייט:
זיי ווילן זיין פון אלעמען באוואונדערט.

צום מלך שלמה בלויז זיי קומען יעדעס יאר
און פאר זיין טראן הכנעהדיק זיך בוקן;
ער שמייכלט צו זיי פריינדלעך - דאס איז וואר,
נאר אומעטיק די אויגן זיינע קוקן.

די פאוועס זעען נישט דעם אומעט אין זיין בליק,
מיט זיך אליין בלויז זענען זיי פארנומען:
מיט זייער קרוין, מיט זייער שטאלץ, מיט זייער גליק,
צו וועלכע סוועט קיין ענדע דאך נישט קומען!

נאר איינמאל אין א פאווע בליצט אריין א פייל,
און צו א יעגערס פיס זי פאלט אנידער,
דער יעגער טוט א כאפ די פאווע מיט געאייל,
און סילויפט אים דורך א ציטער דורך די גלידער:

די פאווע האט א גאלדן קריינדל אויפן קאפ!
אן אוצר האב איך אפשר דא געקראגן?! -
ער טוט א זעץ זיך אויפן פערד און יאגט גאלאפ:
צי איז עס גאלד? דער גאלדשמיד וועט מיר זאגן.

ער רייסט אראפ דאס קריינדל, ווישט עס אפ פון בלוט
אוןווארפט אוועק די פאווע; זאל זי פוילן!...
כ'וועל ווערן רייך...זיך איינהאנדלען א גרויסן גוט...
נאר כימוז פאר אנדערע דעם סוד פארהוילן...

דער גאלדשמיד מאכט א פרווו און ברומט: - ס'איז לויטער גאלד,
און ווילסטו עס פארהאנדלען, כ'קען עס קויפן.
- המס...מסכים. - און דער גאלדשמיד וועגט עס אפ, באצאלט
און סילויפט דער יעגער אין א וויינהויז - זויפן.

זיך אנגעשיכורט, גייט פון אים ארויס דער סוד...
און יעגערס לויערן אויף אלע וועגן;
ס'איז פאר דעם פאווע - פאלק נישטא מער קיין גענאד,
באווייזט עס זיך - פאלט גלייך א פיילן - רעגן.

מען קאן נישט פליען, נישט אין מחנות, נישט אליין,
די פליגל האבן פליען שוין פארגעסן,
נאר ווי צו זיי! עס איז געפערלעך אויך צו גיין,
און מ'איז א פויגל דאך - מע מוז דאך עסן!

די פאוועס ליגן אין די זומפן שטום, פארשמאכט,
די שנאבלען ציטערן ארויסצושטעלן;
דער פירער פון די פאוועס טראכט כסדר, טראכט:
"...ס'איז שלעכט!...מיר זענען אויך דעם טויט געפעלן...

ער וויל אונדז האבן מיט די קריינדלעך בלויז פאר זיך,
איז לויערט ער אויף אונדז מיט זיינע פיילן;
א, גאט, ווו נעמט מען שטאט א גאלדן - קרוין - א פליך!
איך מוז זיך גלייך צום מלך שלמה איילן..."

און איינמאל, אין א פינצטערער טיף - שווארצער נאכט,
דער פירער רייסט זיך דורך און קומט פאר שלמהן:
- אליין איך האב אויף אונדז דעם בראך געבראכט.
דער טויט האט אונדז ארומגעשטעלט מיט צוימען.

באפריי אונדז, גרויסער קעניג, פון דיין גרויס געשאנק,
און לאמיר גלייך ווי אלע פייגל ווערן... -
עס שימערט אויף אין מלכס אויגן דער געדאנק,
וואס פלאטערט אין די פאלדן פון זיין שטערן:

-געפועלט. שטאט די קריינדלעך, פעדערלעך א פאר
ביי אייך אלס לערע זאלן איבערבלייבן,
און פלי צוריק א היים צו אלדי גוטע יאר; -
ווי פעסט, מע דארף פון זיך די גאווה טרייבן.

די פאווע זעט זיך אפגעשפיגלט אינעם טראן
דאס קריינדל אויפן קאפ איז דאך נישט שוין!
עס וויינט דאס הארץ...דאך טוט זי זיך א כוח אן
און דאנקט דעם מלך אויף איר פייגליש לשון.

## לעאָן מענדעלעוויטש

# די צווייטע וועלט־מלחמה

## (קאָמענטאַרן)

עס זענען פאַרביי 45 יאָר זינט די סאָוויעטישע מדינה און אירע מיליטערישע כוחות זענען אַטאַקירט געוואָרן דורך דער נאַצי־דייטשער אַרמיי. ס׳האָבן נישט געהאָלפן סטאַלינס האָפענונגען, אַז דער פערפידישער אָפּמאַך מיט היטלערן פון פונאַנדערטיילן פוילן צווישן זיך, וועט העלפן אין אויסמיידן די מלחמה צווישן דיביידע טאָטאַליטאַרע סיסטעמען, כאָטש די גאַנצע וועלט האָט געוווסט, אַז דאָס איז אומפאַרמיידלעך און דאָס מוז געשען.

ס׳איז ווערט צו אַנאַליזירן די מאָמענטן פון דער מלחמה צווישן די ביידע גרויסמאַכטן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 22־טן יוני 1941. דער אמת איז, אַז די היטלעריסטישע אַרמיי האָט געהאַט אַ בעסערן שאַנס, ווייל זי איז געווען דער אָנגרייפער, דער ערשטער וואָס האָט געעפנט דעם פייער, ווייל דער צווייטער צד, די סאָוויעטן, האָבן נאָך געמוזט פאַרלאָדן די ביקסן צו עפענען אַ פייער. אָבער מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די סאָוויעטישע רעגולערע אַרמיי איז געווען אין יענער צייט זייער אַ גרויסע, און איז שוין אויך געווען גרייט צו עפענען אַ פייער. אירע איינהייטן זענען געווען מאָביל־גרייט אין די פאַרנומענע טעריטאָריעס פון פוילן, ליטע, לאָטווע, מאָלדאַוויע און קאַרעלאָ־פיניש, און ווי אַ פאָרפּאָסטן געגעבן צייט דער גאַנצער סאָוויעטישער ארמיי צו אָרגאַניזירן זיך און צו גרייטן אַ געהעריקן קעגן־אַטאַק, און פאַרהאַלטן די היטלעריסטישע כוחות ביי די גרענעצן פון דער פאַקטישער רוסלאַנד און נישט דערלאָזן די דייטשע כוחות צו די טויערן פון מאָסקווע.

אַנאַליזירן דעם צוריקטריט פון דער רויטער אַרמיי און איר דורכפאַל אין פאַרהאַלטן דעם פאָרויסמאַרש פון דער נאַצי־דייטשער אַרמיי, ספּעציעל אין די ערשטע אַכצן מאָנאַטן פון דער מלחמה, שטעלט זיך אַ פראַגע: איז דאָס געווען אַ פּלאַנירטער צוריקטריט, מיטן ציל צו פאַרמינערן פאַרלוסטן אין מענטשן און אויסשטאַטונג, אָדער אַ מין סאָרט סטראַטעגישער מאַנעווער, צו געווינען צייט און אַנדערע אַספּעקטן, אָדער דאָס איז געווען אַ כאַאָטישער אַנטלויפן פון דעם שטאַרקערן, בעסער אָרגאַניזירטן שונא; זיין באַוואָפענונג, אויסשטאַטונג, בעסערע אָנפירערשאַפט און אויסשולונג?

ס׳איז אויך נויטיק צו באַטראַכטן די היפּאָטעזע: איז טאַקע דער רוסישער סאָלדאַט געווען מער העלדיש, מער בראַוו, בעסער אויסגעשולט ווי די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט שטאַרק פונאַנדערגעבלאָזן ביים סוף פון דער מלחמה און זייער שטאַרק אין די נאָך־מלחמדיקע יאָרן — ספּעציעל אין די פאַרנומענע און אָקופּירטע סאַטעליטן־לענדער ווי פוילן, בולגאַריע, טשעכן, רומעניע, אונגאַרן?

ערשטנס, מוז מען קלאָר פעסטשטעלן, אַז קיין שום פּלאַנירטער צוריקטריט פון די סאָוויעטישע מיליטערישע כוחות האָט נישט עקזיסטירט און במילא נישט געשען, אויסער די עוואַקואַציע פון אַ טייל אונטערנעמונגען, פאַבריקן נענטער צו די סיבירער ראַיאָנען. אַ פּלאַנירטער צוריקטריט האָט נאָר עקזיסטירט אין די האַלב־אָפיציעלע קאָמוניקאַטן פון דעם הויפּט־שטאַב און פּאָליט־ביוראָ, מיטן ציל צו מינימיזירן דעם איינדרוק פון די גרויסע פאַרלוסטן און מפּלות, וואָס די סאָוויעטישע אַרמיי האָט געליטן ביז דער צייט פון דער היטלעריסטישער מפּלה הינטער סטאַלינגראַד.

כדי צו פאַרקלענערן די קריטיק קעגן דער רויטער אַרמיי, פאַר אירע גרויסע פאַרלוסטן און ווייניקער עפעקטיווקייט אין די ערשטע אַנדערטהאַלבן יאָר פון דער מלחמה, האָט מען אויסגעגראָבן די היפּאָטעזע פון מאַרשאַל קוטוזאָוו וועגן אַ פּלאַנירטן צוריקטריט, וועלכער איז כלומרשט געווען אין איינקלאַנג מיט איבערלאָזן מאָסקווע פאַר דער נאַפּאָלעאָנישער אַרמיי און געווינען די מלחמה אין 1812. פאַר יעדער גוט־אָרגאַניזירטער אַרמיי, איז מעגלעך אַ פּלאַנירטער, אָרגאַניזירטער צוריקטריט, וועלכער איז אָפּהענגיק אין פיל עלעמענטן. דער ערשטער און דער וויכטיקסטער איז: דער סיסטעם פון קאָמוניקאַציע, וואָס נעמט אַרונטער אַלע עלעמענטן פון גיכער פאַרשטענדיקונג צווישן איינהייטן, אָנפירערשאַפט, שנעלע אָרגאַניזאַציע, רעאָרגאַניזאַציע, מאַנעווער און קאָנצענטראַציע, ווי אויך אַ שנעלע און רעגולערע צושטעלונג פון אַלע נויטיקע מאַטעריאַלן פאַר די קעמפנדיקע אַרמייען.

צו מאַכן אַ קליינעם איבערזיכט ווי דאָס האָט אויסגעזען אין דעם ערשטן פעריאָד פון דער מלחמה, מוז מען קומען צו דער מסקנה, אַז די רויטע אַרמיי האָט נישט פאַרמאָגט די נויטיקע עלעמענטן אין איר אָרגאַניזאַציע. זי האָט געליטן שווידערלעכע מפּלות אויף אַלע פראָנטן אָן אויסנאַם, צו דאָס איז געווען הינטער ביאַליסטאָק, גראָדנע, מינסק, אוקראַינע, ליטווע, ריגע, לענינגראַד א.א.וו. די מפּלות זענען נישט געווען ווי אַ פאַרשפּילטע שלאַכט צווישן אומגעפער גלייכע קעמפנדיקע צדדים, ווו איין זייט מוז געווינען. דאָס זענען געווען מפּלות, וואָס האָבן דעזאָרגאַניזירט די גאַנצע רויטע אַרמיי. ס׳זענען צעקלאַפּט געוואָרן כמעט אַלע רוסישע איינהייטן וואָס האָבן זיך געפונען לענגאויס די גרענעצן פון דרום ביי רומעניע, ביז צפון ביי פינלאַנד. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז די אויבנדערמאָנטע איינהייטן זענען געווען די בעסט־אויסגעשולטע און מיט דער בעסטער טעכנישער אויסשטאַטונג, וועלכע די סאָוויעטן האָבן פאַרמאָגט, ווייל זיי האָבן זיך געפונען אויף טעריטאָריעס אַנעקסירטע און כמעט אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיטן דריטן רייך.

הינטער ריגע, די הויפּט־שטאָט פון לעטלאַנד, זענען אונדזערע איינהייטן צעקלאַפּט געוואָרן, פאַרלוירן זייער פעאיקייט צו ווייטערדיקע עפעקטיווע מיליטערישע אָפּעראַציעס. אין משך פון אַ קורצער צייט האָב איך מיט פיל אַנדערע, געקעמפט אין דריי פאַרשידענע איינהייטן. דאָס זעלבע איז געווען ביים טייך דווינע, הינטער אָפּאָטשקע, ווי אויך ביי דער געוועזענער ליטווישער גרענעץ, און דער שטאָט רזשעוו. נאָך יעדער פאַרלוירענער שלאַכט האָסטו געקענט זען פאַרשידענע צעשפּליטערטע

גרופּן סאָלדאַטן און אָפיצירן, וואָס האָבן צו קיינעם נישט געהערט, ווי אויך נישט געוווּסט ווו זיי געפינען זיך און אין וועלכער ריכטונג זיי גייען.

אַ טייל איינהייטן זענען געוואָרן אָפּגעשניטן, אַרומגערינגלט און אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די אוואַנסירנדיקע דייטשן. מען האָט אין ערגעץ נישט באַמערקט אַ גוט־אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד; אַן אָרגאַניזירטע פּאַרטיידיקונגס־ליניע מיט אַ געהעריקער מיליטערישער אָנפירערשאַפט. קיין ראַדיאָ־פאַרבינדונגען האָבן אין גאַנצן נישט עקזיסטירט. אויב ס'זענען יאָ געווען איינצלנע ראַדיאָ־סטאַציעס — האָבן זיי אָפּערירט מיטן אַלטן ״מאָרס״־סיסטעם, וועלכער איז געווען אַ צו לאַנגער און ווייניק עפעקטיווער.

טאָפּאָגראַפישע מיליטערישע מאַפּעס זענען געווען שטאַרק באַגרענעצט; דאָס האָט נאָך מער פאַרערגערט די מעגלעכקייט אויפסניי זיך צו רעאָרגאַניזירן נאָך אַ מפּלה. די גרויסע נאָך־מלחמדיקע סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע וועגן זייער העלדישקייט זעט אויס לעבערלעך אַנטקעגן דעם, ווי עס האָט אויסגעזען די אַרמיי אין דעם ערשטן פעריאָד פון דער מלחמה.

מען קען נישט און מען טאָר נישט אַפּלייקענען פאַלן פון העלדישקייט אפילו אין דעם פעריאָד פון די גרויסע מפּלות פון פאַרשידענע רויט־אַרמייער. אָבער איך וואָלט דאָס קיינמאָל נישט צוגעשריבן דער גאַנצער סאָוועטישער אַרמיי, ווייל דאָס וואָלט געווען פאַלש, אַ פאַרלייקענונג פון דעם אמת.

אַלע סאָוועטישע איינהייטן זענען אין דעם ערשטן פעריאָד פון דער מלחמה געווען זייער סענסיטיוו צו דעם דייטשן פייער און צו זייער אָפּעראַטיווקייט. יעדן רויט־אַרמייער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָט ווערן זיי אַרומגערינגלט, ווייל אַזעלכע פאַלן האָבן אָפט פּאַסירט. יעדער פייער פון די דייטשן, פון אַן אומגעריכטער ריכטונג, האָט גלייך געשאַפן אַ בהלה, אַ חשד, אַז אָט ווערט מען באַלד אַרומגערינגלט אָדער אָפּגעשניטן פון אַנדערע איינהייטן. און אויף דעם איז געווען דער בעסטער ענטפער: ״סקאָרעי נאַזאַד״, ד.ה. שנעל צוריק! אַבי ווייטער פון שונא, נישט קוקנדיק וואָס צו מאָסקווע ווערט וואָס אַמאָל נענטער.

דאָס אַנטלויפן פאַר די אַטאַקירנדיקע דייטשן איז נאָך יעדער שלאַכט געוואָרן אַן עפּידעמיע אויף אַלע פראָנטן. דער פּסיכאָז האָט אפילו אַרומגעכאַפּט מאָסקווע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ טיילווייזע עוואַקואַציע פון דער רעגירונג און פּאַרטייאישע אַנשטאַלטן.

ווי ס'זעט אויס, האָבן די נ.ק.וו.ד.־לייט, די פּאָליטישע קאָמיסאַרן און פירער פאַרשטאַנען, אַז אויב רוסלאַנד וועט פאַרשפּילן די מלחמה, וועלן זיי זיין די כפּרה־הינדלעך. כדי צו פאַרהיטן די אייגענע פעל, האָט מען אָנגעהויבן אָרגאַניזירן ״זאַגראַד־אָטריאַדן״, ד.ה. פאַרצוימונגס־גרופּן, וועלכע האָבן זיך געפונען הינטער די פראָנט־ליניעס און פאַרהאַלטן יעדן סאָלדאַט, יעדן אָפיציר וואָס האָט זיך דערווייטערט פון די פראָנט־קאַמפן. ס'זענען געווען פיל פאַלן פון דערשיסן גלייך אויפן אָרט, ווי אויך איבערווייזן צו מיליטערישע געריכטן. די פאַרצוימונגס־גרופּן זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַלע איינהייטן, אָנהויבנדיק פון זוואָדן, ראָטעס, באַטאַליאָנען, פּאָלקן און העכער. זיי זענען באַשטאַנען פון ״פּאַרטאָרגס״ (פּאַרטיי־אָרגאַניזאַטאָרן), פּאָליטרוקעס, פּאַרטיי־סעקרעטאַרן און מיליטערישע נ.ק.וו.ד.־לייט. ס'איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן די פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע: ״נישט קיין טראָט צוריק״.

דאָך האָבן די אַלע מאָס־מיטלען נישט געגעבן די דערוואַרטע רעזולטאַטן קעגן דער בעסער־אָרגאַניזירטער נאַציִשער אַרמיי. ס'איז ווערט צו דערמאָנען אַ פּאָר איינצלהייטן פון יענער צייט. אין איינעם אַ וואַלד אַרום דער שטאָט וועליקי־לוקי, אַן ערך 100 ק״מ מזרח פון דער לאַטווישער און ליטווישער גרענעץ, ווען צעשפּליטערטע גרופּן ווי אויך איינצלנע סאָלדאַטן פון צעקלאַפּטע איינהייטן האָבן זיך באַוועגט אין דער ריכטונג פון מזרח, מיט דער כוונה צו פאַראייניקן זיך מיט אַ וועלכער ס'איז אָרגאַניזירטער איינהייט — איז אויף אַ צעשייד־וועג געשטאַנען אַ פּולקאָווניק פון נ.ק.וו.ד. מיט זיין שינעל אויף די אַקסלען און פאַרהאַלטן די סאָלדאַטן. ער האָט יעדן געפרעגט ווו ס'איז זייער איינהייט, וווהין זיי גייען.

אויב דער ענטפער איז נישט געווען קיין באַפרידנדיקער, פלעגט ער הייסן זיי דערשיסן. דאָס איז גלייך דורכגעפירט געוואָרן פון צוויי זעלנער, וועלכע האָבן אים באַגלייט. מען פלעגט זיי אָפּפירן אַ 10־15 מעטער פון דעם וועג, ווו דער פּולקאָווניק איז געשטאַנען מיט זיין אויטאָ און זיי דערשיסן. דאָס האָב איך געזען מיט מיינע אייגענע אויגן. גרעסערע גרופּן פלעגט ער אויך אויספרעגן און געבן אָנווייזונגען אין וועלכן ריכטונג מען דאַרף גיין, ווייל דאָרט וועט זיך אָרגאַניזירן אַן איינהייט.

דער צווייטער פאַל האָט פּאַסירט אין מיין ראָטע, ווו איך האָב געדינט און דערנאָך געקעמפט. דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, לויטענאַנט מינאַיעוו, אַ געוועזענער לערער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו דערשיסן איינעם אַ קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג, אַ רוס מיטן נאָמען קאָטשעטאָוו. מען האָט אים דערשאָסן פאַר זיין סיסטעמאַטישן אויסבאַהאַלטן זיך פון די קאַמפן וואָס מיר האָבן געפירט. ס'זעט אויס, האָבן די באַדינגונגען אין דעם ערשטן פעריאָד פון דער מלחמה געשאַפן אויך פיל פּחדנים.

עס איז אויך נויטיק צו פאַרצייכענען וועגן דער אַלגעמיינער אָנפירערשאַפט פון דער רויטער אַרמיי. דער הויפּט־פירער ביים אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1941 איז געווען מאַרשאַל טימאָשענקאָ. די גאַנצע מיליטערישע היעראַרכיע איז געווען באַזירט אויף העלדן פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג. דער פערזאָנען־קולט פון סטאַלינס הערשאַפט האָט באַגרענעצט די אַנטוויקלונג פון נייע אידייען, נייע מענטשן און קאָנצעפּציעס אין דער היעראַרכיע פון מיליטערישע פירער.

די קורצע קאָמענטאַרן וואַרפן אַ ליכט אויף געוויסע מאָמענטן פון דער מלחמה, וועלכע די סאָוועטיש־קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט זייער שטאַרק פאַרקריפּלט אין די פאַרשידענע אויסגאַבעס אין סאָוועט־רוסלאַנד און אויך ברייט פאַרשפּרייט אין די סאַטעליטן־לענדער.

די קאָלאָסאַלע פאַרלוסטן פון די רוסישע באַוואָפנטע

(סוף אויף זייט 231)

אויסטראַלישע יידישע נייעס — מעלבורן, פרייטיק, 25 מערץ 1988

# איז מעגלעך'אַ נייער קרייץ־צוג?

**• לעאָן מענדעלעוויטש**

די אומבאַלאַנסירטע באַריכטן פון פאַרשידענע קאָרעספּאָנדענטן, זשורנאַליסטן און וואָרטזאָגער, וועלכע אָפּעררן אויף דער ישראלדיקער זייט פון די אומרוען, אַרויסגערופן דורך טעראָריסטישע כוליגאַנישע עלעמענטן ברענגט מיט זיך אַ געווויסן מאָראַלישן און אפשר אין אַ געוויסער מאָס פּאָליטישן שאָדן צו אונדזער מדינה ווי אַ פרייע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט.

אָבסערווירן געניי די קורצע אויפגעכאַפּטע בילדער אין דער טעלעוויזיע קען מען קלאָר פעסטשטעלן, אַז פון הינטער דעם ישראל־זעלנער, וואָס פירט אויס זיין הייליקע פליכט אין איינהאַלטן רו און אָרדענונג געפינען זיך און אָפּעררן טעלעוויזיע־קאַמעראַס, וועלכע כאַפּן אויף יעדער באַוועגונג פון דעם זעלנער און נוצן אויס מיט אַ ספּעציעלער כונה יעדן טעות, וואָס דער זעלנער מאַכט.

ביים איבערוויזן צו זייערע אַגענטורן אָדער דירעקט צו די צייטונגען, אינטערפּרעטירן זיי די איינצלנע נעגאַטיווע מאָמענטן און שרייבן עס צו דער גאַנצער ישראל־אַרמיי און דער מדינה.

אין דער טעלעוויזיע קענען מיר קלאָר און געניי אָבסערווירן יעדע באַוועגונג פון ישראל־זעלנער, אָבער פון דער צווייטער זייט וואָס אָנבאַלאַנגט די אַראַבישע כוליגאַנעס זעט מען נאָר פיגורן, וואָס וואַרפן שטיינדלעך און נישט קיין שטיינער. זיי ווייזן נישט די פאַרביסנקייט פון די אַראַבער, זייערע פנימער ווי זיי גרייטן צו די שטיינער, פעטראָל־באָמבעס, אייזנס און מעסער, וואָס קאָנען פאַרקריפּלען, בלינד מאַכן און אפילו טויטן.

שטעלט זיך די פראַגע: פאַרוואָס אָפּעררן נישט די קאַמערעס מיט די "אָביעקטיווע" זשורנאַליסטן פון הינטער די אַראַבישע כוליגאַנעס? פאַרוואָס ווייזט מען נישט פון נאָענט די צווייטע זייט?

די אינטערפּרעטאַציע פון דער מעדיאַ קען מען אָן צווייפן שטעמפּלען ווי אַן איינזייטיקע, נישט קיין באַלאַנסירטע און פול מיט שנאה קעגן דער יידישער מדינה. אין אַלגעמיין איז אָנגענומען, אַז די מעדיאַ איז פאַראינטערעסירט וואָס שאַרפער אַרויסברענגען די געשעענישן וואָס זיי שטעלן פאָר, ווייל אין דער וועלט פון קאָנקורענץ, ווייל איינער איבערשטייגן דעם צווייטן. מען זוכט נישט די מאָראַל און דעם אמת — נאָר די סענסאַציע.

ישראל איז אַ פרייע דעמאָקראַטישע מלוכה. דאָס שאַפן מעגלעכקייטן פאַר קאָרופּציע און נישט איבערווייזן אָביעקטיווע באַלייכטונגען פון די געשעענישן. פון די באַריכטן אין דער פרעסע ווערט קלאָר די איינזייטיקע שטעלונג פון דער "רויטער־אַגענטור", וועלכע פאַרנעמט מיט איר ביאַס קעגן ישראל דאָס ערשטע אָרט, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע אַגענטורן.

פון די טעלעוויזיע־טשענעלס איז באַקאַנט די אַנטי־ישראל שטענעל ס.ב.ס., וועלכע פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין איר איינזייטיקער אַנטי־ישראל שטעלונג. די איינציקע באַלאַנסירטע שטעלונג אין די אומרוען, האָט אָנגענומען דער אַמעריקאַנער טשענעל נ.ב.ס. (איבער נאַכט נייעס — טשענעל 7).

צו זיין אימשטאַנד אָביעקטיוו צו פאַרשטיין און אינטערפּרעטירן געשעענישן, ווו יידן און נישט־יידן טרעטן אַרויס, וועט זיין זייער שווער צו געפינען אַזעלכע מענטשן, זשורנאַליסטן, רעדאַקטאָרן, אָבסערוואַטאָרן, וואָס האָבן זיך גייסטיק דערהויבן צו אַזאַ מדרגה, אַז זיי זאָלן זיין בכולות איגנאָרירן די קריסטלעכע רעליגיע, וועלכע האָט דורות לאַנג פאָרגעשטעלט דעם ייד אין אַן אַנדער ליכט.

דער גיפטיקער באַציל פליסט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין בלוט פון אָרגאַניזם. לאַנגע דורות וועט דויערן ביז דער באַציל וועט אויפהערן צו ווירקן אין דער האַנדלונג פון מענטשלעכן אָרגאַניזם. כאָטש די מענטשהייט האָט געמאַכט געוויסע פאָרשריטן אין דער הומאַניטאַרער ריכטונג, אָבער זייער ווייניק אין באַצוג צו ידן.

(סוף אויף זייט 231)

☆ דער ספּעציעלער אויספאָרשער פון דער פרשה איראַן־קאָנטראַס, באַטראַכט דעם ענין פון אַריינטראָגן אַ קרימינעלן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן געוועזענעם ראַטגעבער פאַר נאַציאָנאַלער זיכערקייט פון פרעזידענט רייגען, ראָבערט מעקפערלען פאַר אַ קנוניה און אָפּנאַרן.

☆ אין רעזולטאַט פון דער גרויסער אינפלאַציע אין ניקאַראַגואַ, האָט די דאָרטיקע רעגירונג באַשלאָסן אַרויסצולאָזן נייע געלט און גלייכצייטיק מודיע געווען וועגן אַ דראַמאַטישער העכערונג פון לוין און די פרייזן, וואַרפנדיק די שולד פון די ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן אויף דער רייגען־מאַכט.

☆ די געוועזענע יו־ען אַמבאַסאַדאָרין פון אַמעריקע, דזשאָן קירקפּעטריק, איינע פון די געטרייסטע פריינד פון ישראל, האָט דערקלערט, אַז זי שטיצט דעם קאַנדידאַט צום פרעזידענט־אַמט ראָבערט דאָל, דעם גרויסן קעגנער פון וויצע־פרעזידענט דזשאָרדזש בוש.

פאַרן אינהאַלט פון די אַרטיקלען
זענען פאַראַנטוואָרטלעך
די מחברים גופא.



ATTACKS ON WARSAW JEWS
German soldiers cut off sidecurls and beards

BLUMA SHADUR (Warsaw, 1939).

"I stood on Waleska Street and saw soldiers marching in an orderly fashion. A few minutes later, soldiers began running into the yards, and the beatings and cruelty began. I had a friend who lived at 44 Waleska Street. Her father was a ritual slaughterer; a Jew who dressed like a Jew. They broke into his house while he was praying. He received terrible blows. They said his *tefillin* were hooked up to some transmitting station. At that moment, we realized that troubles are beginning for the Jews, and with Polish assistance. They saw the Germans beating us and they would point each one of us out and say '*Jude Jude!*' And we'd be beaten at once."

**The attacks on Polish Jews reached new heights of sadism. German soldiers cut off their sidecurls and beards, harnessed Jews to carts, and did everything they could to humiliate and oppress them. Jews were isolated from society and marked, as in the Middle Ages, with a yellow patch. The Germans imposed a reign of cruelty, terror, and death wherever they went: their goal — to deprive the Jews of their image as human beings, to crush all will power and resistance. Europe became a hell even before the Nazis started operating the gas chambers.**

די נאַצי–דייטשישע קולטור





"We have decided that most Jews will die of starvation," declared Dr. Hans Frank, Governor-General of Poland. He allotted each person a ration of 184 calories daily—a portion equivalent to two slices of bread.

Some 80,000 of Warsaw's Jews died of starvation, exposure, and disease even before transports began moving to Treblinka and Auschwitz. The Germans did everything imaginable to depress the spirits of the Jews, to humiliate and dishonor them, erode their will power, and withhold any spark of hope.

בילדער נישט צו פארגעסן-ווארשע-

# נייעס פון ווישילקאווע

פייערלאכע עפענונג פון חנוכה-באזאר. — זיך אפגעשטעלט פאבריקן. — ארגאניזיר קאמיסיע צום גרינדן א גמילות-חסדים קאסע.— אופאמניעניעם פאר עטאט. — קהלה גיט ארוים האלץ פאר ארמע

(פון אונזער קארעספאנדעט יונה וויביק)

פון וואשילקאווע שרייבט מען אונז:

זונטאג אינאווענט איז אין היגן גרויסן בית המדרש פארגעקומען א פראטעסט-פארזאמלונג, צוליב די א"י-געשעענישן.

די פארזאמלונג עפנט דער קהלה-פארזיצער הרב האלפערן מיט א לייני נערער רירנדיגער רעדע. ס'רידן נאכדעם די ה"ה באגאן, כמור בעקער, י. זעלעחיאנסקי. חזן קאוואל-סקי מאכט א הזכרה נאך די געפאלענע קרבנות.

מ'נעמט אן א געהעריגע רעזא-לוציע און מ'קלייבט אויס א קאמי-טעט צו זאמלען געלט פאר די געלימענע. באלד אויפן ארט ווערט

צונויפגעקליבן א געוויסע סומע.

נעכטן מאנטאג זיינען צום צייכן פון פראטעסט אלע קראמען און האנדלען געשלאסן פון 12 ביז 1 בייטאג. אין דער העברייאישער פאלקשולע זיינען איבערגעריסן געווארן די למודים.

אין וואשילקאוו — מיטן אנטייל פון די ה"ה: זעלוויאגסס, הייל פערין, קאגאן און פערעלשטיין. די קהלה האט אבגעהאלטן א פראטעסט-זיצונג אונטער'ן פארזיץ פון הרב הילפערין,

## שבתצונאכטס איז איז וואשיל-קאווע געוועזן לעבעדיג.

(א קארעספאנדענץ פון ש'טעטל)

שבת צונאכטס האט באזוכט אונזער שטעטל, אין נאמען פון קרן קימת אין ווארשע, הרב ראפאפארט פון לוצק, ווי אויך דער סעקרעטאר פון ביאליסטאקער ק"ק ה' קרוגלאק. זיי האבן רעפערירט אין גרויסן בית המדרש וועלכער איז געווען אי... פולט. גערעדט האבן זיי איבער „דערציאונג און שול - וועזן" און „חנוכה און דער קרן קימת".

היינט אינאווענט קומט דא פאר די עפענונג פון חנוכה באזאר לטובת „קרן קימת" און דער העברייאישער שולע. אלע חפצים זיינען געזאמלט געווארן אין שטעטל דורך די מיטגלידער פון דעם ניט לאנג געשאפענעם ציוניסטישן יוגנט-פארבאנד.

— אין שייכות מיט דער עפענונג פון דער אקציע פאר די אידישע שולן, איז דא שבת צונאכטס פארגעקומען א פאקל-צוג און א קאנצערט-מיטינג, אהאנושירט דורך דער איגער אפטיילונג פון דער שול-ארגאניזאציע.

ניט געקוקט אויפן גרויסן פראסט, האבן זיך אין צוג באטייליגט אן עולם פון 300 פערזאן: שול-קינדער, מיטגלידער פון דער ארגאניזאציע, עלטערן און סימפאטיקער. פארויס איז געגאנגען דער ארקעסטער פון ה' מאלדאווין-זאדוואראנסקי

אין שול-לאקאל איז נאכדעם פארגעקומען א קאנצערט-מיטינג, מיטן אנטייל פון ה' ב. טאבאטשינסקי פארזיצער פון ביאל סטאקער איש"א ס'האבן זיך גלייך אויפן ארט באשטייערט ביי 150 פערזאן.

---

### דער אווענט אין דער וואשילקאווער „תחכמוני"-שולע.

זונטאג אינאווענט איז דורך די קינדער פון דער העברייאישער שולע „תחכמוני" אין וואשילקאווע פארגעקומען א קאנצערט און דראמאטישער אווענט, וואו ס'איז געשפילט געווארן „שני ניגונים" פון י. שווייגער. אין קאנצערט האבן אנטייל גענומען דער בלאזי און סטרונע-ארקעסטער פון מאלדאווין-זאדוואראנסקי וועלכן מיר באקומען אין אונזער רשות אומיסט צו יעדער צייט.

ביי דער געלעגנהייט דריקן מיר אויס דעם ה' מאלדאווין-זאדווארא-סקי דעם הארציגסטן דאנק, פאר זיין סימפאטישער באציאונג צו אונז.

ציוניסטישער יוגנט - פארבאנד און שולע „תחכמוני" אין וואשילקאווע.

די פרעסע וועגן לעבן אין וואשילקאווע פאר דער צווייטער וועלט מלחמה

The News-Papers about life before the year 1939

## חנוכה-באַזאַר לטובת דעם ק״ק אין וואַשילקאָווע

אין זאַל פון דער העברעיִשער שולע איז אין וואַשילקאָווע פאָרגעקומען שבת-צונאַכטס די פייערלעכע עפענונג פון חנוכה-באַזאַר לטובת דעם קרן-קימת.

בעת דער פייערונג האָבן געשפּילט 2 גלאַז-אָרקעסטערס.

ס'זיינען געהאַלטן געוואָרן באַגריסונגען פון ק״ק — פערלשטיין, קפא״י סראַליוש, העברעיִשע שולע — קאַליוויאַנסקי און ציוניסטישע יוגנט-האַלטערן.

מיטן איבערשניידן די לענטע האָט מען מכבד געווען דער פ. שיינע קאַן און ה׳ זלמן בירגער.

נאָכדעם לאָזט זיך דער גרויסער עולם אָוועק-באַטראַכטן דעם באַזאַר

# די א״י מאַטאָציקליסטן

### דער קבלת פנים אין וואַשילקאָווע

ווי מיר האָבן שוין געמעלדט איבערגעגעבן, האָט אַ גרויסער עולם ביאַליסטאָקער באַגלייט די מאָטאָציקליסטן ביז וואַשילקאָווע — ס'איז געווען נייגעריג צו זען דעם הערציגן קבלת-פנים, צו וועלכן וואַשילקאָווע האָט זיך שטאַרק געגרייט...

דער צוג פון די מאָטאָציקליסטן און זייערע ביאַליסטאָקער באַגלייטערס אויף מאָטאָציקלען און טאַקסאָבוסעס, איז דורכן וואַשילקאָווער עולם אָפּגעוואַרט געוואָרן אויפן שאָסיי, הינטערן שטעטל.

דערבײַ זיינען אויפן פעלד, לעם שאָסיי, געלעגן די אינסטרומענטן פונעם הערציגן אַמאַטאָרן-אָרקעסטער — די מוזיקאַנטן, וועלכע זיינען ס'רוב אַרבעטער, האָבן זיך נים געקענט דערוואַרטן און געמוזט אַוועקגיין צו דער אַרבעט. האָט מען זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ס'האָט איבערגעלאָזן איינעם. און ער האָט געשפּילט אויף אַ טרומייטער...

דער פּרעזידענט פון וואַשילקאָווער „מכבי", ה׳ י. קאַליוויאַנסקי, שטייט אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, אין זיין אָפּיציעלער מכבי-היטל, און באַגריסט דער ערשטער.

נאָך אים באַגריסט אַ פריילן, רייזל באַרעצקי (העברעיִש) אין נאָמען פון די וואַשילקאָווער ציוניסטן. אין נאָמען פון קפא״י — ה׳ דוד באַכראַך.

ס'ווערט פאָרגעשטעלט אַ דעלעגאַציע פון דער וואַשילקאָווער העברעיִשער שולע — עטלעכע קליינע מיידעלעך מיט אַ גרויסער ציוניסטישער פאָן. איינע פון זיי, מינעלע שפּעקטאָר, דערלאַנגט ה׳ איכרן אַ בוקעט בלומען און כאַפּט דערבאַר פון אים אַ קוש...

נאָכדעם לאָזן זיך אַלע אין שטעטל און ווערן אַריינגעפירט אין דער הויז פון דער הערציגער ציוניסטין הינדע כהנא, וואו דער טיש איז געדעקט מיט אַ גרויסאַרטיגן טאָרט און מיט עטלעכע פלעשער ווײַן...

אין עטלעכע מינוט ווערט בחיבור אַלין „צורעכט געמאַכט", ה׳ איכר דאַנקט אין עטלעכע ווערטער. און די ארץ-ישראלדיגע, ביאַליסטאָקער און וואַשילקאָווער זינגען צוזאַמען אַ זמרל.

ס'הייבט זיך אָן אַ קושעניש און די א״י-געסט באַגלייט דורך פינף ביאַליסטאָקער מאָטאָציקליסטן), לאָזן זיך אויף זייער ווייטערדיגן וועג קיין גראָדנע.

באַלד נאָך זייער אָפּפאָרן איז געקומען צופליען אויפן מאַרק דער וואַשילקאָווער בירגערמייסטער, אַ קריסט, וועלכער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט מיט זיין באַגריסונגס-רעדע אין נאָמען פון דער גאַנצער שטעטל...

In there "Press " before 1939

אין דער פּרעסע

# דער טרויער־אוונט אין וואשילקאווע

### (א בריף פון וואשילקאווע)

זונטאג פרי, ווי ס'האט זיך נאר באוויזן די ערשטע צייטונג, דער „אונזער לעבן" מיט דער טרויעריגער ידיעה פון דערהרגטן דר. חיים ארלאזאראוו, איז אנגעפאלן א טרויעריגע שטימונג צווישן אלע ציוניסטן און נאציאנאלע יידן.

אין השומר, הנוער־ציוני איז גערופן געווארן א ספעציעלע טרויער־אסיפה.

פארן לאקאל פון החלוץ הכלל ציוני און ציוניסטישער ארגאניזאציע זיינען אויסגעהאנגען געווארן די פענער מיט שווארצע קרעפע, אויף די גאסן טרויער־מעלדונגען אין שווארצן.

אינאוונט איז פארגעקומען א טרויער־פארזאמלונג אין החלוץ הכלל ציוני. ס'האט גערעדט דער פארזיצער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע ה' ירחמיאל זעלעוויאנסקי וועגן דער גרויסער אבידה פון אונזער גרויסן ציוניסטישן פאליטישן פירער.

אלעמענס אויגן איז געווען ארארגעלאזט צו דער ערד פול מיט טרערן.

די העברייאישע שולע האט איבערגעריסן די למודים אלס צייכן פון טרויער.

# די ל״ג בעומר־פייערונג אין וואשילקאווע

פון וואשילקאווע שרייבט מען אונז פאלגנדיגס וועגן דער ל״ג בעומר־פייערונג:

אינדערפרי האבן די קינדער פון דער העברייאישער שולע פארקויפט אפצייכענונגען לטובת דעם קרן קימת.

די אידישע קינדער פון ד ר פוילישער פאלק שולע זיינען באפרייט געווארן פון די לימודים און צוזאמען מיט די קינדער פון דער העברייאישער שול האבן זיי מארשירט איבערן שטעטל אונטער א וויים־בלויער פאן.

א שיינעם איינדרוק האט געמאכט, ווען דער קינדער־צוג האט אפגעשטעלט פארביי דער הויז וואשילקאווער רב און געזונגען עטלעכע העברייאישע לידער.

נאכדעם האבן די קינדער אוועקגעשפאצירט אין וואלד, וואו ס'זיינען געהאלטן געווארן פאר זיי רעדעס וועגן ל״ג בעומר.

---

# א״י־אקאדעמיע איז וואשילקאווע

דינסטאג, דעם 3־טן מאי האט זיך אין וואשילקאווער גרויסן בית־המדרש צונויפגעזאמלט א הונדערט־קעפיגער עולם יידן. ה' סמאליאר פון ביאליסטאק, וועלכער האט לעצטנס באזוכט ארץ־ישראל מיט דער „מאטענט"־עקסקורסיע האט אפגעגעבן א לעבעדיגן גרוס פון אונזער פאטערלאנד. ער האט מיט גרויס באגייסטערונג דערציילט וועגן דער יידישער פראכט־שטאט תל־אביב, וועגן דער מכבי־יהדע און דער אויסשטעלונג, וועגן דעם לעבן אין די קבוצות און מושבי־עובדים, און פארענדיגט מיט די ווערטער, אז יעמער וועלכער גראגט, וואס מען גיט פאר א״י גייט גיט לאיבוד נאר שאפט בשום וואונדער.

דער דאזיגער נחום פון ארץ ישראל האט אויף אלע פארזאמלטע איבערגעלאזן א שטארקן רושם.

דער פארזיצער זעלוויאנסקי האט דעם רעדנער און שליחט די איינדרוקסאנטע אקאדעמיע.

י פילטשיק.

### וואשילקאוו

... אין צוזאמענהאנג מיט דער פעראייניגונג פון די צוויי באוועגונגען איז ביי אונז דורכגעפיהרט געווארן די פעראייניגונג פון סניף מיט'ן קן פון „הנוער הציוני". מיר טרעטען צו צו א בשותפות'דיגער ארבייט אויף אלע געביעטען.

פרייטאג, דעם 21/12 פ. י. איז גערופען געווארן אן'אלגעמיינע פערזאמלונג מיט'ן ציעל צו ארגאניזירען די פערשפרייטונגס־אקציע פון אונזער צייטונג „בלוי־וויס". ס'איז בעשלאסען געווארען צו פערדרייפאכען די פערשפרייטונג פון דער צייטונג ביי אונז אין שטאדט.

From the Press

פון דער פרעס

# וואו נעמט דאָ אַן געלט פאַר דער יידישער לאַנד"

## פרעגט אַ גויע אין וואשילקאָווע מיט צוויי גילדן אין האַנט

(גר.) אין וואַשילקאָווע האָט זיך אויפן גאס אַרומגעדרייט אַ קריסטין פון אַ דאַרף און זיך נאָכגעפרעגט ביי יידן, וואו נעמט מען דאָ געלט פאר דער יידישער לאנד

יידן, האָבן זיך געחידושט: וואָס האָט עפּעס אַ דאָרף-גויע צו טאָן מיט געלט פאר אַרץ-ישראל? צווישן זיך האָט מען שוין זיך געשושקעט, אַז דאָס מוז זיין עפּעס אַ משומדתטע: וואָס וויל אויפן קויפן איר זינד דורך אַ גרויסער נדבה, און ווער ווייס, אפשר וויל זי גאָר פאָרן קיין ארץ-ישראל און זיך מגייר זיין

מ'האָט איר אָוועקגעפירט צום באַאַמטן פון קרן-קיימת און אַ פּאָר יינגעלייט זיינען מיטגעגאַנגען, וואַרטנדיג מיט גרויס נייגעריגקייט, וואָס זי האָט דאָ צו זאָגן.

און געהאט האָט זי צו זאָגן אַ קלייניגקייט:

זי וויל געבן אַ נדבה צוויי גילדן פאר ארץ-ישראל. דאָס אַלץ.

דער באאמטער האָט די געלט צוגענומען, פארשריבן, ארויסגעגעבן אַ קוויטונג און דערביי זיך נאָכגעפרעגט:

וואָס עפּעס איז איר איינגעפאלן געבן די נדבה גראָד אויף א"י?

די קריסטין האָט דערציילט:

ס'איז ביי איר געשען אַ גנבה, מ'האָט ביי איר געגנבעט אַ קו. זי האָט שוין אַדורכגענושט דעם גאנצן געגנט און ניטאָ — ווי אין דער ערד אריין

זאָגט מען אין דאָרף, אז אַ נדבה אויף דער יידישער לאנד איז אַ סגולה צו געפינען אַ גנב. האָט זי געפאָלגט די עצה פון שכנטעס און געבראכט די נדבה.

דער באַאמטער האָט איר צוגעוואונטשן, די גנבה זאָל בקרוב געפונען ווערן און די קריסטין אין אוועק.

צי די ברכה איז מקויים געוואָרן, איז נים ראקאנט.

# די אַנטהילונג פון דער ציוניסטישער פאָן

## און די תשרי אקציע פון קק"ל אין וואשילקאָווע.

פאָריגע וואָך איז אין וואשילקאָווע פאָרגעקומען די פייערלאכע אַנטהילונג פון דער פאָן פון „החלוץ כלל-ציוני" אין שייכות מיטן אָפּפאָר פון אונזער ערשטן עולה פון שטעטל ח' משה שלאַכטער (החלוץ).

צו דער פייערונג זיינען געקומען אַ סך חשובע געסט געלאדענע. צען אוונט עפנט דער ח' זעלעוויאַנסקי די פייערונג און דער חלוצישער אָרקעסטער שפּילט התקוה. אַנטהילן דער פאָן האָט מען מכבד געווען דעם חשובן עסקן ה' פסח אַבראַמאָוו מיט דער פרוי ליבע ליטווין (סלאָנים).

נאָכדעם זיינען פאָרגעקומען באַגריסונגען: אינוש. יאַטשמעניק, חיים אַבראַמאָוו, שטערנשוס, מענדעלעוויטש, געלבערד, רובינשטיין הנוער פון גליל-ביאַליסטאָק. צום סוף האָט ה' זעלוויאַנסקי געהאלטן א געזעגענונגס-רעדע צום אָפּפאָר פון ערשטן חלוץ פון שטעטל און ביי שיין סערווירטע טישן האָט דער עולם פארבראַכט ביז טאָג.

אויף דער פאַדערונג פון צענטראַלע און אָפּשאַצנדיג די לאַגע פון היינטיגע הכנסות פאַרן קק"ל האָט די קק"ל-קאָמיסיע באַשלאָסן צום אָנהויבן מיטן יאָר תרצ"ה אַ שטאַרקערע אַרבעט. און דער גרויסער בית-המדרש האָט אין די טעג פון ראש-השנה שוין געצייכנעט מיט א גרעסערע סומע נדרים פאַרן קרן-קיימת. אַ דאנק דעם חשובן בעל תפילה און בעל קריאה ה' טביה קאַמען, ס'איז צום האָפן, נאָכדעם ווי אַנדערע בתי-מדרשים וועלן נאָכטאָן וועט דער תשרי חודש זיין ביי אונז אַ דאָפּלטע ווי פאָריגן יאָר

רופנדיג אייך וואַשילקאָווער יידן צום שפּענדן פאַרן קק"ל פאַר גאולת הארץ ווינטשן מיר אייך אַ חתימה טובה.

קק"ל קאָמיסיע

די פרעסע פאר דער צווייטער וועלט-מלחמה
The News before the war 1939

לעבן נומער 42. פרייטאָג ד. 18־טן פעברואר 1938

# פייערלאַכער געזעגענונג־באַנקעט אין װאַשילקאָװע צום אָפּפאָר קיין ארץ ישראל

## געפלאַנצט 2 בוימער אין יער־הרצל אויפן נאָמען פון עולה

פאַריגן שבת ביינאַכט איז אין לאָקאַל פון „הנוער ־ הציוני" אין װאַשילקאָװע פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע בעזעגענונג צום אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל פון גרידער און לאַנגיעריגן דערציער ח׳ ירחמיאל זעלעװיאַנסקי, פונקט 3 ביינאַכט האָבן די שומרים פון „הנוער־הציוני" אונטער דער בלוי־װייסער פאָן אָפּגעגעבן אַ פייערלאַכן ראַפּאָרט זייער פירער און איצטיגן עולה און צוגע־זאָגט צו פאָרזעצן מיט א פאַרשטאַרקטן װילן די װייטערדיגע אַרבעט.

צום סוף האָבן זיי באַשלאָסן פלאַנצן אַ בוים אין יער ־ הרצל אויפן נאָמען פון זעלצװיאַנסקי.

ביי זייער אַ געהויבענער שטימונג מיט געזאַנג און טענץ האָט די ציוני־סטישע יוגנט זיך געזעגנט מיט איר בעסטן חבר.

---

שבת אינאָװנט איז פאָרגעקומען אַ פייערלאַכער באַנקעט פון די ציוניסטן און סימפּאַטיקער זינט הויז פון ה׳ לייבל לענטשינער. אַלס טאָסטמייסטער איז געװיילט געװאָרן דער ה׳ פסח אבראַמאָװ. ס׳האָבן באַגריסט: די ח״ח אַבראַמאָװ, פרוי שיינע כהן, בן הרב שמואל האלפערן, לערער פון דער העבר. שולע מר משה ראַפּ. פערלשטיין, ראַ־טאָװעצקי, פילשטיק, שטערנפעלד און משהלע בערעק.

צום סוף האָט געפלאַנצט אַ צװייטן בוים אויפן נאָמען ח׳ זעלעװיאַנסקי, און ביי זיין טערווירטע טישן האָט זיך דער ציוניסטישער עולם משמח גע־װען און האַרציג געזעגנט מיט איר יונגן ציוניסטישן פירער אין װאַשיל־קאָװע.

נאָכדעם האָט אין קורצע װערטער געזעגנט און געדאַנקט, דער ח׳ זעלע־װיאַנסקי און זיך געװענדט מיט אַן אַפּעל צו דער ציוניסטישער יוגנט.

מיט געזאַנג פון „התקוה" און „תחזקנה" איז דער פייערלאַכער באַנ־קעט געשלאָסן געװאָרן.

---

זייער פייערלאַך איז אויסגעפאַלן די געזעגענונג מיט די שילערס פון דער העברייאישער שולע. די קינדער האָבן געזונגען, געטאַנצט און געװאונטשן אַ סך הצלחה דעם איבערגעגעבענעם פריינט פון זייער שולע.

די ציוניסטישע יוגנט און שול־קינדער האָבן זיך פאַרזאַמלט דינסטאָג ביינאַכט אויפן מיטן מאַרק, צו באַ־גלייטן דעם אָפּפאָרנדיגן זעליװיאַנסקי.

---

# נצחון פון די ציוניסטן ביי די װאַלן אין װאַשילקאָװע

פון װאַשילקאָװע שרייבט מען אונז: (ארבעטער).

זונטאָג זיינען פאָרגעקומען װאַלן צום שטאָטראַט. פון די 12 ראטמענער זיינען אויסגעקליבן געװאָרן 3 יידן: מרדכי שניאור (ציוניסט), זלמן פאָני־טאַנסקי (אומפּארט.), יעקב קראַװוטשיק.

די גרעסטע צאָל שטימעס האָט גע־קריגן דער ציוניסט און בכלל. װערט זיינען אויסגעקליבן צום ערשטן מאָל אין װאַשילקאָװער שטאָטראַט א ציוניסט.

---

די פרעסע פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה
The News before the war 1939

# גרויסע גנבה יום-כיפור ביינאכט אין וואשליקאווע

## אויסגעליידיגט א קראם און אויפגעגעסן די פיש מיט די פלייש

(א). פון וואשילקאווע שרייבט מען אונז:

אין דער נאכט פון יום-כיפור האבן זיך גנבים אריינגעקריגן אין גאלאנטעריי-געשעפט פון ה׳ שניאור און ארויסגעגנבעט די גאנצע סחורה, וואס עס איז געווען אנגעגרייט אויפן ווינטער סעזאן.

חוצדעם האבן זיי אויפגעגעסן די גאנצע פיש און פלייש, וואס עס איז געווען אנגעגרייט אויף נאכן תענית.

דער חזן ה׳ קאוואלסקי האט שטארק אויסגענומען מיט זיינע תפילות היינטיגן יום-כיפור אין שול.

דאסזעלביגס איז דער עולם אויך צופרידן געווען פונם ספעציעלן כאר, וואס האט דעם חזן באגלייט.

## וואשילקאווע.

דאנערשטאג דעם 3-טן מאי, 9 פרי איז פארגעקומען א פייערלעכע תפילה אין גרויסן בית-המדרש, אויסגעפירט דורכן שטאט-חזן. הרב האלפערן האט גערערט מעניני דיומא.

נאכדעם איז פארמירט געווארן א צוג לכבוד ל״ג-בעומר פון דער העברעישער שולע און פון „השומר הנוער הציוני״ מיט פענער און ארקעסטער, איבער די הויפט-גאסן צום וואלד.

— דעם 27-טן מאי קומט פאר וואלן צום שטאט-ראט אין וואשילקאווע.

אויף דער יידישער גאס איז נאך דערווייל שטיל. מ׳האט אויף איין יידישע ליסטע. דערווייל זיצט א באַ

שטימטער קאמיסאר. און דער ביזאיצטיגער בירגערמייסטער איז אראפ אין דעמיסיע.

— אין וואשילקאווע איז די טעג דערהאלטן געווארן די טרויעריגע בשורה, אז אין לייפציג איז פלוצלינג געשטארבן דער געוו. וואשילקאווער חזן-שוחט הענאך סיוואוויטש, וועלכער האט אין לייפציג פארנומען דעם אמט פון חזן-שני.

סיוואוויטש איז אלט געווען 48 יאר, ער האט שוין געהאט סערטיפיקאטן צו פארן מיט זיין משפחה קיין א״ץ-ישראל.

ז—סקי.

## פראטעסט-טאג איז וואַשילקאווע

פון וואשילקאווע שרייבט מען אונז:

דער נעכטיגער פראטעסט-טאג קעגן די געשעענישן אין א״י האט געטראגן אן אימפאזאנטן כאראקטער. בייטאג איז פארגעקומען א פראטעסט זיצונג פון דער קהלה-פארוואלטונג און אינאווענט איז דורך דער ציוניסטישער יוגנט פארגעקומען א פראטעסט-פארזאמלונג אין ציוניסטישן לאקאל.

ס׳האבן גערעדט די ה׳ה: זעלעוויאנסקי (ווארשע), היילפערן, קאגאן און פערלשטיין און ס׳איז אנגענומען געווארן א פראטעסט-רעזאלוציע. חזלכע



Wasilkow in there " Press " וואשילקאווע אין דער פרעסע

## פייערלאכע עפענונג פון חנוכה-באזאר.

זייער איספאזאנט איז אויסגעפאלן די ערעפענונג פון 6טן טראדיציאנעלן חנוכה - באזאר אין וואשילקאווע.

דעם עפענונג - ווארט האלט דער פאר־זיצער פון דער באזאר - קאמיסיע ה׳ שמואל האלפערן. דער ארקעסטער שפילט התקוה און דעם פוילישן הימן.

א זייער שיינע אויפקלערונג וועגן דעם יום - טוב חנוכה גיט דער שילער פון דער ,,יבנה״ - שול שלום מענדעלעוויטש. נאכדעם ווערט אויסגעפירט דער בענטשן חנוכה - ליכטלאך אויך דורך די קינדער פון דער שולע. ספעציעל צייכנט זיך אוים דער שילער הענאך מאשעטאוויטש, וועלכער באצויבערט דעם עולם מיט זיין זיסער שטימעלע.

ס׳ווערט איבעשנעלייענט א באגריסונג־טעלעגראמע פון דער ס.ס.ל.-צענטראלע פון ווארשע און א טעלעגראמע פון א בן - עיר — מאגיסטער, נח כהן פון פראנקרייך. ס׳באגריסן אויך אין נאמען פון ,,קרן - קימה״ שמעון בערלשטיין פון פועלי - ציון און ,,פרייהיים״ דוד לעוואר.

מיטן איבערשניידן די לענטע איז מען מכבד געווען די חברים פון דער ציוני - סטישער ארגאניזאציע אין וואשילקאווע ישראל שליאכטער און יעקב פילשטשוק. דער פארזאמלטער עולם לאזט זיך צום אויספארקויף פון די חפצים.

בייַ שיין - סערווירטע טישלאך אונטער די קלאנגען פון צינאן - ארקעסטער. ווילן זיך די געסט ביז אין די פרימארגן־שעהן. אין משך פון גאנצן אוונט ארבעט זייער אינטענסיוו א ,,לייקאזש״ פון דער פירמע ליפינסקי ה׳ יעקב גלאז, וועלכער פאחאיבינט די פייערונג דורכן אויס־כאפן פארשיידענע פראגמענטן.

די שליסונג פון באזאר קומט פאר דעם 7טן יאנואר מיט א קינדער - פארשטע־לונג אויסגעפירט דורך די קינדער פון דער ,,יבנה״ - שול.

---

זאפאמאנע.

אין וואשילקאווע האט זיך איצט גע־שאפן אן ארגאניזיר קאמיסיע, וועלכע איז צונעטראטן צו שאפן א גמילות חסדים־קאסע. ביי דער מיטהילף פון ,,דזשאינט״.

פארינע וואך איז שוין אפגעשיקט גע־ווארן אין סטאראסטווא דער סטאטוט צו באשטעטינן.

נאך פילמאליגע אויפפאדערונגען פון פרעזעס פון דער קהילה, וועגן איינצאלן דעם עטאט פאר די פארגאנגענע יארן, וועלכע האבן נים געבראכט קיין רע־זולטאט. האט די קהילה פארוואלטונג ארויסגעשיקט ,,אופאמניעניעס״ צו די וועלכע האבן זיך נים צוגעפאסט צו די צאלונג פארשריפטן, די פאראינטערע־סירטע דארפן זען רערלידינן אין די נאנטסטע טעג, אין קעגנפאל וועט די קהילה פארוואלטנג זיין געצוואונגען איבערצושיקן אין שטייער אמט צו עק־זעקוציע, וועלכע וועט זיין פארבונדן מיט גרויסע הוצאות.

— צוליב די גרויסע פרעסט האט די קהילה פארוואלטונג ארויסגעגעבן הילף פאר ארימע פאמיליעס.

**די פרעסע פאר דער צווייטער וועלט-מלחמה**
**The News before the war 1939**

לחבר הועד של בית-ספרנו „יבנה" ירחמיאל זלווינסקי,
לעליתו ארצה ישראלה. אנו מאחלים — עלה והצלח ותזכה
בקרוב לראות תחית המדינה העברית.
בשם ועד ביה"ס „יבנה" בושילקובה
יושב ראש: שמואל האלפערן.

אונזערע הארציגסטע ברכות צו דעם אפפאר קיין ארץ-ישראל פון אונזער לאנגיאריגן פארזיצער פון דער ציונ-סט. ארגאניזאציע און מורשה פון קרן קימת לישראל — חבר ירחמיאל זלווינסקי
אנשטאט א מתנה — פלאנצן מיר א בוים אין יער הרצל א"נ פון עולה.
ציונ. ארג. סק"ל-קאמיסיע אין וואשילקאווע.

# א זייגעזונט

צו מיין עליה קיין ארץ-ישראל
זאגן איך מיינע נאנטע פון דער פאמיליע, חברים-ות אלע באקאנטע פון פוילן.
להתראות בארץ ישראל!
ירחמיאל זעלעוויאנסקי
וואשילקאווע 17 דעצבר. 1938.

צום אפפאר פון אונזער גרינדער פון קן „הנוער-הציוני" קיין ארץ-ישראל
ירחמיאל זעלעוויאנסקי
ווינטשן מיר דערפאלג אין זיין חלוצישן הגשמה וועג.
אנשטאט בלומען פלאנצן מיר א בוים אין יער-הרצל אויפן נאמען פון עולה
הנוער-הציוני בוסילקובה.

וואשילקאווע.
פרייטאג דעם 11טען איז דא פארגעקומען א גרויסע באלפור-אקאדעמיע אין לאקאל פון דער העברעאישער שול. עס האבען גערעדט די חברים ביאלאסוקענסקי, האלפערן; סראלוש און זעליוויאנסקי. דינסטאג איז פארגעקומען א פאקעל-צוג מיט מוזיק פון פלאץ פאר דער העברעאישער שול צום בית-המדרש און צוריק, אין בית-המדרש איז פאר געקומען א גרויסע פאלקס - פערזאמלונג פון פיעל הודערטער מענטשן עס האבן גערעדט הרב האלפערן אין נאמען פון "מזרחי", די חברים לאנדינסקי, סראליוש, גימפעל, פיהרער פון ביאליסטאקער "השומר הצעיר" און דער סעקרעטאר פון קרן קימת ח' קרוגליאק.
נאך די רעדעס איז דער עולם אוועק צוריק צום פלאץ פון דער העברעאישער שול אונטער די קלאנגען פון ארקעסטער, וועלכער האט געשפילט העברעאישע ליעדער און מיט די אויסרופן "יחי באלפור" און "עם ישראל" איז דער פאקעל-צוג אויפגעלעזט געווארן
אגודת הציונים.

אה! וואשליקאווע, דו וואסליקאווע, באשיירענע, בנועה'דיקע, ארימע שטעטעלע מיט דיינע לומדים בעלי-בתים וואו ביסטו? גאנצע משפחות האבען געארבעט, ווי די אייזלען. דער, טאטע מיט די כינדער האבען געהעבעט, די מאמעס מיט די שוועסטערס האנ'ען געשפולט. געשארען די קעטעס, געגופט די שטיקער. קיין בארגעלט, פלעגט מען זומער אויך ניט דארפען באצאהלען, א קליינינקייס, אוא רחבות, אן אייגענער טייך. אפילו „קאראבקע"-געלט, פלעגט מען גנב'נען, אלץ פאר ד' ביאליסטאקער „קוכן-כרעסער" און אליין האבען זיי ניט געהאט, אפילו קיין גרויפען מיט וואסער. געדענקט איר נאך דעם רב ר' גרשון-מאיר באיארסקי פון אסטריק (ווילנער גוב.) פון מתנגדישען קיבוץ — און ה' רפאל אמדורער, דעם ראש-ישיבה פון חסידישען קיבוץ?
([illegible] – 1945)

**געשעענעשן אין וואשילקאווע פאר דער צווייטער וועלט-מלחמה**
**The Press about Wasilkov before the war 1939**

# די פייערלאַכע עפענונג פון חנוכה־באַזאַר אין וואַשילקאָווע.

פון וואַשילקאָווע שרייבט מען אונז:

שבתצונאַכטס איז אין נייעם סעאַסער־בנין פון פרוי געלבערד פאָרגעקומען די פייערלאַכע עפענונג פון 11־טן סראַדיציאָנעלן חנוכה־באַזאַר לטובת דעם קרן־קימת.

דער זאַל איז געווען רייך אילומינירט, די סצענע דעקאָרירט און אויסגעשטעלט מיט פאַרשיידענע חפצים, וואָס מ'האָט געזאַמלט אין וואַשילקאָווע, ביאַליסטאָק און ביי פאַרשיידענע פירמעס אין גאַנץ פוילן.

זייער אַ רייכן בופעט האָבן אָרגאַניזירט די פרויען שיינע כהן, פעשע זאַכשמעניק, פייגע שאַפּיראָ, ביילע סאָיעד, באַשקע לענסשינער און ראָזע אַבראַמאָוו.

געעפנט דעם באַזאַר האָט ה' פסח אַבראַמאָוו. נאָכדעם האָבן באַגריסט פון קק"ל: שמואל האַלפּערן פון החלוץ הכלל־ציוני: ראַסאָוועצקי, פון די פרויען: שיינע כהן.

מיטן איבערשניידן די לענטע האָט מען מכבד געווען דער פרוי ראָזע אַבראַמאָוו מיטן ה' זעלעוויאַנסקי.

דער לעצטער האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע וועגן די 11 יאָר באַזאַר אין וואַשילקאָווע און גערופן צום שאַפן וואָס גרעסערע מיטלען פאַרן קרן־קימת..

צום סוף — האָבן די "שומרים" פון הנוער־הציוני אויסגעפירט עטלאַכע ארץ־ישראל בילדער, און דער עולם האָט נאָך געלאָזן באַטראַכטן און קויפן די געשענקטע חפצים.

אַרגעו זשורנאַל —5—

## צו אלע וואשילקאָווער (ביי ביאַליסטאָק) אין אמעריקע!

וואשילקאָווער (ביאַליסטאָקער געגנט) לאַנדסמאַנשאַפט אין תל אביב פירט אַן אַן אינטענסיווע הילף אקציע לטובת דער שארית הפליטה און ווילען ארויסגעבען א בראָשור צום אָנדענק פון וואשילקאָווע.

פון די וואשילקאָווער שארית הפליטה אין פוילען, דייטשלאַנד, עסטרייך, פראַנקרייך און לעצטענס פון אינזעל ציפערן קריגען מיר בריוו און ידיעות וועגען דער גרויסער הילף אקציע, וועלכע ווערט געפירט דורכ'ן וואשילקאָווער פאראיין אין תל אביב.

די גוטע ארבייט ווערט געפירט דורך ירחמיאל זעליוויאַניקי, משה שליאַכטער און יהושע מינקין. זיי שיקען געלט, פעקלאַך שפייז און זאַכען א. א. צו אונזערע לאַנדסלייט. דערצו איז נויטיג געלט און זאַכען. זיי שיקען א רוף צו אלע וואשילקאָווער זיי צו העלפען אין דער וויכטיגער ארבייט. וואשילקאָווער לאַנדסלייט, שיקט פעקלאַך זאַכען (קליידער, וועש, שיך) צום קאָמיטעט אויפ'ן אַדרעס:

J. ZELWIANSKI
24 BEN-YEHUDA STR. 24,
TEL-AVIV, Palestine

אויך געלט קענט איהר שיקען אויף דעם אדרעס, אָדער אויף מיין אדרעס און איהר וועט קריגען א באַשטעטיגונג קבלה פון קאָמיטעט אין תל אביב.

זיי גייער אויך ארויסגעבען א בוך וועגען וואשילקאָווע צום אָנדענק פון די קדושים..

..אלע וואשילקאָווער ווערען געבעטען מיטצואַרבייטען אין דעם בוך דורך צושיקען געשריבענע זכרונות וועגען וואשילקאָווע אָדער בילדער פון א געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער.

נח כהנא, 2538 נאָרט קעדזי עוו.,
שיקאַגאַ 47, אילינאָי.

From the Press פון דער פרעסע

פרייטאג, דעצעמבער 12, 1947





ליבל מענדעלאָוויטש, דער וואסילקאָ-
ווער אידישער סאָלדאט אין דער רויטער
אַרמיי, שרייבט צו זיין קוזינע אין
ברוקלין

# אַ וואַסילקאָווער צו זיין קוזינע אין ברוקלין

דער בריוו איז אָנגעקומען צו
רייזל מענדעלסאָן שטיין אין ברוקלין.
זאַמאָשטיש, 20טן סעפט. 1947.
צו מיין ליבער קוזינע רייזל.
דיין פאַסילקע האָב איך דערהאַל-
טען, פאַר וועלכע איך דאַנק דיר
זייער. די פאַסילקע האָב איך באַ-
קומען אין דעם זעלבן טאָג, וואָס
איך האָב באַקומען א דאַנק פון אַ
גענעראַל פון דער פוילישער אַרמיי
און 5 טויזנט זלאָטעס א פרעמיע
פאַר מיין אויסצייכענען זיך אין
דינסט, פאַר דעם וואָס איך האָב
פאַרניכטעט 8 אוקראַינישע פאַשיס-
טען, 7 פאַשיסטן גענומען אין גע-
פאַנגענשאַפט און איבערגענומען פיל
געווער, אַזוי אַז אין גיכן וועל איך
באַקומען א 3טן שטערנדל און וועל
זיין א קאַפּיטאַן.

וועגן זיך קאָן איך דיר מיטטיילן,
אַז איך בין געזונט. און איך לעב
זיך ניט שלעכט. אַרבעט איז דאָ זייער
פיל אַז ניט אַלע מאָל איז דאָ צייט
אויף צו שרייבן.

דו שרייבסט מיר, אַז דעם שונא
צו פאַרניכטן איז דאָ א סך וועגן, אָן
ביקסן. איך ווייס עס, אָבער אַז דער
שונא פירט א קאַמף מיט געווער,
דאַן מוזן מיר ענטפערן מיט גראַנאַ-
טען און האַרמאַטן, ווי מען זאָגט א
צאָן פאַר א צאָן און אַן אויג פאַר
אַן אויג. איך פאַרשטיי גאַנץ גוט.
אַז ביי אייך זיינען דאָ אַנדערע וועָ-
גען, נאָר ביים פוילישן אידנטום זיי-
נען ניט געווען קיין אַנדערע וועגן, —
קעמפן און קעמפן, אויך אומקומען
וועָן נויטיג צוזאַמען מיט'ן שונא,
אָבער ניט אַזוי ווי שאָף, אונטער-
שטעלן דעם האַלז.

רייזל, איך האָב זיך דערמאָנט,
פאַר דער מלחמה איז אַוועקגעפאָרן
אין אַמעריקע אונזער א חבר אברהם
געלבארד, זיין מוטער האָט געהייסן
פריידל, גיב אים אָפּ א גרוס און בעט
אים צו שרייבן מיר בריוו.

פון מיר
ליבל מענדעלאָוויטש.

זיין אָנקל שלום הערש מענדעל-
סאָן, פון ברוקלין, גיט אונז איבער,
אַז דער סאָלדאַט מענדעלאָוויטש איז
געבוירן אין וואַסילקאָוו לעבן ביאַ-
ליסטאָק, אַז ער האָט זיך שוין פריער
אויסגעצייכנט אין דער פוילישער אַר-
מיי פאַר וועלכע ער האָט געקראָגן
2 מעדאַלן אַלס אַנערקענונג. איצט
וועט ער באַשטימט ווערן אַלס קאַפּי-
טאַן.

מענדעלאָוויטש, וועלכער איז גע-
בליבן אַליין פון זיין משפּחה וועמען
די נאַציס האָבן אויסגעמאָרדעט, האָט
געהאַט די געלעגנהייט קומענדיג
צוריק אין זיין שטעטל, זיך אָפּרעכע-
נען מיט די מערדער פון אידן, און
ער איז זייער שטאָלץ אויף דעם.

אבריוו פון א וואסילקאווער אפיצער אין אמעריקאנער "פארווערטס"

A letter from our Wasilkover Jewish Officer in 1947 year

# וואשילקאווע אין בילדער

## א זכר פון דער פארגאנגענהייט
## און
## א טייל וואשילקאווער יידן אויף דער וועלט




דאס איז צוזאמען מיט דעם שול-הויף א שנה טובה ווונשארויסגעשיקט
פון וואשילקאווע אין 1930 פון דער פרוי פארבער (פון דער היים וויניק)
צו איר שוועסטער-ענגלאנד.

Shona-Tova, New Year Greetings card to a sister in London 1930. With picture from the Prayer-Houses.






א טייל פון ביאליסטאקער גאס.
A part of Bialystoker Street.



א טייל פון מארק: ווען לוול דעם לערערס הויז, קאפליטשקי, שטאט-גארטן (טייל).
A part of the "Mark".




**די וואשילקאווער גרויסע הילצערנע שול און דער קליינער בית המדרש.**
The Synagogue and the "Klejner Bejt-Medresh.



**דער לעצטער וואשילקאווער רב**
**ר׳ ישראל היילפרן זצ״ל, די רביצן מרים,**
**זין רב ר׳ יעקב, משהל און טאכטער פייגעלע.**
Rabbi Israel and his family.



**דער חזן מאכט א אל מלא רחמים און מען זאגט קדיש בציבור.**



קאמיטעט פון ק.ק.ל. אין 1937. פארזיצער שמואל היילפרן.
Committee of Keren Kayemet.



א גרופע מיטגלידער פון "מכבי קלוב", פון רעכטס:
אברהם געלבערד, מאשקע פאליאק, פריידל אינקער,
שמעון פערלשטיין און וועלוול פילשטשיק.
"Youngsters from Maccabi Club".



דער 'השומר' - אויפן נאמען פון "יוסף טרומפלדור" אין 1925.
Members of the Trumpeldor" Haszomer in 1925.



די תחכמונה-שול און לערערס. אין צענטער מנהל לאנדינסקי.
The 'Tachkemone" school. Mr Londinski Head Teacher in the centre.



דנה מענדעלעוויטש ערשטע שורה 4טע פון רעכטס
קרית בנימין ישראל.
Dana Mendelevicz first row 4th from right
Kiryat Benjamin, Israel.




קאמיטעט פון קרן הקימת לישראל אין וואשילקאווע 1928 יאר.

Keren Kajemet Fumd Committee fr.L.Zelvianski
S.Sheitlis, Delegate, Frume M.Chaim Perelstein
Hinde Kane, Srolush.



די ערשטע ארגאניזירטע ציוניסטישע ארגאניזאציע אין וואשילקאווע.
The first pioneers from "Hechalutz 1924-5.



פון די ערשטע קלאסן אין דער תחכמונה-שול אין 1925.
A class in the "tachkemone" school 1925.



דנה מענדעלעוויטש זיצט די ערשטע פון לינקס;
בית-ספר קרית בנימין ביי כפר אתא ישראל.
Dana Mendelewicz on the left.



"יבנה" שולע און לערערס.
"Yavneh" school and teachers.



לערערס אין "יבנה" שול: צינה פערלשטיין,
דער רבי, שמואל הײלפרן, לערערקע נ.ב.
Teachers at "Yaveneh" school in 1937.



ארגאניזאטארן פון 11טן חנוכה-באזאר לטובת קרן קימת לישראל פאנד.
Active workers in organizing and arranging the 11th Chanucah-Bazar of the Keren Hakayemet Fund.



ועד פון "תחכמונה" שול: פון ר. עלי גאטליב, שרה פערלשטיין,
משהל הײלפרן, הינדה כהן, רחמיאל זעלעוויאנסקי.
"Tachkemone" School Committee.



א טרעפונג אין ישראל פון
ר. משה שלכטער, שייע מינקין, ירחמיאל זעלעוויאנסקי.
Vasilkover meet: M. Schlachter,
S. Minkin, R, Zelevianski.



1947 א טרעפונג, שטייען פון לינקס: חאצקל פישער,
לעאן מענדעלעוויטש, אווראמל לאשיצקי און פריינד.
Top from left: CH. Fisher, L. Mendelewicz,
A. Losicki and friend.



אברהם כהן, שליימקע גאלד, נח כהן (זיצט).
Three friends from Wasilkow



נוח כהן, פרוי און טאכטער,
איינער פון די ערשטע פיאנערן אין פארלייגן די ציוניסטישע ארגאניזאציע.
Noah Kane his wife and daughter - pioneer, leader from Hechalutz.



א חתונה שמחה ביי וואשילקאווער אין ישראל.
Wasilkover at a wedding in Israel.



זלמן, גיטל פאנימאנסקי, קוזינעס,
ראזע (פארשטעלט) פיניע ווערניקער.
The Familes Ponimonski,
Verniker and friend.



אין מיטן: לערער מאשקאווסקי,
לינקס זאלמען פאנימאנסקי
זיין ברודער און פריינד.
Brothers Ponimonski
and teacher Moshkovski (center)
Yiddish Shul.



וואשילקאווער בחורים פון ר. לייבל ווילטשעק,
איטשקע שאפירה, פייוול שטאבינסקי, יאסל לענטשינער.
Young men of Wasilkow.



אווערעמל מאלדיוואן דער גרויסער פילאנטראפ אויפן דאך
אנדערע ר׳ ליפע פערלשטיין, מישארן דער שוסטער, איסער פערלשטיין,
דער סמאליער, חיה זאדוואראנסקי מיט איניקלעך, דאקטער זאדוואראנסקי און פאן מאטישעווסקי דער פעלדשער.



וועלוול דעם לערערס הויז פון ווייטן די רוסישע צערקווע.



**זלמן פאנימאנסקי אויף קבר-אבות (1927).**

Zelman Ponimonski on tombstone of relatives 1927.



**האשה הצנועה מרת דבורה פאליאק...**



פ"נ
איש ישר יראה ונאמן הישיש
מהור ר'חיים חייקל בראדי
הלוי פאקשיווא נפטר כ"ז
אלול שנת תרע'ג(1913)
לפ"ק תנצבה



**מרת רחל לאה בת נפ.**
**ח כסליו שנת תרע (1910).**



פון לינקס: פייוול וויניק, פרוי רייזל (גאטליב), יונה וויניק.
From left: Fayvel Vinik, wife Rejzl (Gotlib), brother Ionah Vinik.



זלמן פאנימאנסקי לעצטער ראטמאן
אין וואשילקאווער שטאטראט
(מאגיסטראט) און זון יונה.
Mr. Z Ponimonski
and son Jonah.




לינקס שישקעס מויער, פון הינטן לייזער מאזורס בעקעריי און קראם. די פארדרייטע געסעלע פירט צו שיע דעם קוואסניק.

Shishkes Monopol and l.Mazurs house



אויפן פלאץ פון אמאליקן חי-אדם שטיבל א ענלעכע געביידע (1964).



הייזער: מירקע קאץ, נפתלי כהנס,
פון ווייטן מאיר גענעשיערס.



יודקע כהנס הויז.
Iudkes Kanes house.



..וישר מעשים..מהרר יעקב דן..מרדכי מאיר גאטליב
נפטר יעליכויו יום ע״שב ר״ח שנת תרע׳ט לפ׳ק (1919).



בו יהור מיטשעכענאוצע נפטר ביום כפור
בן נב (52) שנים שנת תרע״ח לפ״ק תנצבה.



דער וואשילקאווער יידישער בית עולם אין 1989 יאר.
The Wasilkover Jewish cemetery in 1989.





**נפתלי בן שלמה נפטר תרס״ג (1903).**
The remainder tombstones of Wasilkover cemetery.



**האשה הצנועה מרת סולה גיטיל...**
**משה נפטרה יז שבט תרפ״ג (1923) תנצה.**



**פ״נ האשה זקנה הצנועה ידה היתה פמוחה בצדקת פזרונה**
**נדיבה מרת לאה בת מוה ארי׳ נפ׳ בש״טבת ע׳ו**
**שנים במותה שנת תרס״ו לפ״ק.**



א יידישע געסל מיט יידישע הייזער אן יידן (1964).
Jewish properties without Jews.



פייוועלע דעם שוסטערס (יודאווסקי) הויז,
אן יידן 1957 יאר.
Jewish house after the war 1945.



זלמן און גיטל פאנימאנסקי
אויף פיניעס גערטנער.
The couple (Ponimonski)
in their vegetable garden.



ליפע פערלשטיין א חשובער תושב.

Lipe Perelstein ,religious leader



איצל כהן;
שותפות אין א טאראק מיט א ברודער.
Issac Kane,
part owner of timber mill, Wasil.



פסח סוד-רעזשיסאר
פון די דראמאטישע קרייזן.
P. Sud artist
and stage manager.



לייזער כהן.
Lezer Kane



די שוועסטער כהנס הויז.
Kanes House



פון רעכטס: רייזע ספעקטאר, שלמה כהן און ניימאנס מויער.
Houses from right: Rejze Spektors, Shlejme Kane and Bielozors



אברהם מענדעלעוויטש.
Abram Mendelewicz.



לעאן מענדעלוויטש.
Leon Mendelewicz.



זלמן מענדעלוויטש.
Zelman Mendelewicz.

יונה פאנימאנסקי
ביי אריינפאר נאך וואשילקאווע אין 1989 יאר.
Iona Ponimonski, entry to Wasilkow 1989.






יידישע הייזער אין 1989.
Jewish houses in 1989.



געזעגנונגס אוונט צו דער עליה פון הערשעלע היילפרן,
דער 5טער פון לינקס.
The farewell party to Cvi Halpern
leaving for Israel -1935. 5th in front L to R.



צבי הלפרן (אויפן טיש) אלס לייטער פון שארית הפליטה
אין דייטשלאנד (1945) פירט אן מיט דער אומלעגאלער עליה.
Tzvi Halpern in Germany 1945 organized the
emigration of the survivors to Israel



צבי הלפרן און פרוי מארילא - ישראל.
Cvi (Hershele) Halpern and wife Maryla.



„די פרייוויליקע פייער-לעשער" און דער בלאז-ארקעסטער און פראנט פון דער פוילישער שולע (פאטא פון א צייטונג).
The Fire-Brigade and the Brass-Band, mostly Jews.



א באסען פאר באדן זיך אין דער רעכטער זייט פון דעם שאסיי צו ביאליסטאק צווישן די צוויי בריקן.



פון רעכטס:
גיטל, זלמן פאנימאנסקי, קוזינע שאשקע און משה גרודסקעס טאכטער.
The Family Ponimonski and relatives.



רחל גאלדבערג/אינקער.

Rachel Goldberg(Inkier Austr)



א צוזאמענטרעף אין ישראל אין מיטן:
חנה פערלשטיין און טאכטער, יאנקל סאקאלאוויטש
מיט זיין פרוי אידא וואס זענען געקומען פון אויסטראליא.




הכשרה קבוץ "פולסיה", פינסק 1933 לזכרון עליה,
פערטע שורה דריטער פון רעכטס משה שלאכטער.
A pioneer group Chalutzim.



משה שלכטר (ערשטער) מיט זיין בריגאדע ביי פאקן מעראנצן.
A group led by M. Schlachter at work in packing oranges in Israel.



משה שלכטר
אין דער ענגלישער ארמיי אין ישראל.
Moishe Schlachter
in the English Army.



משה שלאכטער אין שפיץ פון דער בריגאדע
אין פרדסים ארום רננה.
Moishe Schlachter leading his Brigade
to work in Ranana, Israel.



יאנקל סאקאלאווסקי (סאקאלאוויטש) און פרוי אידא.
Yankel Sokolowski (sokolowicz) and wife Ida.



פון רעכטס: חנה פערלשטיין, חיים/ארטשיק פאליאק און פרוי שיינע (שלכטר).
From right: Chana Perlshtejn, Chaim/Arczyk Polak and wife Shejne (schlachter).



**אברהם מענדעלעוויטש אין דער צארישער ארמיי 1912.**
Abraham Mendelewicz in Russian Army 1912.



**אברהם מענדעלעוויטש (רעכטס) מיט יידישע חברים אין דער צארישער ארמיי.**
Abraham Mendelewicz (on right) with Jewish friend in Russian Army 1912.

# Jews in the Polish Army



פארוטשניק לעאן מענדעלעוויטש (1946).
Porucznik Leon Mendelewicz in Polish Army.



הערשל שלאכטער
אין דער פוילישער ארמיי פאר 1939.
Hershel Schlachter in Polish Army before 1939.



ירחמיאל זעלעוויאנסקי
אין דער פוילישער ארמיי פאר 1939.
Zelevianski in the Polish Army
before 1939.



פארוטשניק לעאן מענדעלעוויטש פירט זיין אפטיילונג
אויף א דעפילאדע אין זאמאשטש 1947.
Porucznik Mendelewicz lead his regiment
in a parade Zamosc 1947.



קאפיטאן לעאן מענדעלעוויטש
מיט א פריינד אין ווראצלאוו.
Kapitan Leon Mendelewicz
with a friend in
Wroclaw (Breaslau).



מאיאר לעאן מענדעלעוויטש 4טער פון רעכטס מיט
א גרופע העכערע אפיצערן אין דער פוילישער ארמיי 1954 יאר.
Major Leon Mendelewicz 4th from right Polish army 1954.

# בילדער פון דער נייע היים - אמעריקע



ברידער סטאלניצקי: יודל א דאקטאר, דוד א ביזנעסמען
Dr. J. Stone and brother David (at left).



סולקע סטאלניצקי מיט זון דוד (רעכטס)
Mrs. Sulke Stolnicki and family.



די ברידער שמעון/ראובן, שלום/הערש מענדעלעוויטש און משפחות
Pioneers in America. The Mendelewicz brothers and family's.



שייע גארפיין 1906
Lavrence (Shaje) Gorfine
in America 1906.



דוד סטאלניצקי און משפחה - אמעריקע.
David Stone and family - America.



שלום קראפינסקי שמעון דעם גלעזערס
פון 1923 אין אמעריקע.






רבקה שמעון דעם גלעזערס אלס א יונג מיידל (רעכטס)
רבקה אין 1956 מיט איר זון לעא, מאן עליאש ראסס (אמעריקע)



דוד קאַץ-מעקסיקע.
David Katz in Mexico.



שלום כהן (נפתלי פייפיכעס).
Sholem Kane (Naftoles).



מרדכי ספעקטאָר,
שפּעטער אַ חזן אין אַמעריקע.
Mordecai Spektor



אסתר כהן מיט מאַן און קינד.
Ester Kane and family.



רעבעקא (רבקה) וויניק און אייניקל
אנטאני רודאלף מיט איר משפחה
אין לאנדאן פארלאזט
וואשילקאווע 1911.



Anthony Rudolf London
a grandson from the Viniks.





רעשטלעך מצבות אויף וואשילקאווער בית-עולם אין 1989 יאר.
The remainder of Wasilkover Jewish cemetry and Gravestone.





פ"נ
האשה הצנועה מרת
חי גיטיל ראצקין בת
יוסף נפטרה יב תשרי שנת תרע"ז תנצבה



מאטקע פארבער, פרוי, שוועגערין.
Mothke Farber his wife and wife sister.



ברוך פארבער מיט א פריינד פאר 1939.



יידישע הייזער אין 1989 נאך א גרונטלעכן רעמאנט.





ידישע הייזער אין געגנט פון וואשילקאווער געטא (1964).

Jewish houses in the ghetto zone.



1945 WASILKOW CEMETERY

א געוויינלעכע קאפיע, וואשילקאווער בית עולם אין 1945. זיצט מענדל מיעלניצקי.



צום באזוך פון אברהמל מאלדיוואן/זאדוואראנסקי אין וואשילקאווע
פון רעכטס שטייען;חיה/מינדל פערלשטיין מיט אירע 4 מיידעלעך חנה,רבקה
צינע,טייבעלע.סראלקע פרעס(פודלאזש),לייבל פערלשטיין,נ באק.איסער
פערלשטיין,יודקע כהן(אפטייקער),קאלינסקי(פירער פון"בונד",פסח אברא-
מאוו,נ באק.מאשקע פערלשטיין,שרה פערלשטיין,מאטישעווסקי(פעלדשער א
פאלאק),לאה פערלשטיין,סראלוש,יעקב/עליע פערלמאן.זיצן;לייבעטשקע,
משהל לעווין,דער פעטער פון מר מאלדיוואן,אברהמל מאלדיוואן,סאלציע
שטערנפעלד(אקושערקע),דאקטאר זאדוואראנסקי,וועלוול דעם לערערס איידעם
Moldavin/Zadvoranski with friends of Wasilkow




**אין חורבן קעלער פון יד-ושם ירושלים פון רעכטס:**
**גיטל קאץ, משה שלאכטער, יונה פאנימאנסקי, שרה פערלשטיין,**
**חנה פערלשטיין, ירחמיאל זעלעוויאנסקי, רבקה פערלשטיין.**
The erection of a memorial Plaque of Wasilkow
in Chamber of Yad Vashem in Jerusalem.



פארעצקי-גאװענסקי שפּינערײ
Parecki-Gawenski Spinning Mill



ארבעטער פון שפּינערײ ערשטע שורה
פון רעכטס;שרה מױעד,שרה שײנבע טױבעס
אסתר מאזור.די איבעריקע פױלישע

Workers from the Spinning Mill



א חתונה פון פייגעלע שעוואך אין ביאליסטאק מיטן
אנטייל פון וואשילקאווער ווי;פייוול שטאבינסקי
4טער פון רעכטס(מיטן טניפס)לעצטע שורה,דודל שטא
בינסקי,חיעלע און מירטשע שטאבינסקי,אווּרעמל
פאלאק,ירבה און פייוול וויניק און אנדערע
A Wedding Party



שימען שטאבינסקי (לינקס)
ביים ים ארגענטינע 1959



דווירטשע פאראזאווסקי
(ראגאווסקי)

D.Parazowski(Rogowski)



סולקע פאראזאווסקי
לייבעטשקעס פרוי

Sulke Parazowski



לייבעטשקע פאראזאווסקי לאנגיאריקער פירער
פון ליבת הצדק!ליבת חולים אין וואשילקאווע

Lejb Parazowski"Linas Hatzedek"President



פון רעכטס;מאטיע/פישל פאראזאווסקי,שוועסטער
בלומטשע(שטאבינסקי),ברודער מיישקע אוועק באך
ארגענטינע,שוועסטער דבורה:(ווינ׳ק)
–מאטיע פישל א פאפולערער ארבעטער פירער בא–
גאנגען זעלבסטמארד אין 1937 דורך אריינשיסן
א קויל אין הארצן;סיבה א שווערע קראנקהייט–

Brothers & Sisters(Parazowski Family)



Shaya Gorfine with his wife Gose
in America



Shayas son Reuven

Shaya Gorfine with his daughter Rose

The Gorfine family is a very large family in America and are interested to know about the fate of their ancestors in WASILKOW,particularly in the time of the "HOLOCAUST".
Mendel Gorfine,Shayas brother left Poland in 1903 and lived in AMERICA for two years. He returned to his beloved WAŠILKOWE in 1905,where he continued to live with his family. He had four sons who were all involved in the timber industry with their father. All of these families perished in TREBLINKA

די משפחה גארפיין אין אמעריקע פאלגט נאך דעם גורל פון זייערע קרובים אין
וואסילקאווע,די ווארצלען פון זייער אפשטאם ווי אויך די בלוטיקע געשיכטע פון
יידישן חורבן אין דער צייט פון דעם האלאקאוסט׃

לעאן מענדעלעוויטש

נישט פארגעס דעם שול-הויף
נישט פארגעס דעם חדר
נישט פארגעס, שוועסטער ברידער
טאטע! מאמע! הייזער, שטיינער.
גאסן געסלעך און דער מארק אינמיטן
יידישע טארטאקן, ווארשטאטן
קראמען, יידישע פאבריקן.
נישט פארגעס!
שוסטערס, שניידערס, בעקערס
סטאלארס, שמידן
אפט געפעלט אויף שבת
דאך געווען צופרידן.
נישט פארגעס די וועבערס
מיט די שטארק פאראוילטע בגדים,
נישט פארגעס, די קצבים
ביים דאווענען אין חי-אדם.
נישט פארגעס שמשים, בעלי-עגלות און גבאים
נישט פארגעס די שטעטל!
אין די טעג פון יומים-נוראים.
נישט פארגעס דעם ווינטער, ... שנייהען!
און די נעכט די ווייסע..
אלעס ארום באצויבערט, ווי אין א חלום
ווי אין א שיינע קינדער מעשה.
אויך נישט פארגעס! דעם געטא!
אשוויענצים, מאידאנעק, בזשעזינקי
נישט פארגעס! פיעטראשע, סאבי-באר
נישט פארגעס טרעבלינקי..
דארט האבן זיי דעם לעבן
אויסגעהויכט נאךליידן,
און דו! און איך!
ווי היפנאטאזירטע, פאראליזירטע..
האבן געקוקט פון וייטן.
זאל דער געשריי
די הימלען רייסן!
און דער וועלט אין פנים
דעם אמת שמייסן,
אז מען טאר נישט פארמאכן די אויגן
און פארשטאפן די אויהערן;
ווען בלוט פון מיליאנען
שרייען און דערמאנען!
אווו איז די מענטשהייט?
מיט איר הומאניסטישן פנים..!
דער מוסר-השכל פאר יידן
איז צו בויהען און שמידן,
די אייגענע מדינה!
און מיט לייב און לעבן
פארטיידיגן דאס..
וואס גאט האט אונדז געגעבן!..20

מעלבורן 1963 יאר.

# INDEX

UNITED NATIONS GENERAL ASSEMBLY

VOTING SHEET

November 29,1947.

| Country | Yes | No | Abstain | | Yes | No | Abstain |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| AFGHANISTAN | | x | | LEBANON | | x | |
| ARGENTINA | | | • | LIBERIA | v | | |
| AUSTRALIA | v | | | LUXENBOURG | v | | |
| BELGIUM | v | | | MEXICO | | | • |
| BOLIVIA | v | | | NETHERLANDS | v | | |
| BRAZIL | v | | | NEW ZEALAND | v | | |
| BIELORUSSIAN S.R. | v | | | NICARAGUA | v | | |
| CANADA | v | | | NORWAY | v | | |
| CHILE | | | • | PAKISTAN | | x | |
| CHINA | | | • | PANAMA | v | | |
| COLOMBIA | | | • | PARAGUAY | v | | |
| COSTARICA | v | | | PERU | v | | |
| CUBA | | x | | PHILIPPINES | v | | |
| CZECHOSLOVIAKA | v | | | POLAND | v | | |
| DENEMARK | v | | | SAUDI ARABIA | | x | |
| DOMINICAN REPUBLIC | v | | | SIAM | | | Absent |
| ECUADOR | v | | | SWEDEN | v | | |
| EGYPT | | x | | SYRIA | | x | |
| EL SALVADOR | | | • | TURKEY | | x | |
| ETHOPIA | | | • | UKRAINIAN S.S.R. | v | | |
| FRANCE | v | | | UNION OF STH.AFR. | v | | |
| GREECE | | x | | UNION OF SOVIET | v | | |
| GUATEMALA | v | | | SOCIALIST REPUBLIC | | | |
| HAITI | v | | | UNITED KINGDOM | | | • |
| HONDURAS | | | • | UNITED STATE | v | | |
| ICELAND | v | | | OF AMERICA | | | |
| INDIA | | x | | URUGUAY | v | | |
| IRAN | | x | | VENEZUELA | v | | |
| IRAQ | | x | | YEMEN | | x | |
| | | | | YUGOSLAVIA | | | • |

Yes 33 No 13 Abstain 10 Absent 1

-PALESTINE PARTITION PLAN

This important document show the historical "RIGHT" of the Jewish people in the establishment of the Jewish State in Palestine.

# YIZKOR

**MAY YOU REMEMBER THE JEWISH SOULS OF THE MEN, WOMEN, CHILDREN, OF THE TOWN OF WASILKOW; WHETHER THEY HAVE BEEN KILLED, SLAIN, AND SLAUGHTERED, BURNT, GASSED, DROWNED, STRANGLED OR BURIED ALIVE, FOR THE SANCTIFICATION THEY ARE THE JEWS OF YOUR HOLY NAME.**

**MAY THEIR SOULS ENJOY ETERNAL LIFE WITH THE SOUL OF ABRAHAM, ISSAC, JACOB, SARAH, RACHEL AND LEAH, AND THE REST OF THE RIGHTEOUS MALES AND FEMALES THAT ARE IN PARADISE: AND LET US SAY, AMEN.**

| | |
|---|---|
| Child | Wilczek |
| Chone | Wajs |
| Wife | Wajs |
| Avreml | Wajs |
| Shmuel | Wajs |
| Frejdl | Wajs |
| Shlejmke | Wajs |
| Wife | Wajs |
| Lejbe | Winik/Parazowski |
| Sulke | Winik/Parazowski |
| Blume | Winik |
| Dwojra | Winik |
| Ionah | Winik |
| Fajvel | Winik |
| Rejzl | Winik Gotlib |
| Child | Winik |
| | |
| Jakov/Mejshe | Winik (der held) |
| Wife | Winik |
| Zejdel | Winik |
| Fejgele | Winik |
| Sheva | Winik |
| Elie | Wigders(obrzyrik) |
| Wife | Elies |
| Shije | Elies(mongele) |
| Pinie | Werniger(Gardener) |
| Roze | Werniger |
| Avromke | Winik |
| Chaya | Winik |
| Cheva | Winik |
| Arohn | Winik |
| Motie | Wajs |
| Chaim | Wajs(chaim/moties) |
| Mr. | Amdurski(lunskes Fact.) |

| | |
|---|---|
| Mr. | Chackel |
| Wife | Chackels |
| Mother | In Law |
| Shmuel | Der Janover |
| Wife | Shmuels |
| Brajne | Owsej |
| Daughter | Owsej |
| Mr. | Joiresh |
| Wife | Joiresh |
| Icel | Rogovski |
| Sore/Zelde | Nicberg |
| Motie/Gershon | Nicberg |
| Bashe | Nicberg |
| Shejne/Rive | Nicberg |
| Sister | Juodowski |
| Hezl | Sore/Kaczkes |
| Son in Law | |
| Wife | Hezls |
| Mejshel | Hezls |
| Child | Hezls |
| Mrs. | Zadworanski |
| Chaje | Zadworanski |
| Malke | Zadworanski |
| Husband | Malkes |
| Student | Malkes |
| Child | Malkes |
| Mr. | Zejdke |
| Wife | Zejdkes |
| Wife | Zelman |
| Dovid | Zelman Rimer |
| Israel | Zbar |
| Rishke | Zbar |
| Senderke | Zbar |
| Naftolke | Zbar |

| | |
|---|---|
| Jankele/Henies | Szternfeld |
| Wife | Szternfeld |
| Henach | Szternfeld |
| Wife | Szternfeld |
| Nochem | Szternfeld |
| Avreml | Szternfeld |
| Issak | Szternfeld |
| Eli | Spektor |
| Mejte | Spektor |
| Chaim | Spektor |
| Minie | Spektor |
| Josel | Spektor |
| Roze | Spektor |
| Child | Spektor |
| Zejdke | Sokolovicz |
| Basze | Sokolovicz |
| Szmuel | Sokolovicz |
| Chone | Sokolovicz |
| Shije | Sokolovicz |
| Chaje | Sokolovicz |
| Child | Sokolovicz |
| Chaje | Sore The Hump |
| Josel | Shtarafuks |
| Brother | Shtarafuks |
| Mejshke | Trachimovski |
| Wife | Trachimovski |
| Velvel | Trachimovski |
| Shejndl | Trachimovski |
| Rejzl | Trachimovski |
| Zlatke | Trachimovski |
| Bashke | Trachimovski |
| Tevel | Trachimovski Violinist |
| Zalmen | Weler(buc) |
| Wife | Weler |
| Zejdel | Weler |
| Student | Weler |
| Shepsl | Winik Tajlor |
| Chana | Winik |
| Avreml | Winik |
| Dobe | Winik |
| Daughter | Winik |
| Student | Winik |
| Berl | Wajs |
| Wife | Wajs |
| Child | Wajs |
| Der Alter | Wigder |
| Mindele | Wigders |
| Frushke | Wigders |
| Dovid | Wajs |
| Wife | Wajs |
| Mother | Wajs |
| Icel | Wajs |
| Roze | Wajs |
| Mojshe | Wajs |
| Brajne | Wajs |
| Avrenel | Wajs |
| Mr. | Wonsover |
| Wife | Wonsovers |
| Son | Wonsovers |
| Son | Wonsovers |
| Student | Wonsovers |
| Mr. | Wilczek |
| Frume/bobe | Wilczek |
| Frume | Wilczek |
| Meri | Wilczek |
| Lejbl | Wilczek |
| Meir | Wilczek |
| Wife | Wilczek |

| | |
|---|---|
| Mrs. | Shapiro |
| Hirshel | Shapiro |
| Wife | Shapiro |
| Srolke | Shapiro |
| Wife | Shapiro |
| Eli | Shapiro |
| Mirjam | Shapiro |
| Sorke | Shapiro |
| Elie | Spektor |
| Wife | Spektor |
| Boruch/Lejb | Spektor |
| Minie | Spektor |
| Girl | Spektor |
| Velvel | Spektor |
| Ruvke | Shapiro |
| Fejgl | Shapiro |
| Student | Shapiro |
| Child | Shapiro |
| Itchke | Shtabinski (Blacksmith) |
| Wife | Shtabinski |
| Dovid | Shtabinski |
| Gershon | Shtabinski |
| Issocher | Shtabinski |
| Shmuel | Spektor |
| Wife | Spektor |
| Avreml | Spektor Furman |
| Motie/Fishl | Shtabinski/Parazowski |
| Wife | Shtabinski/Paraazowski |
| Father In Law/Mordche/Hersh | |
| Mother In Law/Sara | |
| Abrahm | Shnajder |
| Babcie | Shnajder |
| Mejshke | Shlachter |
| Shachne | Shlachter |

| | |
|---|---|
| Mr. | Simche |
| Wife | Simches |
| Son | Simches |
| Student | Simches |
| Child | Simches |
| Mother | Sore/Tojbe |
| Daughter | Sore/Tojbes |
| Granddaught | Sore/Tojbes |
| Mashe | Shuster |
| Motel | Shuster |
| Rive | Shuster |
| Mejshel | Shuster |
| Child | Shuster |
| Mejshke | Shuster |
| Wife | Shuster |
| Jojsef | Shuster |
| Wife | Shuster |
| Szlejmke | Shuster |
| Mejszl | Shuster |
| Pejsach | Sud |
| Sulke | Sud |
| Neli | Sud |
| Mothke | Spektor |
| Wife | Spektor |
| Avrmel | Spektor |
| Dvejrke | Spektor |
| Girl | Spektor |
| Daniel | Spektor |
| Sister | Spektor |
| Mr.der | Stavisker |
| Wife | Stavisker |
| Mojshe | Stavisker |
| Dovid | Stavisker |
| Student | Stavisker |

| | |
|---|---|
| Mejshe/Aron | Spektor |
| Wife | Spektor |
| Pejsach | Spektor |
| Peshke | Spektor |
| Rive | Spektor |
| Perec | Szternfield |
| Salcze | Szternfield(Obstetrician) |
| Regina | Szternfield |
| Ola | Szternfield |
| Abram | Szternfield |
| Issak | Szternfield |
| Itchke | Shapiro |
| Mother | Shapiro |
| Daughter | Shapiro |
| Dovid | Shapiro (Sztumer) |
| Mordche | Shlachter |
| Rochel | Shlachter |
| Jojsef | Shlachter |
| Sonie | Shlachter Lipsztejn |
| Child | Shlachter |
| Shlejme | Shlachter |
| Isroel | Shlachter |
| Wife | Shlachter |
| Child | Shlachter |
| Abrahm | Szternszus |
| Wife | Szternszus |
| Chana | Szternszus |
| Gitel | Szternszus |
| Herszel | Szternszus |
| Shije | Szternszus |
| Shprince | Szternszus |
| Child | Szternszus |
| Mulke | Sztabinski |
| Blume | Sztabinski |
| Fajvel | Sztabinski |
| Dovid | Sztabinski |
| Chajke | Sztabinski |
| Rejze | Spektor |
| Berel | Spektor |
| Fejge | Spektor |
| Minie | Spektor |
| Rivke | Spektor |
| Josel | Spektor |
| Sore/Gitel | Spektor |
| Zalmen | Spektor |
| Chaim | Spektor |
| Berl | Spektor |
| Issak | Spektor |
| Mordche | Szlachter |
| Wife | Szlachter |
| Child | Szlachter |
| Szlemje | Szlachter |
| Wife | Szlachter |
| Sister | Mrs.Szlachter |
| Mr. | Shtejn |
| Mrs. | Shtejn |
| Mr. Der | Smolier |
| Tajbele | Smoliers |
| Manie | Smoliers |
| Meir | Shapiro |
| Wife | Shapiro |
| Velvel | Shapiro |
| Shejne | Shapiro |
| Simche | Shapiro |
| Wife | Shapiro |
| Child | Shapiro |
| Lady | Studziankers |
| Sister | Studziankers |

